פראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

מ. ראַפּעס

# קאַפּיטלען געשיכטע פון „בונד“

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיעוו — 1929

ע ר ש ט ע ר  ט ײ ל

(1885—1900)

# פֿאַר דער גרינדונג פֿון „בונד“. — די גרינדונג. — די ערשטע יאָרן.

### קאַפּיטל איינס.

# די סאָציאַל-עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אינעם ראַיאָן פון „בונד".

דער ייִדישער לוין־אַרבעטער פון די באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן, פון דער גרויסער מאַנופאַקטור און פון דער הײַנטיקער פאַבריק שטאַמט ניט פונעם פּרי־ערטום, נאָר פון דער שטאָטישער אָרעמקײַט, פון דער פינפמיליאָניקער ייִדישער באַפעלקערונג אין מײַרעוו, ־דאָרעם־מײַרעוו־ און אין די דאָרעם־געגנטן פון אַלטן רוסלאַנד.

אַסאַך הײַנטיקע יונגע לייענער ווייסן אַפילו ניט, אַז אין דער צײַט פונעם צאַריזם איז געווען אַ געזעץ וועגן אַ „ייִדישן תּחום" („טשערטאַ יעווריסקאָי אָסיעדלאָסטי"), אַ געזעץ, וואָס האָט דערלויבט ייִדן וווינען נאָר אין 15 גובער־ניעס אין ־מײַרעוו־קאַנט פון רוסלאַנד: דרײַ גובערניעס אין ליטע — ווילנער, קאָוונער און גראָדנער, דרײַ אין ווײַסרוסלאַנד — מינסקער, וויטעבסקער און מאָ־לעווער (דידאָזיקער זעקס גובערניעס צוזאַמען האָבן אין אַדמיניסטראַטיווער הינזיכט געבילדעט דעם צאָפן-מײַרעוודיקן קאַנט), ווײַטער, פיר גובערניעס אין דאָרעם־מײַרעוודיקן קאַנט — קיעווער, וואָלינער, פּאָדאָליער און בעסאַראַביער, און צולעצט, אין פּאָלטאַווער, טשערניגאָווער, כערסאָנער, טאַווּרירער און קאַ־טערינאָסלאַווער. כּוץ דעם, איז אינעם „ייִדישן תּחום" אַרײַנגעגאַנגען גאַנץ קרוין־פּוילן, אָדער ווי מע האָט זי דעמלט גערופן „באַ־ווײַכסל־קאַנט" (פּריווי־סליאַנסקי קרײַ), וואָס האָט פאַרייניקט צען פּוילישע גובערניעס.

אָבער אַפילו אין דעמדאָזיקן „תּחום" האָבן ייִדן געמעגט וווינען נאָר אין די שטעט און שטעטלעך; אין די דערפער און אין די פּאַבריק־ייִשוּבֿים אָבער האָבן זיי וווינען ניט געטאָרט. דאָס האָט געשטערט די ייִדישע מאַסן אַרײַנצו־דרינגען אין דער גרויסער קאַפּיטאַליסטישער פאַבריק און זאַוואָד.

די ייִדן זײַנען אין קיין איין ראַיאָן, ווו זיי האָבן געוווינט, ניט געווען די גרעסטע אין צאָל: זיי זײַנען געווען צעזייט צווישן אַ גרויסער ניט־ייִדישער מערהייט, צווישן דער ליטווישער, ווײַסרוסישער און אוקראַיִנישער פּויערשער באַפעלקערונג. דער גרעסטער טייל פון דערדאָזיקער ייִדישער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרנומען דערהויפּט מיט מלאָכה און קליין־האַנדל. די גרויסע צאָל ייִדישע שטעטלעך, וואָס היסטאָריש זײַנען זיי אופגעקומען פון גרויסע דערפער, זײַנען אויסגעוואַקסן, פון איין זײַט, אַדאַנק די פאַרמיטלערישע פונקציעס פון

די ייִדן צווישן שטאָט און דאָרף, און פון דער צווייטער זײַט,—איבער דעם פאַרבאָט פאַר די יידן צו באַזעצן זיך אין דערפער. דער פּראָצענט פון די ייִדן בענעגייע צו דער גאַנצער באַפעלקערונג אין צאָפן־מיַירעווודיקן און אין דאָרעם־מיַירעוודיקן קאַנט, אויך אין פוילן, איז געווען פון 12 ביז 16. אין קאַטערינאָ־סלאַווער, טשערניגאָווער און פּאָלטאַווער גוב. איז דערדאָזיקער פּראָצענט גע־ווען נאָך אַ קלענערער: באַ 5—4. דערפאַר אָבער אין די שטעט און שטעט־לעך גופע האָט דער פּראָצענט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג דערלאַנגט ביז 25, 60 און אַפילע ביז 95%.

דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די שטעט און שטעטלעך איז אויסגעקו־מען צו לעבן אין נאָענטער שכיינעס מיט דער ניט־ייִדישער באַפעלקערונג. דאָך האָבן די ייִדן געלעבט מיט זייער אייגענעם באַזונדערן לעבן, מיט אַן איי־'ענעם שטייגער, מיט אייגענע טראַדיציעס, מיט אַן אייגענער שפּראַך, — און אונטער דעם יאָך פון שטענדיקע צאַרישע רעדיפעס, וואָס האָבן געטראָפן אַלע ייִדישע מאַסן באַגלײַך. די אינדוסטריעל־אַנטוויקלטסטע גובערניעס אין „טכום״ זײַנען געווען קאַטערינאָסלאַווער און כערסאָנער; אָבער אויך דאָ איז דער ייִדי־שער אַרבעטער אין דער שווערער פּראָדוקציע ניט אַרײַנגעדרונגען.

די צאָפן־מיַירעוודיקע און דאָרעם־מיַירעוודיקע קאַנטן זײַנען אין אינדוסטריע־לער הינזיכט געווען די סאַמע אָפּגעשטאַנענע, — קימאַט איז עס געווען דורכויס אַ פויערשע געגנט. פון די אינדוסטריעלע צווײַגן, וואָס זײַנען דאָ יאָ געווען, קען מען אָנרופן די גאַרבערײַ מיט אירע צענטרען: ווילנע, ביאַליסטאָק, סמאָרגאָן און די שטעטלעך פון גראָדנער גובערניע, די טעקסטילערײַ, וואָס איז קאָנצענטרירט געווען אויסשליִסלעך אין ביאַליסטאָק און אין די שטעטלעך אַרום איר. די געגנט איז רײַך מיט וואַלד, און דערום זײַנען דאָ אופגעקומען ניט קיין גרויסע זעגמילן, גרעסערע שוועבל־און פאַניר־פאַבריקן (באָריסאָוו, רעטשיצע, מאָזיר). ווײַטער גייען טאַבאַק־פאַבריקן (גראָדנע, ווילנע, ביאַליס־טאָק). די מאַשינבויערשע אינדוסטריע, די כאַראַקטעריסטישע דערשײַנונג פון דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, האָט אינעם צאָפן־מיַירעוודיקן קאַנט אינגאַנצן געפעלט, אויב מע זאָל ניט רעכענען די קליינע מאַשינבוי־זאַוואָדן, איינציקווײַז צעוואָרפענע דאָ־דאָרט—אין קאָוונע, ווילנע, ביאַליסטאָק. אין דאָרעם־מיַירעוודיקן קאַנט איז געווען אַ באַדײַטנדיקע פאָרצעלײַ־אינדוסטריע מיט אַ גרויסער צאָל ייִדישע אַרבעטער.

די אינדוסטריע־אַנטוויקלונג אין דעם דעמלטיקן פוילן האָט פאַרכאַפּט די ייִדי־שע מאַסן אויך. וואָרשע מיט איר בליִענדיקער גאַלאַנטעריי־פּראָדוקציע האָט אַרײַנגעצויגן זייער אַסאַך ייִדישע אַרבעטער. אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין לאָדז און אין איר סוויווע (זגערזש, פּאַביאַנעץ), אַזוי אויך אין דער טעק־סטיל־מאַנופאַקטור-אינדוסטריע אין ביאַליסטאָק האָבן געאַרבעט אַסאַך ייִדן. אָבער די גרויסע מאַשין־פּראָדוקציע האָט שוין ווי אַלפּי־מינהעג קיין ייִדן ניט געהאַט. די סיבעס פון דעם זײַנען פאַרשיידענע. אַלע סיבעס אָבער האָבן זיך גענומען פון איין גרונט־סיבע: באַ ייִדן, וואָס דער האַנדל און די עמיגראַציִע האָבן פאַרשלונגען אַסאַך זייערע, איז זייער לאַנגזאַם אָנגעוואַקסן אַ פּראָלע־

טאַרישע מאַסע, און דאָס האָט גורעם געווען, אַז די מער וואָלוועלע אַרבעט פון די פוילישע אַרבעטער, וואָס גייען פון דאָרף, זאָל פאַרפעסטיקן פאַר זיך די הויפט־פּאָזיציעס אין דער אינדוסטריע. דאָ האָט נאָך צוגעהאָלפן די קליינבור־שואַזע פסיכאָלאָגיע פון די באַלעבאַטישע שיכטן, וואָס האָט אויך ניט ווייניק אָפּגעהאַלטן די ייִדן צו גיין אַרבעטן אין זאַוואָד, אין דער קאַפּיטאַליסטישער פאַבריק.

כוץ דעם, האָט דאָ אין דער גרויס־אינדוסטריע נאָך געהאַט אַ גרויסע באַ־דײַטונג די שאַבעס־רו אויך. אין דער מאַשין־פּראָדוקציע האָט, פאַרשטייט זיך, גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זײַן וועגן אײַנפירן אַף איין אונטערנעמונג צוויי באַזונדערע רו־טעג—שאַבעס און זונטיק,—ווי דאָס איז געווען אײַנגעפירט אין אַ טייל מאַנופאַקטור־אונטערנעמונגען, ווו עס האָבן געאַרבעט ייִדן און ניט־ייִדן. אַזוי אַרום איז דער ייִדישער אַרבעטער אַפילע אין די פוילישע אינדו־סטריעלע צענטערן געבליבן אין דער קליין־פּראָדוקציע און האָט מיט דער אינ־דוסטריעלער פּראָלעטאַרישער מאַסע קיין שום אָרגאַנישע פאַרבינדונג ניט געהאַט.

די נאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן האָבן זיך געלאָזט פילן אַפילע אין דער גרופּירונג פון די אַרבעטער-מאַסן לויט די פאַבריקן. די ייִדישע אַרבעטער האָבן געאַרבעט אויסשליסלעך אין די אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהערט צום ייִדישן קאַפּיטאַל. די אונטערנעמונגען פון ניט־ייִדישע קאַפּיטאַליסטן האָבן, אָן אויס-נאָם, ניט געהאַט באַ זיך קיין ייִדישע אַרבעטער. די טראַדיציע פון שאַבעס־רו האָט אויך דאָ געהאַט אַ גאַנץ גרויסע באַדײַטונג, האָט פאַרייניקט די אַרבעטער, די אַדמיניסטראַציע און דעם באַלעבאָס,—אַזוי לאַנג, ווי דאָס האָט ניט ווי־דערגעשפּראָכן די דירעקטע עקאָנאָמישע אינטערעסן. דער ייִדישער אַרבעטער האָט זיך עפּעס ווי געפילט צוגעבונדן צום ייִדישן אונטערנעמער: ווי נאָר מע האָט אים (דעם ייִדישן אַרבעטער) אָפּגעזאָגט פון דער ייִדישער פאַבריק, איז ער געווען אין דער סאַקאָנע צו בלײַבן אָן אַרבעט. דער באַלעבאָס אָבער האָט זיך דאָ געפילט פרײַ און פלעגט גאַנץ אָפט פאַרבײַטן די שטרײַקנדע ייִדישע אַרבעטער מיט ניט־ייִדישע.

דעם טאָן אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן פאַרגעבן די באַל־מעלאָכישע געזעלן—שנײַדער, שוסטער, שטעפּער, טישלער, מאָלער,—אַרבעטער פון די קליינע אונטערנעמונגען. אין זייער טאָגטעגלעכן לעבן האָבן דידאָזיקע אַרבעטער זיך קיינמאָל ניט באַגעגנט אין איין און דעמזעלבן וואַרשטאַט מיט אַרבעטער ניט־ייִדן, זיי האָבן געלעבט אויסשליסלעך אין אַ נאַציאָנאַלער סוויווע.

דער נאַציאָנאַלער מאָמענט האָט זיך געלאָזט פילן אויך בעיס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די טעכניק אין דער פּראָדוקציע. יעדן מאָל ווי מע פלעגט אײַנפירן אַף די שוועבל־,טאַבאַק־, טעקסטיל־פאַבריקן אויסגעבעסערטע מאַשינען אָדער פּאָשעטער מאַכן דעם אַרבעט־פּראָצעס, פלעג דערזועלבער ייִדי־שער פאַבריקאַנט זיך סטאַרן צו פאַרבײַטן די ייִדישע אַרבעטערנס און אַרבע־טער מיט דאָרפישע (ניט־ייִדישע) מיידלעך, וואָס פלעגן קומען אין שטאָט אַרײַן און פלעגן זיך באַפרידיקן, אַדאַנק זייער קלענערער באַוווסטזיניקייט, מיט

אַ קלענערן אַרבעטלוין. אין סאָף 90־טע יאָרן זײַנען פאָרגעקומען אַ צאָל קאָנפליקטן איבער דעם, וואָס מע האָט אָפּגעזאָגט ייִדישע אַרבעטערנס און אַף זייער אָרט צוגענומען קריסטלעכע.

אָבער דער שאַרפסטער נאַציאָנאַלער מאָמענט אינעם לעבן פון די ייִדישע אַרבעטער האָט זיך אויסגעדריקט אין דער רעכטלאָזיקײַט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער געזעץ, וואָס האָט פאַרווערט אָפּן צו וווינען אומעטום אין לאַנד, האָט צונויפגעפרעסט די ייִדישע מאַסן אין אַ מוירעדיקער ענגשאַפט אין די שטעט און שטעטלעך און האָט, נאַטירלעך, פאַרקלענערט די לעבנס־באַדערפעניש[ן] און דעם פאַרדינסט פון אַלע ייִדן, און פריער פאַר אַלץ פון די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן. די עקספּלואַטאַציע איז דאָ געוועזן אַ פיל גרעסערע ווי ערגעץ אַנדערש־ווו. דער אַלגעמיינער ביטל צום „זשיד" האָט געדריקט אַף דעם באַוווסטזײַן און האָט ניטווילנדיק באַשאַפן אַ שטאַרקן נאַציאָנאַלן געפיל און אַ פעסטע נאַציאָנאַלע געשלאָסנקײַט.

„ווען די רוסישע באַפעלקערונג לײַדט פון פּאָליטישן יאָך, וואָס האַלט אָפּ יעדע נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, לײַדט נאָך דער ייִד פון אַ צווייענדיקן יאָך — ער האָט ניט קיין פּאָליטישע און ניט קיין בירגערלעכע רעכט ווו מע זאָל זיך ניט אַ קער טון, איז דער ייִד געבונדן פון אַלע זײַטן. אַ ייִד טאָר ניט פאַרנעמען קײַן שום רעגירונג־שטעלע, קען ניט וווינען אין די דערפער, קויפן אָדער נעמען ערד אין אַרענדע, מע לאָזט אים קימאַט ניט צו אין די שולן, ער טאָר ניט וווינען ביז 50 וויאָרסט ווײַט פון גרענעץ, מיט איין וואָרט — ער טאָר ניט און טאָר ניט אָן אַ סאָף. אָט דאָס זײַנען אייגנטלעך די ייִדישע „רעכט" אין רוסלאַנד. נאָך שווערער איידער אַלץ פאַר דעם ייִדן זײַנען די „ד' אַמעס", די „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי".

„דעם געזעץ וועגן דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" האָט מען ניט אַזוי שטאַרק געהיט אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס צײַטן; די שטענדיקע צווייזײַטיקע פּאָליטיק פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן זעען מיר אויך אין דעם פאַל. אַלפּי־דין האָט דער ייִד ניט געהאַט קײַן רעכט צו וווינען ווו ער וויל אין רוסלאַנד, נאָר אַזוי ווי די יונגע, נאָך שוואַכע אינדוסטריע פון רוסלאַנד האָט זייער געדארפט האָבן פלינקע סאָכרים, קאָמערסאַנטן, האָט זיך די רעגירונג צו יענער צײַט געמאַכט ניט זעענדיק, ווי ייִדן באַזעצן זיך ווײַטער פון זייערע „ד' אַמעס" יאָ, אַפילע איצט לאָזט די רעגירונג דעם ייִדן, וועלכער צאָלט די ערשטע גילדע, וווינען אַף אַ באַשטימטער צײַט ווו ער וויל. מע קאָן זאָגן, אַז פאַר אַלעקסאַנדער דעם צווייטן איז עס געוועזן אַ גליקלעכע צײַט פאַר דער ייִדישער בורזשואַזיע, ווי פאַר דער גרויסער אַזוי אויך פאַר דער קליינער.

„נאָר די לאַגע ווערט גאָר אַנדערש נאָך דער קרוינונג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. אַנשטאָט דער פריערדיקער צווייזײַטיקער פּאָליטיק פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, הייבט אָן צו הערשן די שטענדיקע רעאַקציע, וועלכע פאַרערגערט זייער די ייִדישע לאַגע; דער ייִד ווערט די קאַפּאָרע באַ יעדן פּראָטעסט פון אומצופרידנקײַט; דאָס רוסישע פאָלק, לײַדנדיק פון זײַן ביטערער לאַגע און זײַענדיק אופגעהעצט פון דער רעגירונג, לאָזט אויס זײַן קאַס אַף די ייִדן.

ווער געדענקט דען ניט די בלוטיקע צײַט פון די פּאָגראָמען אין 81—82־טן יאָר? נאָר פון די פּאָגראָמען הייבט זיך ערשט אײגנטלעך אָן די צײַט פון די ייִדישע פאַרפאָלגונגען...

„...ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן ייִדישע פאַרפאָלגונגען און ס׳זײַנען אײַנגעפירט געוואָרן די באַרימטע „צײַטלעכע" געזעצן. זייער שווער האָבן זיי זיך געלייגט אַף דער ייִדישער קליין־בורזשואַזיע און אַפן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. די ייִדישע קליין־בורזשואַזיע, וועלכע האָט פאַרלאָרן אונטער זיך דעם פעסטן באָדן, האָט אָנגעהויבן מאַסנווײַז צו ווערן פּראָלעטאַריער. אַפילע די אײנציקע הילף — די עמיגראַציע, וועלכע איז צו יענער צײַט געוועזן מוירעדיק שטאַרק, האָט אויך ניט געקענט פאַרהיטן פון אַזאַ פּראָלעטאַריזירונג. אַרבעטער־הענט זײַנען געוועזן מער, איידער ס׳האָט זיך געפאָדערט באַ דער שוואַכער אַנטוויקלונג פון דער גרויס־אינדוסטריע און די לאַגע פון דעם אַרבעטער־קלאַס האָט זיך באַדײַטנד פאַרערגערט. די קעגנזאַצן באַ די ייִדן האָבן זיך נאָך מער פאַרשאַרפט, די אַלטע פּאַטריאַרכאַלישע לעבנס־אויפאַנים האָבן אָנגעהויבן גיך צעפאַלן, פאַר אײנס־צוויי דורעס (פון נאָך פאַנשטשינע) איז דאָס ייִדישע פאָלק שאַרף צעפאַלן אַף צוויי פײַנטלעכע לאַגערן, און דער הייפעך פון די 2 קלאַסן האָט זיך אַלץ פאַרגרעסערט *).

די 80־ער יאָרן זײַנען געוועזן די יאָרן, ווען עס האָט אָנגעהויבן וואַקסן אַ ייִדישע גרויס־בורזשואַזיע: אַ סאָכרישע, טײלווײַז אינדוסטריעלע און באַנקירישע. פאַר איר האָט די זעלבסטהערשונג געמאַכט אײניקע האַנאָכעס. דער צאַריזם איז אַנטקעגן געקומען דער ייִדישער בורזשואַזיע אינעם באַפרידיקן אירע באַדערפענישן. עס האָט גענומען וואַקסן אַ שיכט ייִדישע בורזשואַזע אינטעליגענץ.

די זעלבסטהערשונג האָט געגעבן דעם ייִדישן קאַפּיטאַל די מעגלעכקײַט צו באַטײליקן זיך אין דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג: אין די שטאָט־דומעס האָט מען אַרײַנגענומען ייִדישע ראַטמענער („גלאַסנע"), וואָס די גובערנאַטאָרן פלעגן זיי באַשטימען, און דידאָזיקע באַשטימטע ייִדישע ראַטמענער האָט מען איבערגעגעבן זיי זאָלן אָנפירן אויך די ייִדישע קעהילע. די ייִדישע רעליגיעזע קעהילע האָט געהאַט אײניקע ווירטשאַפטלעכע פונקציעס אויך: זי האָט אויסגעהאַלטן ייִדישע שפּיטאָלן, בייסאָלמענס, כאַדאָרים אַף דער ייִדישער מאַסע האָבן נאָך געדריקט ספּעציעלע שטײַערן: די „קאָראָבקע" (די „טאַקסע", 4—6 קאָפּיקעס פון יעדן פונט קאָשער פלייש), ליכט־אָפּצאָלונג (סוועטשני סבאָר) און אַנדערע. אין דערדאָזיקער רעליגיעז־מעלוכישער ייִדישער קעהילע זײַנען די רעדלפירער געוועזן דער ייִדישער סויכער, דער ייִדישער קאַפּיטאַליסט, באַנקיר.

די ייִדישע פּלוטאָקראַטיע האָט אויסגעצייכנט אויסגענוצט אָט די ביידע מאָמענטן. שטייענדיק פעסט אַפן קאַפּיטאַליסטישן באָדן און עקספּלואַטירנדיק

---

*) פונעם באַריכט פון „בונד" דעם צווישנפעלקערלעכן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין לאָנדאָן, דאָס יאָר 1896.

אומפאַרשעמט דעם „אייגענעם ברודער״, האָט דיזעלבע פּלוטאָקראַטיע אין דער אייגענער צײַט אויסגענוצט מיט דער הילף פון די ראַבאָנים די רעכטלאָזיקײַט פון די ייִדישע מאַסן, די רעפּרעסיִעס און פּאָגראָמען, ביכדיי מיטן לאָזונג „אַלע ייִדן זײַנען ברידער״ (קאָל ייִסראָעל כאַווייריִם) אײַנצוצוימען דידאָזיקע מאַסן, זיי מאַכן שטיל און געהאָרכזאַם און זיי אָפּהאַלטן פון יעטווידער פּראָטעסט.

אויב די רוסישע בורזשואַזיע האָט פון טכילעס געבוירן אָן זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט איבעריקער דרייסטקײַט און איז שטענדיק נויטע געווען בעסער צו לעבן אין שאָלעם מיטן צאַר און מיט זײַנע סאַטראַפּן, איידער צו פירן אַן אָפענעם קאַמף פאַר אירע רעכט, וואָס־זשע איז שוין פאַראַן וואָס צו ריידן פון דער ייִדישער בורזשואַזיע? אין איינער אַ באַגריסונג דעם „בונד״ האָט קאַוטסקי אָנגערופן די ייִדישע אַרבעטער „פאַריער צווישן פּראָלעטאַריער״. די ייִדישע בורזשואַזיע וואָלט מען געקענט אָנרופן „די ניכנעדיקע צווישן ניכנעדיקע״. אין דערדראָזיקער סוויווע זײַנען ניט געווען קײַן שום באַוועגונגען, אידייען, שטרעבונגען, קאַמף־לאָזונגען. די ייִדישע בורזשואַזיע האָט געוווּסט נאָר איין זאַך — ווי עס איז דורכצוקומען מיט „נאַטשאַלסטווע״, געבן כאַבאַר, אונטערקויפן דעם פּריסטאַוו, דעם ספּראַווניק, דעם גובערנאַטאָר, ביכדיי אַזוי אַרום זיך אַרויסצודרייען פון די קלעפּ, וואָס די פּעאָדאַלע צאַרישע אָרדענונג האָט שטענדיק געהאַט אָנגעגרייט פאַר ייִדן. מיט דעם איז באַפאַרבט געווען די נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע אויך. מע פלעג אײַנריידן די מאַסן זיי זאָלן זיך פירן לײַטיש, שטיל, זאָלן זיך ניט דערוועגן זיך קלאָגן, פּראָטעסטירן, ווײַל יעדע אַזאַ מורמלעניש, יעדער אַזאַ פּראָטעסט אָדער אַרויסטרעטונג מיצאַד ייִדן, יעדער אָנטייל זייערער אינעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף מוז ברענגען נײַע באַגרענעצונגען פאַר ייִדן — און וואָס נאָך שרעקלעכער איז — נײַע ייִדישע פּאָגראָמען.

מע דאַרף נאָך אָנווײַזן אַף דעם אָפּגעזונדערטן קולטורעלן לעבן, וואָס די ייִדישע באַפעלקערונג האָט געפירט. דער גרעסטער טייל ייִדן האָט גערעדט ייִדיש. בעיס דער פאָלקס־ציילונג, דאָס יאָר 1897 האָבן 97% פון אַלע ייִדן אָנגעגעבן ייִדיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך. דער האַנדלס־טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און די גאַנצע ייִדישע בורזשואַזיע האָט געקענט רוסיש אויך, טיילווײַז אויך פּויליש. אָבער דער ייִדישער באַלמעלאָכע — אַרבעטער און פאַבריק־פּראָלעטאַריער, דער וועבער־קוסטאַר האָבן געקענט בלויז ייִדיש רוסיש איז זיי געווען פרעמד.

אַביסל אַנדערש איז די לאַגע געווען אַף דאָרעם, אין נײַרוסלאַנד, וווהין די מאַסן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג האָבן זיך אָנגעהויבן אַריבערקלײַבן ערשט שפּעטער, אין לעצטן פערטל פאָריקן יאָרהונדערט: דאָס לעבן פון די שטעט אָדעס, קאַטערינאָסלאַוו, כערסאָן, יעליסאַוועטגראַד, וואָס זײַנען געלעגן אין צענטער פון אַ רײַכן האַנדל־אינדוסטריעלן ראַיאָן, האָט שטאַרק אַסימילירנדיק געווירקט אַף דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער ייִדישער אַרבעטער אין אָדעס האָט אָפטער גערעדט רוסיש איידער ייִדיש.

פונעם אַנאַליז, וואָס מיר האָבן דאָ געגעבן איבער די עקאָנאָמישע און סאָ־ציאַל־פּאָליטישע לעבנס־באַדינגונגען אינעם מיַירעוו־קאַנט פון רוסלאַנד און פון דער גאָרער יידישער באַפעלקערונג, קאָן דער לייענער פאַרשטיין, ווי אומ־גינסטיק עס זיַינען דאָ געווען די באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ נאָרמאַלער פּראָלעטאַרישער קלאַסן־באַ־וועגונג. דאָ האָט, אין טאָך גענומען, געפעלט דאָס סאַמע גרונטלעכע — דער גרויס־אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט. דאָ האָבן די נאַציאָנאַלע פאַרהעלטענישן און די נאַציאָנאַלע רעדיפעס געקענט שאַפן אַן אויסטערלישע פילבאַרקיַיט צום פּאָליטישן מאָמענט, האָבן געקענט שפּיַיזן די ראַדיקאַלע רעוואָליוציאָנערע שטימונג באַ די מאַסן. אָבער אַן אויס־געהאַלטענע פּראָלעטאַרישע קלאַסן־באַוווסטזיניקיַיט האָט דאָ זיך פאַרקרעפטיקן ניט געקאָנט. אין דעם ליגט געוויס די גרונט־סיבע פון אַלע היסטאָרישע וואַק־לענישן, אָפּנויגן און צוריקטרעטונגען אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד.

---

קאַפּיטל צוויי.

# די ערשטע מאַרקסיסטישע אַרבעטער-קרייזלעך און דער איבערגאַנג צו מאַסן־אַגיטאַציע.

די יידישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, די אינטעליגענץ, וואָס האָט גע־שטאַמט פון די ניט־ייכעסדיקע, פון די קליינבירגערלעכע שיכטן, איז אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג נאָך אינעם פּעריאָד פונעם פאָלקיזם (נאַראָדניטשעסטוואָ). די מערהייט אירע האָט דערביי אייַנגעריסן אינגאַנצן מיטן יידנטום, און וועלכן זי האָט דעמלט ניט געפונען קיין שום עלעמענטן פאַר דער רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, און האָט זיך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער אַרבעט פון די רע־וואָליוציאָנערע גרופּעס און פּאַרטייען (אַרן זונדעלעוויטש, ל. דייַטש, פּ. אַקסעל־ראָד, העסי העלפמאַן — אַנטיילנעמערן אינעם פּראָצעס פון י. 1881, איז פאַר־מישפּעט געוואָרן צום טויט און איז געשטאָרבן אין טיורמע). אַנדערע ווידער, צ.ב., ליבערמאַן, צוקערמאַן,—האָבן, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף די פאָלקיסטישע קרייַז־לעך אין ווילנע, שוין אין די 70־ער יאָרן געשטעלט פאַר די יידן—רעוואָליוצי־אָנערן א ספּעציעלע אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן צווישן יידן די עלעמענטן, וואָס פּילן מיט דער רעוואָליוציע און דעם סאָציאַליזם. צום אָנהייב 80־ער יאָרן טרעפן מיר שוין די ערשטע פּרווון פון פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע אַרבעטער. אין די אַרכיוון פונעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט זיך אייַנגעגעבן צו געפינען דעם 1־טן № פונעם זשורנאַל „דער אַרבעטער", וואָס די „נאַראָדאָוואָלצעס" האָבן אַרויסגעגעבן אַף אַ העקטאָגראַף אין יידיש. די אַרטיקלען פונעם דאָ־זיקן זשורנאַל זייַנען געווען איבערגעזעצט פון די רוסישע אַרטיקלען פונעם רוסישן זשורנאַל, וואָס האָט געטראָגן דעמזעלבן נאָמען („ראַבאָטשי"). אין דער פּעריאָדישער יידיש־רוסישער פּרעסע פון יענער צייַט באַגעגענען מיר יע־דיעס וועגן אַ שטרייַק־באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער־וועבערס אין ביאַליסטאָק און אין שטעטל רוזשאַני, סאָף יאָר 1883. דידאָזיקע באַוועגונג איז אַדורכגעגאַנגען באַ דער מאַטעריעלער מיטהילף פון די ביאַליסטאָקער דייַטשי־שע און פּוילישע אַרבעטער (אַגעוו, דאָס איז געשעען צו נאָענט צום אָרעכאָ־וואָ־זויעווער שטרייַק, און עס איז דעריבער אומעגלעך, אַז די געשעענישן אין ביאַליסטאָק און רוזשאַני זאָלן האָבן פאָרגעקומען אויסער יעדער ווירקונג און אויסער אַ אידעאָלאָגישער פאַרבינדונג מיטן אָרעכאָוו־זויעווער שטרייַק).

זעם קריטישן פּעריאָד פונעם פּאָלקיזם (די ערשטע העלפט 80־טע יאָרן) האָט די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ איבערגעלעבט אויסערסט קרענק־לעך. די סיבעס דערפון זײַנען געווען די מאַסן־פּאָגראָמען אַף ייִדן, וואָס דער צאַריזם האָט אָרגאַניזירט אינעם י. 1881 און דער שאַרפער אַנטיסעמיטישער קורס, וואָס אַלעקסאַנדער דער ווו־טער האָט גענומען אין דער ייִדן־פּאָליטיק, מיט די באַרימטע „צײַטווײַליקע קלאָלים" פון יאָר 1882 וועגן אַרויסטרײַבן ייִדן פון די דערפער א. אַז. וו. אונטער דער ווירקונג פון דידאָזיקע רעפּרעסיעס פאַר־רעמט זיך דעמלט אויס צום ערשטן מאָל בײַ דער ייִדישער קליינבירגערלע־כער אינטעליגענץ די קולטורעלע ציאָניסטישע אידייע, וואָס איר אויסדריקער איז געווען ד״ר פּינסקער אין זײַן בראָשור „אַווטאָעמאַנסיפּאַציע". אין די ייִ־דישע סאָציאַליסטישע קרײַזן וואַקסט אַלץ מער אָן די שטרעבונג צו אָרגאַני־זירן אַ סאָציאַליסטישע אַרבעט צווישן די ייִדישע האַראָפּאַשניקעס. אין פּ. אַקסעלראָדס בראָשור, וואָס איר קסאַוויאַד איז ניט לאַנג צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן *), ווערט אַרויסגערוקט די אידייע צו שאַפן קאַדרען פאַר סאָציאַליסטישער אַרבעט צווישן ייִדן. דערדאָזיקער געדאַנק אָבער איז, קענטיק, געבליבן ניט אַנטוויקלט און ניט פאַרשפּרייט. די פּראָפּאַגאַנדיסטישע פּאָלקיסטישע קרײַזלעך צווישן די ייִדישע אַרבעטער אין די 80־ער יאָרן האָבן ניט געהאַט קיין שום נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע.

די ערשטע שפּראָצונגען פון דער ייִדישער מאַרקסיסטישער אַרבעטער־באַ־וועגונג האָבן זיך באַוויזן אין מיט 80־ער יאָרן פאַריקן י״ה. קימאַט גלײַכצײַ־טיק קומען אוף סאָציאַליסטישע אַרבעטער־קרײַזלעך אי אין ווילנע, אי אין וואַרשע, אי אין מינסק, אי אין קיעוו, אי אין אָדעס. די איניציאַטאָרס פון די־דאָזיקע קרײַזלעך זײַנען די אינטעליגענטן־סאָציאַליסטן, וואָס מע האָט אַרויס־געשיקט אין דידאָזיקע שטעט צו זײַן דאָרט אונטערן אופזיכט פון דער פּאָלי־ציי. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט דידאָזיקע באַוועגונג אַ געוויסע שײַכעס צו דער אַלטער רוסישער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי, צו די „נאַראָדאָוואָלצעס". זי איז אויך פאַרבונדן מיט דער העלדישער פּוילישער סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט".

גאָר טיפע וואָרצלען אין דער געשיכטע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג האָבן געהאַט די קרײַזלעך אין מינסק, וואָס נאָך אין די י״י 1830—8 זײַנען דאָרט אין די פּאָלקיסטישע אַרבעטער־קרײַזלעך געווען באַ 200 מאַן.

די אידעאָלאָגיע באַ די אָנפירער פון די ייִדישע אַרבעטער־קרײַזלעך אין דער צווייטער העלפט פון די 80־טע יאָרן איז געווען אַ מאַרקסיסטישע. צו יענער צײַט איז דער גלאַנץ פונעם פּאָלקיזם אַראָפּ. דער מאַרקסיזם האָט אָנגעהויבן באַהערשן די מויכעס. די „גרופּע פאַר דער אַרבעט־באַפרײַונג" מיט פּלעכאַנאָוון בעראָש, וועלכע איז געזעסן אין אויסלאַנד, איז מיט איר

*) זע „פון פּ. אַקסעלראָדס אַרכיוו", 2־טער באַנד, ארויסגעגעבן אין אויסלאַנד. די בראָשור האָט מען ניט אָפּגעדרוקט, ווײַל קענן איר זײַנען, אויס טאַקטישע טײַמים, געווען פּ. אַקסעלראָדס פרײַנט פון דער „גרופּע פאַר דער ארבעט־באַפרײַונג".

ניט־רײַכער, אָבער אינהאַלטפולער ליטעראַטור געווען די ווענגווײַזערן פאַר דער אַרבעט אין דידאָזיקע קרײַזלעך אויך.

די איניציאַטאָרן פון די ערשטע יידישע אַרבעטער־קרײַזלעך האָבן לעכאָט־כילע ניט געטראַכט וועגן דעם, אַז דאָ, אין דאָרעם-מײַרעװו־קאַנט זאָל מעג־לעך זײַן אַ מאַסנהאַפטע אַרבעטער־באַוועגונג. דער מאַרקסיזם האָט גע־רעדט וועגן דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. דאָ האָט אַזאַ פּראָלע־טאַריאַט געפעלט, און דערום האָבן די סאָציאַליסטישע קרײַזלעך צווישן די יידישע אַרבעטער באַדאַרפט האָבן, ווי דידאָזיקע איניציאַטאָרן־אָנפירער האָבן געמיינט, אַ גאַנץ באַגרענעצטע אופגאַבע — אויסצובילדן אינטעליגענטע אַרבעטער, אָנפירער פאַר דער סאָציאַליסטישער אַרבעט צווישן רוסישן און פוילישן פּראָ־לעטאַריאַט.

די נאַציאָנאַלע פראַגע איז פאַר דידאָזיקע ערשטע קרײַזלעך ניט געשטאַ־נען. די שפּראַך — איז באַ זיי געווען אויסשליסלעך אַ מיטל צו דער אַרבעט. נאָר העיוים ווי אַ מאַסן־אַרבעט האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט נאָר צווישן די רוסישע אָדער פוילישע אַרבעטער, האָבן זיי פריער פאַר אַלץ זיך געשטעלט פאַר אַן אופגאַבע באַוואָפענען דידאָזיקע קרײַזלעך מיט רוסיש,—און אין פוילן— מיט פויליש־קענטעניש. די פּראָגראַם פון דידאָזיקע קרײַזלעך איז געווען אַ גע־מישטע. אַ מיטגליד פון אַ קרײַזל האָט געמוזט באַקומען אַ האַרמאָנישע סאָ־ציאַליסטישע אידעאָלאָגיע, וואָס באַזירט זיך אַף פּינקטלעכע וויסנשאַפטן. דידאָזיקע וויסנשאַפטן האָט דער מיטגליד פון קרײַזל געקענט באַקומען נאָר לייענענדיק רוסישע אָדער פּוילישע ביכער. אַף יידיש זײַנען אַזעלכע ביכער גאָר ניט געווען. דערום האָט מען אים געלערנט רוסיש אָדער פויליש, און צוהאָרעווענ־דיק עטלעכע יאָר, איז דערדאָזיקער אַנאַלפאַבעטישער אָדער ווייניק־אַלפאַבעטי־שער יידישער אַרבעטער אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין קרײַז פונעם אינטעליגענטישן לעבן. אָנפאַנגס זײַנען אַזעלכע קרײַזלעך, נאַטירלעך, געווען ווייניק, אָבער זייער צאָל איז געוואָקסן. די פּערזאָנען, וואָס זײַנען אַדורכגעגאַנגען דידאָזיקע קרײַזלעך, האָבן אָנגעהויבן אויסצוטיילן זיך פון דער אַלגעמיינער סוויווע אין די וואַרשטאַטן, מע האָט זיי דערפאַר אַ נאָמען געגעבן „פילאָסאָפן“. באַ זיי האָט זיך אויסגע־אַרבעט אַפילע אַן אייגענער אויסערלעכער היילעך אויך: אַ שוואַרץ העמדל מיט אַ לעדערן פאַסיקל. זיי פלעגן זיך צונויפקומען אינײַנעם און פלעגן ציען די אופמערקזאַמקײַט אַף זיך. אָפט פלעגן זיי אַרײַנקומען אין אַ קאָנפליקט מיט זייערע באַלעבאַטים איבער קליינע פראַגעס פון באַלמעלאָכישן שטייגער; דאָס לעבן האָט געשטויסן דידאָזיקע קרײַזלעך אָנצופירן דעם מאַסן־קאַמף פון ד יידישע אַרבעטער קעגן זייערע באַלעבאַטים *).

*) מירן, אַגעוו, דערמאָנען אייניקע אַקטיווע טוער פונעם ערשטן קרייזלעך-פעריאָד סאָף 80-טע יאָרן אין דער יידישער ארבעטער-באַוועגונג אין ווילנע: 1) לעאָן יאָהיכעס (טישקאָ), שפּע־טער דער אָנפירער פונעם צ. ק. פון דער ס. ד. אין קרוין-פוילן און אין ליטע, און אינעם פעריאָד פון דער דײַטשישער רעוואָליוציע — אָנפירער פון די ספאַרטאַקן, דערהאַרגעט געוואָרן אין פעוורואַל י. 1919 אין בערלין; 2) שארל ראפּאָפּאָרט — שפּעטער איינער פון די אַקטיווע אָנפירער פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פאַרטיי; 3) קאָפּעלזאָן צעמאַך, איצט מיטגליד פון דער קאָ־מוניסטישער פאַרטיי.

איינס מיט וואָס די באַוועגונג האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט, איז געווען דער ברייטער אַנטייל, וואָס ס'האָבן אין איר גענומען די מיידלעך־אַרבעטערנס פון די באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן (זייגערמאַכערנס, נייטערנס) און פון די פאַבריקן (פּאַפּיראָסן, קאָנווערטן). די בעסטע טוערס פון דער באַוועגונג בעשאַסן קרײַזלעך־פּעריאָד זײַנען געווען די זעצערס, שטעפּערס, שלאָסערס.

שוין צום סאָף 80־טע יאָרן זײַנען אין דער אַרבעטער־מאַסע אויסגעוואָקסן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס. אין י. 1888 האָבן אין ווילנע שוין עקזיסטירט אַ ר ב ע ט ע ר־ל ײַ ־ק אַ ס ע ס: צווישן די בויערס, זאָקנמאַכערנס, נייטערנס, שלאָסערס און אייניקע אַנדערע פאַכן. עמעס, די צאָל מיטגלידער אין אַזעלכע פאַ־ריינען איז געווען ניט קיין גרויסע. פון יעדן פאַך האָט דער פאַריין געהאַט נאָר אַ פּאָר צענדליק מענטשן. דאָס האָט באַטײַט, אַז די אינערטקײַט פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן איז שוין געווען צעשטערט. שוין דאָס אַליין, וואָס ס'איז מעגלעך געווען ס'זאָל אופקומען אַ גאַנצע נעץ אַרבעטער־קרײַזלעך, איז געווען אַ באַווײַז, אַז די יידישע אַרבעטער־מאַסע הייבט אָן זיך אויספורעמען און זיך אויסבילדן אַלס אַ זעלבשטענדיקער קלאַסן־קויעך.

אָנהייב 90־ער יאָרן איז שוין פאַר די יידישע אַרבעטער־קרײַזלעך געשטאַנען די פראַגע וועגן אַריבערגיין צו אַ מאַסן־אַרבעט. און אָט דאָ הייבן זיך אָן אינעווייניק אין דערדאָזיקער פּראָפּאַגאַנדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע די ערשטע ערנסטע און שאַרפע כילוקע־דייעס. דערזען פאַר זיך די שפּראָצונגען פון אַ מאַסאָווער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן די אינטעליגענטן־אָנפירער און די מינדערהײַט אַרבעטער־מיטגלידער פון די קרײַזלעך שנעל אופגענומען די נײַע לאַגע, האָבן איבערגעבויט זייער אידעאָלאָגיע און האָבן גערופן טייקעף זיך אַרײַנצוואַרפן אין דער מאַסן־אַרבעט, גערופן די קרייזלעך פּראַקטיש אָנצופירן די מאַסאָווע אַרבעטער־באַוועגונג

די „אָפּאָזיציע" אין ווילנע קעגן דעם נײַעם קער פון דער באַוועגונג האָט זיך גרופּירט אַרום דעם באַוווסטן גראַוויאַר אַבראַם—אַבראַם גאָרדאָן,—וואָס האָט אויסגעבויט אַן אייגנאַרטיקע אידעאָלאָגישע קאָנצעפּציע, זייער אַ נאָענטע צו דער „קינדערשער לינקײַט" אין אונדזערע טעג. ער פלעג זאָגן, אַז די מאַסן זײַנען ניט פעיִק צו באַנעמען סאָציאַליסטישע אידעאַלן, אַז דער קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע האָט גאָר ניט צו טון מיטן אידעאַל פונעם סאָציאַליזם, וואָס צו אים שטרעבט דער באַוווסטזיניקער אַוואַנגאַרד. ער האָט געזאָגט, אַז פאַרן סאָציאַליזם איז פריער פאַר אַלץ נייטיק, די אַרבעטער זאָלן זײַן שטאַרק באַוווסטזיניק און, אַז איבער דעם דאַרף מען זיך ניט אַראָפּלאָזן מיט דער אַרבעט צו דער מאַסע, וואָס איז ווייניק אַנטוויקלט, נאָר, פאַרקערט, מ'דאַרף ווײַטער פירן די קרײַזלערישע פּראָפּאַגאַנדישע אַרבעט, זי פאַרברייטערן און פאַרטיפערן, און אַרײַנציען אין די קרײַזלעך וואָס מער אַרבעטער. אין ווילנע האָט די „אָפּאָזיציע"—מיט דעם נאָמען איז זי באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג—ניט געזיגט. זי האָט נאָר געבראַכט דערצו, וואָס אייניקע גרופּעס האָבן זיך אָפּגעטיילט. די מאַסן־באַוועגונג האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער אַנטוויקלט און האָט אַרײַנגע־

צוזיגן אין אירע רייען דעם גאַנצן איבערשטן שיכט, וואָס איז אופגעצויגן געוואן אינעם ערשטן פּעריאָד פון דער קרײַזלעך־באַוועגונג. דאָסזעלבע איז געוועו אין מינסק, אין ביאַליסטאָק און אין אַנדערע שטעט.

וועגן ערשטן פּעריאָד, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן באַווײַזן די מאַסנ־האַפּטע אַרבעטער־באַוועגונג, איז פאַרבליבן זייער אַ וויכטיקער ליטעראַרישער דאָקומענט—דאָס זײַנען די רעדעס פון די אַרבעטער אַף דעם מײַ־יאָנטעוו דאָס יאָר 1892 אין ווילנע. דידאָזיקע בראָשור איז אין איר צײַט אַרויסגעגעבן געוואן פונעם „פאַרבאַנד פון די רוסישע ס.־ד.״ אין אויסלאַנד. דאָ זײַנען קי־מאַט ניטאָ קיינע פּאָליטישע אידייען, ניטאָ קיינע לאָזונגען וועגן קאַמף מיט צאַריזם, עס איז אָבער דאָ פאַראַן אַ באַשטימטע סאָציאַליסטישע באַפאַרבונג אַ סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע.

דערדאָזיקער סאָציאַליזם איז געוואן אַן אייגנאַרטיקער. דאָס איז געוועו אַ „טרוים־סאָציאַליזם״. דעם סאָציאַליזם האָט מען זיך פאָרגעשטעלט ווי אַ אידעאַל, און אין אים, אין דעמדאָזיקן אידעאַל, האָט די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע געפונען פאַר זיך אַ טרייסט אין איר אַרומיקן כווישעכדיקן לעבן. פון טכילעס אָן האָט דער סאָציאַליזם צוגעצויגן דידאָזיקע מאַסע אויך מיט זײַן אינטערנאַציאָנאַלן טאָך. דער דערשלאָגענער, פון אַלעמען דערנידעריק־טער ייִדישער אַרבעטער-מאַסע האָט אימפּאָנירט דער באַוווסטזײַן, אַז מיט דעם, וואָס זי נעמט אַן אַנטייל אין די קרײַזלעך, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווערט זי גלײַכבערעכטיקט אַ גלײַכבאַרעכטיקטער גליד פון דער קעמפנדיקער אַר־בעטער־מישפּאָכע פון גאָר דער וועלט. דעם ייִדישן אַרבעטער האָט אימפּאָנירט דאָס, וואָס אין איין און דעמזעלבן טאָג, דעם ערשטן מײַ, נעמט ער, דער ייִדישער אַרבעטער, באַגלײַך מיט די אַרבעטער פון בערלין, פּאַריזש, לאָנדאָן אַנטייל אינעם אַלגעמיינעם קאַמף אַראָפּצוואַרפן די עקזיסטירנדיקע בורזשואַזע אָרדענונג. דעם אידעאַל פונעם סאָציאַליזם האָט מען זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַ סאָציאַלע גלײַכהײַט, ברודערשאַפט, גערעכטיקײַט, וואָס איז קעגנגעשטעלט געוואן דעם אומרעכט און די פאַרפאָלגונגען, וואָס די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע האָט געהאַט אויסצושטיין.

דעם שטרײַק־קאַמף האָבן די ייִדישע אַרבעטער געפירט מיט דער גרעס־טער איבערגעגעבנקײַט און מעסירעס־נעפעש. זיי זײַנען פעיִק געווען אַקשאָ־נעסדיק אויסצושטיין דעם שטרײַק־קאַמף וואָכן־און כאַדאָשים־לאַנג. זיי פלעגן ווערן אַרעסטירט, פאַרשיקט און געשלאָגן פון דער פּאָליציי, שפּיאָנען און גע־דונגענע לאָבוסן, אָבער אונטערגעגעבן האָבן זיי זיך ניט. דידאָזיקע פעיִקײַט צו אָפּערן מיט זיך איז געווען כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פאַר איינצלנע אָנפי־רער פון דערדאָזיקער מאַסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג, זי איז כאַראַקטעריס־טיש פאַר דער גאָרער מאַסע אויך. דאָס טיפּישע פאַר דער ייִדישער אַרבע־טער־באַוועגונג אינעם גאָרן ווײַטערדיקן פּעריאָד איז—דער זייער נישטיקער פּראָצענט פאַרעטער, סײַ מיצאַד איינצלנע אַרבעטער־גרופּעס, סײַ מיצאַד די אָנפירער. די סאָלידאַרישקײַט און די צוזאַמענגעבונדנקײַט פון דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע אינעם פּראָצעס פונעם קאַמף איז געווען זייער אַ הויכע. די

קאָנספּיראַציע־געוווינהייטן, די סאָלידאַרישקייט, וואָס בילדן זיך אויס באַ אַ
נאַציאָנאַלער גרופּע, וואָס דער מעלוכע־אַפּאַראַט רודיפעט זי, זײַנען געוואָרן
באַ דער יידישער אַרבעטער־מאַסע רעוואָליוציאָנערע קלאַסן־רעגילעסן, און
האָבן געבראַכט זייער אַ גרויסן נוצן דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרי־
שער באַוועגונג.

די ערשטע צײַט פון דער שטרײַק־באַוועגונג האָט די מאַסע מוירע געהאַט
צוצושטיין צו איר. קעדיי צוצוגעבן דער באַוועגונג אַ לעגאַלן כאַראַקטער, האָבן
די סאָציאַליסטן אַרויסגעשטעלט אַ לאָזונג צו פאָדערן מ'זאָל אָפּהיטן דעם
אַלטן געזעץ, וואָס מ'האָט אַרויסגעגעבן נאָך אין קאַטערינעס II צײַטן (סאָף
XVIII י"ה) וועגן אַ 12־שאָעדיקן אַרבעט־טאָג פאַר באַלמעלאָכעס. די ערשטע
צײַט האָט דידאָזיקע אויסערלעכע לעגאַלישקייט געווירקט אַף דער פּאָליציי
אויך, און דאָס האָט גרינגער געמאַכט דעם קאַמף.

אַפּן פּאָן פון אָט דעמדאָזיקן שטרײַק־קאַמף האָט זיך אויסגעבילדעט און
פאַרפעסטיקט די מאַסנהאַפטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. אין די סטאַטוטן
פון אָט די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס טרעפן מיר אָט יענע רעגילעסן,
אַף וועלכע מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן.

אין איינעם אַזאַ סטאַטוט*) לייענען מיר:

„דער צוועק פון דער קאַסע איז צו פאַראייניקן די אַרבעטער, קעדיי צו
קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן און צו שאַפן די מיטלען, וואָס זײַנען נייטיק אַף
צו פירן אַזאַ קאַמף.

... „מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז דער באַלעבאָס איז שטאַרקער פון יעדן
איינציקן אַרבעטער און אַז איינער אַף איינעם איז קיינער פון אונדז ניט בע־
קויעך צו פירן דעם קאַמף מיטן באַלעבאָס, ווײַל דעם איינעם אַרבעטער קאָן
ער אָפּזאָגן און צונעמען אַף זײַן אָרט אַן אַנדערן, וואָס וועט גערן טון אַלץ,
וואָס דער באַלעבאָס הייסט, אַזוי אַרום וועט דער איינציקער אַרבעטער גאָר־
נישט קאָנען מאַכן. דערום דאַרפן מיר אַלע אומבאַדינגט זיך פאַראייניקן און
זיך צוזאַמען מיען צו פאַרבעסערן אונדזער לאַגע. אָבער פאַרבעסערן אונ־
דזער לאַגע וועלן מיר זײַן אימשטאַנד נאָר דעמלט, ווען מירן זײַן געטרײַ
איינער דעם אַנדערן און וועלן קעמפן אַלע איניינעם, איניינעם מאַכנדיק אַ
שטרײַק, ד. ה. אַלע זאָלן מיר וואַרפן די אַרבעט און דערמיט נויטן דעם באַ־
לעבאָס נאָכגעבן אַלע אונדזערע פאָדערונגען... מיר דאַרפן זיך מיען מיט אַלע
מעגלעכקייטן—אָפּצושפּאָרן געלט, אַפילע פון דעם קליינעם געהאַלט, וויפל
ס'איז מעגלעך און גרינדן אַ קאַסע, ווײַל וואָס די סכירעס זײַנען קלענער,
מער דאַרף מען קעמפן און פאַרבעסערן זיך דאָס לעבן, און צוליב דעם מוז
מען האָבן אַזאַ מין קאַסע".

ווײַטער גייען די גרונט־פּונקטן פונעם סטאַטוט:

„אַ מיטגליד ווערט אָנגערופן יעדער לײַטישער און קאָנספּיראַטיווער אַרבעטער.

*) דער סטאַטוט איז געווען געשריבן אין יידיש, מיר איבערזעצן אים אָבער פון רוסיש
און מיר קאָנען ניט אָרעוו זײַן פאַר דער פּינקטלעכקייט.
אין רוסיש איז דער סטאַטוט געבראַכט אין אַ זשאַנדאַרמען-„דיעלע".

„די היסכייוועסן פון די מיטגלידער זײַנען: זאָרגן, אַז אין דער קאַסע זאָלן נעמען אַנטייל וואָס מער פּאַרייניקטע אַרבעטער, יעדער פון זיי דאַרף זיך פירן ווי אַ קלוגער אָרגאַניזירטער אַרבעטער; ער דאַרף זיך אָרנטלעך באַגיין מיט די איבעריקע אַרבעטער און לערנייִנגלעך, זיך אײַנשטעלן פאַר זיי, ווען דער באַלעבאָס באַהאַנדלט זיי שלעכט, שטיין פעסט פאַר יעדער פאָדערונג, וואָס מ׳שטעלט אַרויס קעגן באַלעבאָס, ער טאָר ניט קאָנקורירן מיט די אַר־בעטער פון יענעם וואַרשטאַט, ווו ער אַרבעט; אויב מ׳זאָגט אָפּ אין אַוואָסער ניט איז וואַרשטאַט אַן אַרבעטער, טאָר ער ניט שטעלן זיך אַף יענעמס אָרט. יעדער מיטגליד דאַרף זיך מיִען מיטצוהעלפן, אַז אַלע שטרײַקן זאָל מען אויס־שפּילן, וואָרעם אַז מ׳פאַרשפּילט אַ שטרײַק, ווירקט דאָס שלעכט אַף די איבע־ריקע אַרבעטער; דערפאַר אָבער, אַז מ׳שפּילט אויס אַ שטרײַק, ווירקט דאָס גוט אַף די איבעריקע אַרבעטער און עס איז גרינג צו מאַכן אַ צווייטן שטרײַק.

„יעדער מיטגליד דאַרף האַלטן בעסאָד אַלץ, וואָס מ׳רעדט מיט אים און וואָס ער הערט אַף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען; אַפילו אַן אייגענעם ברודער טאָר מען עס נישט דערציילן.

„דער גאַנצער פאַך קלײַבט פון זיך אויס אַף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמ־לונג אַ קאָנטראָליאָר און עלטסטע (סטאַרשינעס). דעם קאָנטראָליאָר קלײַבט מען אויס אָפן, די עלטסטע—געהיים; די מיינונגען גיט מען איבער דעם קאָנ־טראָליאָר.

„דער קאָנטראָליאָר און די עלטסטע בילדן צוזאַמען אַ פאַך־קאָמיסיע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַלע אַרבעטן פון אָט דעם פאַך. די פאַך־קאָמיסיע איז, אַף אַזאַ אופן, די אָנפירערן פון דער אָרגאַניזאַציע".

דער אַפּאַראַט פון די קאַסעס איז געווען אַן אויסגעוויילטער און איז באַ־שטאַנען פון די עלטסטע, קאָנטראָליאָרן און פון אַ באַזונדער ביבליאָטעק־קאָמי־סיע. די טאַקאָנעס זײַנען געווען געצילט צו באַוואָרענען די גאַנצקייט פון דער קאַסע און די ריכטיקע כעשבן־פירונג. יעדער מיטגליד איז מעכויעוו צו וויסן דעם סטאַטוט, צוליב דעם „לייענט מען אָפט פאַר דעם סטאַטוט פאַר דער גאַנצער מאַסע". די פאַך־קאָמיסיע איז דורך אַ ספּעציעלן פאָרשטייער פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינשטאָטישער צענטראַלער קאָמיסיע. „ווען איין פאַך איז אין אַ נויט, קומען די איבעריקע אים צו הילף". מיטגליד־אָפּצאָל איז אָפּגעשטעלט געווען צו 25 קאָפּ. פון אַ מאַנספאַרשוין און צו 15 קאָפּ. פון אַ פרוי כוידעשלעך; כוץ דעם, האָט מען נאָך באַדאַרפט אַרײַנטראָגן אַן איינמאָליקן אַרײַנטריט־אָפּ־צאָל—25 קאָפּ. פאַר אַלעמען גלײַך. פאַר ניצן די ביבליאָטעק־ביכער האָט מען געצאָלט באַזונדער צו 10 קאָפּ. אַ כוידעש און מ׳האָט נאָך באַדאַרפט געבן אַ ספּעציעלן מאַשקן—15—20 קאָפּ. פון די סומעס, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין פאַך, גיט מען איבער 60% אין דער אַלגעמיינשטאָטישער קאַסע און בלויז 40% בלײַבן פאַר די היצטאַרכעסן פון דעם פאַך גופע. גרויסע עקאָנאָמישע פּראַגעס לייזט די צ ע נ ט ר אַ ל ע ק אָ מ י ס י ע. באַ דער „צענטראַלער קאָמי־סיע" [מ׳האָט זי אַנדערש גערופן „אַגיטאַטאָרן־פאַרזאַמלונג" (סכאָדקע)] איז פאַראַן אַן אונטערערדישער רויטער קרייז. העכער פאַר דערדאָזיקער צענטראַלער קאָמי־

סיע שטייט דער אויסגעקליבענער פּאַרטייִשער בונדישער קאָמיטעט. „די פּראַקטישע אַרבעט קאָן די צענטראַלע קאָמיסיע באַשטימען אַליין; אָבער די קאָנספּיראַטיווע און טעאָרעטישע איניאָנים — אויב דער קאָמיטעט גיט איר איבער—קאָן די צ. ק. (צענטראַלע קאָמיסיע) נאָר באַהאַנדלען, לייזן אָבער לייזט זיי דער ק. (קאָמיטעט)”.

ווען ס׳פּלעג פּאָרקומען אַ שטרײַק, איז דאָס וויכטיקסטע געווען די פּראַגע, צי וועט די אַלגעמיינשטאָטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע מאַטעריעל אים שטיצן. די אַלגעמיינשטאָטישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט קאָנצענטרירט אין אירע הענט דעם גרעסטן טייל מיטגלידער־אָפּצאָלן, אַרײַנגעקומענע אין באַזונדערע קאַסעס, האָט געקענט ניט אַנערקענען דעם אָדער יענעם שטרײַק, און דער שטרײַק וואָלט געמוזט דורכפאַלן. די אָנפירנדיקע קרײַזן האָבן אויסגענוצט אָט דידאָזיקע פּאַרפּעסטיקטע ווירקונג זייערע קעדיי צוצוגעבן דעם שטרײַק־קאַמף אַ באַשטימטע ריכטונג. די באַלמעלאָכישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַרויסגערוקט אַ גאַנצע ריי פּרינציפּיעלע פּראַגעס: וועגן דער באַציִונג צו דער פּאַרמיטלערײַ, וועגן אָנווענדן עקאָנאָמישן טעראָר, וועגן אַרײַנעמען מעקלערס אין פאַריין, וועגן אַרויסשטעלן די אָדער יענע פּאָדערונגען. אָט דידאָזיקע אַלע פּראַגעס, וואָס אַרום זיי האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס דערציִען דעם סאָציאַליסטישן באַוווּסטזײַן פון די אַרבעטער, פלעג מען באַהאַנדלען אַף די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער און אַף דער „סכאָדקע”. אָפט פלעגן זיי אַרויסרופן וויקוכים און רײַבונגען, עס האָט זיך אָבער געשאַפן אַ באַשטימטע טראַדיציע. דידאָזיקע טראַדיציע איז געווען—די טראַדיציע פון דעם סאָציאַליסטישן פּראָפעסיאָנעלן קאַמף.

ווען מיר זאָלן וועלן צוזוכן וואָסערע ניט איז ספּעציעלע טערמינעס אַף צו באַצייכענען דעם מעהוס פון דער מאַסנדיקער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אינמיטן און סאָף 90־ער יאָרן, וואָלט דער פּאַסנדיקסטער נאָמען פאַר איר געווען „סאָציאַליסטישער טרעד־יוניאָניזם”,—אַ ברייטע מאַסנהאַפטע עקאָנאָמישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס שטרעבט צום ווײַטן אידעאַל פונעם סאָציאַליזם און וואָס פירט אַ קאַמף אויסשליסלעך מיט אירע דירעקטע פײַנט מיט די מײַסטערס און פאַבריקאַנטן.

אַ טרעד־יוניאָניסטישע, לויט איר פאָרם, באַוועגונג, פאַריאָגט אין אונטערערד און דורכגעדרונגען מיט אַ סאָציאַליסטישער ריכטונג און מיט אַ אידייע וועגן צווישנפעלקערלעכער ברודערשאַפט—דאָס איז דער „סאָציאַליסטישער טרעד־יוניאָניזם”.

---

קאַפּיטל דרײַ.

# סאָציאַליזם און ציאָניזם.

עס וואָלט אָבער געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז דערדאָזיקער „סאָציאַליסטיש־טרעד־יוניאָניסטישער" פּעריאָד האָט ניט געהאַט קיין מער טיפערע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע באַדײַטונג. די ריין אַרבעטערשע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אַף דער באַזע פון עקאָנאָמישן קאַמף, האָט זיך אָפּגעגרענעצט פון דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער קליינבורזשואַזער סוויווע. זי האָט זיך אידעיִש באַהעפט צו דער פּראָלעטאַרישער וועלט־באַוועגונג און האָט זיך געשפּײַזט מיט דער אַלגעמיין־מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע, זי איז געווען אידעיִש פאַרבונדן מיט די מאַרקסיסטישע קרײַזלעך אין גאַנץ רוסלאַנד.

אין מיטן די 90־ער יאָרן איז די ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אָביעקטיוו געווען אַ גרויסער רעוואָליוציאָנערער פאַקטאָר אינעם גאַנצן ייִדיש לעבן, נאָך מער, אינעם גאַנצן לעבן פון דעם קאַנט. מיר האָבן אויבן גערעדט וועגן יענער נאַציאָנאַלער צוניפגעבונדנקײַט, וועגן דער אידעאָלאָגיע פון נאַציאָנאַלער אַכדעס, וואָס האָט פאַרייניקט די גאַרע ייִדישע אינטעליגענץ און די פאָלקס־מאַסע און האָט געגעבן די מעגלעכקײַט דעם אייבערשטן פּלוטאָקראַטישן שיכט צו פירן נאָך זיך דידאָזיקע ברייטע מאַסע און צו מאַכן זי געהאָרכזאַם און אונטערטעניק. אין דערדאָזיקער אַטמאָספער פון רעכטלאָזיקײַט, אין אָט דער סוויווע, ווו עס האָט געהערשט אַ אידעאָלאָגיע פון נאַציאָנאַלער איינהײַט, איז שוין דידאָזיקע אַרבעטערשע קלאַסן־באַוועגונג אַליין געווען אַ גוואַלדיקער פאַקט, אַ פאַקט, וואָס האָט אופגעעפנט אַ נײַעם בלאַט אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד.

איינציקע, יעכידים האָבן שוין לאַנג זיך אַרויסגעריסן פון דער ייִדישער סוויווע און האָבן זיך מיט לײַב און לעבן אָפּגעגעבן דער אַלגעמיינרוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אָבער מיטן אַרײַנציען זיך אין דער אַלגעמיינער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג זײַנען זיי אינגאַנצן אַוועק פון דער ייִדישער סוויווע. וועגן זיי האָט מען העכסטנס געקענט דערציילן העלדישע מײַסים. אַפילע אין די ייִדישע קליינבירגערלעכע קרײַזן אין ווילנע האָט מען גערעדט פונעם „נאַראָדאָוואָלעץ" זונדעלעוויטשן. זיי זײַנען אָבער פאַרבליבן העלדן־יעכידים. אין די 90־ער יאָרן האָבן מיר שוין עפּעס אַנדערש, מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ מאַסן־באַוועגונג. דער גרויער מאַסן־מענטש, דער ייִדישער פּויעל, וואָס

איז פון קיינעם ניט געווען געאַכט—ניט באַ ייִדן און ניט באַ ניט־ייִדן—הייבט פּלוצים גאָר אָן צו מאָנען זייַנע רעכט און נעמט זיך פאַר א מאַסן־קאַמף. אים שרעקן ניט אָפּ קיין אַרעסטן, ער האָט ניט מוירע פאַר קיין פאַרשיקונגען. ער גלייַכט אויס זייַן רוקן און פּראָקלאַמירט די טעאָריע פון קלאַסנקאַמף, שטעלט זי שאַרף אַנטקעגן דער טעאָריע פון נאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק.

צווישן דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג און דער גאַנצער איבעריקער נאַציאָנאַלער סוויווע איז געשאַפן געוואָרן זייער אַ טיפער טהאָם. דאָ—רעוואָליוציאָנערן־סאָציאַליסטן, און דאָרט—דאָס גאָרע איבעריקע ייִדנטום. דעמדאָזיקן סאָציאַליזם פלעגן די ראַבאָנים שטעמפּלען אין זייערע דראָשעס אין די באָטעמעדראָשים אַלס אַ פייַנט פון דער „אומע" (נאַציע). אין די „קויל־קוירעס" (אופרופן), וואָס די ראַבאָנים פלעגן שרייַבן, אָפט אונטערן טייַטל פון דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע, אין די רעדעס פון די ייִדישע פאַבריקאַנטן פלעגט מען די סאָציאַליסטן אויסוואַרפן, אַז זיי טראָגן אַרייַן א קלאַסן־מאַכלויקעס אין דער „אייניקייַטלעכער ייִדישער נאַציע". דער גוואַל, וואָס האָט אָפּגעטיילט די עקאָנאָמישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע פונעם גאַנצן ייִדנטום, איז געווען אַ קלאַסן־אָפּגרענעצונג און א קלאַסן־אידעאָלאָגיע.

דידאָזיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ניט פאַרמאָגט דאָס מעכטיקע געווער און די פאָרמעס פון אַן אַנטוויקלטן קלאַסנקאַמף און האָט זיך באַזירט אַף שטרייַקן פון בלויז צענדליקער און הונדערטער ייִדישע אַרבעטער־געזעלן קעגן נעבעכדיקע מייַסטערס, אָפט אַליין אויך אָרעמע, דידאָזיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט געוואָרפן דעם גאַנצן ייִדישן קליינבירגערטום און דער בורזשואַזיע די אופאָדערונג פון א קלאַסנקאַמף. דאָס קליינבירגערטום האָט אופגעפּאַסט דידאָזיקע אופאָדערונג ווי אַן ערנסטע דראָונג פאַר זייַן קיִעם.

שוין אָפּגערעדט, אַז דער ברען פונעם קאַמף האָט אָפט געבראַכט דערצו, וואָס אי די ראַבאָנים, אי די פאַבריקאַנטן, אי די קליינע מייַסטערס האָבן צוזאַמען מיט דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע געהאַלטן איין פראָנט קעגן די שטרייַקנדיקע אַרבעטער, האָבן געהאָלפן אַרעסטירן און אַרויסשיקן זיי קיין סיביר. דער קאַמף האָט געמאַכט אַ טיפן ריס אין די פאַמיליען־באַציִונגען אויך, האָט אופגעשטעלט די זין און די טעכטער קעגן די פאָטערס און מוטערס, ער האָט מיטגעווירקט אָפּצושוואַכן דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם צווישן דער ייִדישער מאַסע. די, וואָס האָבן געבונטעוועט קעגן די מייַסטערס, האָבן געבונטעוועט קעגן גאָט אויך.

אַף די שטאָט־עקן פון ווילנע, וואַרשע, ביאַליסטאָק האָט מען אָפט געקענט זען, ווי „בעקאָוועדיקע", נאָר שטאַרק פאַנאַטישע ייִדישע באַלעבאַטים פלעגן אָנפאַלן אַף יונגע ייִדישע אַרבעטער און זיי שלאָגן דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוואַגט אַרויסצוגיין שאַבעס מיט אַ שטעקל אַף דער גאַס (טראָגן עפּעס אין דער האַנט שאַבעס איז געווען אַ גרויסער כעט, דאָס האָט געהייסן מעכאַלעל שאַבעס זייַן, פאַרשוועכן די הייליקע שאַבעס־רו). דידאָזיקע באַוועגונג האָט

צוגעגעבן אירע אַנטיילנעמער אַ גרויסן קלאַסן־שטאָלץ, אַ שטאָלץ פון א מענטשן, וואָס האָט פאַרלאָזט די שמוציקע שטאַל פון דער אַלטער וועלט און אַדורכגעלייגט פאַר זיך אַ וועג צו אַ אידעאָלאָגיע פון א נייַער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

מיר האָבן אַזוי אַרום פאַר זיך אַ דערשייַנונג, וואָס איז פון דער אויסערלעכער זייַט עפּעס ווי לאַכלוטן אומפאַרשטענדלעך. אין א נאַציאָנאַל־אונטערגעדריקטער און ווייניק דיפערענצירטער סוויווע באַקומט פלוצים די טרעד־יוניאָנישע אַרבעטער־באַוועגונג אַ באַשטימטן קלאַסן־כאַראַקטער, דרינגט זיך אַדורך מיט א סאָציאַליסטישער אידייע, האַלט זיך פרעמד און גרענעצט זיך שאַרף אָפּ פון דער אידייע וועגן נאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייַט, גלייַך זי (די באַוועגונג) וואָלט ניט געהאַט אין זיך קיין איין סימען פון קליינבירגערלעכקייַט.

מיר האָבן אָבער שוין פריער אָנגעוויזן אַפן אידעאַליסטישן כאַראַקטער פונעם דעמלטיקן סאָציאַליזם און אַפן עקאָנאָמישן אינהאַלט פון דער קלאַסן־באַוועגונג. מיר האָבן דאָ ניט קיין ברייט פאַנאַנדערגעוויקלטע לאָזונגען פאַר קלאַסנקאַמף, וואָס כאַראַקטעריזירן די ריין־פּראָלעטאַרישע באַוועגונג. די טיפקייַט פון די סטירעס צווישן דער אַרבעטער־באַוועגונג און דער גאַנצער קליינבירגערלעכער סוויווע ליגט ניט אַזוי אין דער באַוועגונג גופא, ווי אין דער שרעקלעכער אינערטקייַט און דערשלאָגנקייַט פון דער יידישער קליינבירגערלעכער מאַסע, וואָס האָט זיך ערשט שפּעטער אופגעכאַפּט און זיך אַרייַנגעצויגן אינעם קאַמף.

דער יידישער אַרבעטער איז די ערשטע צייַט געווען דער איינציקער קעמפנדיקער קלאַס באַ יידן. דאָ האָט זיך נאָך שאַרפער געפילט די פּאָליטישע לוי־יוצלעכדיקייַט און פאַכדאָנעס פון דער יידישער בורזשואַזיע. ניט בלויז צוליב קלאַסן־פּניעס, נאָר אויך צוליב נאַציאָנאַלע טייַמים איז זי געווען א קעגנערן פון יעטווידן קאַמף, א קעגנערן פון יעטווידער אַרויסטרעטונג. איר אידייע איז געווען—שווייַגן, האַכנאָע. און ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָט זיך געלאָזט אַפן וועג פון קאַמף און זיך באַפרייַט פון דער אַלטער אידעאָלאָגיע פון שווייַגן און ניכנעקייַט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס האָט שוין דערמיט גופא זיך אָנגעהויבן צו באַפרייַען פון דער ווירקונג פון דער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע אויך.

ביז ס'איז אופגעקומען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין פוילן, איז צווישן די יידן דאָ געווען בלויז איין באַשטימטע פּאָליטישע גרופּירונג, — די גרופּירונג פון יידישע ליבעראַלן. די רייַכע יידישע סאָחרים, פּאָדריאַטשיקעס, באַנקירן און אויך טיילווייַז פאַבריקאַנטן, צוזאַמען מיט דער יידישער בורזשואַזער אינטעליגענץ, — די אַלע האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט זיך אָנשליסן אָן דער אויסגעשפּראָכן־רעאַקציאָנערער צאַריסטישער פּאַרטיי, וואָס איז געשטאַנען שטאָל און אייַזן דערפאַר, אַז דער שטאַנדן־ביוראָקראַטישער מעלוכע־סיידער פון דער אומבאַגרענעצטער צאַרישער מאָנאַרכיע זאָל בלייַבן אינגאַנצן ווי געווען, ניט געמינערט אַ האָר. ביפראַט נאָך, אַז אין די אַכציקער און נייַנציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט דער צאַריזם ביז

גאָר שאַרף געמאַכט זײַן אויסגעשפּראָכן־אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. עמעס, דער רײַכער ייִדישער בורזשואַ האָט זיך געקליגט אויסצומײַדן די שטעכיקע דראָטן פון נאַציאָנאַלע באַגרענעצונגען פאַר ייִדן. די סיסטעם פון אונטערקויפן, פון כאַבאַר האָט ער אָנגעווענדט אַף רעכטס און אַף לינקס. די קינדער פונעם רײַכן ייִדישן בורזשואַ האָבן געזעען פּאָטער ווערן פון יענע אָפּשטאַם־רעשטן, וואָס האָבן זיי געשטערט אַרופצושטײַגן אַף די העכערע שטאַפּלען פון זייער קאַריערע, — צוליב דעם האָבן זיי זיך פאַרהעלטניסמעסיק גרינג געלאָזט טױוול זײַן אין די „הייליקע” וואַסערן, און זײַנען אַרײַן אונטער די ברייטע פליגל פון דער „רעכטגלויביקער קירך”.

די פּאָליטישע פּראָגראַם פונעם ייִדישן גרויס־בורזשואַ איז געווען — אונטערשטיצן דעם „קאַמף” פון די רוסישע ליבעראַלע גרופּעס פאַר „רעפאָרמען, און פון צײַט צו צײַט אַרויסרוקן פאַר דער צאַרישער רעגירונג און פאַר דער ליבעראַלער געזעלשאַפטלעכער מיינונג די פראַגע וועגן אָפּשאַפן די באַזונדערע געזעצן קעגן ייִדן. דערבײַ האָט דער ייִדישער בורזשואַ זיך באַטייליקט צוזאַמען מיט די ראַבאָנים אין די קאָמיסיעס, וואָס די רעגירונג פלעגט פעריאָדיש אויסבילדן אַף צו רעגולירן די לאַגע פון די ייִדן *).

דער ייִדישער ליבעראַליזם אין די אַכציקער און נײַנציקער יאָרן האָט קיין באַשטימטע ייִדישע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם ניט געהאַט. צוגלײַך מיט דעם ליבעראַל פונעם לעצטן פערטל XIX יאָרהונדערט האָט דער ייִדישער בורזשואַ קיין קאַמף קעגן רעליגיע שוין ניט געפירט. אַדעראַבע, זײַן הייסער באַגער איז געווען — די רעליגיע אײַנצוהיטן און איר אײַנפלוס אין די פאָלקס־מאַסן צו פאַרשטאַרקן. די ייִדישע ליבעראַלן זײַנען געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די ייִדישע קלעריקאַלן. געשטרעבט דערצו, אַז ס'זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן די רעכטלעכע באַגרענעצונגען פאַר ייִדן, האָבן זיי זיך אָבער געמיט מיט אַלע קויכעס, אַז ס'זאָל בלײַבן אומבאַרירט די היסטאָריש אופגעקומענע — אַפן באָדן פון רעכטלאָזיקײַט — ייִדישע קעהילע מיט דער הערשאַפט פון קלעריקאַלן און פלוטאָקראַטן, וואָס אין איר. אין די מויכעס פון די ייִדישע ליבעראַלן זײַנען ייִדן געווען פאַררעכנט פאַר אַ רעליגיעזער גרופּע. אין דער צוקונפט, האָבן זיי גערעכנט, וועט זיך דאָס ייִדנטום דורכויס אַסימילירן. דערינען האָבן זיי זיך דערנעענטערט צו דער פּאָזיציע פון די ייִדישע ליבעראַלן אין דער צײַט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1789 און פון דער גערמאַנישער רעוואָליוציע דאָס יאָר 1848. די דאָזיקע אַסימילאַציע־פּראָגראַם האָבן מיט אַ באַזונדער שאַרפקײַט דורכגעפירט די ייִדישע ליבעראַלן אין פּוילן. דאָ האָט דער גאַנצער בורזשואַזער אויבערשיכט (באַנקירן, רײַכע סאָחרים און דיפּלאָמירטע אינטעליגענץ) אָפּן זיך פאַרנומען אינגאַנצן צו צערײַסן מיט די ייִדישע מאַסן — און האָבן זיך אָנגערופן „פּאָליאַקן פון מוישעס טוירע”, און און מיט אַן עמעס איז אָט דער גאַנצער אויבערשיכט געווען דורכגעדרונגען

---

*) מיט אָט די קאָמיסיעס איז דער צאַריזם אויסן געווען יוצא צו זײַן ווי אַזוי עס איז פאַר דער אייראָפּעיִשער געזעלשאַפטלעכער מיינונג, וואָס האָט אַף אים, אַף דעם צאַריזם, געדריקט, בעשאַס ער האָט געמוזט אָנקומען צו אַ אויסלענדישער האַלוואָע.

בענעגייע צו די ייִדישע ברייטע פֿאָלקס מאַסן ניט מיט קיין קלענערן אַנטי־סעמיטיזם, האָט געקוקט אַף זיי, אַף אָט די מאַסן, ניט מיט ווייניקער פֿאַראַכטונג, איידער די פּוילישע רעאַקציאָנערן און קלעריקאַלן. דאָס האָט אָבער, פֿאַרשטייט זיך, קלאַל ניט געשטערט די ייִדישע רייַכע באַנקירן זיך צו פֿאַרבינדן אין זייער געזעלשאַפֿטלעכן גאַנג מיט די כסידישע ראַבאָנים, מיט אָט די פֿירער פֿון מיליאָנען אָפּגעשטאַנענע מאַסן.

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין דער ערשטער העלפֿט נייַנציקער יאָרן האָט אופגערירט די ברייטע מאַסן קליינבירגערטום, האָט געלאָזט אופוואַכן זייַן אַקטיווקייַט, — און די פֿאָן פֿונעם ייִדישן קליינבירגערטום אין דעמדאָזיקן פּעריאָד (1904—1897) איז געוואָרן די ציאָניסטישע אידייע.

האַרבסט 1897 י. האָבן זיך קימאַט אין איין צייַט צונויפגענומען צוויי צוזאַמענפֿאַרן: דער ערשטער אַלוועלטלעכער ציאָניסטן־קאָנגרעס, וואָס האָט זיך געעפֿנט מיט גרויס פּאַראַד אין באַזעל, און דער באַשיידענער אומלעגאַלער ערשטער צוזאַמענפֿאָר פֿון פֿאָרשטייער פֿון עטלעכע אָרטיקע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, דער צוזאַמענפֿאָר, וואָס דאָרט האָט זיך געגרינדעט דער „בונד“.

אין וואָס איז באַשטאַנען דער מעהוס פֿון דער ציאָניסטישער קאָנצעפּציע אינמיטן די 90־ער יאָרן? דידאָזיקע קאָנצעפּציע איז אינגאַנצן—פֿון אָנהייב ביזן סאָף—געווען עפּעס ווי מיט א קיוון אַקעגנגעשטעלט די אידייען, וואָס האָבן געהערשט אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער סאָציאַליזם האָט געלערנט, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק איז צעטיילט אַף קלאַסן, אַז דער ייִדישער אַרבעטער—איז א קלאַסן־פֿייַנט דער ייִדישער און דער גאָרער וועלט־בורזשואַזיע, אַז דער ייִדישער אַרבעטער איז פֿאַרבונדן מיט אַלגעמיינע אינטערעסן מיטן רוסישן און פּוילישן אַרבעטער־קלאַס. דער סאָציאַליזם האָט געלערנט, אַז די נאַציאָנאַלע סינע, די נאַציאָנאַלע רעדיפֿעס און אויך דער אַנטיסעמיטיזם—דאָס איז א פּראָדוקט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג מיט איר טיילן זיך אַף קלאַסן, מיט איר קאָנקורענץ און מיט איר אומפֿאַרמייַדלעכן שאָוויניזם, וואָס איז א פּועל־יוצא פֿון דער קאָנקורענץ און וואָס איז אין איינוועגס אויך א מיטל אַף אָנצורייצן די מאַסן איינע אַף די אַנדערע. דער סאָציאַליזם האָט געלערנט, אַז אין קאַמף קעגן קאַפּיטאַל פֿאַרן סאָציאַליזם וועט דער ייִדישער אַרבעטער צוזאַמען מיטן פּראָלעטאַריאַט פֿון גאָר דער וועלט פֿאַרניכטן דעם באָדן גופֿע, וואָס אַף אים וואַקסט אויס דער אַנטיסעמיטיזם, דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס אין קאַמף קעגן אים איז קלוימערשט אַנטשטאַנען דער ציאָניזם. דער סאָציאַליזם האָט געלערנט, אַז דורך דעם אַלגעמיינעם קאַמף, וואָס דער ייִדישער אַרבעטער פֿירט צוזאַמען מיטן גאַנצן אַרבעטער-קלאַס פֿון לאַנד, וועלן פֿאַרניכטעט ווערן די יעסוידעס פֿון דער בורזשואַזער אָרדענונג און פֿאַרווירקלעכט וועט ווערן דער אַלגעמיין־וועלטלעכער, אַלגעמיין־מענטשלעכער אידעאַל פֿונעם אַלבאַפֿרייַענדיקן סאָציאַליזם.

פּונקט דער הייפעך פֿון דערדאָזיקער אידעאָלאָגיע איז געווען די אידעאָלאָגיע פֿונעם ציאָניזם. דער ציאָניזם האָט געלערנט:

אַף דער וועלט קומט פאָר ניט קיין קלאַסנקאַמף, נאָר א נאַציאָנאַלער קאַמף. ווו די ייִדן זאָלן ניט וווינען, אין וואָס פאַר א סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען זיי זאָלן ניט זיין, זייַנען זיי אומעטום געיאָגט. דידאָזיקע רעדיפּעס קומען ניט ווייַל אומעטום הערשן מער־ווייניקער קאַפּיטאַליסטישע לעבנס־יעסוידעס, נאָר ווייַל איין נאַציע איז אַן אָרגאַנישער פייַנט דער צווייטער. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ געפיל, וואָס דער מענטש באַקומט פון זייַן געבורט אָן און וואָס קאָן קיינמאָל ניט פאַרשווינדן. ס'איז ניטאָ קיין האָפענונג, אַז פעלקער זאָלן סאָלידאַר לעבן צווישן זיך — ווענן דעם, אַז עס זייַנען פאַראַן קלאַסן באַ ייִדן האָט דער ציאָניזם אַפילע הערן ניט געוואָלט. די גאָרע ייִדישע נאַציע, די ייִדן פון אַלע לענדער און פון אַלע קלאַסן, „די אַלוועלטלעכע ייִדישע נאַציע" האָט איין און דיזעלבע אַלגעמיינע אינטערעסן. דידאָזיקע אַלגעמיינע אינטערעסן באַשטייען אין נאַציאָנאַלער אַכדעס, אין שאַפן אַן אַלוועלטלעכע פּאָליטישע ייִדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אין די ראַמען פונעם קאַפּיטאַליזם זיך דערשלאָגן פאַר די ייִדנס ווענן די אייגענע לאַגע פון אַ זעלבשטענדיקער מעלוכע, ווי אַלע אַנדערע—און זאָלן עס זייַן אַפילע קליינע פעלקער. די ציאָניסטן האָבן מיט א באַזונדערער ליבשאַפט זיך פאַרופן אַף בעלגיע: זיי האָט אימפּאָנירט דאָס, וואָס אַזאַ קליינע מעלוכע האָט אירע גרויסע קאָלאָניעס און וואָס איר אומאָפּהענגיקייַט איז איר „פעסט" געזיכערט דורך ספּעציעלע אָפּמאַכן.

האָבן אָט אַזאַ מין אייגענע נאַציאָנאַלע מעלוכע, ווו דער ייִד זאָל זייַן באַלעבאָס באַ זיך, „אַף זייַן אייגענער טעריטאָריע" און ווו דער אַראַבישער פויער, ווי דאָס האָט אין זייַן צייַט געמאָלדן דער פירער פונעם ציאָניזם, הערצל, וועט טון דעם ווילן פונעם באַלעבאָס אין לאַנד, פון דער ייִדישער בורזשואַזיע,—אָט דאָס איז געווען דער אידעאַל. דאָס לאַנד פון אָט דעמדאָזיקן טרוים איז געווען „דאָס לאַנד פון די אָוועס"—פּאַלעסטינע*).

דידאָזיקע ציאָניסטישע קאָנצעפּציע האָט אָפּגעלייקנט יעדן קאַמף און אָט טאַקע איבער דעם איז זי שוין ניט אימשטאַנד געווען צו באַהערשן די מויכעס פון די ייִדישע אַרבעטער. זיי האָבן געהאַט שוין ז ײ ע ר ע אַ מאַסן־אידעאָלאָגיע, ז ײ ע ר ן אַ מאַסן־אידעאַל. דער גרונט־מאָמענט אין דערדאָזיקער אַרבעטער־אידעאָלאָגיע איז געווען—קאַמף. די גרונט־האָפענונג אין דערדאָזיקער באַוועגונג איז געווען די האָפענונג צו ווערן באַפרייַט. דער גרונט־פּרינציפּ פון דערדאָזיקער באַוועגונג איז געווען—די פאַרבינדונג מיט דער צווישנפעלקערלעכער און רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער טיפער גלויבן אינעם ניצאָכן פון דעם אַלבאַפרייַענדיקן סאָציאַליסטישן אידעאַל.

*) נאָך דער מילכאָמע ווערט, אַגעוו, דערדאָזיקער אידעאַל „פאַרווירקלעכט". באַקומענדיק דעם מאַנדאַט אַף פּאַלעסטינע, מאַכט טכילעס די ענגלישע רעגירונג די ייִדישע בורזשואַזיע פאַרן „באַלעבאָס" איבער דעמדאָזיקן לאַנד. דאָס האָט שטאַרק אופגעבראַכט די אַראַבישע מערהייַט. שפּעטער איז דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, אונטערן דרוק פון דער וואַקסנדיקער נאַציאָנאַלער באַפרייונג־באַוועגונג צווישן די אַראַבער גענויט געווען צו ענדערן זייַן פּאָליטיק, מאַכנדיק ביסלעכווייַז צו נישט אַלץ, וואָס ער האָט צוגעזאָגט די ייִדן.

דער ציאָניזם האָט אויך, ווי דער רוס׳שער ליבעראַליזם, פּאַרשפּעטיקט. ער איז אופגעקומען עפּעס ווי אַ רעאַקציע קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דאָס יידישע קליינבירגערטום האָט מיט דער ציאָניסטישער אידעאָלאָגיע אַזוי ווי געשטרעבט צו פּאַרטיידיקן זיינע פּאָזיציעס, וואָס האָבן זיך אַ וואַקל געטון. אין דער ציאָניסטישער באַוועגונג האָט זיך געלאָזט פילן דער גאָרער רעאַקציאָנערער מעהוס פון דעם יידישן קליינבירגערטום. די יידישע קליין־בורזשואַזיע האָט געכאַפּט קלעפּ פונויבן און פונונטן. אונטער איר קיום האָט זיך אונטערגעגראָבן די אופקומענדיקע גרויס־מאַנופאַקטור און די קאָנקורענץ פון ביליקע פאַבריקאַטן, וואָס פלעגן אָנקומען פון וואַרשע און לאָדז אַפן אָרטיקן מאַרק און פלעגן פון דאָרטן אַרויסשטופּן דעם קליינעם באַלמעלאָכע — דעם שניידער, דעם שוסטער א. אַנד. פונונטן האָט די אַרבעטער־באַוועגונג מיט איר קאַמף פאַר אַ קלענערן אַרבעט־טאָג און פאַר אַ גרעסערן אַרבעטלוין אונטערגעריסן באַ דער קליין־בורזשואַזיע די איינציקע האָפענונג אַף עקזיסטענץ, די האָפענונג מיט דער עקספּלואַטאַציע פון די געזעלן צו קאָמפּענסירן פאַר זיך דעם העזעק, וואָס זי האָט געהאַט איבער דער קאָנקורענץ פון די ביליקע פּראָדוקטן, וואָס די גרויס־מאַנופאַקטור און די מאַשין פּראָדוצירן. די קליין-בורזשואַזיע האָט דערום ניט געקאָנט זוכן איר אידעאַל אינעם פּראָגרעס פון די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעל־טענישן, האָט ניט געקענט קוקן פאָרויס. איר אידעאַל האָט זי געזוכט הינטער זיך — אין טרוימען וועגן אופלעבן די אַמאָליקע געוועזענע זעלבשטענדיקע יידישע מעלוכע אין פּאַלעסטינע.

מאַכמעס די קלעפּ פונעם קאַפּיטאַל און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דאָס יידישע קליינבירגערטום זיך געזאַמלט אַרום דער פאָן פונעם קריגערישן רעאַקציאָנערן נאַציאָנאַליזם, וואָס איז געווען אַזוי ווי דער אידעאָלאָגישער טאַמצים פונעם יידישן פּאַכדאָנישן קליינבירגערטום.

פונקט אַזוי ווי דער יידישער קרעמער אָדער דער יידישער פאַבריקאַנט פלעג זיך ווערן קעגן באַזונדערע רעדיפעס מיצאַד די גובערנאַטאָרן און פּאָליצמייסטערס מיט כאַבאַר, אַזוי האָט אויך הערצל געטרוימט דעם באַרימטן „טשאַרטער”, ד. ה. די דערלויבעניש פאַר יידן צו באַזעצן זיך אין פּאַלעסטינע און שאַפן דאָרט זייער אַן אייגענע באַזונדערע, נאַציאָנאַלע, נאַטירלעך, בור־זשואַזע מעלוכע, — געטרוימט צו באַקומען ניט מיט קאַמף, נאָר מיט אָפּשלאָגן די שוועלן פון די וועלט־הערשער און מיט הישטאַדלעסן און בעטלען, קיין נאַפקעמינע באַ וועמען — באַם דייטשישן קייזער, צי באַם בעלגישן, ענגלישן אָדער איטאַליענישן קעניג, באַם פראַנצויזישן פּרעזידענט אָדער, גאָר בעסער, באַם טערקישן בלוטיקן סולטאַן אַבדול־האַמיד.

דער גאָרער רעאַקציאָנערער מעהוס פונעם ציאָניזם אין יענער צייט האָט גע־שטעקט אין דעם, וואָס ער האָט אָפּגעלייקנט דעם קלאַסנקאַמף און האָט באַ־רעכטיקט דעם קוויעטיזם, ד. ה. דאָס „רויק זיצן”, דעם שאָלעם מאַכן מיטן צאַריזם גראָד אין יענעם מאָמענט, ווען די באַוועגונג האָט געזאָלט אַריבער־גיין פון איר ערשטער ריין עקאָנאָמישער סטאַדיע אין דער צווייטער סטאַדיע,

אין דער סטאַדיע פון שאַרפן פּאָליטישן רעוואָליוציאָנערן קאַמף. קיין וווּנדער ניט, וואָס דער ציאָניזם איז פון ערשטן טאָג אָן געשטיצט און אַנערקענט גע־וואָרן פונעם צאַריזם. דער צאַריזם האָט אָבער ניט געקענט פאַרליידן קיין שום געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, האָט מוירע געהאַט פאַר יעדער אַגיטאַציע, דערי־בען אויך פאַר דער ציאָניסטישער. דעריבער פלעגן טרעפן פאַלן, ווען מ׳האָט אַרעסטירט איינצלנע ציאָניסטן; ס׳זיינען אַפילע געווען צירקוליאַרן פון דעם באַרימטן פּאָן־פּלעווע קעגן דער פרייער טעטיקייט פון די ציאָניסטן. דאָס אַלץ איז טאַקע עמעס. פּאָרט אָבער איז דער ציאָניזם געווען אַ פאַרבינדעטער פונעם צאַריזם. די אָרטיקע מאַכט, באַזונדערס די זשאַנדאַרמעריע, האָט זייער גע־שעצט די ציאָניסטישע באַוועגונג, אַלס אַ מיטל אַף אָפּצוציען די אַרבעטער־באַוועגונג פון דער רעוואָליוציאָנערער אידעאָלאָגיע, אַלס מיטל אַף אָפּצוציען די אינטעליגענץ פון נעמען אַ אָנטייל אין דערדאָזיקער אַרבעטער־באַוועגונג. די באַגעגעניש פון הערצלען מיט פּלעווען דאָס יאָר 1903 האָט פּאַקטיש לעגאַלי־זירט דעם ציאָניזם.

דער ציאָניזם איז אינגאַנצן צוגעפּאַסט צו דעם ס אָ צ י אַ ל ן מאַצעוו פון קליינבירגערטום. קעדיי אָבער דעם ציאָניזם באַנעמען ווי געהעריק, דאַרף מען נאָך האָבן אין אויג די דעמלטיקע פּ אָ ל ט י ש ע שטימונג פון קליינבירגער־טום. דער ציאָניזם — דאָס איז אַ קינד פון יידישן „געטאָ״, אַ רעזולטאַט און אויסדרוק פון דעם פּעאָדאַליזם, וואָס האָט נאָך געהערשט אין באַציִונג צו די יידן און אינעווייניק באַ די יידן. ער איז אַן אויסדרוק פון אומגלויבן אין דער רוסישער רעוואָליוציע. ווען שפּעטער וועט קומען די גרויסע רעוואָליוציאָנערע כוואַליע אין גאַנצן לאַנד, ווען דער וואַקסנדיקער קאַפּיטאַליזם טרייסלט נאָך מער אויף די פּעאָדאַלע אָפּגעזונדערטקייט פון די יידן, און דער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער רייסט אויף די יידן פון אינעווייניק, זאָגט זיך דער קליינ־בירגער אָפּ פון זיין קאָנסעקווענטער ציאָניסטישער פּראָגראַם.

„ציאָניזם אָדער סאָציאַליזם״—אַזוי האָט זיך אין יענעם פּעריאָד געשטעלט די דילעמע פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע פאַרהעלטענישן אינעם יידנ־טום. באַזיגנדיק דעם ציאָניזם, האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג דורכגע־שלאָגן פאַר זיך אַ ברייטן וועג צום קאַמף קעגן צאַריזם. דערדאָזיקער קאַמף האָט פאַרפולט דאָס גאָרע פּאָליטישע לעבן באַ יידן אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן.

דאָ דאַרף מען באַלייכטן די באַציִונגען צווישן דער יידישער און ניט־יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין מייִרעוו־קאַנט און אין פּוילן. אין ליטע און ווייסרוסלאַנד דאַרף מען אָנווייזן אַף דער שוואַכקייט פון דער נ י ט־י י ד י־ש ע ר אַרבעטער־באַוועגונג. ס׳פלעגן טרעפן, פאַרשטייט זיך, דאָ־דאָרט איינ־צלנע מאַסן־שטרייקן, וואָס אין זיי האָבן גענומען אַנטייל אַלע אַרבעטער, די פּוילישע אויך בעסויכאָם. אַזוינע זיינען געווען די שטרייקן פון די גאַרבער אין ווילנע, די שטרייקן פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין ביאַליסטאָק. אָבער דידאָזיקע שטרייקן האָבן באַ די ניט־יידישע אַרבעטער ניט געבראַכט דיזעלבע שטאַנדהאַפטיקע עקאָנאָמישע מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס באַ די יידישע. די שטרייקן פלעגן אָנקומען און דורכגיין. פון פאַל צו פאַל פלעג אויפקומען אַ

פיל־וויניק אַווטאָריטעטע אָנפירנדיקע אָרגאַניזאַציע. אין דער צייַט אָבער פון איין אַרויסטריט ביזן צווייטן איז דער אָנפירנדיקער צענטער מערסטנטייל געווען איזאָלירט פון די ברייטע מאַסן, פלעג זיך אָנשפּאַרן אויסשליסלעך אַף די באַזונדערע אַרבעטער־קרייַזלעך. אין ווילנע האָט פון טכילעס אָן פּאַראַלעל מיט דער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט אַ ליטווישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. די טוערס פון דער ייִדישער אָרגאַניזאַציע האָבן פּערזענלעך גענומען אָנטייל אין דערדאָזיקער ליטווישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז אָבער געווען אַ פּאַרבינדונג נאָר צווישן די אייבערשטע שיכטן, זי האָט געהאַט אַ קנאַפּע פּעולע אַף דער מאַסן־אָרגאַניזאַציע. די מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע אַרבעטער האָט זיך פּאַקטיש אויסגעבילדעט ווי אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

אין פּוילן איז די זאַך געווען אַביסל אַנדערש. דאָ האָט צום אָנהייב 90־ער יאָרן די סאָציאַליסטישע באַוועגונג זיך צעשפּאָלטן און איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פונעם נאַציאָנאַליסטישן פליגל פון די פּ.פּ.ס. די ייִדישע אַרבעטער בלייַבן אָן אַ זייַט פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פּ. פּ. ס. האָט זיך געפּרוווט פּאַרבינדן מיט די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן אויך. עס זייַנען געווען באַזונדערע ייִדישע אַרבעטער־קרייַזלעך, עס איז אַפילע געווען אַ ספּעציעלע ייִדישע אָרגאַניזאַציע אינעווייניק אין פּ. פּ. ס. גופע. ביסלעכווייַז זיך אויספורעמענדיק, איז דער אייבערשטער שיכט פון דערדאָזיקער ייִדישער אָרגאַניזאַציע געווען אידעיִש ענג פּאַרבונדן מיט דער אַלגעמיין־פּוילישער אָרגאַניזאַציע, אָבער דידאָזיקע פּאַרבינדונג האָט זיך באַזירט אַפן פּוילישן סעפּאַראַטיזם און ניט אַף דער אַרבעטערשער קלאַסן־באַוועגונג.

אַזוי אַרום איז אין דעמדאָזיקן ערשטן פּעריאָד פון דער באַוועגונג, וואָס מיר האָבן אים כאַראַקטעריזירט, ווי אַ פּעריאָד פון „סאָציאַליסטישן טרעד־יוניאָניזם", די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג אין די נידעריקע שיכטן אירע געווען נאָך פרעמד דעם נאַציאָנאַליזם, אָבער אויסגעפורעמט האָט זי זיך פּאַקטיש, ווי אַ באַוועגונג, וואָס פּאַרייניקט נאָר ייִדישע אַרבעטער.

זעלבסטפּאַרשטענדלעך, אַז דערדאָזיקער אָביעקטיווער פּאַקט האָט באַדאַרפט פריער־שפּעטער ווירקן אויך אַף דער אידעאָלאָגיע פון די אָנטיילנעמער אין דערדאָזיקער באַוועגונג. און ווירקן האָט ער געמוזט נאָך מער דערפּאַר, וואָס די נאַציאָנאַלע אָפּגעזונדערטקייַט פון דער באַוועגונג האָט אַרויסגעשטאַמט פון דער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייַט פון די אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן געלעבט אין באַדינגונגען פון קליין־בורזשואַזער עקאָנאָמיק, פלעגן אין זייער לעבנשטייגער און אַפילע אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף זעלטן קומען אין באַריר מיט דער ניט־ייִדישער אַרבעטער־מאַסע און זייַנען דערצו נאָך אין זייערע סאָציאַלע באַציִונגען זייער נאָענט געווען צו דער קליין־בורזשואַזער סוויווע פון זייער אייגענער נאַציאָנאַליטעט. דער נאַציאָנאַליזם, אַלס אידעאָלאָגיע, וועט פּאַרכאַפּן די קאַדרען פון דערדאָזיקער באַוועגונג ערשט פיל שפּעטער.

---

קאַפּיטל פיר.

# די אַנטשטייוּנג פונעם נאַציאָנאַליזם אין דער ייִדי-שער אַרבעטער-באַוועגונג.

## די גרינדונג פון „בונד".

צום מיטן 90־ער יאָרן איז דער קרײַזלעך־פּעריאָד אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג ליקווידירט געוואָרן. די באַוועגונג איז אַנטשיידן אַוועק אַפן וועג פון אַן ענגער מאַסן־פאַרבינדונג. אָבער אין דעמדאָזיקן אַנטשיידענעם איבערברוך האָט זיך צווישן דער אָנפירנדיקער גרופּע טוער שוין געהאַט אויסגעפורעמט אַן אייגנאַרטיקע אידעאָלאָגישע קאָנצעפּציע, וואָס אין איר אַנטוויקלונג האָט זי געמוזט דערפירן צו דעם גאַנץ באַשטימטן נאַ־ציאָנאַליזם פון „בונד". אויסגעדריקט דידאָזיקע טענדענצן האָט מאַרטאָוו אי, י. 1895 אַף דער אַגיטאַטאָרן־פאַרזאַמלונג אין ווילנע אין זײַן פאָרטראַג, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען די „נײַע עפּאָכע אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַ־וועגונג".

„אונדזער באַוועגונג, האָט מאַרטאָוו געזאָגט, איז געוואָרן, ערשטנס, אַ מער דעמאָקראַטישע, צווייטנס, אַ מער מאַטעריאַליסטישע. דער דעמאָקראַטישער כאַראַקטער פון אונדזער איצטיקער באַוועגונג, אין פאַרגלײַך מיט דער פריער־דיקער עפּאָכע, באַשטייט אין דעם, וואָס מיר האָבן אונדזער פּראָגראַם, אונד־זער טאַקטיק, אונדזער קאַמף צוגעפּאַסט צו די אינטערעסן פון דער מאַסע; אין דעם, וואָס אונדזער איצטיקע אופגאַבע באַשטייט ניט אין פאַרשפּרייטן פּראָפּאַגאַנדע באַ קליינע גרופּן, נאָר אין פירן אַן אַגיטאַציע צווישן דער גאַנ־צער מאַסע; אין דעם, ענדלעך, וואָס אין אונדזער גאַנצער אַרבעט האָבן מיר אין זינען ניט דעם אויסגעקליבענעם, אינטעליגענטערן אַרבעטער, ניט דעם אַרבעטער, וועלכער צייכנט זיך אויס מיט זײַנע גײַסטיקע פעיִקײַטן, נאָר דעם איינפאַכן, מאַסאָוון אַרבעטער מיט מיטעלע באַדערפעניש ן, מיטעלער זיט־לעכקײַט און מיטעלן באַוווסטזײַן.

„דער מאַטעריאַליסטישער כאַראַקטער פון אונדזער איצטיקער באַוועגונג אין פאַרגלײַך מיט דער פריערדיקער באַוועגונג באַשטייט אין דעם, וואָס אַלע אונדזערע האָפענונגען און דערוואַרטונגען איז ניט זיי שטיצן זיך אַפן גלויבן אין דער שטאַרקײַט פון אונדזערע אידייען און טעאָריען, ווי עס טוט דער ריינער אידעאַליזם—נאָר זיי זײַנען געגרינדעט אַף די פאָדערונגען, אַף די

מאַטעריעלע באַדערפעניש פון דער מאַסע, אַף דער אַנטוויקלונג פון די באַדערפענישן און אַף די אומענדערונגען פון דער מאַסע, וועלכע קומען פאָר דורך דערדאָזיקער אַנטוויקלונג. מיר ווילן ניט אַרויסרופן אַ פּאָליטישע באַוועגונג נאָר דורך דעם, וואָס אונדז וועט זיך איַינגעבן צו איבערציַיגן די מאַסע, אַז אונדזערע פּאָליטישע אידעאַלן זיַינען גערעכט; אַ פּאָליטישע באַוועגונג דערוואַרטן מיר נאָר דאַן, ווען דורך דער עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג וועלן באַ דער מאַסע אַליין אופקומען פּאָליטישע פאָדערונגען".

קאָנסטאַטירנדיק די צוויי טעאָרעטישע געווינסן אין דער באַוועגונג, דעהיַינע, איר מער „דעמאָקראַטישן" און מער מאַטעריאַליסטישן כאַראַקטער, גייט מאַרטאָוו אַריבער צו באַגרינדן דעם דריטן געווינס: *די באַוועגונג האָט באַקומען אַ מער יידישן כאַראַקטער.* מאַרטאָוו זאָגט:

... „אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער באַוועגונג האָבן מיר אונדזער רעטונג געוואַרט נאָר פון די רוסישע אַרבעטער־מאַסן: אַף זיך אַליין האָבן מיר דאַן געקוקט ווי אַף אַ צוגאָב צו דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג. האַלטנדיק די יידישע באַוועגונג פאַר אַ ביַיזאַך, זיַינען מיר געווען אַזוי נאַכלעסיק, אַז מיר האָבן גאָר ווייניק געקוקט אַף איר עמעסן פאַקטישן צושטאַנד; דאָס קענען מיר שוין זען דערפון, וואָס אונדזער גאַנצע אַרבעט איז געגאַנגען אין דער רוסישער שפּראַך. קעדיי צו זיַין צוזאַמענגעבונדן מיט דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג,—און דאָס איז געווען אויך נייטיק,—האָבן מיר אָבער פאַרגעסן זיך צוזאַמענבינדן מיט דער יידישער מאַסע, וועלכע פאַרשטייט ניט די רוסישע שפּראַך.

„דורך דעם, וואָס מיר האָבן אין צענטער פון אונדזער פּראָגראַם אַוועקגעשטעלט די מאַסן־באַוועגונג, האָבן מיר געמוזט זען, אַז אונדזער אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע זאָלן זיַין צוגעפּאַסט צו די מאַסן, ד.ה. זיי מאַכן מער יידיש. און אין דערדאָזיקער פאַרענדערונג זעען מיר ווידער אַ זיג אין אונדזער קאַמף קעגן די מיינונגען און געדאַנקען, וועלכע מיר האָבן געיאַרשנט באַ דער בורזשואַזער אינטעליגענץ. מיר דאַרפן זיך אַלזאָ שטעלן אַפן שטאַנדפּונקט, אַז זיַיענדיק שטענדיק פאַרבונדן מיט דער רוסישער באַוועגונג, דאַרפן מיר פונדעסטוועגן ניט צומאַכן די אויגן אום ניט צו באַמערקן, אַז זי אַליין איז נאָך שוואַך; מיר דאַרפן געדענקען, אַז אונדזער דעמאָקראַטישער דעוויז: „אַלץ דורכן פאָלק" דאַרף אונדז ניט דערלויבן צו דערוואַרטן די באַפריַיונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט—די באַפריַיונג פון זיַין עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און בירגערלעכער קנעכטשאַפט, — ניט דורך דער רוסישער, ניט דורך דער פּוילישער באַוועגונג. *דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז גענוג גרויס, אַז ער זאָל, זיַיענדיק אָרגאַניזירט, קענען באַוויַיזן זיַין שטאַרקע באַמערקזאַמע קראַפט.* דידאָזיקע קראַפט איז געוויינלעך ניט גענוג, אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט זאָל מיט איר אַליין זיך קענען דערשלאָגן די באַפריַיונג, און דערינען באַשטייט טאַקע די אורזאַכע, וועלכע פאַרבינדט אונדז מיט דער רוסישער און פּוילישער באַוועגונג.

„מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט, אַז אָן זייער באַוועגונג קען אונדזער זיג קיַין גרויסער ניט זיַין. דערביַי ווייסן מיר אויך, אַז מיר קענען ניט דערוואַרטן

אַלץ, ווי פריער, נאָר פון דער באַוועגונג פון רוסישן פּראָלעטאַריאַט, ווי אונדזער בורזשואַזיע וואַרט קאָלטווו נאָר פון כעסעד פון דער רוסישער רעגירונג און פון דעם באַאַמטן־ליבעראַליזם. מיר דאַרפן פאַרשטיין, אַז דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס וועט אַפן וועג פון זײַן קלאַסן־אַנטוויקלונג אָנטרעפן אַזעלכע שטערונגען, אַז יעדער קלענסטער זיג וועט אים קאָסטן שרעקלעכע אָנשטרענגונגען, דעריבער וועט ער נאָר דורך אַ שטענדיקן פעסטן קאַמף זיך קענען דערשלאָגן איין פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַרבעסערונג נאָך דער אַנדערער; און אויב אַזוי איז קלאָר, אַז ווען דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט וועט אויסקומען צו אָפּפּערן וועלכע ס'איז פון זײַנע פאָדערונגען אום צו דערגרייכן כאָטש וועלכע ס'איז פאַרבעסערונגען, וועט ער אין אַזאַ פאַל געוויינלעך בעסער אָפּפּערן די פאָדערונגען, וועלכע זײַנען ספּעציעל נייטיק נאָר דעם ייִדן, ווי צום בײַשפּיל, פרײַע רעליגיאָן אָדער גלײַכע רעכט פאַר ייִדן. דיזעלביקע זאַך איז אויך מיט דער רוסישער ליבעראַלער באַוועגונג, וועלכע וועט אויך אַוואַדע געצוווּנגט זײַן צו אָפּפּערן די נייטיקע פאָדערונגען, אין וועלכע ס'זײַנען ספּעציעל פאַראינטערעסירט די ייִדן, אום פאַר זיך וואָס עס איז צו דערגרייכן, און מיר דאַרפן צו דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט אָדער צו דער רוסישער ליבעראַלער בורזשואַזיע קיין טײַנעס ניט האָבן. יענער קלאַס, וועלכער קען זיך אַליין ניט דערשלאָגן קיין פרײַהײַט, איז ניט ווערט צו האָבן קיין פרײַהײַט. דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט, ווען ער זאָל זײַן אָרגאַניזירט, קען שטענדיק העלפן דער רוסישער אָדער פּוילישער באַוועגונג און זיך פאַרייניקנדיק מיט זיי צוזאַמען דערגרייכן די אַלגעמיינע באַפרײַונג.

„אָט וואָרום מיר דאַרפן אָפן און דײַטלעך זאָגן, אַז אונדזער ציל, דער ציל פון די ייִדישע טעטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן איז צו באַשאַפן אַ ספּעציעלע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל זײַן אַן אָנפירערן און אַ דערציערן פון אַ ייִדישן פּראָלעטאַריאַט אין זײַן קאַמף פאַר דער עקאָנאָמישער, בירגערלעכער און פּאָליטישער באַפרײַונג.״

דאָ איז ריכטיק אָנגעמערקט איין מאָמענט: ווי נאָר מ'האָט אָנגעהויבן נעענטער צו באַגעגענען זיך מיט פּאָשעטע, ווייניק־באַוווּסטזיניקע, אָפּט אומוויסנדיקע אַרבעטער, וואָס האָבן גערעדט נאָר ייִדיש, האָט מען געמוזט אַוועקוואַרפן דעם פריערדיקן מעטאָד און די פריערדיקע באַציִונג צו דער שפּראַך־פראַגע. אין גרונט זײַנען די דעמלטיקע סאָציאַליסטן געבליבן זיך טרײַ: די שפּראַך—דאָס איז אַ הילפס־מיטל. אויב ס'איז נייטיק צו ריידן ייִדיש, קעדיי זיך קאָנען צונויפריידן מיט דער מאַסע,—האָט מען אָנגעהויבן ריידן ייִדיש.

דאָס טון איז אָבער ניט אַזוי גרינג געווען. זיי האָבן געמוזט אַליין דערלערנען די שפּראַך, וואָס אָפּגעריסן זיך פון איר האָבן זיי נאָך אין דער יוגנט, ווען זיי האָבן אָנגענומען די שפּראַך פון דער אינטעליגענטישער אַסימילירטער סוויווע—רוסיש אָדער פּויליש. נאָך שווערער איז די זאַך געווען מיט דער שריפטלעכער אַגיטאַציע. דאָ האָט מען געמוזט אָנהייבן אַרויסגעבן אַלץ פונ־

דאָסניי, אַף יידיש איז קיין שום פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע, פּאָליטיש־געזעל־שאַפטלעכע ליטעראַטור ניט געווען.

אָנהייב 90־ער יאָרן באַווייזט זיך אין דער ליטעראַטור י. ל. פּערעץ (געשט. 1915 אין וואַרשע), אַ מין אָנזאָג פון אַ מאַסן־אַרויסטרעטונג פון די יידישע אַרבעטער. די ראָליע פון פּערעץ דעם בעלעטריסט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג קאָן מען אין אַ געוויסן זין פאַרגלייכן צו דער ראָליע פון גאָרקין אין דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג. צוזאַמען מיט דאָוויד פּינסקין האָט פּערעץ אַרויסגעפירט אין דער ליטעראַטור פאָלקס־טיפּן פון די האָראָפּאַשנע מאַסן. פּע־רעץ האָט איינצייטיק מיט דעם צונויפגענומען אַרום זיך עטלעכע שרייבער, האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן פּעריאָדישע זאַמלונגען, ווו עס האָבן אַכוץ קינ־סטלערישע בעלעטריסטיק זיך געדרוקט אויך פּובליציסטישע אַרטיקלען און אַר־טיקלען וועגן נאַטור־וויסנשאַפטלעכע פּראַגעס.

דעם לעזער פאַר דערדאָזיקער נייער יידישער ליטעראַטור האָט געגעבן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג.

אין די שטעט, ווו עס איז געווען אַ ברייטע אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן זיך אומלעגאַל געשאַפן ביבליאָטעקן, ווייל אין יענער צייט איז ביכלאַל זייער שווער געווען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַף אַ ביבליאָטעק, ביפּראַט נאָך אַף אַ יידישער. דאָס איז פאָשעט געווען אַן אומעגלעכע זאַך. אין דידאָזיקע ביב־ליאָטעקן, וואָס מע פלעג זיי איינאָרדענען אין פּריוואַטע הייזער אָדער אין אַוואָסער ניט איז ביכער־לאַגער, פלעגן די אָנפירער, וואָס זיינען געווען פאַר־בונדן מיט דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, צושטעלן דער אַרבעטער־מאַסע די און יענע אויסגאַבעס. עס זיינען אופגעקומען אַפילע ספּעציעלע „זשאַרגאָנישע פאַרלעגערישע קאָמיטעטן", מיטן אַנטייל פון אַזעלכע טוערס פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי דער באַקאַנטער ליטוואַק (העלפּאַנד) און פ. ראָזנטאַל. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פּאָפּולערע ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן מיט גרויס מי זי אַדורכגעשלעפּט דורך דער צענזור.

מאַרטאָוו אָבער קומט אין זיין פאָרטראַג ניט נאָר צו דידאָזיקע ריכטיקע פּראַקטישע אויספירן אַליין. ער שטעלט אַרויס פאַר דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג זעלבשטענדיקע אופגאַבעס, שטויסט זי אַף אַ וועג פון אָרגאַניזירן אַ באַזונדערע פּאָליטישע פּאַרטיי *).

מיט זיין לעצטן אויספיר איז מאַרטאָוו פּאָרזיכטיק. ער רעדט וועגן דעם אַז מ'דאַרף שאַפן אַ יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט זיין „די אָנפי־רערן און די דערציערן פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אינעם קאַמף א. א. וו." אָבער אין זיין געדאַנקענגאַנג זיינען פאַראַן אויך אַזעלכע פּערל, ווי די פּראַזעס: „דער יידישער אַרבעטער־קלאַס שטעלט מיט זיך פאָר אַ גענוג קאָמפּאַקטע מאַסע, וואָס אַז מע זאָל זי אָרגאַניזירן, קאָן ער ווערן אַ גאַנץ גרויסע קראַפט". אָדער, „מיר דאַרפן ניט פאַרמאַכן די אויגן אַף דעם, אַז די רוסישע אַרבעטער־באַ־

*) אַגעוו, ווערלן מיר דאָ באַמערקן, אַז שפּעטער איז מאַרטאָוו אַוועק פון „בונד" און אַפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד א. פּ. איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן דידאָזיקע קאָנצעפּציעס, וואָס ער אַליין טאַקע האָט זיי פריער פאָרמולירט.

וועגונג איז זייער שוואַך", און צו לעצט, דאָס סאַמע וויכטיקסטע און ערגסטע: „ווען דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט וועט מוזן ברענגען פאַר אַ קאָרבן אַוועלכע ניט איז פון זיינע פאָדערונגען, וועט ער גיכער פאַר אַלץ מאַקריוו זיין אַזעלכע פאָדערונגען, וואָס זיינען נעגייע נאָר יידן אַליין, ווי צ.ב. געוויסנפרייהייט און גלייכבאַרעכטונג פאַר יידן" *).

אין דידאָזיקע ציטאַטן האָבן מיר שוין אינגאַנצן די באַגרינדונג פון דער קומענדיקער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע פון „בונד". דער לאָזונג פון גלייכבאַרעכטונג איז פאַר די סאָציאַליסטן געווען נייטיק, אומפאַרמיידלעך, געווען אַ מוז־זאַך. אין דערזעלבער צייט אָבער איז די אופגאַבע פון די יידישע סאָציאַליסטן געווען צו געבן אַ ריכטיקע דערקלערונג, ווי אַזוי מע דאַרף פאַרשטיין דעמדאָזיקן לאָזונג. איז די דאָזיקע ריכטיקע דערקלערונג פאַראַן אין מאַרטאָווס רעדע ?

אין טאָך גענומען, ווען מאַרטאָוו רעדט אין זיין פאָרטראַג וועגן דעם, אַז אינעם מאָמענט פון קאַמף מיטן צאַריזם וועט דער רוסישער אַרבעטער־קלאַס האָבן פאַר זיך אַזאַ געוואַלדיקע צאָל אופגאַבעס, אַז עס וועט גאָר קיין כידעש ניט זיין אויב ער וועט פאַרגעסן וועגן דער גלייכבאַרעכטונג פון יידן, ווען מאַרטאָוו באַהויפּט, אַז ס'איז נייטיק צו שאַפן אַ באַזונדערע סאָציאַלע קראַפט אין דער געשטאַלט פונעם אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער־קלאַס, קעדיי צו נויטן די זעלבסטהערשונג מאַכן אַ סאָף צו דערדאָזיקער רעכטלאָזיקייט,—איז מיט וואָסזשע שיידט זיך פּרינציפּיעל אונטער דידאָזיקע פאָרמולע פון דער ציאָניסטישער ?.. אויך דער ציאָניזם איז דורכגעדרונגען מיט אומטרוי צו ניט־יידן און איז ניט מעסוגל צו פאַרשטיין, ווי אַזוי ווען דאָס ניט־יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן קאָנען פירן אַ קאַמף אַף צו מאַכן אַ סאָף צו דער יידישער רעכטלאָזיקייט? לעהייפּעך דערדאָזיקער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע איז דער סאָציאַליזם מעכוייעוו געווען צו האַלטן אין איין אייננכאַזערן דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, אַז די קלאַסן־אינטערעסן פונעם גאַנצן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט וועלן מוזן אים ברענגען אין אַ צוזאַמענשטויס מיטן צאַריזם, וועלן מוזן אַוועקשטעלן פאַר אים די אופגאַבע צו ליקווידירן דעמדאָזיקן צאַריזם, און אַז אינעם פּראָצעס פון דערדאָזיקער ליקווידאַציע וועט די רוסלענדישע רעוואָליוציע מאַכן אַ סאָף פאַר איינוועגס שוין אויך מיט איינעם פון די באַרבאַרישע עלעמענטן פונעם דאָזיקן צאַריזם—מיט דער יידישער רעכטלאָזיקייט, און ביכלאַל, מיט יעטווידער נאַציאָנאַלער אונטעריאָכונג, וואָס דריקט אַף די „פּרעמדע פעלקער" אין רוסלאַנד. און אַזוי איז טאַקע אין עמעסן געווען. מיר קאָנען איצט שוין גאַנץ קלאָר דאָס קאָנסטאַטירן. וואָרעם קימאַט אין איין צייט מיטן אַראָפּוואַרפן דעם

*) מ'מוז דאָ נאָך באַמערקן, אַז די גאַנצע פּערספּעקטיוו, וואָס מאַרטאָוו מאָלט דאָ, איז אַ ריין־מענשעוויסטישע, ער שטעלט זיך די צוקונפטיקע רעוואָליוציע ניט אַנדערש פאָר, ווי די דייטשע רעוואָליוציע פון 1848 י., ווען דער דעספּאָטיזם איז געצווונגען נאָר צו האַנאָכעס. ער שטעלט זיך גאָר ניט פאָר די מעגלעכקייט פון אַ זיגרייכער רעוואָליוציע, וועלכע וועט בויען אַ נייע פּאָליטישע אָרדענונג. אויסגעלאָזט האָט זיך די זאַך גאָר אַנדערש, ווי מאַרטאָוו האָט זיך פאָרגעשטעלט.

צאַר, האָט די רעוואָליוציע געניט די רוסלענדישע בורזשואַזיע צו ליקווידירן אינגאַנצן די גאָרע רעכטלאָזיקייט פון די ייִדן אויך.

די אידייע פון אַ באַזונדערער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט געקאָנט באַגרינדעט ווערן מיט ריין פּראַקטישע טײַמים: מע האָט זיך באַדאַרפט רעכענען מיט די שפּראַך־באַזונדערקײַטן, מיט דער נויט צוצופּאַסן זיך אין דער אַגיטאַ־ציע צו דער באַזונדערער פּסיכיק פון די ייִדישע אַרבעטער. מיט דידאָזיקע מאָטיוון דערקלערט זיך טאַקע דאָס, וואָס דער ערשטער צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ר. א. פּ. האָט מאַסקים געווען איבערצולאָזן דעם „בונד", ווי אַ באַזונדערע ייִדישע אַווטאָנאָמע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. מאַרטאָוו אָבער שטעלט פאַר איר אַ קאָנקרעטן פּ אָ ל י ט י ש ן צוועק — צוזאַמענשליסן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, קעדיי צו דערלאַנגען אַ קאָנקרעטע באַזונדערע פּאָליטישע אופגאַבע. און דערעך־אַגעוו וועלן מיר דאָ זאָגן, אַז גראָד דידאָזיקע פּאָרמולע, די מער נאַציאָנאַ־ליסטישע, איז צום שטאַרקסטן פאַרשפּרייט געוואָרן אין די רייען פון דער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

באַ די דעמלטיקע באַדינגונגען איז שוין דאָס אליין, וואָס עס האָט זיך אויסגעבילדעט דער „בונד", געווען אַ באַווייז, אַז די באַוועגונג גייט אַריבער אַף אַ העכערער שטופּע, אלס רעזולטאַט פון אַן אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער און פּאָליטישער דערנעענטערונג צווישן אַ צאָל וויכטיקע סאָצ.־דעמ. אָרגאַניזאַציעס. די „ייִדישע סאָציאַל־דעמ. גרופּעס" פון ווילנע, מינסק, ביאַליסטאָק, וואַרשאַ זײַנען שוין געווען פאַרבונדן צווישנאַנאַנד נאָך פונעם י. 1895 אָן. דידאָזיקע פאַרבינדונג איז אויסגעוואַקסן אפן גרונט פון אַלגעמיינע פּאָרמען און מעטאָדן פון אַרבעט, אַפן גרונט פון שאַפן צוזאַמען אַן אונטער־ערדישע פּרעסע. אין ווילנע זיינען אַרויסגעגאַנגען אומלעגאַלע פּעריאָדישע זאַמ־לונגען „דער ייִדישער אַרבעטער" און די „אַרבעטער־שטימע". וועגן דעם גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון „בונד" גופע דערציילט וו. קרעמער (אַלעקסאַנדער) אין זיינע זיכרוינעס*) אַזוי:

„אינגאַנצן זײַנען געווען 3—4 זיצונגען. געווען באַריכטן פון די ערטער, אַ רעפּעראַט וועגן דער נייטיקײַט פון „בונד". קײַן פראַגן פון פּראָגראַם און טאַקטיק זײַנען נישט באַהאַנדלט געוואָרן. אַ דיסקוסיע איז אַרויסגעקומען צוליב דעם נאָמען. דזשאָן האָט פאָרגעלייגט אָנרופן די נײַ־געגרינדעטע אָרגאַ־ניזאַציע—„ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". דאָס איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. מ'האָט געפונען, אַז אַזאַ נאָמען וואָלט ניט אָפּשפּיגלען די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײַנען באַשטאַנען פון נאָך האַלב־רויע אַרבעטער, וואָס האָבן אָפּט קײַן באַגריף נישט געהאַט, וואָס איז אַזוינס סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די גרעסטע ראָל אין דער באַוועגונג האָבן דאָך דעמלט געשפּילט די עקאָנאָמישע קאַסעס. האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אַפן נאָמען „אַלגעמיינער ייִדישער אַרבעטער־בונד". גערעדט האָט מען רוסיש... קיינע פאָרמולירטע רעזאָליוציעס זײַנען נישט אָנגענר־
שאַפטלעכער אָרגאַניזם. דער נאַציאָנאַליזם פון ייִדישן קליינבירגערטום האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שטרעבונג צו אָרגאַניזאַציאָנעלער געשלאָסנקייט, ביכדיי

*) אַלעקסאַנדער: די גרינדונג פון „בונד". „אַרבעטער-לוח", וואַרשע 1922 ז"ז 95, 96.

מען געוואָרן. מ׳האָט באַשלאָסן, די „אַרבעטער־שטימע״ זאָל ווערן דער אָפּי־ציעלער אָרגאַן פון „בונד״. מ׳האָט אויסגעטיילט אַ צענטראַל־קאָמיטעט פון דרײַ: וול. קאָסאָווסקי, גליעב (מוטניק) און איך (קרעמער) *).

דער צ. ק. פון „בונד״ האָט געהאַלטן פאַר זייער וויכטיק די פאַראייניקונג פון אַלע רוסישע סאָציאַל־דעמ. גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס, און ער האָט צוזאַמען מיטן קיעווער „פאַרבאַנד״ (סאָיוז) זייער אַסאַך מי אַוועקגעלייגט אַף צו־נויפרופן דעם 1־טן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ר. א. פּ., וואָס איז פאָרגעקומען אין מינסק אין אַ יאָר אַרום נאָכן גרינדונג־צוזאַמענפאָר פון „בונד״. לויטן באַשלוס פון דעמדאָזיקן ערשטן צוזאַמענפאָר, איז דער „בונד״ אַריין אין דער ר.ס.ד.א.פּ. אַלס אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַווטאָנאָם אין די פראַגעס, וואָס האָבן אַ שייַכעס ספּעציעל צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. קרעמער איז אויסגעקליבן געוואָרן אין צ. ק. פון ר. ס. ד. א. פּ.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז פאַר די גרינדער פון „בונד״ דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נייטיק צו פאַרבינדן די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער אַלגעמיינער און אַז ס׳איז נייטיק אַן איינהייַטלעכע רוסלענדישע אָרגאַניזאַציע; כאַראַקטעריסטיש פאַר זיי איז אויך די פּראַקטישע מיט־ווירקונג, וואָס זיי האָבן ארויסגעוויזן באַם דורכפירן די פאַראייניקונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אין דער הינזיכט האָט זיך „בונד״ שאַרף אונטערגעשיידט פון אַ צווייטער גרופּע, וואָס האָט צו יענער צייַט זיך שוין אויסגעבילדעט אין אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע „סאָציאַליסטישע פּאַרטיי״ אין פּוילן, — פון פּ. פּ. ס.; דידאָזיקע פּ. פּ. ס. האָט אַפּן שטאַרקסטן און קלאָרסטן אויפן אָפּגעוואָרפן דעם פּרינציפּ פון שאַפן אַן אַלרוסלענדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

„בונד״ איז צוגעגאַנגען צו דער פראַגע אַנדערש: די אידייע פון אַ רוסלענ־דישער רעוואָליוציע איז פאַרן „בונד״ געווען אַ לעבעדיקע אידייע. די אידייע וועגן אַ פאַראייניקטן און געשלאָסענעם אַרבעטער־קלאַס איז אָרגאַניש פאַרבונדן געווען מיטן גאַנצן אויפן שטעלן די פראַגע וועגן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג אין רוסלאַנד. דאָך קאָן מען אין דערזעלבער צייַט געפינען אין דער פּאָזיציע פון „בונד״ אויך גאַנץ באַשטימטע שטריכן, וואָס זייַנען ענלעך צו דער פּאָזיציע פון פּ. פּ. ס. דער אומצוטרוי צו דער אַלרוסלענדישער באַוועגונג אין געווען באַ ·די גרינדער פון „בונד״ אויך אַפילע דעמלט, ווען זיי האָבן גענומען אַנטייל אינעם גרינדן די איינהייַטלעכע ר. ס. ד. א. פּ.

דער נאַציאָנאַליזם פון פּ. פּ. ס. און דער נאַציאָנאַליזם פון „בונד״ קומען ביידע אַרויס פון איין און דעמזעלבן קליין־בורזשואַזן מאָקער, פון דער קליין־בורזשואַזיעס שטרעבן צו דערהאַלטן זיך. דאָסדאָזיקע שטרעבן צו דערהאַלטן זיך דריקט זיך אויס באַ דעם פּוילישן קליינבירגערטום אינעם לאָזונג אָפּצוטיילן זייַן נאַציאָנאַלע טעריטאָריע פון גאַנץ רוסלאַנד, כאָטש צו יענער צייַט זייַנען שוין רוס־לאַנד און פּוילן אין אַ גרויסער מאָס געווען איין גאנצער איינהייַטלעכער ווירט־

*) קיינער פון אָט דעמדאָזיקן ערשטן באַשטאַנד פון צ. ק. איז ניט אַרייַן אין דער קאָמוניסטי־שער פּאַרטיי.

קאָמפּאַקט זיך ווידערצושטעלן די ניוועלירנדיקע טענדענצן פון דער אַרומיקער ניט־ייִדישער סוויווע, פּונוואַנען עס קומען קאָנקורענטן. דער בונדישער נאַציאָ־נאַליזם איז געוואָרן אַ ספּעציפֿיש־אַרגאַניזאַציאָנעלע אידעאָלאָגיע.

די באַזונדערע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ווערט שפּעטער ווי אַ ציל פֿאַר זיך. דעמדאָזיקן ציל ווערט געבראַכט פֿאַר אַ קאָרבן אַ גאַנצע ריי אַנדערע אַלטעגלעכע פּאָליטישע אינטערעסן פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דער ווייַטערדיקער אַנטוויקלונג ברענגט אָט די אידייע פֿון נאַציאָנאַליזם צום לאָזונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק.

* *
*

אין דערזעלבער צייַט, ווען אין צאָפֿן־מיַירעוו־געגנט האָט די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג זיך אַזוי שאַרף אויסגעקריסטאַליזירט ווי אַ נאַציאָנאַל־אָפּגעזונדערטע באַוועגונג, איז דער פּראָצעס אין דאָרעם־רוסלאַנד געגאַנגען אַף גאַנץ אַנדערע וועגן. אין די דערינערונגען, וואָס זיַינען אָפּגעדרוקט אין זאַמעלבוך „25 יאָר" (אויסגאַבע פֿונעם פֿאַרלאַג גאָסיזדאַט, אין רוסיש), וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג אין קיעוו, קרעמענטשוג, קאַטערינאָסלאַוו אין די יאָרן 1895—1896 געפֿינען מיר גאַנץ וויכטיקע פֿראַטים וועגן אָט דער פֿראַגע, וואָס אינטערעסירט אונדז. אויך דאָ האָט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג אָנגעהויבן פֿון פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרייַזלעך פֿאַר האַנטווערקער־אַרבעטער. די באַוועגונג האָט זיך, הייסט עס, אָנגעהויבן פֿון ייִדישע אַרבעטער, און די ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע געשטימטע אַרבעטער, וואָס זיַינען אָנגעקומען אַהער פֿון ווילנע, מינסק, באַברויסק, האָבן אויך דאָ אַ שטויס געטון די באַוועגונג אַפֿן וועג פֿון עקאָנאָמישן מאַסן־קאַמף, אויך דאָ האָבן זיך געבילדעט האַנטווערקערישע עקאָנאָמישע שטרייַק־קאַסעס, די באַוועגונג האָט אָבער דאָ אינגאַנצן ניט געוווּסט פֿון קייַן נאַציאָנאַלן מאָמענט. די באַוועגונג האָט זיך געפֿירט דורכויס אין רוסיש, גאָר ניט דאָס איז וויכטיק — דאָס האָט געשטאַמט דערפֿון, וואָס די ייִדישע אַרבעטער, וועלכע זיַינען אַרייַנגעצויגן געווען דאָ אַף דאָרעם אין באַוועגונג, האָבן גערעדט רוסיש, וויכטיק איז אַן אַנדער זאַך, די טויער פֿון דער באַוועגונג, דיזעלבע ייִדישע האַנטווערקער־אַרבעטער, האָבן גלייַך דערזען די שוואַכע זייַט פֿון דער באַוועגונג, וואָס זי איז דורכויס אַ האַנטווערקערישע און רירט ניט אָן די פֿאַבריק־אַרבעטער. אַרייַנציען די פֿאַבריק־אַרבעטער אין קאַמף איז געוואָרן דער שלאָג־וואָרט פֿון דער סאָצ.־דעמ. ייִדישער אַרבעטערשאַפֿט, האָגאַם אויך אין דאָרעם האָבן אַף די פֿאַבריקן געאַרבעט ניט ייִדישע נאָר רוסישע אַרבעטער. די אַווטאָרן פֿון די דערינערונגען דערציילן, אַז אין 1896 יאָר — ד. ה. ערעוו דער גרינדונג פֿון „בונד" — האָבן אַסאַך ייִדישע האַנטווערקער — אַרבעטער פֿאַרלאָזן די וואַרשטאַטן און זיַינען פּערזענלעך געגאַנגען פֿאַר פּאָשעטע אַרבעטער אין פֿאַבריק, קעדיי דאָרטן פֿון אינעווייניק אָרגאַניזירן די פֿאַבריק־אַרבעטער. עס זיַינען אַפּילע געווען אַזעלכע עקסטרעמיסטן, וואָס האָבן אינגאַנצן געלייקנט, יעדע נייטיקייַט צו פֿירן ווייַטער די אַרבעט צווישן די האַנטווערקער — אַרבעטער

און האָבן גערופן אלע פאַראַנענע קרעפטן, אלע אָן אויסנאם אָבצוגעבן זיך אויסשליסלעך דער פאבריק. אָט דער עקסטרעם איז זעלבסטפאַר־שטענדלעך געווען א פאלשער, אָבער אין טאָך זיינען די דאָרעם־רוסלענדישע יידישע ארבעטער־סאָציאַל־דעמאָקראטן געווען גערעכט, ווייל זיי האָבן גע־שטעלט די פראגע ניט ענגהערציק־נאציאָנאליסטיש, נאָר אינטערנאציאָנא־ליסטיש, מיט א ריכטיקן באנעמען רעוואָליוציאָנערע צוועקמעסיקייט. די נאָר־מאלע, די געהעריקע אנטוויקלונג פון דער ארבעטער־באוועגונג ניט נאָר אין דאָרעם, נאָר אויך אין מיירעוו האָט דורכויס געפאָדערט פון אלע סאָצ.־דעמ. זיי זאָלן וואָס מער קרעפטן אָפגעבן די ארבעטער פון פאבריק. אין מיירעוו־געגנט איז דאָס ניט געווען געטון און דערפאר האָט טאקע שפעטער די גאנצע באוועגונג (און פריער פאר אלץ די יידישע) אזוי שטארק דאָרט גע־ליטן מאכמעס דער שוואכער אנטוויקלונג פון דער ניט־יידישער ארבעטער־באוועגונג.

ווי מיר זעען, איז צו דער צייט פונעם ערשטן צוזאמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פ. האָט זיך צווישן די יידן אין רוסלאַנד שוין פאַנאַנדערגעוויקלט דער קלאַסנ־קאַמף און מיר האָבן דאָ פאָלגנדיקע פאָליטישע גרופירונגען.

1. ר. ס. ד. א. פ. דורך אירע קאָמיטעטן אין דאָרעם האָט די ר. ס. ד. א. פ. אַריינגענומען אין אירע רייען יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער צו זאַמען מיט רוסישע אַרבעטער אין די שטעט — קיעוו, אַדעס, ניקאָלאַיעוו, כאַרקאָוו און קאטערינאָסלאוו.

2. דער בונד. אַ באשטאנד־טייל פון ר.ס.ד.א.פ., האָט דער בונד בּאַ זיך פאררייניקט בלויז די יידישע סאָציאַל־דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס פון ליטע און פוילן און האָט זיי דערצויגן אין סעפּעראטיסטישן גייסט.

3. פּ. פּ. ס. דידאָזיקע פּארטיי האָט דורך אירע אָרטיקע קאָמיטעטן אין גראָדנע, ביאליסטאָק, ווארשע אריינגענומען אין אירע רייען ניט קיין גרויסע גרופּעס יידישע ארבעטער, די פּלאטפאָרם איז געווען — קעמפן באזונדער פאר פוילנס אומאָפּהענגיקייט.

4. יידישע בורזשואזע ליבעראלן. זיי האָבן זיך געגרופירט ארום דעם יידיש־רוסישן זשורנאל „וואָסכאָד“.

5. ציאָניסטישע אָרגאניזאציע. א לאנד־אָרגאניזאציע, האָט זי בּא זיך אָרגאניזירט מאסן יידישע באלמעלאָכעס און קליינהענדלער.

6. קלעריקאלע גרופּירונג. דידאָזיקע גרופּירונג האָט זיך ניט אויס־געפורעמט אלס פּאָליטישע אָרגאניזאציע, זי האָט אָבער געווירקט אלס צוזא־מענגעשלאָסענע גרופּע, וואָס האָט דערצו נאָך געהאט פארבינדונגען מיט די גובערנאטאָרן און מיט דער פּאָליציי, — און האָט געקעמפט פאר דעם, אז עס זאָלן איינגעהיט ווערן אלע רעשטן פונעם פעאָדאלן אָוועך.

קאַפּיטל פינף.

# די יאָרן 1899—1897.

דער כאַראַקטעריסטישער מאָמענט אין דער גאָרער אנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג איז דאָס, וואָס די עלעמענטן פון אָרגאַניזירטקייט וועגן אין איר איבער די סטיכיִשע עלעמענטן. 30-50-60 פּראָצענט אַרבעטער, פאַרייניקטע אין אומלעגאַלע עקאָנאָמישע קאַסעס—אָט דאָס איז דאָ כאַראַקטעריסטיש. און אָנפירן מיט דידאָזיקע קאַסעס האָט אָנגעפירט אַ געשלאָסענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאַדער. אין אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט שטעלט דער „בונד” פאָר מיט זיך אַן „אוניקום”, אַן אויסנאַם צווישן אַלע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד. ער טיילט זיך אויס מיטן מאַסן־כאַראַקטער פון זיין אומלעגאַלער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. „בונד” האָט שפּעטער איבערגעלעבט מאָמענטן פון קריזיסן, מאָמענטן פון איבערברוך אין זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאָליטיק, האָט געזוכט און געפונען נייע פאָרמעס פון פאַרבינדונג צווישן דעם סאָצ.־דעמאָקראַטישן קאַדער און די מאַסן אַרבעטער, נאָר באַ איבערברוכן און קריזיסן איז דער „בונד” אין יעדן איינציקן מאָמענט פאָרט געבליבן בעראָש פון אַ ברייטער אָרגאַניזירטער אַרבעטער־מאַסע.

דידאָזיקע אייגנאַרטיקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז פריער פאַר אַלץ, פאַרשטייט זיך, אַ פּראָדוקט פון די אָביעקטיווע באַדינגונגען גופא. באַ די יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער קליינע וואַרשטאַטן פון געווערב־פּראָדוקציע, האָט די עקאָנאָמישע קאַסע געשפּילט די ראָליע פון יענער פאַבריק, וואָס זי אַליין פאַרבייט מיט זיך דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע. אויסער דערדאָזיקער קאַסע האָט דער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער ניט געקענט זיך אַנטוויקלען. דאָס האָט זיי געשטויסן צו פאַרייניקונג, צו געשלאָסנקייט. די יידישע אַרבעטער־מאַסע קומט אַרויס פון אַ שטאָטישער באַפעלקערונג און זי איז דעריבער אַ מער אַנטוויקלטע, באַוווסטזיניקע; דאָס האָט אויך מיטגעהאָלפן דער בעסערער אָרגאַניזירונג אירער אין פאַרגלייך מיט דער רוסישער און פּוילישער אַרבעטער־מאַסע. צו לעצט, די יידישע אַרבעטער־מאַסע איז געווען ניט קיין גרויסע. זי פאַרייניקן איז געווען פיל לייכטער. אין דער אַטמאָספער פון נאַציאָנאַלער פאַרפאָלגונג זיינען אויך די קאָנספּיראַציע־שטריכן באַ דער יידישער אַרבעטער־מאַסע געווען שטאַרק אַנטוויקלט. דאָס אַלץ האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָליע באַם צוזאַמענשליסן די יידישע אַרבעטער אין אַ רע־

וואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. נעמען מיר דעם אַוואַנגאַרד פֿון דער ייִדישער אַר־בעטער־באַוועגונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין די יאָרן 1897־1903, זעען מיר, אַז מיט זייַנע אָרגאַניזאַציאָנעלע רעגילעסן און געשלאָסנקייַט טרעט ער אָפּ דאָס ערשטע אָרט בלויז דעם באָלשעוויזם פֿון דעם לעצטן יאָרצענדליק. דער אייבערשטער שיכט פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, די פּאַרטיי־אָרגאַ־ניזאַציע פֿון „בונד" האָט אין יעדן איינציקן מאָמענט געשטעלט די אינטערעסן פֿון זייַן פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע העכער פֿאַר אַלע אנדערע אינטערעסן. דערדאָזי־קער שטריך, וואָס מיט אים צייכנט זיך אויס יעדע ערנסטע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי, דאַרף אונטערגעשטרייַכט ווערן אין אונדזערע היסטאָרישע קאַפּיטלען. אין „בונד" האָט דידאָזיקע געשלאָסנקייַט פֿון דעם פּאַרטיי־קערן זיך געשאַפֿן אַפֿן גרונט פֿון אַ נאַציאָנאַל־רעוואָליוציאָנערער אידעאָלאָגיע, אין דער באָלשעווי־סטישער פּאַרטיי — אַפֿן גרונט פֿון אַן אויסגעהאַלטענער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע.

דער יעסאָד פֿון דער ייִדישער אָרגאַניזאַציע זייַנען געווען די קאַמף (שטרייַק)־קאַסעס. קאַסעס עקזיסטירן דערהויפּט אין די וואַרשטאַטן, וואָס דאָרט אַרבעטן לעערעך ווייניק אַרבעטער און איבער דעם איז דאָרט גרינג צו בויען קאַסעס. אין די פֿאַבריקן אָבער, ווו עס אַרבעטן אַסאַך אַרבעטער, איז איבער פּאָליציי־ישע באַדינגונגען שוין געווען זייער שווער צו גרינדן אַזעלכע קאַסעס.

די קאַסעס זייַנען שטאַרק פֿאַרשפּרייט און כאַפּן אַרום אין ביאַליסטאָק — 20% אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אין ווילנע — 24%, האָמעל — קימאַט 40% און מינסק 35־40%. די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין דווינסק איז — 400, אין האָמעל — 360, אין מינסק — באַ 1000; צווישן די גאַרבער זייַנען אָרגאַניזירט 700 אַרבעטער, צווישן די בערשטער — 800 (60% פֿון אַלע, וואָס זייַנען באַ־שעפֿטיקט אין דער בערשטער־פּראָדוקציע).

די גרונט־אויפֿגאַבע פֿון דידאָזיקע קאַסעס איז געווען אָנצופֿירן דעם עקאָ־נאָמישן קאַמף. די גינסטיקע עקאָנאָמישע קאָניונקטור סאָף פֿאָריקן יאָרהונדערט האָט מיטגעהאָלפֿן דער שטרייַק־באַוועגונג. אינעם עקאָנאָמישן קאַמף באַטייליקן זיך סיי באַלמעלאָכישע, סיי פֿאַבריק־אַרבעטער.

אין דער שטרייַק־באַוועגונג פֿון די פֿאַבריק־אַרבעטער גייען בעראָש די אַרבעטער און אַרבעטערנס, וואָס זייַנען באַשעפֿטיקט אין דער וועבערייַ, אַף די טאַבאַק־ און שוועבעלעך־פֿאַבריקן, די בערשטער און די גאַרבער. פֿון די באַל־מעלאָכישע אַרבעטער זייַנען מער ענערגיש און פֿעסט אינעם קאַמף פֿאַר זייערע מאַטעריעלע אינטערעסן די שוסטער, שטעפּער, טישלער, שנייַדער און בעקער.

פֿון דער אַלגעמיינער צאָל 312 פֿאַרעגיסטרירטע שטרייַקן פֿאַלן 140 אַף די פֿאַבריקן, 169 אַף די באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן און 3 אַף די אַרבעטער, וואָס בינדן צונויף און נעמען פֿאַנאַנדער טראַטוואַס. פֿון דער אַלגעמיינער צאָל 27.890 שטרייַקער, וואָס האָט זיך אייַנגעגעבן צו פֿאַרצייכענען, קומט אויס אַף די פֿאַבריקן 14,032 און אַף די וואַרשטאַטן — 13,058. דערבייַ מאַכט אויס די דורכשניטלעכע צאָל שטרייַקער, וואָס נעמט זיך אָן אַף יעדן שטרייַק, באַ 160 מאַן פֿאַר די פֿאַבריקן און באַ 100 מאַן פֿאַר די וואַרשטאַטן...

די לעערכדיקע גרויסע ציפער אַנטיילנעמער אַף איין שטרייק אין די באַל־מעלאָכישע וואַרשטאַטן דערקלערט זיך מיט דעם, וואָס צווישן די באַלמעלאָכישע אַרבעטער זיינען מער פאַרשפרייט געווען אַלגעמיינע שטרייקן. דידאָזיקע אַלגעמיינע שטרייקן זיינען אין דער מעלאָכע געווען אַ מוז: באַ דער שרעק־לעכער קאָנקורענץ צווישן די באַלעבאַטים איז דער עקאָנאָמישער קאַמף אין פיל מעלאָכע־פאַכן מעגלעך געווען נאָר דעמלט, ווען די אַרבעט־טנאָים זאָלן זיך גלייכצייטיק ענדערן אין אַלע אָדער, לעכאָלאַפּאָכעס, אינעם גרעסטן טייל וואַרשטאַטן פון דער אָדער יענער מעלאָכע.

דער גרעסטער טייל שטרייקן זיינען געווען צוליב פאַרקלענערן די אַרבעט־צייט און העכערן דעם אַרבעטלוין. פון די שטרייקן, וואָס וועגן זיי ווייסט מען די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, איז אַף אָט דידאָזיקע צוויי הויפּט־פאָ־דערונגען געמט זיך אָן 66% (פאַר די פאַבריקן) און 88% (פאַר די וואַרשטאַטן). די איבעריקע פאָדערונגען זיינען העכסט פאַרשיידענע: אָפּשאַפן דעם שטיק־לוין, צונעמען צוריק די כאַוויירים, וואָס מע האָט אָפּגעזאָגט דערפאַר, וואָס זיי זיינען „בונטאַרן", בעסערע באַהאַנדלונג, מעדיצינישע הילף (עפענען אַ שפּיטאָל, געבן אומזיסט רעצעפּטן, איינלאַדן אַ דאָקטער אַף דער פאַבריק), פאַרקלענערן אָדער אינגאַנצן אָפּשאַפן די שטראָפן, מאַכן אויס נאַכט־ און אי־בערשטונדן-אַרבעט, איינפירן רעכענונג־ביכלעך, אויסצאָלן צו דער צייט דעם לוין, אופהערן בראַקעווען אַרבעט, אָפּזאָגן פאַרהאַסטע מייסטערס, מאַכן אַ סאָף צום פאַרגעבן „אוראָקן", איינפירן אַ האַפּסאָקע אַף אָנבייסן און מיטאָג, אַרויס־געבן די גאַנצע סכירעס (קעדיי מאַכן מער אָפּהענגיק דער אַרבעטער, פלעגן אייניקע באַלעבאַטים פאַרהאַלטן באַ זיך אַ טייל סכירעס ביזן סאָף זמאַן), מאַכן אַ סאָף צו דער פאַרמיטלעריי, איינפירן אַ בעסערע באַלייכטונג און אַנד.

וועגן דעם, ווי לאַנג ס'פלעגט זיך ציִען אַ שטרייק, קאָן מען האָבן אַ פאָר־שטעלונג פון די פאָלגנדיקע ציפערן: די מיטעלע דויערונג פון אַ שטרייק פאַר די פאַבריקן איז 18 טעג (862 טעג פאַר 49 שטרייקן), פאַר 13 וואַרשטאַטן — $21^1/_2$ ט. (817 ט. — 38 שטרייקן). פון 89 שטרייקן, וואָס מע ווייסט ווי לאַנג זיי האָבן געדויערט, האָבן זיך געצויגן: 1 שטרייק—18 וואָכן, 1 שטר. — 15 וואָכן, 1 שטר. — 13 וו. 2 שטר. צו 9 וואָכן, 12 שטר. (13,5%) — 8־6 וואָכ. 22 שטר. (24,1%)־5־3 וואָכן, 30 שטר. (33,7%)־2־1 וואָכ. 20 שטר. (22,5%)־קאָר־גער אַ וואָך. צו לעצט וועלן מיר באַמערקן, אַז דער עקאָנאָמישער קאַמף איז כוץ דעם וואָס ער האָט מיטגעווירקט דער אַנטוויקלונג פונעם פאָליטישן און קלאַסן־באַוווסטזיין באַ די יידישע אַרבעטער, האָט ער נאָך אויך אַף אַסאַך פאַרבעסערט זייער עקאָנאָמישע לאַגע. אין ביאַליסטאָק האָבן די וועבער אַף אַלע פאַבריקן צום י. 1906 אויסגעפירט איינצושטעלן אַ 10־שאָעדיקן אַר־בעט־טאָג (ריינע אַרבעט), אַנשטאָט די פריערדיקע 14 שאָ און אַ טאָפּלטע הע־כערונג פונעם אַרבעטלוין (6־3 ר. אַ וואָך אַנשטאָט 4־3 ר.). אין וויטעבסק האָבן די אַרבעטער אין י. 1898 דורך אַ צאָל שטרייקן אויסגעפירט קימאַט אין אַלע פאַכן צו פאַרקירצן די אַרבעט־צייט ביז 12־11־10 (ריינע אַרבעט), אַנ־שטאָט 18־15־14־13 שאָ, צו העכערן דעם לוין אַף 100־30 פראָצ., מאַכן אויס

איבערשטונדן־אַרבעט, פּינקטלעך אויסצוצאָלן דעם לוין און מאַכן אויס נאַכט־אַרבעט (באַ די שנײַדער, מאָדיסטקעס).

די פּאָליטישע באַוועגונג האָט זיך אויסגעדריקט: 1) אין פאַרשיידענע פּאָלי־טישע דעמאָנסטראַציעס, 2) אין אײַנאָרדענען פײַערונגען, 3) אין פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור.

די שטרײַקן דעם ערשטן מײַ פלעגן דורכגיין מיט פּאָליטישע לאָזונגען און מיט יעדן יאָר פלעגן זיי אַרײַנציִען אַלץ אַ גרעסערע צאָל אָנטיילנעמער. אין י. 1899 איז אין ווילנע צום ערשטן מאָל אָרגאַניזירט געווען אַ גאַסן־דעמאָנ־סטראַציע, וואָס אין איר האָבן אָנטייל גענומען ביז 600 אַרבעטער. מער פאַר אַלץ פלעגט מען מאַכן פּאָליטישע מאַניפעסטאַציעס באַם אַרויסריכטן פּאָליטישע אַרעסטירטע אין פאַרשיקונג. ס'פלעגן אויך טרעפן פאַלן פון צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי און פאַלן פון פרווון אָפּשלאָגן אַרעסטירטע. אימפּאָזאַנטע פלעגן זײַן די מאַסן־מאַניפעסטאַציעס אַף די לעווײַעס פון די קאַווײרים, וואָס זײַנען געשטאָרבן אין טורמע אָדער פון איבערגעלאָדנקײַט מיט באַשטענדיקער שווערער מי. אין י. 1899 זײַנען געווען צוויי פאַלן פון דעמאָנסטראַציעס באַם אָפּשיקן רעקרוטן אין דער צאַרישער אַרמיי.

די פּאָליטישע יאָנטויווים זײַנען געווען צווייערליי. אייניקע יאָנטויווים האָבן געהאַט אַ שײַכעס צו די טראַדיציאָנעלע יאָרטעג פון רעוואָליוציאָנערע געשעע־נישן: דער טאָג פונעם 1־טן מאַרט, דער טאָג פון דער פאַריזשער קאָמונע, דער 50־טער יאָרטאָג פונעם מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, דער יאָר־טאָג פון דער רעוואָליוציע דאָס יאָר 1848. דידאָזיקע פײַערונגען פלעגן דורכ־געפירט ווערן אין אַ מער ענגערן קרײַז, אינעם קרײַז פונעם פּאָליטיש־באַ־ווּסטזיניקן טייל אָרגאַניזאַציע. אַ כאַראַקטער פון פּאָליטישע יאָנטויווים האָבן באַקומען אויך די יערלעכע יובילײ־פײַערונגען פון די עקאָנאָמישע קאַסעס. די־דאָזיקע פײַערונגען פלעגן אַרײַנעמען די גאַרע אָרגאַניזירטע מאַסע פון פאַך. אַף דידאָזיקע יובילײ־פײַערונגען פון די עקאָנאָמישע קאַסעס פלעג מען האַלטן פּאָליטישע רעדעס און באַגריסונגען. מע פלעג אַהער אײַנלאַדן פאָרשטייער פון אַנדערע עקאָנאָמישע קאַסעס און פון ניט־ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אויך.

די אונטערערדישע ליטעראַטור איז שנעל געוואָקסן. אַנטשפּרעכנדיק דעם כאַראַקטער פונעם פּעריאָד און פון דער דעמלטיקער קוסטאַרערײַ־טעטיקײַט פלעגן אויסוואַקסן אַף די ערטער לאָקאַלע פּעריאָדישע אָרגאַנען. דער צ. ק. האָט אַרויסגעלאָזט צוויי פּעריאָדישע אָרגאַנען, וואָס פלעגן ניט שטענדיק אַרויס־גיין רעגולער: „די „אַרבעטער שטימע", וואָס פלעג זיך דרוקן אין רוסלאַנד אין אַן אונטערערדישער דרוקערײַ, און דער אויסלענדישער „ייִדישער אַרבע־טער", וואָס איז געווען א טעאָרעטישער אָרגאַן. אופרופן פלעג מען אַרויסלאָזן גאַנץ אָפט; אין זיי פלעג מען זיך אָפּרופן אַף די טאָגטעגלעכע פראַגעס פונעם לעבן אין באַזונדערע פאַבריקן און פאַכן און אויך אַף די גרעסטע געשעענישן אינעם אַלגעמיינעם קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס (דער 1־טער מײַ). אַכוץ פלעג מען אין אויסלאַנד צוליב פּראָפּאַגאַנדע-צוועקן אַרויסגעבן אַסאַך בראָשורן.

קאַפּיטל זעקס.

# דער איבערבראָך אין דער אַרבעטער-באַוועגונג.

דער סאָף פונעם פאַריקן יאָרהונדערט האָט מיט זיך געבראַכט אַ אינדוסט־ריעלן קריזיס אין לאַנד, און צוזאַמען מיט דעם — אַ מער פאַרשטאַרקטן רע־וואָליוציאָנערן קאַמף. פאַרן מעשעך פון 5 יאָר (1896—1900) האָט די רוסישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַ מאַסנהאַפטן שטרייַק־קאַמף, אין דעמאָנסטראַציעס, אין צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי, אין אַ גאַנצן רעגן רעוואָליוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס—פאַר די פינף יאָר האָט זי זיך צוגע־גרייט צו אַ מער רעוואָליוציאָנערער ראָליע. זי האָט שוין אויך באַוויזן אופצו־וועקן די ניט־פּראָלעטאַרישע שיכטן באַפעלקערונג אין לאַנד, וואָס האָבן נאָך ביז אַהער געדרימלט.

עס האָבן זיך אַ רודער געטון אין דער ערשטער ריי די סטודענטן, דער יונגער דאָר פון דער שטאָטישער בורזשואַזיע. די סטודענטישע אומרועןן האָבן זיך דורכגעטראָגן ווי אַ ברייטע כוואַליע איבער אַלע הויכשולן פון פּיטער (פּעטראָגראַד), מאָסקווע, קיעוו, כאַרקאָוו, אָדעס און אַנדערע שטעט. אַף דער סטודענטישער באַוועגונג האָט דער צאַריזם געענטפערט מיט אַכזאָרישע רעפּ־רעסיעס, און איז אַפילע דערגאַנגען ביז צום אָפּגעבן די סטודענטן פאַר סאָל־דאַטן. דער קאַמף פון די סטודענטן קעגן דער פּאָליציי האָט אַרייַנגעבראַכט אַן אופרודערונג אין די רייען פון דער „געזעלשאַפט" גופע. צוזאַמענשטויסנדיק זיך אַפן גרונט פונעם סטודענטישן קאַמף מיטן צאַריזם, האָט די „געזעלשאַפט" אופגעוואַכט פון איר דרימל. דער פּאָליטישער געדאַנק האָט אופגעעיויערט. עס האָבן אָנגעהויבן זיך אויסצובילדן באַזונדערע גרופּירונגען. עס האָט זיך געלאָזט הערן אַ מער קלאָרערע אָפּאָזיציאָנעלע שטים פון דער בורזשואַזער ליבעראַלער פּרעסע. די זעמסקע פאַרזאַמלונגען האָבן ווידעראַמאָל געגומען ריידן. אַף דער אַרענע איז אַרויס די ליבעראַלע בורזשואַזיע. עס האָט זיך אַ ריר געטון דאָס פּויערטום אויך, און עפּעס ווי אים אַנטקעגנקומענדיק האָט געגומען אופלעבן אין אַ נייַער פאָרם דער פּאָלקיזם. דאָ און דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייַזן גרופּעס עס־ערן, נאָך ניט קיין פאַרייניקטע אין איין פּאַרטיי. דאָס אופקומען פון נייַע גרופּירונגען האָט באַוויזן, אַז עס דערנעענטערט זיך אַן אַלגעמיינער פּאָליטישער קריזיס אין לאַנד, און פונעם פּראָלעטאַריאַט האָט זיך געפאָדערט אַפּסניי צו אָריענטירן זיך, איבערקוקן די פריערדיקע פאָרמולעס וועגן די אופ־גאַבן פון די סאָציאַליסטן אין זייער רעוואָליוציאָנערן קאַמף.

אין דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג און אינעם גאַנצן „בונד" האָט דע־מאָלט געהערשט אַ קאָנצעפּציע, וואָס מע האָט איר גאַנץ טרעפלעך אַ נאָמען געגעבן „עקאָנאָמיזם". אין די פריִערדיקע יאָרן, אין דער ערשטער, אַזוי צו־זאָגן, סטאַדיע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג איז די אידייע פונעם „עקאָנאָמיזם" באַשטאַנען אין דעם דורכפירן אין די מאַסן בלויז עקאָנאָמישע אויפגאַבעס אַליין: די סאָצ.־דעמאָקראַטן האָבן פּאַריייניקט די אַרבעטער אין די קאַסעס, האָבן זיי אַרײַנגעצויגן אינעם קאַמף קעגן די באַלעבאַטים, האָבן אַרויסגערוקט פאַר זיי קאָנקרעטע עקאָנאָמישע פאָדערונגען. אין דער סטאַדיע, ביז וועלכער דער עקאָנאָמיזם האָט געהאַלטן בעשאַסן קריזיס פון יאָר 1900, האָט די לאָגיק פון דער לאַגע שוין אַ שטויס געטון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק און די גאַנצע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע אַפּן וועג פון פּאָליטישן קאַמף. די פּאָליטישע לאָזונ־גען אָבער האָט מען אונטערגעטראָגן דעם אַרבעטער־קלאַס נאָר פון שטאַנד־פּונקט פון זײַן טאָגטעגלעכן עקאָנאָמישן קאַמף. דאָס איז גע־ווען אַזוינס, וואָס כ׳ לעניז האָט אין זײַן בראָשור „וואָס דאַרף מען טון?" באַצייכנט מיטן טרעפלעכן אויסדרוק: „טרעד־יוניאָנישע אַרבעטער־פּאָליטיק".

פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס און פריִער פאַר אַלץ פאַר די סאָציאַליסטן פון יענער צײַט איז געשטאַנען די אויפגאַבע צו ליקווידירן דעם פעריאָד פון קוסטאַרעריַי, צו ליקווידירן די צעריסנקייַט צווישן די גרופּעס און שטעט, ס׳איז געשטאַנען די אויפ־גאַבע צו שאַפן אַן עכטע רעוואָליוציאָנערע קלאַסן־פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט. די־דאָזיקע אויפגאַבע איז מעגלעך געווען דורכצופירן נאָר אינעם קאַמף קעגן אַלע מינים און טיפּן „עקאָנאָמיסטן". אויסצופילן דידאָזיקע אויפגאַבע האָט אַף זיך גענומען די רעוואָליוציאָנערע סאָצ.־דעמ. גרופּע „איסקראַ".

ווי אַזוי איז געווען די לאַגע אין יענעם מאָמענט אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע?

מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אַלע אויבנדערמאָנטע סטודענטישע באַוועגונ־גען, דער קאַמף פון די זעמסקע טוער, די ליבעראַלע פּרעסע — דאָס אַלץ איז געווען ווײַט פון דער מײַרעוודיקער ראַנד־געגנט אין רוסלאַנד און נאָך ווײַטער פון פּוילן. דאָ זײַנען ניט געווען קיין סימפּטאָמען פון אָנוואַקסנדיקן פּאָליטישן קריזיס. די אידייע וועגן א ברייט־אויפגעפּאַסטן פּאָליטישן קאַמף האָט דאָ גע־קאָנט קומען נאָר פון „אויבן". דידאָזיקע אייבערשטע שיכטן אָבער האָבן דאָ געלעבט אין די באַשרענקטע גרענעצן פון זייער באַזונדערער נאַציאָנאַלער אָר־גאַניזאַציע, זײַנען געווען אָפּגעריסן פון די רעוואָליוציאָנערע צענטרען פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג און זײַנען געווען שטאַרק אָפּהענגיק פון זייערע מאַסן, וואָס זיי אַליין האָבן זיי אויפגעצויגן. דערום האָבן דידאָזיקע אייבער־שטע שיכטן אין דעם פּאַסיקן מאָמענט בלויז מיט גרויס שוועריקייַט געקענט אופהייבן זיך צו יענעם נײַעם עטאַפּ, וואָס דער פּאַרוויקלט־געוואָרענער גע־זעלשאַפטלעך־פּאָליטישער קאַמף אין לאַנד האָט אַף אים אָנגעוויזן.

די עלעמענטן פון דער פּאָליטישער אַגיטאַציע האָבן פאַרנומען אַלץ מער אַ גרעסערן אָרט אין דער פּראַקטישער אַרבעט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַ־ציע; דאָס האָט אויך געווירקט אַף דעם כאַראַקטער פון דער בונדישער פּרעסע.

איינצלנע צוזאַמענשטויסן צווישן דער אַרבעטער־מאַסע און די אָרגאַנען פון דער צאַרישער אָרדענונג זיַינען געוואָרן אַלץ אָפטער און אָפטער. מיר רעדן שוין ניט וועגן דעם שטריַיק־קאַמף און אויך ניט וועגן דער סיסטעם פון איינציַיטיקע צענטראַליזירטע מאַסן־אַרעסטן איבערן גאַנצן מיַירעוו־קאַנט און גאַנץ פוילן, ווען אין איין נאַכט האָט מען אַף זובאַטאָווס באַפעל פון מאָסקווע אַרויסגעריסן הונדערטער טוער פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און זיי אַלעמען אַריַינגעשליַידערט אין די מאָסקווער טורמעס. עס זיַינען געווען אָפענע צוזאַמענשטויסן אויך. מירן דערמאָנען איינעם אַזאַ צוזאַמענשטויס זומער י. 1900 אין ווילנער פאָרשטאָט נאָווגאָראָד. אַ האַמוין יידישע אַרבעטער פון אַ מאַן 500, אָנגעפירט פונעם שוסטער־אַרבעטער הירש לעקערט *), האָט אָפגעשלאָגן באַם פאָליצייישן קאָנוואָי פיר אַרבעטער — רעוואָליוציאָנערן, וואָס מע האָט אַרעסטירט פאַר פאַנאַנדערשפרייטן פראָקלאמאַציעס. אַזעלכע פאַלן פון מאַסן־צוזאַמענשטויסן וויַיזן, אַז ס'זיַינען אין דער מאַסע אָנגעוואָקסן רעוואָליוציאָנערע שטימונגען. דאָס האָט זייער באַאומרויקט דעם צאַרישן פאָליציידעפאַרטאַמענט. די רעאַקציאָנערע פרעסע האָט ניט אופגעהערט צו ריידן וועגן דער „יידישער כוצפע". די צאָל געהיימע צירקוליאַרן, וואָס האָבן געהאַט צו טון מיט דידאָזיקע מאַסן־צוזאַמענשטויסן, איז אַלץ געוואָקסן. אין דער באַוועגונג זיַינען אַריַינגעצויגן געוואָרן אַלץ נײַע און נײַע שיכטן יידישע אַרבעטער. אין פוילן איז געוואָקסן די באַוועגונג פונעם פוילישן פראָלעטאַריאַט, אין מיַירעוו־קאַנט אָבער איז די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג פאַרבליבן איזאָלירט.

די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון „בונד" האָט זיך אינגאַנצן אויסגעפורעמט. אין איר קאָנסטרוקציע איז כאַראַקטעריסטיש די פולע צונויפגעגאָסנקיַיט פון דער פאָליטישער און עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע. דאָס האָבן מיר שוין געזען אין דעם אויבן־ציטירטן מאַסן־סטאַטוט. אויך שוין דאָרטן, דורכן מעטאָד פון דעמאָקראַטישע וואַלן, דורך אַ גאַנצער סיסטעם אָפקליַיב און אופקליַיב אין וואָס העכער דער אַנשטאַלט, אַלץ מער איז ער צוזאַמענגעשלאָסן, קאָנצענטרירנדיק זיך אַרום דעם פאַרקאָנספירירטן קאָמיטעט, וואָס איז באַקאַנט אַלעמען נאָר לויטן אָס „ק". די דעמאָקראַטיש געבויטע אונטערשטע אָרגאַניזאַציע, אין דער פאָרם פון עקאָנאָמישער קאַסע, האָט פאָרמעל ניט געבונדן דעם בונדישן קאָמיטעט אין זיַין אַגיטאַציע און פראָפאַגאַנדע, אָביעקטיוו אָבער האָט זי אים יאָ געבונדן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשטאַנען אין שפיץ, איז אינעם „בונד" געווען ענג צונויפגעקניפט מיט דער אונטערערדישער עקאָנאָמישער מאַסן־אָרגאַניזאַציע און איז ניט־ווילנדיק געווען אָפהענגיק פונעם קאָנסערוואַטיזם, וואָס אין דערדאָזיקער אונטערשטער אָרגאַניזאַציע. מע דאַרף נאָך אויך נעמען אין אַכט דאָס, וואָס גופע דער אָביעקטיווער גאַנג פון קאַמף באַ די יידישע אַרבעטער, ווי מיר האָבן דערוף אָנגעוויזן אויבן, האָט ניט „אָנגעשטויסן" דידאָזיקע מאַסע אַפן וועג פון ברייט אופגעפאַסטן פאָליטישן קאַמף.

---

*) וועגן לעקערטן זע אין קאַפיטל אַכט.

די ווירקונג פון „בונד“ אַף דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע איז געווען אַ גרויסע און האָט זיך, אַגעוו, באַזירט אַף דער ענגער פאַרבינדונג צווישן דער פאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע און דעם עקאָנאָמישן קאַמף

אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף האָט די באַוועגונג טאַקע פיל דערלאַנגט. גענוג צו נעמען דעם פאַל אינעם י. 1905 — אונדז שייַנט דאָס צו זייַן דער איינציקער אין דער גאָרער פּראַקטיק פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר ריידן וועגן דעם פאַל פון באָיקאָטירן די אויסאַרבעטונג פון פאַבריקאַנט. דער פאַל באַציט זיך אַף ביאַליסטאָק *).

באַאומרויִקט פונעם וווקס פון דער באַוועגונג, לייגט דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אַרויף אַף זובאַטאָוון דעם קאַמף קעגן „בונד“, שטעלט פאַר זובאַטאָוון צוויי אופגאַבעס: איינס — צו פאַרשטאַרקן די רעפּרעסיעס אַף דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און, צווייטנס — אָפּצוזוכן מיטלען אַף צו באַזייַטיקן די סיבע גופע, וואָס האָט אַרויסגערופן די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער. זובאַטאָוו אַרבעט אין ביידע ריכטונגען. די אַלטע ריכטונג — דאָס איז פאַרשטאַרקן די רעפּרעסיעס. דאָס ברענגט דערצו, אַז אין דעם מייַרעוו־קאַנט פון רוסלאַנד דערקלערט מען אַ פאַרשטאַרקטע אופזיכט. קיין ווילנע שיקט מען אין י. 1900 פאַר א גובערנאַטאָר דעם באַוווסטן פאָן־וואַל, וואָס האָט זיך אַלס גראַדאָנאַטשאַלניק (שטאָט־שעף) אין פּעטערבורג קוינע־שעם געווען מיט זייַן אונטערדריקן די אַרבעטערנס פון לאַפערמס טאַבאַק־פאַבריק. דער גובערנאַטאָר פאָן־וואַל פאַרשטאַרקט די רעפּרעסיעס ביז גאָר, ווענדעט אַפילע אָן שמיץ־שטראָף צו די אַרבעטער־דעמאָנסטראַנטן אין מייַ 1905 י. דאָס איז איין ריכטונג.

איינצייַטיק אָבער מיט דעם שטעלט מען אַרייַן אינעם סיידער־האַיאָם די צווייטע סיסטעם אויך, וואָס איז אַרייַן אין דער געשיכטע מיטן נאָמען פון איר שעפער — די זובאַטאָוו־סיסטעם.

אינעם אַ באַריכט זייַנעם דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט וועגן ייִדישן בערשטער־בונד פאַרענדיקט זובאַטאָוו מיט פאָלגנדיקן גאַנץ קלאָרן און קאָנקרעטן פאַרשלאַג:

*) דער טאַבאַק-פאַבריקאַנט יאַנאָווסקי האָט נאָך אַ לאַנגן און פאַראַקשנטן שטרייַק, וואָס די ייִדישע אַרבעטערנס האָבן אים דערקלערט, באַשלאָסן צו פאַרבייַטן די שטרייַקערנס מיט קריסטלעכע מיידלעך, אַראָפּגעבראַכטע פון דאָרף. די דאָזיקע מיידלעך זייַנען אייַנגעגאַנגען אַף ערגערע באַדינגונגען, וואָס די ייִדישע מיידלעך האָבן געהאַט נאָך פאַרן שטרייַק.

„בונד“ ענטפערט מיט אַ באָיקאָט, לאָזט אַרויס פּראָקלאַמאַציעס אַף ייִדיש, רוסיש און פּויליש און פאַרשפּרייט זיי איבער דער גאָרער מייַרעווודיקער געגנט און אויך אין ווילנע, וואַרשע, לאָדז, אאַז״וו, ווי מע האָט געוווסט, האָט געהאַט אַן אָפּגאַנג דער טאַבאַק פון יאַנאָווסקיס פאַבריק. אין דעם אופרוף ווערט דערציילט דער עצעם איניען פון דעם ביאַליסטאָקער שטרייַק, דערעך-אַגעוו ווערט — קאָם צו באַמערקן — (באַזונדערס אינעם ייִדישן אופרוף) אָנגעוויזן אַף דער סטירע, וואָס ליגט צווישן די פּראַזעס פונעם פאַבריקאַנט וועגן נאַציאָנאַלער אייַנהייַט און דעם פאַקט פון פאַרבייַטן די ייִדישע אַרבעטערנס מיט קריסטלעכע. אַף ייִדיש האָט די פאָרמול „באָיקאָט“ אַ פּאָפּולערן — צווישן דער ייִדישער מאַסע — אויסדרוק „אַרייַנוואַרפן אין כיירעם“, דערמאָנט דעם רעליגיעזן כיירעם בײַ ייִדן, וואָס וואַרפט אַרויס די זינדיקע פון ייִדישן קאָהאָל. אין אַלע שטעט אַנטוויקלט זיך אַ מאַסן-קאַמפּאַניע, און דער פאַבריקאַנט יאַנאָווסקי מוז נאָכגעבן.

„נאָך א פולער און אַלזײַטיקער אויספאָרשונג און נאָכן באַזײַטיקן פון דער אָרגאַניזאַציע די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן, וואָלט געווען געווינשן אונטערצוואַרפן דעם „בונד" (פון די בערשטער) אַ ספעציעלן סטאַטוט, אויסגעאַרבעט און באַשטעטיקט פון דער מאַכט. דערמיט גופא וואָלט מען דעם „בונד" אײַנגעשטעלט אין איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל באַשטימטע נאָרמעס, וואָס וואָלטן אומנוציק געמאַכט די קאָנספּיראַטיווע טעטיקײַט — דאָס הויפּט־פעלד פאַר די אַרויסטרעטונגען פון די אַגיטאַטאָרס־רעוואָליוציאָנערן. מיטן אונטערגעוואָרפן זײַן אַ סטאַטוט וועט די טעטיקײַט פונעם „בונד" אַף געוויס ווידער אַמאָל אַרײַנגעפירט ווערן אין דער עקאָנאָמישער ספערע".

מירן דאָ ציטירן נאָך איין דאָקומענט, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער מינסקער באַוועגונג דאָס יאָר 1900. דאָס איז די פּראָגראַם פון אַרבעטער־קרײַזלעך, אויסגעאַרבעט פונעם בונדישן פּראָפּאַגאַנדיסטישן צענטער אין מינסק און סאַנקציאָנירט פון בונדישן קאָמיטעט.

דער טאַמציס פון דער גאַנצער ס.־ד. פּראָפּאַגאַנדע־פּראָגראַם, וואָס פון איר רעדן מיר, געפינט זיך אין איר צווייטן אָפּטייל:

א) די שטערונגען פאַרן עקאָנאָמישן קאַמף.

ב) די רעגירונג.

ג) פאָדערונגען צו באַזײַטיקן די קאַמף־שטערונגען: 1) פרײַהײַט פון פאַרזאַמלונגען א. א. וו.

די אַוטאָרן פון דער פּראָגראַם דערקלערן פריער פאָלגנדעס (לויט דער באַקאַנטער „סטאַדיעס־טעאָריע"): „ערשט נאָכדעם, ווי דער אַרבעטער ווערט אַביסל צוגעגרייט און באַקאַנט זיך מיטן ערשטן אָפּטייל פון דער פּראָגראַם — מיטן עקאָנאָמישן, קאָן ער קומען צום באַוווסטזײַן, אַז ס'איז נייטיק אַ פּאָליטישער קאַמף". אָבער אויך די צווייטע סטאַדיע רעדט וועגן פּאָליטיק אין באַגרענעצטן באַטײַט אירן, זי רעדט וועגן דעם, ס'זאָלן באַזײַטיקט ווערן די שטערונגען פאַרן עקאָנאָמישן קאַמף, ד. ה. וועגן א „טרעד־יוניאָנישן" אינהאַלט פון פּאָליטיק.

מע דאַרף באַזײַטיקן די זעלבסטהערשונג, אַלס שטערונג פאַרן עקאָנאָמישן קאַמף. „נו, און ווי וועט עס זײַן, אַז די זעלבסטהערשאַפט וועט דידאָזיקע שטערונגען אַליין באַזײַטיקן, וואָס וועט דעמלט זײַן?" דאָס איז אַ זאַך אַן אומעגלעכע.

נאָר אָט איז געקומען זובאַטאָוו, אים האָט א טייל טועך פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג געגלויבט, אופריכטיק געגלויבט, און אָט איז די אידעאָלאָגישע קאַנווע פאַר דער „אומאָפּהענגיקער" פּאַרטיי געשאַפן געוואָרן. אָט דאָס איז טאַקע די שײַכעס צווישן עקאָנאָמיזם און זײַן פּאָליציייִשער פאַרקריפּלונג — די „זובאַטאָוויאַדע".

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז ניט נאָר די גאָרע מאַסע איז דערצויגן געוואָרן אינעם גײַסט פון דער „עקאָנאָמישער" אַגיטאַציע, נאָר אַז אַפילע דער איי־

בערשטער שיכט פון דער אָרגאַניזאַציע איז אין גאַנצן און גרויסן ניט געווען צוגעגרייט אויסצופירן געוויסע אופגאַבעס אינעם פעריאָד פונעם אָנוואַקסנדיקן רעוואָליוציאָנערן קריזיס. דערדאָזיקער אייבערשטער שיכט האָט דעמדאָזיקן קריזיס ניט געפילט.

דערווײַל האָט זיך די עקאָנאָמישע באַוועגונג גופא אין „בונד" פאַרהאַקט אין א טעמפן ווינקל. אַף דער באַזע פון באַלמעלאָכישער באַוועגונג איז גופא די אנטוויקלונגס־לאָגיק פונעם עקאָנאָמישן קאַמף שטעלט אַליין פאַר זיך באַ־שטימטע אָביעקטיווע שטערונגען. פאַראַן געוויסע גרענעצן, וואָס ווײַטער פון זיי קאָן שוין דער מײַסטער ניט נאָכגעבן. די שטרײַקן פאַרציִען זיך וואָס ווײַ־טער אַלץ לענגער. עס ווערט גרעסער דער פּראָצענט פאַרשפּילטע שטרײַקן. אין דער אַרבעטער־מאַסע וואַקסט אָן אַ צערייצונג, א שטרעבן אָנצוווענדן עקאָנאָמישן טעראָר צו די קליינע באַלעבאַטים. עמעס, די צעצווײַגטע „בונדישע" אָרגאַניזאַציע האָט געגעבן דער אַרבעטער־מאַסע נײַע מעגלעכקײַטן אין איר עקאָנאָמישן קאַמף.

דער בערשטער־פאַריין און דער פאַריין פון די גאַרבער, וואָס האָט זיך דעמלט אָנגעהויבן אויסבילדן און האָט שוין פאַרייניקט יידישע, פוילישע און ליטווישע אַרבעטער, דידאָזיקע פאַריינען האָבן אין זייער קאַמף קעגן די פאַריי־ניקטע פאַבריקאַנטן געקאָנט אָנווענדן נאָך מער פאַרבעסערטע קאַמפּס־פאָרמען. דאָס איז אָבער מעגלעך געווען נאָר פאַר א קליינער אין צאָל שיכט פאַבריק־אַרבעטער. אין דער באַלמעלאָכישער פּראָדוקציע האָט זיך דער עקאָנאָמישער קאַמף פאַרהאַקט אין א טעמפן ווינקל, און נאָך אין 1901 יאָר, אַפן פערטן בונדישן צוזאַמענפאָר, ווען מע האָט באַהאַנדלט די פראַגע וועגן די פאָרמען פונעם עקאָנאָמישן קאַמף, איז פאָרמולירט געווען די נייטיקײַט זיך אָפּצוהאַלטן פון אַן אָנגרײַפלעכן עקאָנאָמישן קאַמף. דערדאָזיקער באַשלוס איז ניט געווען פאָפּולער צווישן דער ברייטער יידישער אַרבעטער־מאַסע און האָט פאַרלײַכ־טערט די זובאַטאָווער זייער דעמאַגאָגישע אַגיטאַציע קעגן די רעוואָליוציאָנערן, „וואָס שטעלן העכער די אינטערעסן פון זייער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי, איידער די עקאָנאָמישע באַוועגונג".

די פאַרשטאַרקטע רעפּרעסיעס, די אַלץ אָפטער זיך איבערכאַזערנדיקע פאַלן פון שלאָגן מאַסנווײַז יידישע אַרבעטער אין די פּאָליציי־צירקלען,—דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן באַ דעם מער רעוואָליוציאָנערן און אַקטיוון טייל יידישע אַרבעטער אַן אומצופרידנקייט מיט דער, נאָך זייער מיינונג נאָך, צו מעסיקער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע.

ווען מע האָט אַפן פערטן צוזאַמענפאָר פון „בונד" דאָס יאָר 1901 געשטעלט די פראַגע וועגן די קאַמף־מיטלען קעגן פּאָליציי־געוואַלט, האָט דער 4־טער צוזאַמענפאָר אָנגענומען א באַשלוס, וואָס איינער זײַנער אַ פּונקט איז געווען: רעקאָמענדירן דער אַרבעטער־מאַסע—אַף יעטווידער פאַל פון שלאָגן אָנקלאָגן שריפטלעך. דערדאָזיקער באַשלוס, אָנגענומען אין י. 1901, בעיס ס'זײַנען פאָרגעקומען באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן, איז, פאַרשטייט זיך, געווען ווייניק רעוואָליוציאָנער און האָט אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן.

ווען אין אויסלאַנד האָט זיך געבילדעט די רעוואָליוציאָנערע גרופּע „איסקראַ" און זי האָט געשטעלט אַפן טאָג־סיידער די פראַגע וועגן שאַפן (אָדער, ריכטיקער, וועגן שאַפן איבערסניי, נאָר שוין אַף אַנדערע יעסודעס) די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז זיך צעפאַלן נאָך דעם, ווי די פּאָליציי האָט זי צעקלאַפּט, איז „בונד" אינעם געשטאַלט פון דעם אָנפירנדיקן אייבערשטן שיכט געוועזן ניט אַף דער פּאַסיקער הייך.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" איז ניט נאָר וואָס ער איז ניט געגאַנגען האַנט באַ האַנט מיט דערדאָזיקער גרופּע, נאָר, פאַרקערט, ער איז געווען צוזאַמען מיט די „ראַבאָטשעדעלצעס" און האָט זיך שאַרף אָפּגעגרענעצט פון דער גרופּע „איסקראַ".

ווען די גרופּע „איסקראַ" איז אַריבער צו דירעקטער אָרגאַניזיר־אַרבעט אין רוסלאַנד און האָט געשטעלט די פראַגע וועגן שאַפן אַן אַקטיוון צענטער, דעם פּאָרבילד פונעם קומענדיקן צ. ק. פון פּאַרטיי, איז אויך דאָ דער „בונד" געשטאַנען אָן אַ זייט. ריכטיקער, דער „בונד" האָט זיך מיט אַ קיוון געהאַלטן אָפּגעזונדערט, און דאָס איז געווען ניט צופעליק. די רעוואָליוציאָנערע גרופּע „איסקראַ" האָט געקעמפט קעגן יעדערליי קוסטאַרעריי און האָט אַרויסגערוקט די אידייע וועגן שאַפן א צענטראַליזירטע אַלרוסלענדישע אָרגאַניזאַציע. שוין דערמיט גופע האָט זי געמוזט קומען צו אַ קאָנפליקט מיטן „בונד", וואָס דער גאַנצער מעהוס זיינער האָט אים געשטויסן אַפן וועג פון פּרינציפּיעלער קו־סטאַרעריי, אַפן וועג פון פּאַרטיידיקן די סעפּאַראַטע פּאָזיציעס פון זיין היסטאָ־ריש זיך אויסגעבילדעטער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

פאַרן צעניאָריקן פּעריאָד פון מאַסנהאפטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דער סאָציאַליזם אין דער ניט־יידישער סוויווע נאָך אַלץ ניט געלאָזט פון זיך וויסן. אין זייער עקאָנאָמישן קאַמף האָבן די יידישע אַרבעטער זיך אָנגע־שטויסן אַף דעם אומבאַוווסטזיין און ניט־אָרגאַניזירטקייט פון די ניט־יידישע אַרבעטער.

די יידישע אַרבעטער־מאַסע האָט באַם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט אַזוי ווי „געמאָנט", פאַרוואָס איז ניטאָ קיין שטאַרקע אָרגאַניזאַציע צווישן די רוסישע און די פּוילישע אַרבעטער. אָנשטויסנדיק זיך אַף דערדאָזיקער פראַגע, האָט דער „בונד" אי אין מינסק, אי אין ווילנע, אי אין ביאַליסטאָק, אי אין פּוילן זיך זעלטן געשטעלט די אופגאַבע צו אָרגאַניזירן די אַרבעט צווישן די ניט־יידישע אַרבעטער, און געלייזט האָט דער „בונד" דידאָזיקע אופגאַבע אַפן נאַציאָנאַלן שטייגער.

די טוער פון „בונד" אין יענער צייט איז אַפילע אַפן זינען ניט אַרוף, אַז מע קאָן און מע מוז שאַפן אין יעדער שטאָט אַן איינהייטלעכן ס.־ד. קאָמיטעט, וואָס זאָל מיט דערזעלבער אינטענסיווקייט פירן די אַרבעט צווישן די יידישע און ניט־יידישע אַרבעטער, א קאָמיטעט, וואָס זאָל וואַרפן פרישע קויכעס אין דער מער אָפּגעשטאַנענער, ניט־יידישער אַרבעטער־מאַסע און זאָל דערמיט אויסגלייכן דעם איינהייטלעכן פראָנט און געבן די סאַמע ערנסטע שטיצע דער אַלגעמיינער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד. עמעס, אויך די יידישע

אַרבעטער־באַוועגונג, באַזונדערס אין די שטעטלעך, דאָרט ווו זי האָט זיך באַגעגנט מיטן פויערטום, האָט פאַרשפרייט איר טעטיקייט אַף דעם דאָרף אויך: זי האָט צונויפגעזאַמלט אַרום זיך די מער באַוווסטזיניקע פויערשע גרופּעס, האָט פאַרשפרייט אין דאָרף סאָציאַליסטישע ליטעראַטור און האָט אַפילע פאַרייניקט די פויערים אין פאַלן פון איינצלנע אַרויסטרעטונגען אינעם קאַמף קעגן די פּריצים, אָבער אין וויפל מאָל שטאַרקער וואָלט געווען די ווירקונג פון דער שטאָטישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אַף דער פויערשער אַרומיקער פעריפעריע, ווען דער „בונד" וואָלט (זאָל זיין אַפילע עטוואָס צום שאָדן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג) געווען פאַרשטאַרקן זיין אַרבעט צווישן די ניט־יידישע אַרבעטער? דער ענטפער איז אַ קלאָרער אָן ספּעציעלע סטאַטיסטישע אויסרעכענונגען אויך, דער „בונד" אָבער, זאָגן מיר נאָך אַמאָל, האָט דידאָזיקע פראַגע פאַר זיך גאָרניט געשטעלט. אַפן 4־טן צוזאַמענפאָר פון „בונד" האָט מען באַשלאָסן צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט צווישן די קריסטלעכע אַרבעטער, צוליב דעם זאָל מען שאַפן באַזונדערע ניט־יידישע סאָציאַליסטישע גרופּעס. אַזעלכע גרופּעס האָט „בונד" טאַקע געשאַפן, האָט זיי געגעבן מאַטעריעלע שטיצע, האָט געדרוקט אין זיינע דרוקעריען ליטעראַטור אַף רוסיש.

„בונד" האָט געטון, קאָן מען זאָגן, אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט טון אין דעם פּראַט, בלייבנדיק באַ דער שטרעבונג ניט אָנצורירן זיין גרונטלעכן נאַציאָנאַלן פּרינציפּ וועגן דער אָרגאַניזאַציע־בויונג. דער בונדישער אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ האָט ניט געלאָזן ברייט אַוועקשטעלן די אַרבעט צווישן די ניט־יידישע אַרבעטער.

צו דער צייט פונעם אַלגעמיינעם קריזיס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד האָבן זיך די פאַרהעלטענישן גופא אינעם יידענטום שאַרף געענדערט. פונקט אַזוי ווי אין גאַנצן לאַנד האָט די באַוועגונג פונעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס אַרויסגערופן אַקטיווקייט צוערשט באַ דער סטודענטנשאַפט, דערנאָך באַ דער צענז־בורזשואַזיע און, צו לעצט, באַ די פויערשע מאַסן, אַזוי אויך צווישן די יידן איז אָנשטאָט דער אַלגעמיינער אָפּאָזיציע צום „בונד" ביסלעכווייז אַלץ ·געוואַקסן די סימפּאַטיעס צו אים.

דאָס קליינבירגערטום האָט ניט געגלויבט, אַז ס'איז מעגלעך אַ רעוואָלוציאָנערער קאַמף, אַז ס'איז מעגלעך אַראָפּצווואַרפן דעם צאַריזם, ליקווידירן די יידישע רעכטלאָזיקייט, ביז זי האָט ניט דערזעען פאַר זיך אַ רעאַל זיך פאַנאַנדערוויקלענדיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פונעם גאַנצן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט ניט געקענט, פאַרשטייט זיך, ווערן יענער פאַקטאָר, וואָס זאָל אַליין אַרויסרופן פּאָליטישע אַקטיווקייט אין די רייען פונעם יידישן קליינבירגערטום און יידישער בורזשואַזיע. ערשט דעמלט, ווען די מאַסן־שטרייקן פון די רוסישע אַרבעטער זיינען געוואָרן אַן אַלץ אָפטערער פאַקט, ווען די סטודענטן־באַוועגונג, די אַגראַר־אומרוען, די צוזאַמענשטויסן צווישן די ליבעראַלן מיט דער רעגירונג זיינען געוואָרן אַ פאַקט, ווען דאָס יידישע קליינבירגערטום און די יידישע בורזשואַזיע האָבן דערזעען

פאַר זיך, אַז די רעוואָליוציע צעוואַקסט זיך אַלץ שטאַרקער, האָט די לאָגיק פון דער זאַך געמוזט ברענגען דערצו, אַז די באַציִונג צום „בונד" זאָל זיך ראַדי־קאַל ענדערן.

אין מײַרעוו־קאַנט איז דער „בונד" געווען דער איינציקער רעוואָליוציאָנערער פאַקטאָר. מיטן אונטערשטיצן דעם „בונד" האָט די ייִדישע בורזשואַזיע אַרויסגעוויזן אירע דערוואַרטונגען און האָפענונגען, וואָס זי האָט געלייגט אַף דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אינעם לאַנד. דער „בונד" האָט אַף זיך גענומען דעם קאַמף קעגן דער רעכטלאָזיקייט פון די ייִדן. דער „בונד" איז געווען דער אַקטיווער פּראָטעסט פון די ייִדישע מאַסן, וואָס האָבן אופגעוואַכט צו אַן אַקטיוון לעבן. אויב פריִער האָט די רעוואָליוציאָנערע אַקטיווקייט פונעם „בונד" אַרויסגערופן אומצופרידנקייט און פּאַכדאָנישע זאָרג, איז איצט, אַפן פּאָן פון דער אַלץ וואַקסנ־דיקער אַלגעמיין־רוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, האָבן די סימפּאַ־טיעס צום „בונד" געמוזט שנעל וואַקסן.

און פריִער פאַר אַלץ האָט זיך דאָס געלאָזט פילן אינעם טיפן אינטערעס, וואָס די ייִדישע אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן צו דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער „בונד" האָט אָפּגעשאַצט דעמדאָזיקן אָנוואַקסנדיקן אינטערעס און האָט אַוועקגעשטעלט פאַר זיך די אופגאַבע אַרײַנצוציִען די גאַנצע ייִדישע געזעלשאַפט אינעם קאַמף קעגן צאַריזם. דידאָזיקע אופגאַבע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן גאַנץ ריכטיק, טון דאָס איז געווען דער כויוו פון דער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע. דער „בונד" האָט אָבער דערבײַ ניט אײַנגעהאַלטן זיך אַף דער הייך פון אַן עמעס־פּראָלעטאַ־רישער אָרגאַניזאַציע. אין קאַמף פאַר דער אָנפירונג האָט ער זיך אַלץ מער צוגעפּאַסט צום קלייִנבירגערטום.

דאָס יאָר 1901 איז אין דעם זין דער גרענעץ אין דער ייִדישער אַרבע־טער־באַוועגונג: דער „בונד" ווערט ביסלעכווײַז אָן זײַן מאָנאָפּאָליע אַלס רעוואָלי־ציאָנערער פאַקטאָר אין דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. באַגלײַך מיט די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען די שול פון דער בונדיסטי־שער עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, די שול פון אַ סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע, קומען אויף אויך אַנדערע „סאָציאַליסטישע" האַלב־אַרבעטערשע, האַלב־קלייִנ־בירגערלעכע אינטעליגענטישע גרופּעס, וואָס טאַקע אונטער דער ווירקונג פונעם „בונד" הייבן זיי אָן איבערצוקוקן די פריִערדיקע ציאָניסטישע פּראָ־גראַם. אַפן לעגאַלן אַלרוסלענדישן ציאָניסטישן קאָנגרעס אין מינסק טרעט צום ערשטן מאָל אַרויס אַ גרופּע אַרבעטער—ציאָניסטן. אין אויסלאַנד קומען אויף קרײַזלעך פון ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישער יוגנט. אַפן ציאָניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל אין יאָר 1902 באַווײַזט זיך אַ דעמאָקראַטישע גרופּע. אַלע רעדן זיי וועגן דעם, אַז ס'איז נייטיק צונויפצובינדן דעם ציאָניסטישן אידעאַל מיט דער פּראַקטישער אַרבעט אַף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די ייִדן, ד. ה. צונויפ־בינדן די ציאָניסטישע אַרבעט מיטן קאַמף פאַר ייִדישע רעכט דאָ, ווו זיי

ווינען מאַסנווײַז. אין דער לאָגישער אַנטוויקלונג באַטײַט עס, אַז דאָס ייִדישע קליינבירגערטום הייבט אָן אַריבערצוגיין אַפן וועג פון קאַמף פאַר זײַנע רעכט קעגן דעם צאַריזם.

דער גרענעץ איז אַלץ דערזעלבער 4־טער צוזאַמענפאָר פון „בונד", וואָס מיר האָבן אים שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט.

דערדאָזיקער 4־טער צוזאַמענפאָר באַנוגנט זיך שוין ניט מער מיטן לאָזונג וועגן בירגערלעכער גלײַכבאַרעכטונג פאַר ייִדן, ער רוקט אַרויס אויך די אויפגאַבע צו קעמפן פאַר דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע פון ייִדישן פאָלק, פאַר דער אַזויגערופענער קולטור־נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. אין דערזעלבער צייט איז פאַרן 4־טן צוזאַמענפאָר שוין געשטאַנען די אויפגאַבע צו אויספאָרמירן די באַציִונגען פון „בונד" צום אַלגעמיין־רוסלענדישן רעוואָליוציאָנערן פאַרטיי־צענטער, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין שאַפן, און ער קוקט נאָכאַמאָל איבער זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פּאָזיציע און נעמט אָן די פאָרמול פון א פעדעראַציע. איינצײַטיק באַשליסט דער צוזאַמענפאָר אַריבערצוטראָגן די אַרבעט פונעם „בונד" אַף דאָרעם־רוסלאַנד אויך, ווו ביז אַהער זײַנען די ייִדישע אַרבעטער אַרײַנגעגאַנגען אין די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס.

ביז אַהער האָבן מיר גערעדט וועגן „בונד" ווי וועגן א באַוועגונג פון די ייִדישע אַרבעטער אין צאָפן־מײַרעווודיקן קאַנט און אין פּוילן. וואָס ווײַטער דידאָזיקע באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט, האָט זי זיך אָנגעהויבן אַריבערצוטראָגן אַפן דאָרעמדיקן ראַנד פון דער צאָפן־מײַרעווודיקער געגנט, קיין האָמעל, ווו נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָט די אָרטיקע ייִדישע אָרגאַניזאַציע סאָפּקאָל־סאָף זיך אויסגעפורעמט אַלס אָרגאַניזאַציע פון „בונד". פונדאַנען טראָגט זיך די באַוועגונג אַריבער קיין קיעוו, און פון דאָרטן קיין זשיטאָמיר און בערדיטשעוו. יעדן פרי־יאָר, אָנהייב נאַוויגאַציע איבערן דניעפּר און זײַנע בײַטײַכן פלעגן פון די צאָפן־מײַרעווודיקע שטעט: באָברויסק, באָריסאָוו, האָמעל זיך לאָזן מיטן דניעפּר אַראָפּ קיין קיעוו און קיין קאַטערינאָסלאַוו און פון דאָרט קיין אָדעס גרויסע גרופּעס ייִדישע יונגע אַרבעטער, אַרויסגעשטויסן דורך דער עקאָנאָמישער ענגשאַפט פון זייער היים אין מײַרעוו־קאַנט,—פלעגן זיך לאָזן אַף דאָרעם צו זוכן אַרבעט. דידאָזיקע אַרבעטער האָבן שוין געהאַט א באַשטימטע טראַדיציע פון דער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, זיי האָבן ווייניק געקאָנט רוסיש, זײַנען געוווינט געווען אַפילע די רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור צו באַקומען אַף ייִדיש. נאַטירלעך, אַז קומענדיק אַף די נײַע ערטער, האָבן זיי אין די באַדינגונגען פון אומלעגאַלן רעוואָליוציאָנערן לעבן ניט געקאָנט לײַכט זיך צונויפשמועסן מיט די אָרטיקע רעוואָליוציאָנערע קרײַזלעך. זיי פלעגן אָנהאַלטן פאַרבינדונג מיט זייער רעוואָליוציאָנערער היים—מיטן מײַרעוו־קאַנט, פונוואַנען מע פלעגט זיי צושטעלן ליטעראַטור. טכילעס זײַנען דאָס געווען באַזונדערע אַרבעטער־קרײַזלעך, וואָס „בונד" האָט זיי באַדינט ניט אָרגאַניזירט, ריכטיקער, זיי פלעגן ווערן באַדינט ניט פונעם „בונד", נאָר פון איינצלנע בונדיסטן. נאָר ווען דידאָזיקע קרײַזלעך זײַנען אַלץ מער געוואַקסן, האָט זיך פאַרן „בונד" געשטעלט די פראַגע, צי דאַרף מען ניט אַהער אויך, אין דידאָ־

זיקע שטעט מיט א גרויסער יידישער אַרבעטער־מאַסע, אַריבערטראָגן די אַרבעט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

די טראַדיציעס פון דער אָרטיקער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ האָט ניט געווּסט פון קיין פאָרמעלער אָפּגעזונדערטקייט מיצאַד די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. עמעס, אי אין קיעוו, אי אין קאַטערינאָסלאַוו, אי אין אדעס זיינען אין דער אָרגאַניזאַציע פאַקטיש שטענדיק געווען צוויי באַזונדערע ראַיאָנען: א שטאָטישער און פאַבריקישער. דער שטאָטישער ראַיאָן איז פ אַ ק ט י ש געווען דער האַנטווערקערשער צענטער פון דער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע. דערדאָזיקער פאַקט אָבער האָט זיך דאָ ניט איינגעלייגט אין א וואָסער ניט איז באַזונדערע טעאָריע דערפאַר, ווייל סיי אין פאַבריק־ראַיאָן, סיי אין שטאָטישן ראַיאָן האָט זיך די אַרבעט געפירט אַף איין און דערזעלבער שפּראַך—אַף רוסיש. די יידישע אַרבעטער פון דאָרעם־רוסלאַנד, וואָס זיינען דאָ געבוירן געוואָרן, אָדער וואָס האָבן זיך שוין לאַנג דאָ באַזעצט, האָבן פאַרהעלטניסמעסיק שנעל איבערגענומען די רוסישע שפּראַך. גאָר אין אַן אַנדער לאַגע זיינען אָבער געווען די אַרבעטער, וואָס פלעגן קומען צו פאָרן אַהער פון די מיירעווודיקע גובערניעס.

פאַרן „בונד" האָט זיך געמוזט שטעלן די פראַגע,—וואָס פאַר א טענדענץ דאַרף ער אונטערשטיצן: צי זאָל ער פירן די יידישע אַרבעטער, וואָס אַף דאָרעם־רוסלאַנד, אַפּן וועג פון רעוואָליוציאָנערן צונויפגיסן זיך מיט דער אַל־געמיינער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, אָדער ער זאָל אַף דאָרעם אויך אַריבער־טראָגן די טענדענץ פון נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט. אַז דער „בונד" האָט גענומען באַהאַנדלען דידאָזיקע פראַגע, האָט ער זי פאַרענטפערט אַזוי, ווי ער וואָלט אַרויסגעגאַנגען בלויז פון ריין פּראַקטישע טיימים, זיך באַרופנדיק אַף דעם, אַז די אַלגעמיין־רוסלענדישע אָרגאַניזאַציעס באַדינען ניט אין א גענוגנ־דיקער מאָס די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין דאָרעם־רוסלאַנד. אין עמעסן אָבער איז דידאָזיקע פראַגע געלייזט געוואָרן אַפּן גרונט פון דער איינהייטלעכער טעאָרעטישער קאָנצעפּציע, אַפּן גרונט פון דעם בונדישן אָרגאַ־ניזאַציאָנעלן פּרינציפּ.

ווען דער לאָזונג וועגן קולטור־נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע איז צום ערשטן מאָל פאָרמולירט געווען אין די רעדעס אַפּן 4־טן צוזאַמענפאָר פון „בונד" און ווען נאָכדעם איז קעגן אים שאַרף אַרויסגעטראָטן די „איסקראַ", האָט זיך אין דער פּאָלעמיק אַרויסגעוויזן, אַז דער „בונד" האָט דעמלט ניט גאָר קלאָר זיך פאָרגעשטעלט, אין וואָס, אייגנטלעך, באַשטייט דידאָזיקע אידייע, די קולטור־נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע. פון איין זייט האָט דער „בונד" איבער־גענומען די פאָרמול פון די עסטרייכישע ס.־ד. אַף דעם דעמלטיקן צוזאַמענ־פאָר פון דער עסטרייכישער סאָצ.־דעמאָקראַטיע אין בריונע, און פון דער אַנדערער זייט—האָט ער געפּרווּוט אַריבערטראָגן אין מעלוכע־בויונג יענע אָרגאַניזאַציאָנעלע קאָנצעפּציע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט בא אים אין דער פּראַקטיק פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, הייִנע,—די אידייע פון אַ באַזונדערער נאַציאָנאַלער יידישער אָרגאַניזאַציע.

מיר זעען, אַז צום פּעריאָד פונעם אָנהייב נײַעם יאָרהונדערט איז אין „בונד״ גלײַכצײַטיק אַף פאַרשיידענע וועגן אָנגעוואַקסן א טיפער קריזיס אין זײַן אַרבעט.

ער האָט געמוזט אויסקלײַבן צווישן עקאָנאָמיזם און „איסקראַ״, צווישן דער אַלגעמיין־רוסלענדישער פּאָזיציע און נאַציאָנאַלן סעפּאַראַטיזם. די גע-שיכטע האָט געוויזן, אַז דער „בונד״ איז ניט געווען פעיִק צו גיין אַף יענעם וועג, וואָס דער באָלשעוויזם האָט אָנגעמערקט.

מירן געניי באַטראַכטן דעמדאָזיקן קריזיס אין „בונד״, זיך אָפּשטעלנדיק באַזונדער אַף אַלע דרײַ מאָמענטן זײַנע: 1) זובאַטאָוויאַדע, 2) טעראָריזם און 3) „בונדס״ אַרויסטרעטן פון דער פּאַרטיי.

---

## קאַפּיטל זיבן.

# דאָס אויסהאָבן דעם „עקאָנאָמיזם“.

שוין פון דעם אַליין, וואָס מיר האָבן פריִער געזאָגט, דאַרף זײַן קלאָר, אַז די זובאַטאָוו־באַוועגונג (באַזונדערס צווישן ייִדן) דאַרף ניט אויסגעטײַטשט ווערן נאָר ווי זובאַטאָוווס אַן אופּטו. קיינמאָל וואָלט דידאָזיקע באַוועגונג ניט געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג, זאָל זײַן אַפילע נאָר אין איין שטאָט, ווען צו הילף זובאַטאָוווס אופּטו וואָלטן ניט געקומען וועלכע עס איז אָפּנויגונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג נופע נאָך בעשאַס איר קליינער אַנטוויקלטקײַט. מיר האָבן שוין וועגן דעם גערעדט פריִער.

אין דער דעקלאַראַציע פון די „אומאָפּהענגיקע“ איז געזאָגט געווען:

„קיין שום טעאָריע איז ניט אַף אַזויפיל מעכטיק און ריכטיק אַף ניט אָפּצולייקענען, אַז זי זאָל געבן דאָס רעכט אירע אָנהענגער צו פירן די אומבאַוווסטזיניקע מאַסע צו אַ צוועק, וואָס די מאַסע פאַרשטייט אים ניט...

„ס'איז אַ פאַרברעכן מאַקריוו צו זײַן די מאַטעריעלע אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס צוליב אַזעלכע פּאָליטישע צילן, וואָס בײַ הײַנטיקן טאָג זײַנען זיי אים פרעמד...

„דער אַרבעטער, ווי יעדער מענטש, האָט דאָס רעכט אָנצוקערן צו אַ וואָסערער פּאָליטישער פּאַרטיי ער וויל, און דאָך האָט ער דאָס רעכט צו פאַרטיידיקן זײַנע עקאָנאָמישע און קולטורעלע אינטערעסן און זײַן אַ פולבאַרעכטער גליד פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס.

„דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס מוזן בלײַבן צילן פאַר זיך און ניט דינען פאַר געווער אין די הענט פון אַ וואָסער ניט איז פּאָליטישער פּאַרטיי...

„די עקאָנאָמישע טעטיקײַט איז פאַרן „בונד“ געווען דעריקער אַ מיטל צו רעוואָליוציאָניזירן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע, און דערום איגנאָרירט דער „בונד“ מיט אַ קיוון אין זײַן עקאָנאָמישער טעטיקײַט אַסאַך מאָסמיטלען, וואָס זײַנען בלי־סאָפּעק געווען נוצלעך פאַר דער אַרבעטער־מאַסע.

„אַרבעטער, וואָס זייערע אַנשויּונגען זײַנען ניט קיין „בונדישע, נעמט זיי דער „בונד“ אין די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס ניט אַרײַן, און דעם אינערטן, קאָנסערוואַטיוון טייל פון דער אַרבעטער־מאַסע שרעקט ער מיט זײַן רעפּוטאַציע פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי.

„... דער „בונד“ לאָזט ניט צו צו דער אַרבעטער־מאַסע אינטעליגענטישע נוצלעכע קרעפטן, וואָס זײַנען ניט מאַסקים געווען מיט זײַנע פּאָליטישע מיינונגען“.

ס'וואָלט געווען אַ ביטערער טאָעס צו באַטראַכטן דידאָזיקע „אומאָפּהענגיקע יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי" בלויז ווי אַן אופּטו פון איין זובאַטאָוון, ווי אַ פּראָדוקט פון בלויזער פּאָליציי־שאַפונג.

מ'דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז אין די רייען פון אָט דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען עמעס אָפּגענאַרטע און אָפּנאַרנדיקע זיך און אַנדערע (נאָר פריער פאַר אַלץ זיך, און ערשט שפּעטער אַנדערע) אופריכטיקע מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַרפלאָנטערט אין אָט דער זובאַטאָוויאַדע,— אָט אין וואָס עס שטעקט דער קריטישער מאָמענט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין די רייען פון די „אומאָפּהענגיקע" האָבן זיך, בלי־סאָפּעק, גרופּירט סינדיקאַליסטישע עלעמענטן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער סינדיקאַליזם איז אויך איינע אַ פאָרם פון דער קליינבירגערלעכער האַשפּאָע אַפן פּראָלעטאַריאַט — די אַלטע רוסישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט קימאַט ווי ניט געוווּסט פון דעם.

וועגן אַלע זובאַטאָוו־פּרווון אין רוסלאַנד קאָן מען זיכער זאָגן, אַז זיי האָבן זיך ניט איינגעגעבן. ניט אין מאָסקווע, ניט אין פּעטערבורג האָט זי ניט באַוויזן מער־ווייניקער טיף זיך איינצוואָרצלען. אַנטוויקלט האָט זי זיך אין אָדעס, וווהין זי איז פאַרשלעפּט געוואָרן פון מינסק. און אין מינסק האָט גלייכצייטיק מיטן „בונד" גאַנצע אָנדערהאַלבן יאָר עקזיסטירט אַ צעצווייגטע לעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון אָט דער „אומאָפּהענגיקער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי", וואָס האָט אין געוויסע מאָמענטן אַפּילע פאַרייניקט אַרום זיך מער יידישע אַרבעטער, ווי דער אומלעגאַלער „בונד" דאָרט אין מינסק.

דער קאַמף צווישן „בונד" און דערדאָזיקער „אומאָפּהענגיקער יידישער אַרבעטער־פּאַרטיי" איז געווען זייער אַ פאַרביטערטער, און נאָר אינעם גאַנג פון אָט דעמדאָזיקן קאַמף איז די יידישע אַרבעטער־מאַסע פּאָטער געוואָרן פון אַלע אירע סינדיקאַליסטישע שטימונגען, פון אַלע אירע איליוזיעס.

גאָר אינטערעסאַנט איז דערדאָזיקער פּעריאָד אין ווילנע. דאָ איז די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פון „בונד" געווען די סאַמע צעצווייגטע. דאָ זיינען געווען די אַלטע עקאָנאָמישע קאַסעס פון די שטעפּערס, שוסטערס, שניידערס, טישלערס, — קאַסעס מיט אַלטע טראַדיציעס, מיט אַ גרויסן אַוואַנגאַרד, וואָס איז אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ פּיליאָריקער אַרבעט.

דאָ זיינען די טראַדיציעס פונעם „עקאָנאָמיזם" געווען גאָר שטאַרק. אונטער דער ווירקונג פון „איסקראַ" און באַזונדערס פון לענינס בראָשור „וואָס דאַרף מען טון?" האָט אין י. 1902 די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע פון „בונד" געוואָלט זיך איבערבויען אין העסקעם מיט יענע לאָזונגען און אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמולעס, וואָס זיינען געגעבן אין דער בראָשור „וואָס דאַרף מען טון?", דעמלט האָט דער ווילנער קאָמיטעט זיך געפּרווט בויען די ווילנער פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע אַף פּרינציפּן, וואָס זיינען געווען פּונקט דער היפּעך פון דער פריערדיקער סיסטעם.

מיר האָבן שוין גערעדט דערפון, אַז דאָס כאַראַקטעריסטישע אין דער פריערדיקער סיסטעם פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז די צוזאַמענגעשלאָסנקייט פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אָרגאַניזאַציעס, דאָס, וואָס ס'איז

ניטאָ קיין וואָסערע ניט איז בוילעטע גרענעצן, ווי די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיך פאַנאַנדערגיין אין פאַרשידענע זייטן. אַ מיטגליד פון דער עקאָנאָמישער קאַסע האָט אין עצעם געהאַט געוויסע רעכט זיך האַלטן פאַר אַ מיטגליד פון „בונד". אין דערזעלבער צייט אָבער זיינען די פליכטן זיינע ניט אַריבערגעשטיגן די גרענעצן פון פּינקטלעכן מיטגליד־אָפּצאָל אין זיין עקאָנאָמישער קאַסע און פון נעמען אַנטייל אין דעם עקאָנאָמישן קאַמף. דאָס קערנדל פון יעדער קאַסע, וואָס האָט זיך ענג גרופּירט אַרום דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט, דאָסדאָזיקע קערנדל איז ניט אויסגע־טיילט געווען אין אַ באַזונדער ס"ד אָרגאַניזאַציע און איז אָרגאַניש געווען צונויפגעוואַקסן מיט דער גאַנצער עקאָנאָמישער קאַסע. אין י. 1902 פּרוווט דער ווילנער קאָמיטעט שטרענג דורכצופירן אייניקע פאָרמולעס פון דער בראָ־שור „וואָס דאַרף מען טון".

פון דערדאָזיקער בראָשור מאַכט דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעלן אויספיר: ס'איז נייטיק אויסצוטיילן פון דער מאַסע באַוווּסט־זיניקע גרופּעס אַרבעטער און זיי פאַרייניקן אין קעמערלעך אַזוי, אַז אין יעדן פּאָליטישן קעמערל זאָלן זיין צוזאַמענגענומען אַרבעטער פון פאַרשיידענע פאַכן, אַז די שוסטער, צ. ב., זאָל מען איינטיילן אין עטלעכע פּאָליטישע קרייזלעך און אַז אין יעדן קרייזל זאָלן זיצן באַנאַנד אי אַ שוסטער, אי אַ שניידער, אי אַ טישלער, ווייל נאָר אין אָט דעם געמיינזאַמען באַהאַנדלען אַלגעמיין־פּאָ־ליטישע פראַגעס קאָן געמאָלט זיין, אַז עס זאָל זיך אויסבילדן אַן איינהייטלעכע ס"ד אידעאָלאָגיע. דאָ האָט מען פּאָשעט אוטרירט (איבערגעכאַפּט די מאָס) געוויסע אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמולעס.

דער ווילנער ס"ד קאָמיטעט האָט ביז גאָר קאָנסעקווענט דורכגעפירט זיין רעפאָרם. מ'האָט געשאַפן נייע פּאָליטישע גרופּעס אויסער די עקאָנאָמישע קאַ־סעס. אָבער דערמיט גופא זיינען די אַלטע עקאָנאָמישע קאַסעס, וואָס צעשלאָגן זיי אַף גרופּעס האָט מען ניט געקאָנט, אַוועק מיט אַן אייגענעם וועג און זיינען געבליבן אָן דער אָנפירונג פון די ס"ד אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע די קאַ־סעס זיינען פריער געווען צוגעוויינט.

די פּעולע פון דעם האָט זיך גיך געלאָזט פילן. ווען די עמיסאַרן פון מינסקער „אומאָפּהענגיקע" זיינען זומער י. 1902 געקומען קיין ווילנע צו גרינדן אויך דאָרט אַן אָרטיקע אָרגאַניזאַציע פון דער „אומאָפּהענגיקער ייִדי־שער אַרבעטער־פּאַרטיי", האָבן זיי דאָ געטראָפן נאָכפאָלגער און אַקטיווע אָנ־הענגער דאַפקע אין דער אַלטער ווילנער עקאָנאָמישער קאַסע פון די שטעפּער. דער אַלטער אָרטיקער אַרבעטער־שטעפּער אַלטער האָט אין ווילנע געמאַכט יענעם ערשטן שריט, וואָס פון אים האָט זיך אין מינסק אָנגעהויבן די זובאַ־טאָוויאַדע. ער האָט אויסגעפּויעלט באַם ווילנער פּאָליצמייסטער אַ דערלויבע־ניש אַף אַ לעגאַלע אַרבעטער־פאַרזאַמלונג.

דער ווילנער קאָמיטעט האָט זיך גיך אַרומגעזען, אַז מ'האָט גע־מאַכט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן פעלער. אין משך פון יענעם זומער זיינען דורכ־געמאַכט געוואָרן צוויי רעאָרגאַניזאַציעס. דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען,

אַז די עקאָנאָמישע קאַסע איז ווי פריִער געבליבן די גרונט־באַזע פאַר דער פאַרייניקונג פון ברייטע אַרבעטער־מאַסן; דערפאַר אָבער איז אין דערדאָזיקער קאַסע אויסגעפורעמט געוואָרן אַ באַזונדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. אין יעדן פאַך האָט מען געשאַפן צוויי אָנפירנדיקע אָרגאַנען פון דער באַוועגונג—אַן אויסגעוויילטע דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג פון דער עקאָנאָמישער קאַסע, און אַ פונעם קאָמיטעט באַשטימטע פּאָליטישע פאַרזאַמלונג. דידאָזיקע פּאָליטישע פאַרזאַמלונג (סכאָדקע) האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָפּאַגאַנדישער און אַגיטאַציאָנעלער אַרבעט פון באַזונדערע פּאָליטישע קרײַזלעך און גרופּעס.

מיר האָבן געבראַכט דידאָזיקע פּראָטים, ווײַל זיי באַצייכענען אַ געוויסן עטאַפּ אַפן וועג, וואָס פירט פון עקאָנאָמיזם צו אַ מער קאָמפּליציִרטער פאָרם פון אַ רעוואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע. די „אומאָפּהענגיקע" אין ווילנע האָט עס ניט געגליקט. דאָ איז ניט געווען קיין אווידיטאָריע, וואָס זאָל אופנעמען די דראָשעס וועגן דער טאָלעראַנטקייט פון דער רעגירונג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג, דאָ האָבן די שטיינער געשריִען וועגן די פאַרברעכנס פונעם צאַריזם: באַ אַלעמען איז נאָך געווען פריש אין זיקאָרן די עקזעקוציע, וואָס דער ווילנער גובערנאַטער האָט אין פרילינג פונעם זעלבן י. 1902 אויסגעפירט אי־בער די דעמאָנסטראַנטן. דאָ איז די אַרבעט פון די „זובאַטאָוועד" ניט געגאַן.

פון מינסק טראָגן די „אומאָפּהענגיקע" אַריבער זייער אַרבעט קײַן אָדעס. דאָ איז זייער אַרבעט אַרויס גאַנץ היפּש אויסער די ראַמען פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, כאַפּט אַרום אויך די מעטאַליסטן. דער באַוווּסטער שאַיע־וויטש פּרוווט זיך דאָ אין י. 1903 אַרויסצורופן אַ ברייטע מאַסנהאַפּטע אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס געראָט אים, דאָס ברענגט אָבער גלײַכצײַטיק צו אַ קאָנ־פליקט צווישן דער גאַנצער זובאַטאָוויאַדע פון איין זײַט און די טאַקעפדיקע פאַבריקאַנטן־קרײַזן—פון דער אַנדערער זײַט. דער צאַריזם שרעקט זיך פאַר דעם צו־דרייסטן אופטו פון זובאַטאָוון; די „אומאָפּהענגיקע ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטיי" ווערט ליקווידירט אום זומער י. 1903 אי אין ווילנע, אי אין מינסק, אי אין אָדעס. איינער פון די מאָמענטן, וואָס האָבן פאַרגיכערט זייער ליקווי־דאַציע, איז געווען דער קעשעניעווער פּאָגראָם (אַפּרעל י. 1903).

די אופריכטיק־ערלעכע עלעמענטן פון דער מיטגלידער־מאַסע פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע, דערינען אויך איינצלנע אָנפירער האָבן אויסגעקויפט זייערע זינד מיט רעוואָלוציאָנערער אַרבעט און זײַנען שפּעטער אַרײַנגענומען גע־וואָרן אין דער רעוואָליוציאָנערער מישפּאָכע.

דאָס אויסהאָבן דעם עקאָנאָמיזם איז אַזוי אַרום אַדורכגעגאַן אין „בונד" מיט שטאַרקע אופטרייסלונגען, באַגלייט מיט אַ טיפן קאַמף אינעווייניק אין דער מאַסנדיקער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג גופע. פון דעמדאָזיקן קאַמף איז „בונד" אַרויס אַ פאַרשטאַרקטער, און צום סאָף פון דעמדאָזיקן פּעריאָד, האַרבסט י. 1902, האָט די 5־טע קאָנפערענץ פון „בונד" פאָרמולירט אין אַ באַזונדערער רעזאָליוציע דעם גרונט־פּרינציפּ פון אָרגאַניזאַציאָנעלער בויונג, אַ פּרינציפּ, וואָס האָט אין גאַנצן און גרויסן איבערגעכאַזערט די אידייען פון לענינס בראָשור „וואָס דאַרף מען טון".

אין איר רעזאָליוטיוון טייל לייענען מיר:

„אָנערקענט דעריבער די קאָנפערענץ פאַר נייטיק:

א) דאָס די קאָמיטעטן און אונדזערע אַנדערע רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע לייטן אָן (פירן אָן) די באַוועגונג אין יעדער שטאָט באַזונדער, זאָלן זײַן,—לויט דעם אַרט (אויפן), אַף וועלכן זיי ווערן געגרינדעט,— אינגאַנצן זעלבשטענדיק אומאָפּהענגיק פון די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און

ב) ניט אנטזאַגנדיק זיך בעשומויפן פון אָנצופירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף, דאַרפן זיי (די אָרגאַניזאַציעס) זיך רעכענען אין זייער טעטיקייט מיט די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער גאַנצער רעוואָליוציאָנערער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, און קוקן אַף זיך, אַלזאָ, ניט ווי אַף פאָרשטייער פון פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, נאָר ווי אַף רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פירן אַרײַן אין לעבן די פּרינציפּן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע".

---

## קאַפּיטל אַכט.

# טעראָריסטישע שטימונגען.

דער „בונד״ איז אָבער אַרויס פון דעם קריזיס און איז אַרײַן אין אַ נײַעם. דיזעלבע קאָנפערענץ האָט אָפּגעקערט פון אַלע נאָרמען און פּרינציפּן, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט אײַנגעשטעלט אין איר טאַקטיק, און האָט אָנגענומען אַ רעזאָליוציע וועגן דער אַזויגערופענער „אָרגאַניזירטער נעקאָמע״. מיט רעכט האָט דער אָרגאַן פון די ס. ר. „דאָס רעוואָליוציאָנערע רוסלאַנד״ באַגריסט די רעזאָליוציע און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ שפּאַן פאָרויס צו דער טעראָריסטישער פּאָזיציע פון די ס. ר. גרופּעס, וואָס האָבן צו יענער צײַט ערשט אָנגעהויבן צונויפצוגיסן זיך אין אַ פּאַרטיי.

דער טעראָריסטישער אָפּקער, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַפילו דעם אייבערשטן, דעם אָנפירנדיקן טייל פון „בונד״,—האָט עפּעס אַרײַנגעיאָגט, ווי אַ שטורעם, און ווי שנעל ער איז אָנגעקומען, אַזוי שנעל איז ער פאַרשוווּנדן. מיט אַ קאַרגן יאָר שפּעטער, אַפּן פינפטן צוזאַמענפאָר פון „בונד״, איז די דאָזיקע רעזאָליוציע אָפּגעשאַפט געוואָרן, און גראַד אײַנשטימיק און דערצו נאָך אָן קיינע דעבאַטן. דער צוזאַמענפאָר האָט אָן טײַנעס זי אַוועקגעלייגט אין אַרכיוו און איז איבערגעגאַנגען צום טאָג־סיידער. מ׳דאַרף אָבער זאָגן, אַז דערדאָזיקער טעראָריסטישער אָפּקער, וואָס אין פלוג איז ער געקומען פלוצלינג און אומגעריכט, אַף אַן אויפן, וואָס איז גאָר ניט צו פאַרשטיין, איז מיט אַן עמעס געוווען שטאַרק פאַרבונדן מיט דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דער בונדישער באַוועגונג צו יענער צײַט און מיט יענעם אַלגעמיינעם קריזיס, וואָס דעם „בונד״ איז אויסגעקומען איבערצולעבן אין יענעם פּעריאָד.

אַרויסגעוויזן האָבן זיך די אָרגאַניזירטע טעראָריסטישע שטימונגען נאָך דער ווילנער דראַמע, ווען מ׳האָט די דעמאָנסטראַנטן באַשטראָפט מיט שמיץ. אין מײַרעוו־קאַנט און אין פּוילן האָט די פּאָליציי אין איר באַגיין זיך מיט די „פּרעמדפּעלקערישע״ אַרבעטער אָנגעוווּנדעט מער ווילדקײַטן און אַכזאָריעס, איידער דאָס האָט געטון די פּאָליציי אין צענטער פון רוסלאַנד: אין פּעטערבורג, אין מאָסקווע, אין כאַרקאָוו קעגן די רוסישע אַרבעטער־רעוואָליוציאָנערן. איז דאָ פאָרגעקומען אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, אַן אַרבעטער־שטרײַק, זײַנען באַגלײַך מיט דעם אויך פאָרגעקומען אָרגאַניזירטע רעציכעס, מ׳האָט געשלאָגן מיט ווילדער אַכזאָריעס און אַפילו געפּײַניקט אין די פּאָליציייִשע קאַמערן. מיר האָבן אויבן געבראַכט די רעזאָליוציע פונעם פערטן בונדישן צוזאַמענפאָר,

וועלכע האָט רעקאָמענדירט—צוליב צוועקן דערציִערישע—בײַ יעדן גוואַלט־אַקט אָנצוקלאָגן די פּאָליציי־אַגענטן פאַר דער העכערער מאַכט. מיר האָבן אָנגעוויזן, ווי ווייניק דידאַקטיקע רעזאָלוציע האָט באַפרידיקט די מער רעוואָלוציאָנער־געשטימטע קרײַזן פון דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע.

יעטווידע דעמאָנסטראַציע, וואָס פאַרענדיקן פלעגט זי זיך מיטן צעטרײַבן די דעמאָנסטראַנטן און מיט גוואַלט־אַקטן איבער זיי, יעטווידע דעמאָנסטראַציע האָט פאַר דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע געשטעלט די פראַגע, צי לוינט דאָס נאָכאַמאָל איבערצוכאַזערן, צי לוינט ווידער צו גיין אַף אַזוינע דעמאָנ־סטראַציעס, אויב ניט שטעלן קײַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד קעגן פּאָליצייִשן אָנפאַל. דיזעלביקע פראַגע האָט זיך אויך געשטעלט אין דער אַלגעמיינער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע און פרעסע. דאָרט אָבער האָט די פראַגע, דאָס אופקומען פון דער פראַגע, געדינט פאַר אַ באַווײַז, אַז די רעוואָלוצי־אָנערע אַרבעטער־באַוועגונג גייט אַריבער אין אַן אָפענעם גאַסן-קאַמף קעגן פּאָליציי און קאַזאַקן. בעיס מ'האָט באַהאַנדלט די פראַגע אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס (ווילנער, מינסקער, ביאַליסטאָקער), האָט זיך אַדויסגעוויזן די שוואַכקײַט פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז ניט אימשטאַנד אַרויסצושטעלן גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסן קעגן דער אָרגאַניזירטער פּאָליציי און קאָזאַקן. דאָ דאַרף מען נאָכאַמאָל דערמאָנען, אַז בעשאַס גאַסן־דעמאָנ־סטראַציעס אין אָט די אַלע שטעט איז די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע אַלעמאָל געבליבן אינגאַנצן איזאָלירט. די ניט־ייִדישע פאַבריק־אַרבעטער פון ווילנע, ביאַליסטאָק זײַנען נאָך צו יענער צײַט אַף די גאַסן ניט אַרויס.

באַם באַטראַכטן די פראַגע—אין 1902־טן יאָר—וועגן דער מײַ־דעמאָנסטראַציע זײַנען געווען ספּייקעס און וואַקלונגען. פאָרט האָט מען באַשטימט, אַז די דעמאָנסטראַציע זאָל פאָרקומען, און פאָרגעקומען איז זי מיט דער באַטייליקונג פון זייער אַ קליינער צאָל פּוילישע אַרבעטער. די דעמאָנסטראַנטן האָט מען אָפן אָרט מיט אַכזאָריעס געשלאָגן, נאָר מיט דעם אַליין האָט מען זיך ניט באַנוגנט. פון די 50 אַרעסטירטע דעמאָנסטראַנטן האָט מען אַף מאָרגן 28 אַר־בעטער (22 ייִדישע און 6 פּוילישע) אין פּאָליציי־צירקל געשמיסן. אָנגעפירט די עקזעקוציע האָט אַליין דער גובערנאַטאָר פאָן־וואַל און אַכטונג געגעבן האָט דערבײַ דער דאָקטער מיכײַלאָוו.

די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד ווייסט פון צוויי אַנאַלאָ־גישע פאַקטן, ווען די צאַרישע „אָכראַנקע" האָט אָנגעווענדעט לײַבשטראָף צו רעוואָלוציאָנערן. דער ערשטער פאַל איז געווען אין 1875 יאָר. לויטן באַפעל פונעם גראַדאָנאַטשאַלניק טרעפּאָוו, האָט מען דעם רעוואָלוציאָנער באָגאָליובאָוו געשמיסן. אַף די שמיץ האָט זיך אָפּגערופן ווערע זאַסוליטש מיט אַן אַטענטאַט אַף טרעפּאָוון און דער געריכט פון די געשוואָרענע האָט זי פרײַ געשפּראָכן. דער צווייטער פאַל—מער טראַגישער—איז פאָרגעקומען אין דער קאַריִער קאַ־טאָרגע. דאָרט האָט מען באַשטראָפט מיט שמיץ די רעוואָלוציאָנערקע סיגידאַ, און אַ גרופּע אירע כאַווערים האָבן זיך דערויף אָפּגערופן מיט זעלבסטמאָרד. קײַן אַנדער אייצע האָבן זיי ניט געפונען.

פֿון דער שרעקלעכער מײַסע מיט די ווילנער דעמאָנסטראַנטן האָט די ייִדישע אַרבעטער־באַפֿעלקערונג זיך דערפֿילט אינגאַנצן געפּלעפֿט און ביז גאָר צוגעדריקט. אַף אַ זיצונג האָט דער קאָמיטעט באַהאַנדלט די פֿראַגע, צי איז ניט מעגלעך צו אָרגאַניזירן אַן אָנפֿאַל אַפֿן פּאָליציי־צירקל און אַזוי אַרום אַרויסרײַסן די אַרעסטירטע פֿון די טאַליאָנישע הענט. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט מעגלעך געווען.

אינעווייניק אין דער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אויך ריין אינטעליגענטישע „נעשאָמע־ריסן": אָט אַזוי האָט איינע אַן אַרבעטערן, אַן אַלטער מיטגליד פֿון אַרבעטער־קרײַזלעך, געמאָלדן, אַז זי גייט אַרויס פֿון דער אָרגאַניזאַציע מאַכמעס זי קאָן ניט, זי האָט קיין רעכט ניט צו רופֿן די אַרבעטער אַף אַ מאַסן־קאַמף, בעשאַס אָט דער קאַמף ברענגט צו אַזוינע שרעקלעכע רעפּרעסיעס. די אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט דערפֿילט איר מאַכטלאָזיקײַט, האָט געזוכט אַ „העלד", וואָס אַנשטאָט איר אָדער אין איר נאָמען זאָל ער זיך נויקעם זײַן אין דעם באַדריקער און באַליידיקער. קעדיי צו באַנעמען די שאַרפֿקײַט, די פּאַרשפּיצטקײַט פֿונעם אײַנדרוק, דאַרף מען זיך דערמאָנען, אַז ערשט ניט לאַנג האָט זיך די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע געהאַט אַרויסגעריסן פֿון אונטער דעם יאָך, וואָס אַף איר האָט אַרופֿגעלייגט די געטאָ־פּסיכאָלאָגיע; זי האָט נאָך גוט געדענקט די פֿאַראַכטונג, וואָס נאָך גאָר ניט לאַנג האָט זי מיצאַד אַלעמען געפּילט אַף זיך. לײַבשטראָף פֿאַר דעם אַרבעטער־רעוואָליוציאָנער—דאָס האָט עפּעס מיטאַמאָל אַ קער געטון צוריק, צו פֿריִער, צו די אַמאָליקע שפּירונגען.

דער קאָמיטעט פֿון „בונד", און אויך דער פֿאַרייניקטער קאָמיטעט פֿון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט דעמלט עקזיסטירט אין ווילנע, האָט באַשלאָסן ניט אונטערצוגעבן זיך אָט די שטימונגען און בלײַבן אַף דער פּרינציפּן־הייך פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטיק. אַף דעם גוואַלט־טאַט פֿון דער פּאָליציי דאַרף מען ענטפֿערן דערמיט, וואָס מ'זאָל „פֿאַרשטאַרקן דעם מאַסנקאַמף פֿון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער אום צו פֿאַרניכטן די איצטיקע אָרדענונג און דעם עצעם יעסאָד פֿון גוואַלט־סיסטעם".

אין דער מער ברייטערער פּעריפֿעריע פֿון דער אונטערערדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע זײַנען אָבער אָנגעוואַקסן און האָבן אויסגעצײַטיקט אַנדערע שטימונגען. פֿון די מער אַקטיווע עלעמענטן אין דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך אָרגאַניזירט ניט קיין גרויסע גרופּע אַרבעטער (שלאָסער, שוסטער), וואָס האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן מיט דעם באַשלוס פֿון קאָמיטעט. געשטיצט דידאָזיקע גרופּע אַרבעטער־טעראָריסטן האָט איינמוטיק די גאַנצע אונטערערדישע מאַסן-אָרגאַניזאַציע פֿון די אַרבעטער. ענדלעך, איז דעם 5 (18) מײַ האָט איינער פֿון אָט דער גרופּע, דער שוסטער הירש לעקערט (זײַן נאָמען האָבן מיר שוין איינמאָל דערמאָנט) געשאָסן אין דעם ווילנער גובערנאַטאָר פֿאָן־וואַל. מיט איין קויל האָט ער אין אים געטראָפֿן. לעקערטן האָט מען געכאַפּט, איבערגעגעבן אים צום מיליטערישן געריכט, און דעם 29 מײַ (11 יוני) האָט מען אַפֿן מיליטערישן פֿעלד אים געהאַנגען, דערבײַ איז בײַגעווען אַ גרויסע מאַכנע מיליטער.

אין יענעם מאָמענט האָט אָט דער טעראָריסטישער אַקט, פאַר זיך גענומען, געוויס געהאַט אַ רעוואָליוציאָנערן ווערט. אין אָט דעם אַקט האָט די יידישע אַרבעטער־מאַסע געזעען ניט אַ טאַט פון איין־איינציקער פּערזאָן,—אין אָט דער פּערזאָן האָט זי געזעען איר שאָליעך, וואָס זי האָט פון זיך גופא אַרויסגערוקט און אים דעלעגירט. דאָ האָט נאָך געדינט דאָס, וואָס דער אָנפאַלער איז געווען אַ פּאַשעטער יידישער אַרבעטער, אַ שוסטער, וואָס האָט אַפילו שרייבן און לייענען ניט געקאָנט; ניט קיין געניטער און ניט קיין געפּרוווטער אין פּאָליטישע פראַגן און לויט זיין פּסיכאָלאָגיע זייער אַ נאָענטער דער גאַנצער ברייטער אַרבעטער־מאַסע. דער אַרויסטריט פונעם שוסטער לעקערט, וואָס האָט געשאָסן אינעם גובערנאַטער פאָן־וואַל, האָט אַף דער אָרטיקער בורזשואַזיע און אַף דער גאַנצער אַדמיניסטראַציע געמאַכט דעמזעלביקן שטאַרקן איינדרוק, וואָס דער אַרויסטריט פון דער דעמאָנסטראַנטן־מאַסע. מ'האָט עס אופגענומען פאַר אַן ענטפער פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע **אינגאַנצן גענומען** אַף דער טיפער באַליידיקונג, וואָס די אַדמיניסטראַציע האָט איר דערלאַנגט. אין די בורשואַזע און אויך פּאָליציייִשע קרייזן האָט מען געריידט וועגן דעם, אַז צופיל אָנטרעטן אַף די יידישע אַרבעטער קאָן מען ניט, זיי קאָנען פאַר זיך באַשטיין.

אַזוי האָט די בורזשואַזע געזעלשאַפטלעכע מיינונג און די פּאָליציי גופא אָפּגעשאַצט דעם טעראָריסטישן אַקט,—און דאָס האָט אויך אַזוי ווי דערוויזן די צוועקמעסיקייט פון טעראָריסטישע אַקטן אין אַזאַ אויסשליסלעכן מאָמענט, ווי בעשאַס מ'ווענדט אָן לייבשטראָף. די צאָל אָנהענגער פון „אָרגאַניזירטער נעקאָמע" איז אין די רייען פון דער פּאַרטייִשער בונדישער אָרגאַניזאַציע געוויס אויסגעוואַקסן נאָך לעקערטס אַטענטאַט. אַף דעם שטאַנדפּונקט האָט זיך די ערשטע טעג אויך געהאַט געשטעלט דער צ. ק. פון „בונד", וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אופרוף און דאָרט האָט ער געשריבן:

„יידישע אַרבעטער! *)

„דערווייזט נאָכאַמאָל די צאַרישע הענקער, אַז איר וועט ניט אַריבערטראָגן רויִק דאָס שענדלעכע באַגיין זיך מיט אייך; דערווייזט, אַז איר זייט מענטשן מיט מענטשלעכע געפילן, דערווייזט, אַז איר זייט גרייט צו באַשיצן אייער מענטשלעכע ווירדע און ענטפערן מיט גוואַלט אַף די גוואַלט־טאַטן פון די צאַרישע דינער.

„ביז איצט איז אונדזער פּאַרטיי געווען קעגן פּאָליטישן טעראָר, איצט אויך זאָגן מיר זיך אָפּ צו באַנוצן טעראָר פאַר אַ מיטל פון קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג.

„נאָר די ווילדע מייסים פון פאָן־וואַלן רופן אַרויס אַ שרעקלעכע אופרעגונג צווישן אַלע אונדזערע כאַווירים. מיר זיינען זיכער, אַז פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט וועט אופשטיין איינער, וואָס וועט נעקאָמע נעמען פאַר דער דערנידערונג פון זיינע ברידער, און אויב ס'וועט אין דעם פאַל פאַרגאָסן ווערן בלוט, וועט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דעם פאַלן אַף די קעפּ פונעם רוסישן צאַר און פון זיינע ווילדע מעשאָרסים".

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

ווי עס איז צו זען פון אָט דעם אופרוף, האָט דער צ. ק. ניט בלויז מיט־געפילט אַזאַ טעראָריסטישן אַרויסטריט, נאָר ער האָט אויך אים אַרונטערגענו־מען אונטער זײַן אָרגאַניזירטער שוץ. דער צ. ק. פון „בונד" האָט אַזוי ווי אונטערגעזאָגט, אַז די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע וואָלט געדאַרפט נעמען אַף זיך דאָס אָרגאַניזירן דעמדאָזיקן טעראָריסטישן אַקט. די פראַגע וועגן „אָרגאַניזירטער נעקאָמע" איז אויך געשטעלט געוואָרן צום באַ־האַנדלען אין די אָרגאַניזאַציעס און אין דער פּאַרטייִשער פּרעסע. די מיינונג פונעם צ. ק. פון „בונד", אַרויסגעזאָגט אין № 27 „אַרבעטער־שטימע", האָט גע־וויס געווירקט, און די צאָל פון די, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף אָנווענדן טעראָר, האָט זיך פאַרגרעסערט, זאָל זײַן איבער דיזעלביקע מאָטיוון, וואָס עס ווייַזט אָן דער צ. ק. און די פינפטע קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַווגוסט 1902 יאָר, האָט מיט אַ גרויסער מערהייַט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע פאַר „אָרגאַניזירטער נעקאָמע". מיר ברענגען דאָ די רעזאָלוציע:

„... פאַר קיינעם פון די מיטגלידער פון דער קאָנפערענץ איז ניט געווען קיין צווייפל (סאָמנעק), אַז אין וועלכער פאָרמע דער פּראָטעסט זאָל זיך ניט אויסדריקן, אַלס אַ מיטל קעגן אַזעלכע אַזיאַטישע טאַטן איז עס צו ווייניק. די ערע פון אַ רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פאָדערט ראַכע פאַר דער דערנידערונג פון אירע מיטגלידער.

„ס׳וואָלט געווען אַ גרויסער טאָעס צו מיינען, אַז אַזאַ אַרט ראַכע האָט אַוועלכע ניט איז שייַכעס צו טעראָר. ווען די פּאַרטיי באַשטימט צו באַשטראָפן פערזענלעך דעם אָדער יענעם צאַרישן דינער, מיינט זי ניט מיט דעם אָנצו־שרעקן די רעגירונג, אָדער ביכלאַל באַנוצן עס אַלס אַ מיטל צו דערגרייכן אירע צילן. דער ציל פון אַזעלכע אַקטן איז נאָר אָפּוואַשן דעם פלעק פון דער פּאַרטיי, און אַן אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי, וועלכע שטייט אימער אַף אַ פעסטן פּרינציפּיעלן און טאַקטישן באָדן, וועט שטענדיק זײַן אימשטאַנד צו פאַרהיטן, דאָס איינציקע אַקטן פון ראַכע זאָלן זיך ניט אומוואַנדלען אין סיסטעמאַטישן טעראָר".

און דער אויספיר איז:

„א) מ׳דאַרף פירן אַ שטאַרקע מאַסן־אַגיטאַציע פאַר די נייטיקייַט אַרויס־צוווייַזן אַ העכסט ענערגישן ווידערשטאַנד אין די צופאַלן, ווען די פערזאָן פון די אָנטיילנעמער אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף וועט ווערן אַנטערט (דערנידעריקט),

„ב) אַף יעדן פאַל פון דערנידערונג דאַרף מען ענטפערן מיט אָרגאַניזירטע אַקטן פון ראַכע און פּראָטעסט, און אַזוי ווי די ראַכע, אַזוי דער פּראָטעסט, שליסן ניט אויס איינס דאָס צווייטע".

צו באַקעמפן די רעזאָלוציע פון דער פינפטער קאָנפערענץ פון „בונד" איז אַרויס פון איין זײַט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד", און פון דער אַנדערער זײַט—„איסקראַ", און אויך אַ ריי אָרגאַניזאַציעס פון ר. ס. ד. א. פּ. אַף דאָרעם. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" איז אַרויס מיט אַ האַרבן אַרטיקל און האָט אופגעהויבן אַ קאַמפּאַניע פאַר איבערקוקן דעם באַ־שלוס פון דער פינפטער קאָנפערענץ.

מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אַז דער 5־טער צוזאַמענפאָר פון „בונד“, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1903 יאָר, האָט אָפּגעשאַפט די רעזאָליוציע פון דער פינפטער קאָנפערענץ. פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס דער „בונד“ האָט עקזיס־טירט, איז שוין מער ניט געווען קיין איין צופאַל, ווען אין דער אָדער יענער אָר־גאַניזאַציע זאָל זיך האָבן אַרויסגעוויזן וועלכער ס׳איז טעראָריסטישער אָפּנויג.

וואָס־זשע איז דאָס געווען? פונוואַנען האָט עס אַזוי פּלוצלינג אַרויסגע־קוועלט אַ טעראָריסטישע שטימונג? פון איין זײַט ליגט דאָ די סיבע אין דער שוואַכקײַט פון דער אָפּגעזונדערטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון יענעם פּעריאָד, אין איר שוואַכקײַט קעגן די מאַסן־רעפּרעסיעס, מיט וועלכע די צאַ־רישע רעגירונג האָט אַף איר געהאָגלט אינעם צאָפּן־קאַנט. אָט די שוואַכקײַט האָט געשפּײַזט און געהאָדעוועט טעראָריסטישע שטימונגען באַ דער ברייטער אַרבעטער־מאַסע. ווי איז אָבער מעגלעך געוואָרן, אַז אויך דער אָנפירנדיקער טייל אין „בונד“ זאָל זיך לאָזן דורכדרינגען מיט אַזוינע שטימונגען? דאָס קאָן מען דערקלערן נאָר דערמיט, וואָס דער בונדישער צענטער איז געווען אָפּגע־ריסן פון דעם אַלגעמיין־פּאָליטישן לעבן אין לאַנד. עס איז קלאָר, אַז די גאַנצע טעאָריע וועגן דער נייטיקייט פון „אָרגאַניזירטער נעקאָמע“ האָט אין איר גרונט איין באַשטימטן פּסיכאָלאָגישן צושטאַנד—אַ געוויסן אומטרוי צו דער קראַפט און מעכטיקייט פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. די פּאַרטיי־קאָמיטעטן — קיעווער, ניזשעגאָראָדיער, פּעטערבורגער און מאָסק־ווער, וואָס זײַנען געווען אין צענטער פון דער שוין פאַנאַנדערגעפלאַקערטער ברייטער מאַסנהאַפטער באַוועגונג פון אַרבעטער, סטודענטן און אַפילע פויער־שע אופשטאַנדן,—זיי, אָט די קאָמיטעטן, האָבן געפילט, אַז פונונטן שלאָגט זיך דורך אַ מעכטיקער רעוואָליוציאָנערער שטראָם, וואָס דאַרף אַראָפּטראָגן די גאַנצע עקזיסטירנדיקע אָרדענונג. דער „בונד“ האָט אין די אונטערשטע שיכטן דעמדאָזיקן שטראָם ניט דערשפּירט. קיינע טעראָריסטישע שטימונגען זײַנען ניט געווען אין וואַרשעווער און לאָדזער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“, ווײַל אָט די אָרגאַניזאַציעס האָבן נאָענט לעבן זיך געהאַט די ברייטע מאַסע אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט. דער זעלבשטענדיקער צ. ק. פון „בונד“, וואָס איז נאָך פּרינציפּיעל געשטאַנען פעסט פאַר זײַן פּאָליטישער זעלבשטענדיקײַט, איז אין יענעם מאָמענט געבליבן אונטער דעם ניוואָ, וואָס עס האָט דערלאַנגט די אַלגעמיינע אַנטוויקלונג פון די פּאָליטישע געשעענישן אין לאַנד. דער פאַקט, וואָס דער פינפטער צוזאַמענפאָר פון „בונד“ האָט געקענט אָן שום דעבאַטן מיטן העסקעם פון אַלע דעלעגאַטן אַראָפּנעמען אינגאַנצן די דיסקוסיע וועגן דער אַזויגערופענער „אָרגאַניזירטער נעקאָמע“ און איינפאַך אַריבערגיין צום טאָג־סיידער,—דאָס באַטאָנט נאָך מער די ניט־שטאַנדהאַפטיקײַט און וואַקלדי־קײַט פון דער פּאָזיציע באַם צ. ק. פון „בונד“. און דאָ באַקומט אָט דער קורצער טעראָר־עפּיזאָד אַ באַשטימטן טיפּן זינען פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, אוז ער בלײַבט אַן אָרגאַנישער טייל פון יענעם אַלגעמיינעם קריזיס, וואָס דער „בונד“ האָט דעמלט דורכגעמאַכט.

קאַפּיטל נײַן.

# דער „בונד" אַפֿן צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון ר.ס.ד.א.פּ.

אַלגעמיינע פֿראַגעס.

צו דער צײַט פֿונעם צווייטן צוזאַמענפֿאָר פֿון ר.ס.ד.א.פּ. האָט דער „בונד" אין אַלע פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע גרונט־פֿראַגן זיך ביכלאַל געהאַלטן בײַ דער אַלגעמיינער ליניע פֿון „איסקראַ". דער „עקאָנאָמיזם" איז געווען אינ־גאַנצן ליקווידירט. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געבליבן אַ נאַציאָנאַל־אָפּגעזונדערטע, האָט זיך אָבער אינעווייניק איבערגעבויט אין דער ריכטונג פֿון לעניס בראָשור „וואָס דאַרף מען טון". דער טעראָריסטישער אָפּנויג איז אויך געווען ליקווידירט. צו דערזעלבער צײַט איז אָבער דער „בונד" פֿאַטאַל גע־גאַנגען צו אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער שפּאַלטונג מיט ר.ס.ד.א.פּ. די דאָזיקע שפּאַלטונג איז אַפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿאָרגעקומען אַרום דער פֿראַגע „וועגן דער לאַגע פֿון „בונד" אין ר.ס.ד.א.פּ." דער צוזאַמענפֿאָר האָט אָפּגעוואָרפֿן דעם פּרינציפּיעלן, איקערדיקן פּונקט אין דעם בונדישן פּראָעקט, וועלכן עס האָט אָנגענומען דער בונדישער פֿינפֿטער צוזאַמענפֿאָר. די בונדישע דעלעגאַציע האָט דאַן דעם צוזאַמענפֿאָר פֿאַרלאָזט און דערבײַ געמאָלדן, אַז דער „בונד" גייט אַרויס פֿון ר. ס. ד. א. פּ. פֿאַר דער צײַט, וואָס פֿאַרן צוזאַמענפֿאָר, האָט „איסקראַ" געפֿירט אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף קעגן אַלע רעשטלעך פֿון פּאָליטי־שער און אָרגאַניזאַציאָנעלער קוסטאַרעריי, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין דעם פּעריאָד פֿון „עקאָנאָמיזם". אין אָרגאַניזאַציאָנעלער בויונג איז דער לאָזונג פֿון „איסקראַ" געווען — אופּשטעלן אַן איינהײַטלעכע צענטראַליזירטע ר.ס.ד.א.פּ. מיט אַן איינהײַטלעכן צענטער, וואָס הערשט און פֿירט אָן די גאַנצע אַרבעט, אַפֿן יעסאָד פֿון איינהײַטלעכע פּרינציפּן פֿון פּראָגראַם און טאַקטיק. אָט די ציל־ווענדונג פֿון „איסקראַ" אינעווייניק אין דער פּאַרטיי האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ ווידערשטאַנד ניט בלויז מיצאַד דעם „בונד": דער אויסלענדישער פֿאַרבאַנד פֿון רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דער שפּיץ מיט די אַלטע „עקאָנאָמיסטן"— מאַרטינאָוו און אַקימאָוו, די גרופּע „יוזשני ראַבאָטשי" און אַ ריי אַנדערע ווייניקער אײַנפֿלוסרײַכע גרופּעס און גרופּקעס זײַנען אויך שאַרף אַרויסגע־טראָטן קעגן שאַפֿן אַן איינהײַטלעכן צענטער. דער ווידערשטאַנד פֿון „בונד"

איז אָבער געווען שטאַרקער און פעסטער, מאַכמעס אין ר.ס.ד.א.פּ. האָט דער „בונד" מיט זיך פאָרגעשטעלט אינגאַנצן אַ זעלבשטענדיקע, פאַרצווייַגטע און צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע. פאַרטיידיקט זייַן זעלבשטענדיקייַט האָט ער אַפן סמאַך פון אַ באַשטימטער פעדעראַליסטישער קאָנצעפּציע, ווי אַזוי צו בויען די ר.ס.ד.א.פּ. די אַלע סיכסוכים, וואָס זייַנען ביזן צווייטן צוזאַמענפאָר געווען באַ „בונד" מיט „איסקראַ", האָבן זיך אויך געהאַלטן אַרום אָט די הויפּט־פּונקטן.

די דעלעגאַציע פון „בונד" אַפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ. האָט זיך באַטייליקט אין אַלע גרונט־פראַגן, וואָס זייַנען געשטאַנען אַפן טאָג־סיידער פונעם צוזאַמענפאָר,—פראַגן פון פּראָגראַם און פון פּאַרטיי־סטאַטוט. דעם צוזאַמענפאָר האָט זי פאַרלאָזט ערשט אַף דער 27־טער זיצונג (אינגאַנצן זייַנען געווען 37 זיצונגען). דאָס גיט אונז די מעגלעכקייַט צו זען, באַ וועלכע פּאָזיציעס האָט זיך די דעלעגאַציע געהאַלטן אין די אַלע שטרייַט־פראַגן, איבער וועלכע די פּאַרטיי האָט זיך געשפּאָלטן אַף באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס. די פּאָזיציע איז געווען אַ וואַקלדיקע, זי האָט אָבער אַף אַ געוויסן אויפן געשטיצט די גרונט־אָנזיכטן פון די צוקונפטיקע מענשעוויקעס.

אין די פראַגן פון פּראָגראַם:

די דעלעגאַציע פון „בונד" האָט איניינעם מיטן גאַנצן צוזאַמענפאָר געשטימט פאַר דער פּראָגראַם, וואָס די „איסקראַ" האָט אויסגעאַרבעט. די דעלעגאַטן פון „בונד" האָבן אָבער דאָ געהאַט געמאַכט פאַרשיידענע באַמערקונגען, האָבן געהאַט אַרייַנגעטראָגן אייניקע אויסבעסערונגען, און עס איז גאַנץ נייטיק זיי דאָ צו פאַרצייכענען:

1. עס טרעט ארויס דער אָפיציעלער אָראַטאָר פון „בונד". אָנגעהויבן דערפון, וואָס ניט יעדערער איז קאָמפּעטענט אין פּראָגראַם־פראַגן (גאַנץ מעשונע האָט עס געמוזט קלינגען אינעם מויל פון אַ פירער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע) און דעריבער וועט ער זיך באַגרענעצן בלויז מיט פראַגן און ספּעציפישע קעס, רעדט ער ווייַטער וועגן באַזונדערע פּראָגראַמען פאַר באַזונדערע טיילן פון דער פּאַרטיי, וואָס אַרבעטן אין באַזונדערע באַדינגונגען. „דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט קומט אויס צו קעמפן קעגן אַזעלכע „רעשטלעך עקאָנאָמישע פאָרמען, ווי פאַרמיטלערייַ אוכעדוימע. דידאָזיקע רעשטלעך לייגן זייער שטעמפּל אַף דעם גאַנצן קאַמף פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט". אַף די טייַנעס ענטפערט דער כ' ליאַדאָוו. ער דערווייַזט, ווי ניט ריכטיק עס איז די מיינונג, אַז „דער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט דאָס רעכט צו האָבן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע, ווייַל קלוימערשט זייַנען די קלאַסן־באַציִונגען באַ די יידן אינגאַנצן אַנדערע, איידער אין גאַנץ רוסלאַנד". „די קלאַסן־באַציִונגען צווישן יידן זייַנען אַ טיילעכל פון אָט דעם אַלעם, וואָס שאַפט די קלאַסן־געשטאַלט פון רוסלאַנד". וואָס ס'איז שייַעך פאַרמיטלערייַ, איז פּונקט דיזעלביקע פאָרם עקספּלואַטאַציע האָבן מיר אומעטום, ווו נאָר מיר באַגעגענען הויזאינדוסטריע, ווו נאָר מיר האָבן דעם קוסטאַרישן פּראָדוקציע־אויפן" (די 8־טע זיצונג ז. 100 „פּראָטאָקאָלן" פאַרלאַג „פּריבאָי" 1924 יאָר).

2. מיר האָבן ניט קײַן אָנגאָבן און ווייסן ניט, ווי אַזוי האָבן די דעלע־גאַטן פון „בונד" געשטימט בײַ יענע באַוווסטע אויסבעסערונגען, וואָס האָבן געדאַרפט אין דער פּראָגראַם פעסטשטעלן די פּרינציפּן פון אַבסאָליוטער „דע־מאָקראַטיע", וואָס קעגן זיי, קעגן די אויסבעסערונגען, זײַנען שאַרף אַרויסגע־טראָטן פּאָסאַדאָווסקי און פּלעכאַנאָוו און האָבן געזאָגט, אַז „אַלע דעמאָקראַ־טישע פּרינציפּן דאַרפן האָבן זייער פּרובירשטיין אין די נוצן פון אונדזער פּאַר־טיי", וואָס „שטרעבט צו איר ענדציל, צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע". מיר ווייסן אָבער וועגן דער מעלדונג פון גאָלדבלאַטן (מעדעם), אַלס ענטפער אַף פּלעכאַנאָווס רייד:

„גאָלדבלאַט געפינט, אַז פּלעכאַנאָווס ווערטער זײַנען ענלעך צו דער בור־זשואַזער טאַקטיק. אויב זײַן לאָגיש און קאָנסעקווענט דאַרף מען אַפן סמאַך פון פּלעכאַנאָווס ווערטער אינגאַנצן אויסמעקן פון אונדזער פּראָגראַם די פאָדע־רונג פון אַלגעמיינע וואַלרעכט" (זיצונג 16־טע ז. 211).

3. ליבער האָט מיט אַקשאָנעס געקעמפט קעגן דער אַגראַרער פּראָגראַם, וואָס האָט געפאָדערט אומקערן די פּויערים די „אָפּשניטן". ער האָט געטײַנעט, אַז דאָס איז בעפּיירעש ווייניק, און אַז אָט דער פּונקט פון פּראָגראַם מוז אין אַ קאָמיסיע איבערגעאַרבעט ווערן. אַליין אָבער האָט ער קיין אַנדערע פאָדע־רונגען ניט אַרויסגעשטעלט. מיט דערזעלביקער אַקשאָנעס איז ער אויך אַרויס קעגן דעם פּונקט צו שאַפן „פּויערשע קאָמיטעטן" אין יענע ערטער, ווו עס גייט אָן אַגראַרע באַוועגונג. ער האָט דאָ אַרויסגעזאָגט „לינקע" סוואָרעס וועגן דער סאַקאָנע, אַז די קולאַקעס זאָלן ניט אַרײַנעמען דידאָזיקע קאָמיטעטן אין זייערע הענט, און האָט אַרויסגעוויזן, ווי אַזוי ער באַנעמט אין טאָך ניט לענינס קוק אַף דעם כאַראַקטער, וואָס עס האָט דער קאַמף פון דער גאַנצער פּויערשאַפט אין יענעם פּעריאָד קעגן די פּריצים און דעם צאַריזם (זיצונג 24־טע, ז. 240).

4. „לינקע" אויסבעסערונגען האָט ליבער אויך געהאַט אַרײַנגעטראָגן אין פּראָגראַם־פּונקט וועגן „שטיצן יעדע אָפּאָזיציאָנעלע און רעוואָליוציאָנערע באַ־וועגונג"; דאָס וואָרט „אָפּאָזיציאָנעלע" האָט ליבער פאָרגעלייגט פאַרבײַטן מיט די ווערטער, „פּראָגרעסיוו־אָפּאָזיציאָנעלע". אַזוינס איז אָבער געווען אינגאַנצן איבעריק, מאַכמעס אין פּראָגראַם־טעקסט איז בעפּיירעש געווען אָנגעוויזן, אַז די פּאַרטיי שטיצט די באַוועגונג, וואָס „גייט קעגן דער אין רוסלאַנד עקזיס־טירנדיקער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אָרדענונג", און דער כשאַד, אַז דאָ קאָן קומען די קאַוואָנע צו שטיצן די עכט רעאַקציאָנערע און „אָפּאָזיציאָנע־לע" אַגראַריער, אַזאַ כשאַד האָט לאַכלוטן ניט געהאַט קיין שום גרונט. באַם באַהאַנדלען די פּראַגע וועגן דער באַציִונג צו די ליבעראַלן איז די דעלעגאַציע פון „בונד" שוין אַפן צוזאַמענפאָר ניט געווען. וועגן די אויסבעסערונגען פון „בונד" אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע וועלן מיר ריידן שפּעטער.

אין די פּראַגן פון אָרגאַניזאַציע:

1. אָפּגעשאַצט דעם פּאַרטיי־סטאַטוט, אויסגעאַרבעט פון לענינען, האָבן די דע־לעגאַטן פון „בונד", פּונקט אַזוי ווי עס האָבן אים אָפּגעשאַצט די „ראַבאָטשע־

דעלצעס״. שאַרף זײַנען די בונדיסטן אַרויס קעגן דעם לענינשן צענטראַליסטישן פּלאַן. „קיינמאָל, האָט ליבער געטײַנעט, קיינמאָל נאָך איז דער שטעקן אַזוי איבערגעבויגן ניט געווען, און וואָלט מען געברויכט דעם כאַווער טראָצקיס אויסדרוק, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אַז דער פּראָעקט פֿונעם סטאַטוט — דאָס איז „אָרגאַניזירטער אומטרוי״. ליבער איז אַנטשיידן אַרויסגעטראָטן קעגן דער הערשאַפֿט פֿון איין צענטער—דער רעדאַקציע פֿון צענטראַלן אָרגאַן. שאַרף איז אויך דאָ אַרויס גאָלדבלאַט (מעדעם), ער האָט געטײַנעט קעגן דער „אומבאַגרענעצטער מאַכט״ פֿונעם צענטער, קעגן זײַן רעכט „אומבאַגרע־נעצט ארײַנצומישן זיך אין אַלץ, וואָס עס טוט יעדע איינציקע אָרגאַניזאַציע״; דערבײַ האָט ער אָנגעוויזן, אַז בעיִם דער צענטער וועט האָבן אַזוינע רעכט, וועט דער בונדישער צ. ק. ניט פֿאַרמאָגן קיינע גאַראַנטיעס פֿאַר זײַן עקזיס־טענץ און פֿאַר דער זעלבשטענדיקײַט פֿון זײַן אַרבעט (זיצונג 14 און 15, זײַטן 144, 148,147).

2. אינעם קאַמף, וואָס האָט זיך געפֿירט אַרום דעם § 1 פֿונעם סטאַטוט, האָט די בונדישע דעלעגאַציע געשטיצט די צוקונפֿטיקע מענשעוויקעס.

ליבער: איך בין אינגאַנצן מאַסקים מיטן כ. אַקסעלראָד און מיט מאַר־טאָוון. זיי האָבן ריכטיק געשטעלט די פֿראַגע. דער כ׳ לענין האָט דאָ גאָר־נישט ניט אָפּגעשלאָגן און גאָרנישט ניט דערוויזן. איך האָב אופֿמערקזאַם גע־מאַכט דעם צוזאַמענפֿאָר אַף דעם, אַף וואָס קיינער האָט זיך נאָך ביז אַהער ניט אָפּגעשטעלט. עס זײַנען פֿאַראַן סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס אָנערקענען די פּראָגראַם, זיי קאָנען אָבער ניט און ווילן ניט אַרײַן אין דער אָרגאַניזאַציע, מאַכמעס זיי האַלטן, אַז אויסער דער אָרגאַניזאַציע קאָנען זיי מער נוצן ברענגען. די פּאַרטיי דאַרף דידאָזיקע עלעמענטן אויסנוצן. דער כ׳ לענין מישט צונויף די פֿראַגע וועגן דער אָרגאַניזאַציע מיט דער פֿראַגע וועגן איינציקע פּערזאָנען. אונדזער אופֿגאַבע איז ניט נאָר אָרגאַניזירן אַן אָרגאַניזאַ־ציע, מיר דאַרפֿן און קאָנען אויך אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיי.

די שטעלונג איז דאָ אַזאַ קלאָר־באַשטימטע, אַז קיין פּערושים דאַרף מען דאָ ניט. מיר וועלן דאָ דערעך־אַגעוו באַמערקן, אַז אַפֿן VII צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד״, האַרבסט 1906 יאָר, ווו ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער סטאַטוט פֿון „בונד״, האָט מען דעם § 1 פֿונעם סטאַטוט אָנגענומען אין דער מענשע־וויסטישער רעדאַקציע.

3. אין דערזעלבער צײַט האָבן די בונדישע דעלעגאַטן אפֿן צוזאַמענפֿאָר אַלץ אונטערגעשטרײַכט די צענטראַליסטישע פּרינציפּן, וואָס זײַנען אָנגענומען אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ווען נאָכן בונדישן פּאָרטראַג-באַריכט האָט פּלעכאַנאָוו פֿאַר די דעלעגאַטן פֿון „בונד״ גלײַך געשטעלט די פֿראַגע, צי קאָ־נען „די פּרינציפּן פֿון דעם איצט באַ אונדז אַזויגערופֿענעם דעמאָקראַטיזם אָנ־געווענדעט ווערן אין די אָרטיקע קאָמיטעטן״, האָט דער פּאָרטרעגער ליבער געענטפֿערט: „לויט אונדזער דערפֿאַרונג איז עס ניט מעגלעך אַרײַנצופֿירן די פּרינציפּן פֿון דעמאָקראַטיזם, וועלכע עס לייגן פֿאָר און באַ וועלכע עס האַלטן זיך פֿעסט איינציקע אונדזערע כאַווײרים״.

ווי מיר זעען, איז די וואַקלדיקע „זומפּיקע״ פּאָזיציע, וואָס עס האָבן פאַרנומען די בונדישע דעלעגאַטן, דאָך געווען אַסאַך נעענטער צו די מענ־שעוויסטישע קאָנצעפּציעס. ווי אַזוי אין אָט די אַלע פראַגן האָט געהאַלטן די אונטערשטע בונדישע אָרגאַניזאַציע, — דאָס איז ניט באַוווסט: דער בונד איז פון ר.ס.ד.א.פּ. אַרויס, אָנגענומען איז געוואָרן די טאַקטיק אײַנצוהאַלטן באַ זיך די איינהײַטלעכקײַט, — און דאָס האָט געצווּונגען וועגן די אַלע פראַגן — אָפּשווײַגן. קלאָר איז אָבער, אַז אויך אין „בונד״ וואָלט ניט געווען קיין איינ־הײַטלעכקײַט. דער „באָלשעוויזם״ וואָלט אונטן אין דער אָרגאַניזאַציע געקאָנט אָפּזוכן אָנהענגער אין 1903 יאָר, ווי ער האָט עס אָפּגעזוכט אין 1905—1906 יאָר.

די אַלע מאַטעריאַלן אין דעם קאַפּיטל האָבן מיר געבראַכט קעדיי צו דער־ווײַזן, אַז די שפּאַלטונג פון „בונד״ מיט ר.ס.ד.א.פּ. איז קלאַל ניט געווען קיין צופעליקע און איז ניט געווען געבונדן בלויז מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. שוין אין 1903 יאָר וואָלט דעם „בונד״ גרינגער געווען זיך צונויפצורײדן מיט די מענשעוויקעס, ווען זיי וואָלטן אים געווען געמאַכט די נאַציאָנאַלע האַנאָ־כעס, וואָס עס האָט אים אין 1912 יאָר געמאַכט דער „אַווגוסט־בלאָק״.

---

קאפיטל צען.

# וווקס פון נאַציאָנאַליזם און סעפּאַראַטיזם. אַרויס-טריט פון דער ר.ס.ד.א.פּ.

די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען פון „בונד" האָבן זיך אויסגעפורעמט אין צוויי ריכטונגען: 1) אַרום דער פראַגע וועגן ספּעציעלע פאָדערונגען פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און 2) אַרום דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע, אַרום דער פראַגע וועגן דער לאַגע פון „בונד" אין די רייען פון ר.ס.ד.א.פּ.

דער באַשטענדיקער, דער אָנופהערלעכער קאַמף מיטן ציאָניזם האָט פאַרן „בונד" אַוועקגעשטעלט די נאַציאָנאַלע פראַגע. דער „בונד" האָט שוין ניט גע-וואָלט מער באַנוגענען זיך מיט די אַלגעמיינע פאָדערונגען פון דער דעמאָ־קראַטישער פּראָגראַם, ער האָט זיך שוין ניט באַפרידיקט דערמיט, וואָס אַנט־קעגן ציאָניזם זאָל ער אַרויסשטעלן סאָציאַליזם, אַלס די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וואָס וועט מאַכן אַ סאָף מיטן נאַציאָנאַלן יאָך און מיטן נאַציאָנאַלן קאַמף. „בונד" האָט געזוכט אַ פּאָזיטיווע לייזונג פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע פון די יידן פון אַ פאָלק, אָן עקסטעריטאָריאַלן. אַפּן פערטן צוזאַמענפאָר (אַפּרעל 1901 י.) נעמט דער „בונד" אָן פאָלגנדיקע צוויי רעזאָלוציעס:

1. וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

„דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט, אַז לויט דעם זינען פון דער סאָציאַל-דעמאָ־קראַטישער פּראָגראַם דאַרף ניט זיין קיין שום דרוק ניט נאָר פון איין קלאַס איבערן אַנדערן, ניט נאָר פון דער רעגירונג איבער די בירגער, נאָר אויך פון איין נאַציע איבער דער אַנדערער, די הערשאַפט פון איין שפּראַך איבער דער אַנדערער.

„דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט, אַז אַזאַ מעלוכע, ווי רוסלאַנד, וואָס האָט אין זיך אַסאַך פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, דאַרף אין דער צוקונפט ווערן אַ פעדעראַציע פון נאַציאָנאַליטעטן און יעדע נאַציאָנאַליטעט זאָל האָבן פולע נאַ־ציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע, אומאָפּהענגיק פון דער טעריטאָריע, וואָס זי באַ־וווינט.

„דער צוזאַמענפאָר אָנערקענט, אַז דער באַגריף „נאַציאָנאַליטעט" פאַלט אויך אַפּן יידישן פאָלק.

„האַלטנדיק אָבער פאַר פריצייטיק אַרויסצושטעלן באַ די איצטיקע באַדינגונגען די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע פאַר ייִדן, געפינט דער צוזאַמענפאָר, אַז איצט דאַרף מען זיך באַנוגענען נאָר מיט פירן אַ קאַמף פאַר אָפּשאַפן אַלע אויסנעם-געזעצן קעגן ייִדן, באַצייכענען יעדע אַרויסווייזונג פון דרוק קעגן דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט און פּראָטעסטירן קעגן דעם, אויסמײַדנדיק דערבײַ צו צעבלאָזן דאָס נאַציאָנאַלע געפיל, וואָס קאָן נאָר פאַרטונקלען דעם באַוווסטזײַן פונעם פּראָלעטאַריאַט און וואָס פירט נאָר צו שאָוויניזם".

2. וועגן דער לאַגע פון „בונד" אין ר.ס.ד.א.פּ.

„פאָרשטעלנדיק זיך די ר.ס.ד.א.פּ. אַלס פעדעראַטיווע פאַרטיי-פאַרייניקונג פון אַלע נאַציעס, וואָס באַפעלקערן די רוסלענדישע מעלוכע, — האָט דער צוזאַמענפאָר באַשטימט, אַז דער „בונד" אַלס פאָרשטייער פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט זאָל אַרײַן אין דער פאַרטיי אַלס אַ פעדעראַטיווער טייל און באַפטראָגט דעם צ. ק. פון „בונד" דורכצופירן דעמדאָזיקן באַשלוס אין לעבן"*).

דידאָזיקע רעזאָליוציע ווערט נאָך דערגאַנצט מיט דער באַשטימונג צו פאַרברייטערן די אַרבעט פון „בונד" אַף דאָרעם. אַרום אָט דער באַשטימונג זײַנען אַפילו פאַראַן פאַרשיידענע באַמערקונגען, דער זינען אירער איז אָבער קלאָר: קיינע ראַיאָן-גרענעצן דאַרף דער „בונד" פאַר זיך ניט האָבן.

די פעדעראַליסטישע פּאָזיציע פון „בונד" איז דאָ פאָרמולירט קלאָר און שאַרף. ווען די רעזאָלוציעס פונעם 4-טן צוזאַמענפאָר זײַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט „איסקראַ" זיי באַגעגנט מיט שאַרפע אָנפאַלן. די אָרגאַנען פון „בונד" האָבן דערויף געענטפערט אויך שאַרף און אופגערעגט. אין אָט דער דיסקוסיע האָט לעבהאַפט זיך באַטייליקט דער כ' לענין**).

ס'איז געווען קלאָר, אַז פאַרן „בונד" וועט דער שווערפּונקט פון דעם שטרײַט אַפּן פאַרטיי-צוזאַמענפאָר ניט זײַן גראָד אין דער פּראָגראַם וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע. וועגן אָט דער פראַגע איז אי אין דער אַלטער פּראָגראַם פון ר. ס. ד. א. פּ. אי אויך אין דעם פּראָעקט פון דער נײַער פּראָגראַם געווען איינע און דיזעלבע פאָרמולע,—די פאַרטיי אַנערקענט, אַז יעדע נאַציע האָט דאָס רעכט אַף זעלבסטבאַשטימונג. אַפּן צווייטן פאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט דידאָזיקע פּראָגראַם ניט געקאָנט קאָנקרעטיזירט ווערן, מאַכמעס די פאַרטיי אינגאַנצן גענומען איז נאָך ניט געווען צוגעגרייט אַף צו דערלייזן די קאָנקרעטע נאַציאָנאַלע פראַגן. דער „בונד" האָט דעריבער גערעכנט פאַר נייטיק צו זיכערן פאַר זיך דאָס רעכט אויסצוטײַטשן דידאָזיקע פאָרמולע, דידאָזיקע פאָדערונג אין גײַסט פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, וואָס איז געווען אָנגענומען אַפּן IV בונדישן צוזאַמענפאָר.

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

**) זע לענינס אַרטיקל: „צי דאַרף דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אַ זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פאַרטיי".

די פּראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם האָט אַזוי אַרום אין דער טאַקטיק פון „בונד" אַפּן צווייטן צוזאַמענפּאָר קיין זעלבשטענדיק אָרט ניט פאַרנומען. דידאָזיקע פּראַגע איז בלויז געווען אַן אָרגאַנישער טייל פון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּראַגע וועגן די רעכט פון „בונד", וועגן זײַן אַווטאָנאָמיע, וועגן זײַן אָרט אין די רייען פון ר. ס. ד. א. פּ.

שטייענדיק שוין האַרט באַ דער רוסלענדישער רעוואָליוציע, וואָס אָט־אָט קומט זי אָן, רעכנט דער „בונד" פאַר נייטיק אונטערצושטרײַכן מיט אַ באַזונדער ענערגיע דעם *פּרינציפּ פון „נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקײַט"*; ער דערמאָנט אַלץ, ווי נייטיק עס איז צו באַוואָרענען די נאָענטסטע „אינטערעסן",—גלײַך ווי אינעווייניק אין דער פאַרטיי וואָלט געלעגן אַוועלכע ס'איז געפאַר פאַר אָט די אינטערעסן. דאָ האַנדלט זיך שוין ניט, ווי פריִער, אַז אַ באַזונדער אָרגאַניזאַציע דאַרף מען צוליב צופאַסן די אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע צו דער פּסיכאָלאָגיע און צו די שטייגער־באַדינגונגען פון די ייִדישע אַרבעטער. דאָ רעדט זיך שוין וועגן בויען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פאַרטיי אַזוי, אַז אין איר זאָלן זיך אײַנפּאַסן *באַזונדערע אָרגאַניזירטע פּאָליטישע קרעפטן*, וואָס יעדערע פון זיי פאַרטיידיקט פאַר דער רוסלענדישער רעוואָליוציע *אירע באַזונדערע* נאָענטסטע אינטערעסן, און צוזאַמען גענומען בילדן זיי די אײנהײַטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי. אין דער צײַט, ווען מאַרטאָוו האָט גערעדט וועגן „אָרגאַניזירטן אומצוטרוי", האָט מען געהאַט אין אויג בלויז די פאָדערונג פון בירגערלעכער גלײַכבאַרעכטיקונג פאַר ייִדן. איצטער האָט שוין דער „באַזונדערער כעשבן" פון דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע אַרײַנגערעכנט נאָך אַ פאָדערונג, די פאָדערונג פון „קולטור־נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע". די אַלגעמיינע פּראָגראַם פון ר. ס. ד. א. פּ. האָט די פאָדערונג ניט אַנערקענט, און דאָס האָט אין די אויגן פון די בונדיסטן אַזוי ווי באַרעכטיקט די נייטיקײַט צו פאָדערן מיט אַ באַזונדער אַקשאָנעס אַ געוויסע פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט פאַרן „בונד" און אַ פעדעראַטיוון געבוי פון ר. ס. ד. א. פּ. קלאָר איז, אַז אַף צו דערגרייכן די פאָדערונג—נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע מוז קומען אַ באַזונדער גרופּירונג פון פּאָליטישע קרעפטן, וואָס קעמפן פאַר אָט דער פאָדערונג. פאַר אַזאַ קראַפט קאָן דינען דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט און די שיכטן פון ייִדישן פאָלק, וואָס שטיצן אים,— און מעגלעך, אַז דאָס זאָל זײַן אָן דער שטיצע פונעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט. אָט דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן דער נאַציאָנאַליסטישער אונטערשלאַק פון אָט דער פאָדערונג, וועלכע דער „בונד" האָט ניט געוואָלט אונטערוואַרפן דער אַלגעמיינער מיינונג פונעם אָרגאַניזירטן טייל רוסישן פּראָלעטאַריאַט, פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פאַרטיי.

לעכאַטכילע, בעשאַס דער „בונד" האָט אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג פון פעדעראַציע, האָט ער געמיינט איבערצובויען די רוסלענדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס, — עס זאָל זײַן אַ באַזונדער צ. ק. פון דער *רוסישער* סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון דער פּוילישער, לעטישער, און איבער זיי אַלע אַ נײַער צ. ק. פון דער *רוסלענדישער* סאָציאַל־דעמאָק־

ראַטיע, אַ צ. ק., וואָס זאָל באַשטיין פון פאַרטרעטער פון די באַזונדערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, דערינען אויך פון דער רוסישער. ער האָט גע־שטויסן די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַרופצוגיין אַפן וועג פון „נאַציאָנאַ־לער זעלבסטבאַשטימונג”, ער האָט זי געוואָלט זען אין נאַציאָנאַלן געשטאַלט, אַלס אָרגאַניזאַציע פון רוסישע אַרבעטער, גלײַכוועדטיק מיט דער אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע, פוילישע, לעטישע אַרבעטער. שפּעטער האָט זיך דער „בונד” אָפּגעזאָגט פון אַזאַ שאַרף־אויסגעשפּראָכענער פּעדעראַליסטישער סיסטעם, ער האָט בלויז געפאָדערט גאַראַנטיעס פאַר זײַן אייגענער אָרגאַניזאַציע, אַלס אַזאַ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין באַזונדערע היסטאָרישע באַדינגונגען, און איר אָנטייל אין דער גאַנצער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע דאַרף דעריבער אויך זײַן אַף אַ באַזונדערן אויפן.

דער פינפטער צוזאַמענפאָר פון „בונד” האָט דעטאַל, מיט אַלע איינצלהייטן, אויסגעאַרבעט דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן סטאַטוט אַף צו ברענגען אים אַפן צווייטן צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ., דערבײַ האָט פון אָט דעם סטאַטוט די דעלע־גאַציע גופא אויסגעטיילט יענעם דורכויס נייטיקן טייל, די פּראָגראַם־מינימום, וואָס אָן דעם, אויב דער צוזאַמענפאָר זאָל דאָס ניט אַנערקענען, קאָן דער „בונד” ניט פאַרבלײַבן אין די רייען פון דער איינהייטלעכער ר. ס. ד. א. פּ.

אין פּראָגראַם־מינימום איז דער הויפּט־פּונקט געווען דער צווייטער:

„דער „בונד” איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז ניט באַשרענקט אין איר טעטיקייט מיט קיינע ראַ־יאָנע גרענעצן און גייט אַרײַן אין פאַרטיי ווי זײַן (דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַטס) איינציקער פאָרשטייער”.

אין פּראָגראַם־מאַקסימום מעלדעט זיך דער „בונד”, אַלס פעדעראַטיווער טייל פון ר. ס. ד. א. פּ. זײַן אָנטייל אין די אַלגעמיינע צוזאַמענפאָרן ווערט דאָ באַצייכנט אַלס פאָרשטייערשאַפט, וואָס „טרעט אַרויס, ווי אַ פאָרשטייער־שאַפט, אין די פראַגן, אַף וועלכע עס איז כאַל (עס פאַלט) די קאָמפּעטענץ פון די צוזאַמענפאָרן פון „בונד”. „אַף צו ווענדן זיך צום ייִדישן פּראָלעטאַריאַט דאַרף דער קאָנטראַגענט (!!), וואָס וויל עס, האָבן די האַסקאָמע פון דעם צ. ק. פון „בונד”. דער צ. ק. פון דער פאַרטיי האָט רעכט אַרײַנצוטרעטן אין באַציִונגען מיט איינציקע טיילן פון „בונד” נאָר מיט דער אײַנשטימונג פון צ. ק. פון „בונד”,

דער „בונד” האָט אַף זײַנע באַציִונגען מיט ר. ס. ד. א. פּ. געקוקט, ווי אַף באַציִונגען פון צוויי צדאָדים, וואָס האָבן צווישן זיך אַן אָפּמאַך. אַף אַזאַ אויפן האָט אין זײַנע אויגן דער צווייטער צוזאַמענפאָר געשײַנט צו זײַן אַ גרינדונג־צוזאַמענפאָר, פאַר וועלכן ער קאָן שטעלן געוויסע טנאָים און דערבײַ אַפילע אולטימאַטיווע. זייער לאָגיש און אינגאַנצן באַרעכטיקט איז דע־ריבער געווען דער באַשלוס פון צוזאַמענפאָר מיט כ׳ לעגינען בעראָש, אַז די פראַגע וועגן דידאָזיקע טנאָים פון „בונד” זאָל שטיין אַפן ערשטן פּונקט פון טאָג־סיידער. ניט לאָגיש זײַנען געווען דאָ די דערווידערונגען פון דער בונדי־שער דעלעגאַציע.

אין די דעבאַטן וועגן דער פראַגע האָבן בלויז די דעלעגאַטן־ראַבאָטשע־דעלצעס טיילווייַז געשטיצט דעם „בונד״. דידאָזיקע אונטערשטיצונג אַנטפּלעקט אַמבעסטן דעם אַלגעמיין־פּאָליטישן כאַראַקטער, וואָס עס האָט געהאַט דער שטרייַט־פּונקט מיט „בונד״: די ראַבאָטשעדעלצעס האָבן געשטיצט די בונ־דיסטן קעגן די רעוואָליוציאָנערע צענטראַליסטישע פּרינציפּן, וואָס פאַר די ראַבאָ־טשעדעלצעס זייַנען זיי געווען מער ווי ניט אָנגענעם. אינעם „בונד״ האָבן אָט די דעלעגאַטן געזעען פאַר זיך אַן אָנשפּאַר אַף ווידער אופצושטעלן קוסטאַרערײַ אין דער פּאַרטיי. נאָך די לעבהאַפטע דעבאַטן האָט דער צווייטער פּאַרטיי־צו־זאַמענפאָר אָנגענומען פאָלגנדיקן מאָטיווירטן באַשלוס*):

„נעמענדיק אין אַכט: א) אַז די שטאַרקסטע פאַרייניקונג פונעם יידישן פּראָ־לעטאַריאַט מיטן פּראָלעטאַריאַט פון יענע ראַסן צווישן וועלכע ער לעבט, איז אומבאַדינגט נייטיק צוליב די אינטערעסן פון זייַן קאַמף פאַר פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באַפרייַונג; ב) אַז נאָר אַזאַ פאַרייניקונג גאַראַנטירט דער סאָצי־אַל־דעמאָקראַטיע דערפאָלג אין איר קאַמף קעגן יעדן מין שאָוויניזם און אַנטי־סעמיטיזם; ג) אַז אַזאַ אייניקייַט שליסט קלאַל ניט אויס די זעלבשטענדיקייַט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלץ, וואָס איז שייַעך צו די ספּעציעלע אופגאַבן פון אַגיטאַציע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג, — אופגאַבן, געשאַפענע דורך די אייגנטימלעכקייַטן פון שפּראַך און לעבנ־שטייגער —

זאָגט דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָק־ראַטישער פּאַרטיי אַרויס זייַן טיפע איבערצייַגונג, אַז דאָס איבערבויען די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציִונגען צווישן דעם יידישן און רוסלענדישן פּראָלעטאַר־יאַט אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס וואָלט מאַמאָשעסדיק געשטערט דער מער־פו־לער אָרגאַניזאַציאָנעלער דערנעענטערונג צווישן די באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַר־יער פון פאַרשיידענע ראַסן, און אומפאַרמייַדלעך וואָלט עס געבראַכט אַ גוואַל־דיקן שאָדן פאַר די אינטערעסן פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט ביכלאַל און פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ביפּראַט, וואָס אין רוסלאַנד, און דעריבער איז, אָפּוואַר־פנדיק אַנטשלאָסן, ווי אַ זאַך, וואָס קאָן אַבסאָליוט ניט דערלאָזט ווערן אין פּרינציפּ, יעדע מעגלעכקייַט פון פעדעראַטיווע באַציִונגען צווישן דער רוסלענ־דישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי און דעם „בונד״ — אירן אַ באַשטאַנד־טייל, באַשטייט דער צוזאַמענפאָר, אַז אין דער אייַנהייַטלעכער רוס־לענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פאַרנעמט דער „בונד״ אַן אָרט פון אַן אַווטאָנאָמען באַשטאַנד־טייל, וואָס די גרענעצן פון זייַן אַווטאָנאָמיע דאַרפן ווערן באַשטימט בעשאַסן אויסאַרבעטן דעם אַלגעמיין־פּאַרטייישן סטאַטוט.

*) אַגעוו וועלן מיר באַמערקן, אַז דעם באַשלוס האָט אין נאָמען פון דער קאָמיסיע אַרייַנגע־טראָגן מאַרטאָוו, וואָס אין 1895 יאָר האָט ער באַגרינדעט די בונדישע פּאָזיציע. דערזעלביקער מאַר־טאָוו האָט אָבער אין 1912 יאָר אַף דער ווינער קאָנפערענץ פונעם אַזויגערופענעם אווגוסט־בלאָק אייַנגעשלאָסן אין זייַן פּראָגראַם פון ר. ס. ד. א. פּ. די בונדישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָ־נאָמיע.

„באַטראַכטנדיק דעם „סטאַטוט", וואָס עס לייגן פאַר די דעלעגאַטן פון „בונד", אַלס אַ פּראָעקט, וואָס דאַרף זיין אַ טייל פונעם אַלגעמיין־פּאַרטייישן סטאַטוט, און איבערטראַגנדיק דאָס באַהאַנדלען אים צום § 6 פון טאָג־סדער, גייט דער צוזאַמענפאָר—אפן סמאַך פון אַלעם געזאָגטן—אריבער צו די איניאַנים, וואָס דאַרפן באַטראַכט ווערן לויט דער איינגעשטעלטער ריי".

דידאָזיקע רעזאָליוציע האַלט דעם „בונד" פאַר אַן אַ ו ט אָ נ אָ מ ע ן  ב אַ־שטאַנד־טייל פון דער פּאַרטיי, זי אַ נ ע ר ק ע נ ט  געוויסע  ז ע ל ב ש ט ע נ ד י ק ײַ ט פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין פראַגן, וואָס זיינען שייך צו ספּעציעלע אופגאַבן פון אַגיטאַציע; זי וואַרפט נאָר אָפּ פעדעראַציע, ווייל דאָס „וואָלט געשטערט דער מער פולער אָרגאַניזאַציאָנעלער דערנעענטערונג צווישן די באַוווּסטזיניקע פּראָלעטאַריער פון פאַרשיידענע ראַסן".

דער צוזאַמענפאָר האָט, ווי עס איז צו זען, קלאָר ניט געהאַט די קאַוואָנע אָפּצושאַפן דעם „בונד", ליקווידירן אים; דער צוזאַמענפאָר האָט געהאַט אין אויג די היסטאָרישע באַדינגונגען, אין וועלכע דער „בונד" איז אופגעקומען, ער האָט זיך בלויז אָפּגעזאָגט צו האַלטן זיך אין „עק" פון דעמדאָזיקן היסטאָרישן פאַקט, בלייבן דאָ ווי אַ נאָכשלעפּער (хвостизм). עס האָבן געקעמפט צוויי אַנטוויקלונג־טענדענצן און געגאַנגען איז עס אום דעם, וועלכע פון זיי צו שטיצן. דער צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. האָט גערעכנט, אַז איגעם נייעם אַנטוויקלונג־עטאַפּ פון דער פּאַרטיי איז נייטיק צו שטיצן די טענדענץ צו „מער פולער אָרגאַניזאַציאָנעלער דערנעענטערונג" און דעריבער האָט ער אַנטשלאָסן אָפּגעוואָרפן די סיסטעם פון פעדעראַציע. דער „בונד", אונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון נאַציאָנאַליזם, האָט פאַר דער אָרגאַניזאַציאָנעלער דערנעענטערונג מוירע געהאַט און איז דעריבער פעסט געשטאַנען פאַר פעדעראַציע.

מיר האָבן שוין געזאָגט, אַז דער „בונד" האָט גערעכנט פאַר פּריציפּיטיק אַרײַנצוטראָגן אַפן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר די פראַגע וועגן זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם. דערינען האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָליע די מיינונג־פאַרשיידנקייטן וועגן אָט דער פראַגע אין „בונד" גופא.

קיינע מאַטעריאַלן, וואָס זאָלן כאַראַקטעריזירן די אינעווייניקסטע אַרבעט פונעם פינפטן בונדישן צוזאַמענפאָר, זיינען אין דער ליטעראַטור ניט אַרײַנגעדרונגען. באַוווּסט איז אָבער, אַז דער פרווו פונעם פינפטן צוזאַמענפאָר אָנצונעמען וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע אַ באַשטימטע רעזאָליוציע, וואָס זאָל קאָנען באַזייטיקן דאָס ניט־דערעדטע, דאָס ניט קלאָרע, דאָס ניט געלייטערטע אין די באַשלוסן פונעם פערטן צוזאַמענפאָר, — דער פרווו האָט זיך בעשומויפן ניט איינגעגעבן. דער פינפטער צוזאַמענפאָר איז מיט אָט דער פראַגע ניט פאַרטיק געוואָרן—די שטימען האָבן זיך צעטיילט—און מיטן ענטפער אַף דער פראַגע האָט מען געמוזט אָפּוואַרטן ביזן שפּעטערדיקן צוזאַמענפאָר; דערביי האָט מען אינעם באַריכט ניט דערמאָנט אַפילע, אַז אַפן צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע וועגן דער נאַציאָנאַלער פראַגע און אַז איר לייזונג האָט מען אָפּגעלייגט.

פונדעסטוועגן איז אָפן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט גאָלדבלאַט (מעדעם), דער אַווטאָר פון דער בראָשור „די נאַציאָנאַלע פראַגע און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע", — די טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דער בונדישער פּראָגראַם, — אַרײַנגעטראָגן צום § 9 (וועגן די רעכט פון די נאַציעס אַף זעלבסטבאַשטימונג) אָט די אויסבעסערונג־דערגאַנצונג: „און שאַפן אַנשטאַלטן, וואָס זאָלן פאַר זיי גאַראַנטירן די פולע פרײַהײַט פון קולטורעלער אַנטוויקלונג". מאָטיווירנדיק דעם פאָרשלאַג, האָט גאָלדבלאַט געזאָגט: „נאַציע און טעריטאָריע פאַלן ניט אַלע מאָל צונויף. דעריבער איז זעלבסטפאַרוואַלטונג פון געגנט קאָן באַוואָרענען מיט זעלבסטפאַרוואַלטונג יענע נאַציעס, וואָס באַפעלקערן אַ באַשטימטע טעריטאָריע, דאָס זיכערט אָבער ניט די פרײַע אַנטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהײַט". דידאָזיקע אויסבעסערונג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

צו דער פראַגע וועגן דער לאַגע פון „בונד" אין פּאַרטיי האָט זיך דער צוזאַמענפאָר אומגעקערט באַם באַהאַנדלען דעם אַלגעמײנעם פּאַרטיי־סטאַטוט.

ווען דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. האָט אָפּגעוואָרפן דעם גרונט־פּונקט פונעם בונדישן סטאַטוט־מינימום (זע אויבן), האָט די בונדישע דעלעגאַציע געמאָלדן, אַז דער „בונד" גייט אַרויס פון ר. ס. ד. א. פּ. און אין שטילקײַט פון אַרום איז זי אַוועק פון צוזאַמענפאָר.

דורך אָט דעם באַשלוס פון בונדישן צ. ק., וואָס דער ניט לאַנג פאָרגעקומענער פינפטער צוזאַמענפאָר האָט אים פאָרויסגעזעען, איז דער „בונד" געבליבן אויסער די רייען פון דער אַלגעמײן־רוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט.

דער „בונד" איז אַרויס פון ר. ס. ד. א. פּ.—און פאַר דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע האָט עס דער „בונד" אויסגעטײַטשט, אַז די רוסישע כאַוויירים אָנערקענען ניט די נאַציאָנאַלע רעכט פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע האָט עס געקרענקט. דאָ דאַרף מען געדענקען, אַז ס'איז דאַן געווען אַ צײַט, ווען די נאַציאָנאַלע שטימונגען זײַנען אין דער ייִדישער מאַסע געווען אַמערסטן אופגעברויזט. אין מײַ 1903 יאָר איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין קעשעניעוו מיט גוואַלדיקער אַכזאָריעס, מיט הונדערטער קאָרבאָנעס. די גאַנצע ייִדישע מאַסע איז דערציטערט געוואָרן, דער פּאָגראָם האָט איר דערמאָנט איר נאַציאָנאַלע רעכטלאָזיקײַט, און זי האָט אופגענומען זייער שאַרף, מיט גרויס וואַכזאַמקײַט די פראַגע וועגן רעכט, די פראַגע וועגן דער באַציִונג פון ניט־ייִדן צו די רעכט פון די ייִדישע אַרבעטער. אָט אַף די אָנגעצויגענע סטרונעס האָט עס יענעם יאָר געשפּילט דער „בונד". די נאַציאָנאַלע שטימונגען האָבן עס אייגנטלעך געשטאַרקט דעם „בונד" אין זײַן אַקשאָנעסדיקן באַשטיין אַף זײַנע סעפּאַראַטע רעכט. דאָס גופע, וואָס דער „בונד" איז אַרויס פון ר. ס. ד. א. פּ., האָט אין דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע פאַרשטאַרקט די סעפּאַראַטיסטישע נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען.

אינעם ספּעציעלן אופרוף, וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזט דער צ. ק. פון „בונד", איז געווען אַרײַנגעטריפט אַ היפּשע קאָפּ נאַציאָנאַליסטישע דעמאַגאָגיע.

„טרויעריק איז דער פאַקט, לייענען מיר דאָרט, וועלכער ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַפּן צוזאַמענפאָר, דאָס די פאָרשטייער פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן קיין שום פאָרשטעלונג (?) ניט סײַ וועגן דעם כאַראַקטער און אינהאַלט פון דער טעטיקײַט פון „בונד", סײַ וועגן דער גרויסער היסטאָרישער ראָליע, וועלכע ער שפּילט צוליב די באַזונדערע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע און פּסיכאָלאָגישע באַדינגונגען, וועלכע זײַנען באַשאַפן געוואָרן דורך דעם גאַנג פון דער צווייטויזנט־יאָריקער געשיכטע פון יידישע רעדיפעס און פאַרפאָלגונגען. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט, כאָטש דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן יאָך, וועלכער דריקט אים גלײַך ווי אַלע פּראָלעטאַריער פון די אַנדערע פעלקער, טראָגט אַף זיך נאָך אַ שרעקלעכן ספּעציעלן יאָך,—די היסטאָריש־אויסגעוואַקסענע פאַראַכטונג צום יידן, ווי צו אַ פּאַריע פון פּאַריעס. און אין דערזעלביקער צײַט, ווען אין דער טעאָריע אַנערקענט די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאָס רעכט פון יעדער נאַציאָן אַף זעלבסטבאַשטימונג, אַנטזאָגט זי גראַדע דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט אין דעם אייגנפאַכסטן, פּאָשעטסטן רעכט— אין דעם רעכט צו האָבן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע".

אָט די ניט ריכטיקע באַהויפּטונג איז דאָ איבערגעכאַזערט ניט איין מאָל. דערבײַ זאָגט דער אופרוף, אַז „דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט געפונען פאַר מעגלעך פאָרצולייגן דעם „בונד" אַ זײַדן שנירעלע, אַף צו דערוואַרגן זיך", אַז דער צוזאַמענפאָר „פאַרשטייט ניט ריכטיק דעם מעהוס פון אינטערנאַציאָנאַליזם (וואָרעם אינטערנאַציאָנאַליזם—איז ניט קאָסמאָפּאָליטיזם)". אין דערזעלביקער צײַט אָבער גיט ניט איבער דער אופרוף, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין צוואַנציק טויזנט עקזעמפּליאַרן, דעם טעקסט פונעם 2 פּונקט פון בונדישן סטאַטוט, וואָס איבער אָט דעם פּונקט, איבער דעם, וואָס דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט אים ניט אָנגענומען, איז דער „בונד" אַרויס פון ר. ס. ד. א. פּ. דער צ. ק. האָט אַפּאָנים גערעכנט, אַז די מיטגלידער־מאַסע פון „בונד" איז נאָך „ניט גענוג צוגעגרייט" אַף צו פאַרשטיין דעם ריכטיקן מעהוס פונעם שטרײַט.

די פּאַרטיי אָבער האָט אַדראַבע געשטעלט די פראַגע אָפן און פּרינציפּיעל און האָט אופגעדעקט פאַר די מאַסן דעם גאַנצן מעהוס פון דעם קאָנפליקט מיטן „בונד". דער צאָפן־מײַרעוודיקער קאָמיטעט פון ר. ס. ד. א. פּ., וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין 1904 יאָר און איז צוגעשטאַנען צו די באָלשעוויקעס, האָט אין זײַן אופרוף געזאָגט:

„דאָס, וואָס דער „בונד" איז אַרויס פון פּאַרטיי, איז קלאָל ניט קיין צופעליקע זאַך. די גאַנצע פריערדיקע אַנטוויקלונג האָט עס צוגעגרייט, די רעשטלעך, וואָס עס האָבן נאָך זיך געלאָזן די טענדענצן פון „עקאָנאָמיזם", דער שיכט פון נאַציאָנאַליסטישע שטרעמונגען, וואָס זײַנען פאַר די לעצטע יאָרן אַרײַנגעדרונגען אין „בונד", צוזאַמען מיטן צומיש פון אָרגאַניזאַציאָנעלן פאַטריאָטיזם,—דאָס זײַנען די סיבעס פונעם דאָזיקן טרויעריקן פאַקט. די פּאַרטיי, וואָס האָט ביזן צווייטן צוזאַמענפאָר מיט איר קריטיק ניט באַוויזן איבערצײַגן די בונדיסטן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון די ניט סאָציאַל־דעמאָקראַטישע טענדענצן, איז אויך אַפּן צוזאַמענפאָר גופע ניט געווען אימשטאַנד אָפּצוהאַלטן דעם

„בונד״ פון זײַן פּאַטאַלן טריט, וואָס דורך אים האָט ער צעריסן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג צווישן דעם רוסישן און ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

דער צוזאַמענפאָר, נאָכדעם ווי ער האָט באַהאַנדלט און אָנגענומען (צוזאַמען מיט די דעלעגאַטן פון „בונד״) די פּאַרטייִשע פּראָגראַם, האָט ער געמוזט, צוטרעטנדיק צו דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פראַגע, אַוועקשטעלן אַפן ערשטן פּלאַן די פראַגע וועגן דער באַציִונג פונעם „בונד״ צו דער פּאַרטיי. וויבאַלד דער פּאַרטייִשער צוזאַמענפאָר האָט געהאַט פאַר זיך דעם פּראָעקט פון אַ פעדעראַטיווער פּאַרטיי, וואָס דער פינפטער צוזאַמענפאָר האָט אויסגעאַרבעט,— האָט ער, דער פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, דען געקאָנט דערלאָזן, ניט ברעכנדיק דערבײַ די עלעמענטאַרסטע לאָגיק, אַז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס באַשטימט אַוטאָנאָם אירע אינעווייניקסטע אָנגעלעגנהײַטן, זאָל אין דערזועלבער צײַט האָבן אַ דײַע (אַ שטים) באַם באַהאַנדלען די אָנגעלעגנהײַטן פון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון דער פּאַרטיי, אין וועלכער זי וויל אַרײַנטרעטן אַף פעדעראַטיווע יעסוידעס״.

---

### קאַפּיטל עלף.

# דער סאַכאַקל פונעם קריזיס.

די שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן „בונד" און דער פּאַרטיי, האָט פאַרשטייט זיך, געמוזט פירן צו אַ קלאָר־אויסגעשפּראָכענעם קאַמף. צע־ריסן מיטן „בונד", האָט די פּאַרטיי געמוזט קעמפן גופא קעגן דער עקזיס־טענץ פון „בונד", און איר קאַמף מיט די אָנפירנדיקע טיילן פון „בונד" האָט זי געמוזט אַריבערטראָגן אין די רייען פון דער ברייטער אַרבעטער־מאַסע. און ווירקלעך, אין מײַרעוו־קאַנט קומען אוף איינער נאָך איינעם קאָמיטעטן פון ר. ס. ד. א. פּ., וואָס פירן אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט פּאַראַלעל מיט דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". דאָס אופקומען פון דידאָזיקע קאָמיטעטן האָט דעם „בונד" ביז גאָר אופגעבראַכט, און עס האָט אופגעגליט אַ הייסער קאַמף צווישן די בונדיסטן און די „איסקראָווצעס", ווי מ'האָט דעמלט גערופן אי די באָל־שעוויקעס, אי די מענשעוויקעס. דער „בונד" האָט באַשולדיקט די אָרגאַניזאַ־ציע פון ר. ס. ד. א. פּ., אַז אָט די קרעפטן, וואָס זײַנען אַזוי נייטיק אַף צו אַנטוויקלען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין צענטראַל־רוסלאַנד, ציט זי זיי אָפּ און וואַרפט זיי אַריבער אין די שטעט פונעם מײַרעוו־קאַנט, וואָס דאָרט וואָלט דער „בונד" אַליין, אָן דער הילף פון ר. ס. ד. א. פּ. געקאָנט זייער „ווויל" פּאַרטיק ווערן מיט דער אופגאַבע צו אָרגאַניזירן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן. די פּאַרטיי אָבער האָט געלייקנט דערינען; זי האָט געלייקנט, אַז דער „בונד" ווערט „ווויל פּאַרטיק" מיט זײַן אופגאַבע. די פּאַרטיי האָט מיט רעכט געהאַלטן, אַז דער „בונד" דערציט די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע אין גײַסט פון נאַציאָנאַליזם. די פּאַרטיי האָט גערעכנט, אַז דעמדאָזיקן נאַציאָנאַליזם דאַרף מען באַקעמפן, און מ'דאַרף שאַפן אַ באָדן אַף צו פאַראייניקן די ייִדישע און רוסישע אַרבעטער אין איינהײַטלעכע אָרגאַניזאַציעס אָן קיינע באַזונדערע נאַ־ציאָנאַלע גרענעצן.

מ'דאַרף זאָגן, אַז פון די ייִדישע אַרבעטער־רייען, וואָס אין מײַרעוו־קאַנט, האָבן זיך אויסגעטיילט גרופּעס ייִדישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך גערן אָנגע־שלאָסן אָן די דאָרט־געשאַפענע קאָמיטעטן פון ר.ס.ד.א. פּ. אין האָמעל, ווילנע, מינסק, סמאָרגאָן, באָברויסק, וויטעבסק, פּינסק, מאָלעוו,—אומעטום, ווו ס'זײַ־נען נאָר אופגעקומען גרופּעס פון ר.ס.ד.א.פּ., האָבן זיך צו אָט די גרופּעס געצויגן דינע פעדים פון די רייען ייִדישע אַרבעטער־מאַסן. אויב אין דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי מיר האָבן עס געזען אין די ערשטע קאַ־

פיטלעך, האָבן איינציקע גרופּעס ייִדישע אַרבעטער לעכאַטכילע זיך צונויפגעבונדן מיט די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן געאַרבעט צווישן דעם פּוילישן פּראָלעטאַ-ריאַט,—איז אָבער צווישן דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע אין מײַרעוו־קאַנט דערדאָזיקער פּראָצעס אופגעקומען ערשט נאָך דעם, וואָס דער „בונד" איז אַוועק אַפּן נאַציאָנאַליסטישן וועג און איז אַרויס פון ר.ס.ד.א.פּ. דידאָזיקע גרופּעס זײַנען געווען גאַנץ קליינע. די צאָל מיטגלידער אין זיי האָט דער־לאַנגט אין אַ שטאָט בלויז ביז אין די הונדערטער, און זיי אַנטקעגן—איז גע־שטאַנען די קאָמפּאַקטע בונדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַרום זיך פעסט צונויפגעשלאָסן די ייִדישע אַרבעטער־באַפעלקערונג. קליין אין קאַמעס, זײַנען זיי אָבער געווען באַדײַטנד אין אייכעס. דאָס זעען מיר אין זייער פעיִקייט בײַצושטיין קעגן דער גאַנצער סטיכיע פון דער אַרומיקער בונדישער באַוועגונג. אָט דאָס בײַשטיין האָט זיי געלערנט זײַן קאָנסעקווענט, אויסגעהאַלטן, האָט זיי פאַרהאַרטעוועט און דערצויגן זיי אין אַנטינאַציאָנאַליסטישן גײַסט. אין די רייען פון ר. ק. פּ. געפינען מיר איצט זייער אַסאַך אָנגעזעענע פאַר־אַנטוואָרטלעכע טוער, וואָס זײַנען געקומען פון דאָרטן, פון דער ייִדישער אַר־בעטער־באַפעלקערונג אין מײַרעוו־קאַנט. דער גרעסטער טייל פון דידאָזיקע ייִדישע אַרבעטער־רעוואָליוציאָנערן האָבן זיך פאַרבונדן מיט ר.ס.ד.א.פּ. גראָד אין 1903 יאָר, אין דער צײַט, ווען דער „בונד" איז אַרויס פון ר.ס.ד.א.פּ.

פונקט ווי די שפּאַלטונג אין ר.ס.ד.א.פּ. איז געווען דער מאָמענט, ווען ס'איז געבוירן געוואָרן די באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, אַזוי איז אויך דאָס אַוועקגיין פון „בונד", זײַן אַרויסטרעטן פון ר.ס.ד.א.פּ. געווען דער מאָ-מענט, ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרבינדן מיט די ייִדי־שע פּראָלעטאַרישע מאַסן.

די גרופּעס ר.ס.ד.א.פּ. אין מײַרעוו־קאַנט האָבן אין זייער קאַמף מיטן „בונד" אָפּגעטון נאָך אַ גרויסן היסטאָרישן איניען: זיי האָבן באַפרײַט די ייִדישע אַרבעטער פון יענער ווירקונג, וואָס אַף זיי האָבן געהאַט די נאַציאָנאַליסטישע אידייען, געבראַכט אין זייערע רייען אונטערן לאָזונג פון סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

נאָר דאָ דאַרף מען אין דער טעטיקייט פון אָט די גרופּעס און קאָמיטעטן פון ר.ס.ד.א.פּ. אין מײַרעוו־קאַנט אָנצייכענען נאָך אַ געווינס: זיי, די גרופּעס און קאָמיטעטן, האָבן געאַרבעט אויך צווישן דער ניט־ייִדישער אַרבעטער־באַ־פעלקערונג. ניט ריכטיק וועט זײַן די פאָרשטעלונג, אַז דידאָזיקע קאָמיטעטן זײַנען געווען בלויז אַ קאַמפּס־אָרגאַן קעגן דעם „בונד". דעם גרעסטן טייל ענערגיע זייערער האָבן זיי אָנגעווענדעט אַף צו פאַרבינדן זיך אין יעדער שטאָט מיט דער רוסישער אַרבעטער־מאַסע. אין מינסק, האָמעל, וויטעבסק, ווילנע,— אומעטום ווו אַזוינע גרופּעס און קאָמיטעטן האָבן זיך געשאַפן, האָט זיך די באַוועגונג צווישן די ניט־ייִדישע אַרבעטער פאַרשטאַרקט. די אופגאַבע, וואָס דער „בונד" האָט זי ניט אויסגעפירט, און אין אַ גרויסער מאָס איבער דעם, וואָס ער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון דער נאַציאָנאַלער סטיכיע,—דידאָזיקע אופ־גאַבע האָבן אויסגעפירט די אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס פון ר.ס.ד.א.פּ.

געבויר'ן איז די בונדישע אידייע אין קאַמף קעגן ציאָניזם. דער ציאָניזם האָט געשפּרייט אומצוטרוי צום רוסישן פּראָלעטאַריאַט און האָט פּראָפּאַגאַנדירט — אָפּזונדערונג פאַר די יידישע אַרבעטער־מאַסן. דער סאָציאַליזם, אַרויף אַפן יידישן באָדן, האָט באַדאַרפט אַריינברענגען אין דער יידישער אַרבעטער־מאַסע די אידייע פון געמיינזאַמקייט: געמיינזאַמע אינטערעסן, געמיינזאַמער קאַמף, געמיינזאַמע אָרגאַניזאַציע — פאַרן גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. און אָט די אויפגאַבע האָט דער „בונד" היסטאָריש ניט אויסגעפירט.

אַ פאַראייניקטע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע אי פון יידישע, אי פון רוסישע אַרבעטער, אַ פאַראייניקטע אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעטן, — אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין מייַרעוו־קאַנט, אין מינסקער, וויטעבסקער, מאָלעווער גובערניע אויסגעבילדעט ערשט נאָכדעם, וואָס דער „בונד" איז געווען ליקווידירט, ווען די קאָמוניסטישע אידייע האָט באַהערשט די רייען פון דער יידישער אַרבעטער־מאַסע און האָט פון דאָרט פאַריאָגט די ווירקונג און איינפלוס פון דער קליינבירגערלעכער, מענשעוויסטישער, נאַציאָנאַליסטישער בונדישער אידעאָלאָגיע. דאָסזעלבע איז אויך אין פּוילן. דער „בונד" אין פּוילן איז געווען פעסט צוזאַמענגעשלאָסן און מאַסנהאַפטיק, ער האָט אויך געמאַכט פּרוּוון צו דערנענטערן זיך מיט דעם און יענעם צווייַג פון דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט דאָ געמאַכט פאַרשיידענע זיגזאַגן, דערבייַ זייַנען אין די באַדינגונגען פונעם פּאָליטישן לעבן אין פּוילן פאָרגעקומען פאַרן מעשעך פון 25 יאָר פאַרשיידענע ענדערונגען, — און נאָך אָט דעם אַלעם האָט דער „בונד" אַף קיין איין מאָמענט ניט באַוויזן צו געפינען אַן אַלגעמיינע שפּראַך מיט דעם אַוואַנגאַרד פונעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, שאַפן מיט אים צוזאַמען אַן איינהייַטלעכע אָרגאַניזאַציע. ערשט אין 1919 יאָר, ווען די אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע האָט אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פאַרשטאַרקט די ווירקונג פון קאָמוניזם, ערשט דעמלט שאַפט די „קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן" אַן איינהייַטלעכע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַראייניקט אין אירע רייען אי יידישע, אי פּוילישע אַרבעטער, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעטן, — איבערהויפּט צום 1921 יאָר.

אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג איז די אָרגאַניזאַציאָנעלע שפּאַלטונג צווישן די רעפאָרמיסטישע, צענטריסטישע און די רעוואָליוציאָנערע טיילן פאָרגעקומען ערשט אין 1919 יאָר, ווען עס האָט אַ שלאָג געטון די ערשטע אויפגעבוירויזטע רעוואָליוציאָנערע כוואַליע פונעם נאָכן מילכאָמע־פּעריאָד. אין רוסלאַנד האָט זיך דידאָזיקע שפּאַלטונג אָנגעהויבן אין 1903 יאָר. אין אָט דעם מאָמענט האָט זיך דער „בונד" ארויסגעוויזן פאַר ניט פעיִק צו גיין אינאיינעם מיט די רוסישע באָלשעוויקעס, וואָס מיט פופצן יאָר שפּעטער האָבן זיי געמאַכט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פונעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

אָט דאָס איז דער גרונט־סאַכאַקל פון דעם ערשטן קריזיס אין „בונד".

קאַפּיטל צוועלף

# די יאָרן 1903—05 (ביז „אָקטיאַבער”). דער „בונד”— אַ זעלבשטענדיקע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי.

## 1. וווּקס פון דער אָרגאַניזאַציע. ליטעראַטור.

דער עקאָנאָמיזם און טעראָריזם זײַנען אַוועק—ניט איבערצולאָזן קיין שום שפּור. דער „איסקריזם”, אַלס גרונט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער טאַקטיק, האָט גענומען די אויבערהאַנט אויך אין „בונד”. אין הינזיכט אָבער פון אָרגאַניזאַציע גייט דער „בונד” מיט זײַן סעפּאַראַטיסטישן וועג.

די פּראָבלעם, וואָס עס האָט פאַר זיך געהאַט די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד, די פּראָבלעם—ווי אַזוי צו שאַפן באַ די באַדינגונגען פון אונטערערד אַ מ אַ ס נ ה אַ פּ ט ע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אָט די פּראָבלעם האָט דער „בונד” געהעריק געלייזט. דער „בונד” איז אין אונטערערד געווען אַן אָרגאַניזאַציע אַ מ אַ ס נ ה אַ פּ ט ע. און נאָך מער מאַסנהאַפּט איז דער „בונד” געוואָרן אין פאַרלויף פון די יאָרן 1903—04, ער איז געוואָרן די פּאַרטייִשע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון די ייִדישע אַרבעטער. דאָס איז אָבער געווען אַן אָרגאַניזאַציע אַ נאַציאָנאַל־באַגרענעצטע און אַ איזאָלירטע.

די עקאָנאָמישע פאַרבינדונגען האָבן פאַרקניפּט און פאַרפעסטיקט דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע. אינעווייניק אין יעדן צעך און אַף די פאַבריקן—אַ פּאָליטישע גרופּע מיט רעגלמעסיקע פאַרזאַמלונגען און מיטגליד־אָפּצאָל. ס'איז געשאַפן אַ גאַנצע נעץ פּראָפּאַגאַנדיסטישע קרײַזלעך, און אַהין זײַנען אַרײַן ניט קיין צופעליקע עלעמענטן, נאָר אַזוינע אַרבעטער, וואָס די פּאָליטישע פאַרזאַמלונג (סכאָדקע) האָט זיי דורכגעפילטרירט און אויסגעטיילט פון דער גאַנצער צאָל אַנטיילנעמער אין די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען. צוזאַמען מיט דעם איז געגאַנגען דאָס אָנפירן דעם עקאָנאָמישן קאַמף. אין אָט דעם קאַמף איז אַלץ געווען געשטעלט קלאָר, שאַרף און קאָנסעקווענט; די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז געווען פעסט צוזאַמענגעבונדן מיט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אויפגאַבן, און אין אַלגעמיין האָט זי באַדינט די באַפרײַונג־באַוועגונג, דעם באַפרײַונג־קאַמף אינגאַנצן געגומען.

פון 1903 יאָר אָן שאַפן זיך אין „בונד” און ווערן אַלץ ברייטער פאַרשפּרייט נײַע אָרגאַניזיר־פאָרמען פון מאַסן־באַוועגונג. די פּאָליציייִשע באַדינגונ־

גען לאָזן ניט צעפירן זיך די הענט. געהיימע קוואַרטירעס זײַנען שוין ניט קײַן פּלאַץ פאַר אַ מאַסן־באַוועגונג. איז אָט: זומער טויגן זייער גוט די וועלדער. די אָרגאַניזאַציע באַנוצט זיך מיט די אַרומיקע וועלדער, אָרדנט אײַן מאַסן־פאַרזאַמלונגען, און ווײַזט דערבײַ אַרויס קונציקע בעריעשאַפט, גרויסע פעי־קײַטן; זי מאַכט דאָ פאַרזאַמלונגען פון 1.000 און אַפילע פון 2.000 מאַן.

נאָך אַ פאָרם פאַר מאַסן־באַוועגונג איז געווען די ב י ר ז ש ע. דאָ האָט די באַוועגונג, אײַנגאַנצן גענומען, נאָכגעטון די באַזונדערע צעכן. די בוי־אַר־בעטער—מאַלערס, סטאָליאַרעס, מויערער—האָבן שטענדיק געהאַט אין גאַס אַזאַ צעכן־בירזשע, וואָס אַהין פלעגט דער פּאָדריאַדטשיק קומען דינגען פאַר זיך אַרבעטער. דאָ אַף דער בירזשע פלעגט געשלאָסן ווערן דער אָפּמאַך, דאָ איז אויך עפנטלעך רעגולירט געוואָרן דער אַרבעטלוין. איז דידאָזיקע בירזשע האָט די „עקאָנאָמישע קאַסע" געמאַכט פאַר א י ר ע ר, און האָט זי אויסגענוצט אויך פאַר אַלגעמיינע אַגיטאַציאָנעלע און אָרגאַניזאַציאָנעלע צוועקן. אַף דעמ־זעלבן וועג איז אויך אַוועק די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. אָט אַזוי איז באַם „בונד" געשאַפן געוואָרן די מאַסנהאַפטע גאַס־בירזשע.

פאַר אַ „בירזשע" האָט מען געוויינלעך אויסגעקליבן די אַמערסטן באַלעבּ־טע גאַס, וואָס אַפילע אין אַ געוויינלעכער צײַט גייען דאָרט אַרום אַסאַך אַר־בעטער. אין באַשטימטע טעג פלעגן זיך אַהין, אַף די „בירזשעס" צונויפקומען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, אָדער געוויסע טיילן אירע. דאָ האָבן אויך דעזשורעט „פאַרטייער" פון קאָמיטעט. די ערשטע צײַט איז די „בירזשע" געווען בלויז דאָס אָרט, ווו מ׳פלעגט זיך באַגעגענען, אַמאָל צעטיילן ליטעראַ־טור (פאַרשטייט זיך, אַלץ זייער און זייער פאָרזיכטיק). שפּעטער, אַז די פּאָלי־טישע מאַסן־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַנטוויקלט און איז אויסגעוואַקסן, פלעגן שוין אַף דער בירזשע קומען צו גיין אויך אומפּאַרטייישע אַף צו באַקומען „אַ שטיקל אַגיטאַציע", ווי מ׳פלעגט דעמלט זיך אויסדריקן. ביסלעכווײַז האָט די אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן פאַרנעמען גאַנצע קוואַרטאַלן, און שפּאַצירנדיק פלעגן זיך דאָרט זאַמלען הונדערטער און טויזנטער מענטשן, און הונדערטער אַגיטאַ־טאָרן האָבן געפירט אַ אינדיווידועלע אַגיטאַציע. פאַר דער פּאָליציי איז עס ניט געווען קיין סאָד, אַף די בירזשעס פלעגט זי שיקן אירע שפּיאָנעס, וואָס פלעגן דאָ אויך ניט זעלטן באַקומען די גוטע קלעפּ. פאַרטרײַבן אָבער די „בירזשעס" האָט די פּאָליציי און די זשאַנדאַרמעריע אין די יאָרן 04—1903 זיך ניט באַשלאָסן.

אינעם פינפטן יאָר (1905) איז די בירזשע געווען אַן אָרט פאַר גאַס־מיטינ־גען (אין וואַרשע—אַף דזיקע־גאַס, אין האָמעל—אַף קוזניעטשנע). אָט שטייט אַף די אַקסלען פון די אַרבעטער אַן אַגיטאַטאָר. עס ווערן געהאַלטן קורצע רעדעס, וואָס דער אוילעם כאַפּט זיי אויף מיט זײַנע אויסגעשרייען. גאַנץ אָפט באַווײַזט זיך דאָ די פּאָליציי און יאָגט פאַנאַנדער דעם אוילעם. אין 1905 יאָר איז אין וואַרשע און אין ביאַליסטאָק די בירזשע באַשאָסן געוואָרן פון דער פּאָליציי און עס זײַנען געפאַלן ניט ווייניק קאָרבאָנעס. אין 1906 יאָר האָט אינעם גאַנצן מײַרעוו־קאַנט די זשאַנדאַרמעריע געפירט אַן אָרגאַניזירטן קאַמף (ווײַזט

אויס, לויטן באַפעל פונעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט) קעגן די בירזשעס, און ווירקלעך איז אין אָט דער צײַט, בעשאַס דער הערשאַפט פון דער מיליטערישער פעלד־יוסטיץ, זײַנען די „בירזשעס" ליקווידירט געוואָרן.

די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס ווערן וואָס ווײַטער אַלץ אָפטער. די פּראָקלאַמאַציע־ליטעראַטור פאַרגרעסערט זיך, רופט זיך אָפּ אַף אַלע וויכטיקסטע געשעענישן און דערשײַנונגען פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן; אין איר געפינען דעם געהעריקן אָפּקלאַנג דער אָנפאַל אַף פינלאַנד, די ראָסטאָווער געשעענישן, די זלאַטאָוסטער האַריגעס, דער קעשעניעווער פּאָגראָם, די סטודענטישע אומרוען, דאָס באַגרענעצן די ייִדן אין זייער רעכט אַף בילדונג, דאָס אײַנפירן פאַרשטאַרקטע אופזיכט, דער יאָרצײַט נאָך די געקעפּטע פּוילישע „פּראָלעטאַריאַטער", דער ציאָניסטישער זנוס און א. וו. עס באַקומט אַ גרעסערע וואָג די פּראָקלאַמאַציע־ליטעראַטור, אַ סימן, אַז די אופגאַבן ווערן אַלץ גרעסער און קאָמפּליצירטער, און עס וואַקסט אויך איר צאָל, אַ באַווײַז, אַז עס פאַרברייטערט זיך די אוידיטאָריע. די פּראָקלאַמאַציע, אַשטייגער, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט אַרויסגעלאָזט דאָס יאָר 1903, איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין 70 טויזנט עקזעמפּליאַרן, און מיט אַ יאָר פריִער איז אַזאַ פּראָקלאַמאַציע זיך צעגאַנגען בלויז אין 20 טויזנט עקזעמפּליאַרן.

דער „בונד" האָט געשטרעבט צו שטעלן זיך בעראָש פון אַלע געדריקטע שיכטן פונעם ייִדישן פּאָלק, רעוואָליוציאָניזירן דעם אָפּאָזיציאָנעלן טייל פון דער ייִדישער געזעלשאַפט און אַרונטערנעמען אים אונטער זײַן ווירקונג. צוליב דעם האָט ער זיך געווענדעט צו דער ייִדישער געזעלשאַפט, גערופן זי צו קעמפן מיטן אַבסאָליוטיזם פאַר די אייגענע בלוט־עכטע אינטערעסן.

די „אַרבעטער־שטימע", דער צענטראַלער אָרגאַן פון „בונד", דרוקט זיך אין אַן אונטערערדישער דרוקערײַ אין רוסלאַנד, דערשײַנט רעגלמעסיק און קומט אָן אין אַלע שטעט. פאַר די יאָרן 1903 — 04 זײַנען אַרויס צען נומערן.

דער פינפטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" געפינט שוין, אַז ס'איז ווייניק אַרויסצוגעבן בלויז די „אַרבעטער־שטימע", אָט דעם פּאַרטיי־אָרגאַן פאַר אַגיטאַטאָרן און באַשליסט אָנצוהייבן אַרויסגעבן אַ פּאָפּולערן אָרגאַן מיטן נאָמען „דער בונד". דער נאָמען דאַרף לאָזן אַרײַנדרינגען אינעם מויעך פונעם אומפּאַרטייִשן אַרבעטער, אַז זײַן אָרגאַניזאַציע איז דער „בונד" און נאָר דער „בונד", וואָס די צאָל פון זײַנע קעגנער זײַנען אַלץ געוואַקסן.

די בונדישע פּרעסע, וואָס האָט דערשײַנט רעגלמעסיק און זיך אָפּגערופן אַף אַלע האַרבע פּראַגן פון דער באַוועגונג, האָט נאָך מער צוזאַמענגעשלאָסן די אַזוי אויך גענוג צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע. דער צענטראַלער קאָמיטעט פון „בונד" ווערט פאַר דער אַרבעטער־מאַסע אַלץ אַ מער נאָענטער אָרגאַן.

די מײַ־פײַערונג פון 1903 יאָר איז געווען צעשטערט: ס'איז געקומען דער קעשעניעווער פּאָגראָם (אַפּרעל 1903 יאָר) און האָט אַ ווילד־שטאַרקן זעץ געטון אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

סאָפּקאָלסאָף האָט די רעגירונג איר גרונט־ציל ניט דערגרייכט. די פּאָגראָמען האָבן פֿאַרמערט די קלעפּ, וואָס זײַנען געפֿאַלן אַף דער רעוואָליוציאָנערער פּאַרטיי, האָבן דאָ און דאָרט פֿאַרהאַלטן די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג. דאָ זײַנען דאָך אָבער פֿאַרלוירן געגאַנגען בלויז שפּריצן פֿון יענער גוואַלדיקער כוואַליע, וואָס האָט אַראָפּגעשווענקט דעם צאַריזם. דער צאַריזם האָט ניט געקאָנט אָפּקערן פֿון זיך די כוואַליע אין אַ זײַט. די פּאָגראָמען זײַנען סאָפּקאָלסאָף געווען נישט מער, ווי אַ ווילדע קראַנקע גרימאַסע פֿון דער צאַרישער רעאַקציע.

ס'איז אָבער קלאָר, אַז די פּאָגראָמען האָבן אויסער זייער גרונט־ציל געדאַרפֿט נאָך דערלאַנגען אַן אומגעהייערן קלאַפּ דירעקט דער ייִדישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דאָ איז דער ציל געווען דערגרייכט. יעדער איינציקער פּאָגראָם האָט געלאָזט אופוואַכן אין דער פֿאָלקס־מאַסע שרעקלעכע זיכרוינעס וועגן די מיטלאַלטערלעכע בלוט־בעדער, זיכרוינעס וועגן באָגדאַן כמעלניצקיס שכיטע אין אומאַן אוכעדוימע. מ'קאָן זאָגן, אַז ס'איז ניט געווען קיין איינציקער אַפֿילע, און זאָל ער אַפֿילע זײַן פֿון די גרעסטע רעוואָליוציאָנערן־ייִדן (אויב נאָר ער איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער מאַסע), וואָס זאָל קאָנען רויִק ריידן וועגן די פּאָגראָמען. דער רעגירונג האָט זיך נאָך אײַנגעגעבן אַרײַנצוציִען אין די פּאָגראָמען ניט קיין גרויסע גרופּעס לומפּנפּראָלעטאַריער און צומאָל אויך אַרבעטער. דערדאָזיקער דעמאָקראַטישער שלייער האָט פֿאַר די אויגן פֿונעם באַלעבעסל פֿאַרשטעלט דעם עמעסן כאַיעוו (שולדיקער) אין די פּאָגראָמען. עמעס, דאָ האָט עס געלונגען אַרויסצופֿירן אַף דער ליכטיקער שײַן די פֿינצטערע אַרבעט פֿון דער צאַרישער אַדמיניסטראַציע, איר אַרבעט אַף צוצוגרייטן די פּאָגראָמען, אָבער די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע האָט מיט אומרו געפֿרעגט: וווּ־זשע איז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקײַט, די קלאַסן־ברידערלעכקײַט? געטריפֿט דעם נאַציאָנאַליסטישן גיפֿט האָבן די ייִדישע נאַציאָנאַליסטן און ציאָניסטן און אומבאַמערקבאַר האָט זיך אָט דער גיפֿט אָפּגעזעצט, זיך אײַנגעשטאַנען און האָט געלאָזט וואַקסן נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען.

אין פֿאַרלויף פֿון איין יאָר—דרײַ פּאָגראָמען: דער טשענסטאָכאָווער—אין יולי 1902 יאָר, דער קעשעניעווער—אין אַפּרעל 1903 און דער האָמלער—אין סענטיאַבער 1903 יאָר. ווי אײַנגעשפּאַרט און פֿאַראַקשנט ס'זאָל ניט האָבן געגאַן די רעוואָליוציאָנערע אַרבעט, האָבן אָבער דידאָזיקע דרײַ פּאָגראָמען געמוזט לאָזן שפּורן, געמוזט ווירקן אַף דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. דער „בונד” האָט פֿאַרהיט די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע פֿונעם ציאָניסטישן סאַם, איר קאַעס און אופגעבראַכטקײַט האָט ער פֿאַרוואַנדלט אין רעוואָליוציאָנערן צאָרן און רעוואָליוציאָנערן קאַמף, ער גופֿע האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פֿון אָט דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף, אָבער ער אַליין האָט אויך אויסגעדריקט אָט די נאַציאָנאַל־רעוואָליוציאָנערע שטימונגען. אונדז שלאָגט מען—איז וועלן מיר געבן ענטפֿער,—אַזוי אַרום פֿאַרשטאַרקט זיך די נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע און די נאַציאָנאַל־אָרגאַניזאַציאָנעלע פּאָזיציע. קיינמאָל וואָלט דעם

צ.ק. פון „בונד״ ניט אָפּגעגאַנגען אַזוי גלאַט זײַן אַרויסגיין פון ר.ס.ד.א.פּ., ווען ניט די אַלגעמיינע נאַציאָנאַליסטישע סיטואַציע, וואָס אין איר האָט זיך אַזוי אײַנגעפּאַסט אָט דער סעפּאַראַטיסטישער גאַנג. ניט אומזיסט איז אינעם אַרטיקל וועגן דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ., געדרוקט אין № 36 „אַרבעטער־שטימע״, האָט זיך דער אַווטאָר אַ האַלב יאָר שוין נאָכן צוזאַמענפאָר גענוי אָפּגעשטעלט אַף דער ניט־גרויסער רעזאָליוציע פונעם צווייטן צוזאַמענפאָר וועגן פּאָגראָמען, וועלכע באַפרידיקט אים ניט. ער טוט עס בעקיוון ער דאַרף מאַכן דעם אויספיר, אַז די פּאַרטיי באַציט זיך ניט מיט דער געהעריקער אופמערקזאַמקײַט צו די פּאָגראָמען. נאָכדעם וועט דער צוהערער גרינגער אופנעמען די ידיעה, אַז דער „בונד״ איז אַרויס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס איז אַפּאָנים אַ „פרעמדע״, וואָס האָט „אָפּגעזאָגט״ דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, ניט געוואָלט „אַנערקענען זײַן רעכט״ און אַ. וו. און אַ. וו.

דער קעשעניעווער פּאָגראָם האָט מאַמעש דערשטוינט גאַנץ רוסלאַנד, מ׳קאָן אַפילע זאָגן, די גאַנצע וועלט. דרײַ טעג נאָכאַנאַנד האָט דער האַמוין — און אין אַ גובערניאַלער שטאָט — ראַבירט, פאַרגוואַלדיקט, געטויט די אומבאַשיצטע יידישע באַפעלקערונג. זיבעציק געהאַרגעטע, אַ מענגע פאַרוווּנדעטע. און לעסאָף די אומפאַרשעמטע פרעכע מיטיילונג פונעם מיניסטער פּלעווע, וואָס האָט די שולד פאַרן פּאָגראָם אַרופגעוואָרפן טאַקע אַף די יידן אַליין. ס׳איז אוממעגלעך צו באַשרײַבן די שרעק, דעם צאָרן און צוזאַמען מיט דעם די פאַרלוירנקײַט און פּאַניק, וואָס האָט אַרומגענומען די יידישע באַפעלקערונג נאָכן קעשעניעווער פּאָגראָם.

אין סענטיאַבער דאָסזעלביקע יאָר האָט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין האָמעל. אינעם פּאָגראָם האָט זיך באַטייליקט אַ גרופּע אײַזנבאַן־אַרבעטער פון דעפּאָ, וואָס זײַנען נאָך פון פריער געווען באַוווּסט מיט זייערע אַנטיסעמיטישע און ביכלאַל רעאַקציאָנערע שטימונגען. אין אָט דעם פּאָגראָם האָט צו זיך צוגעצויגן אַלעמענס אופמערקזאַמקײַט גאָר אַן אַנדער דערשײַנונג, ווירקלעך אַ נײַע — *עס האָט זיך באַוויזן די יידישע זעלבסטשוץ.*

אינעם צענטער פון דער זעלבסטשוץ איז געווען די אָרגאַניזאַציע פון „בונד״, באַטייליקט אָבער האָבן זיך אין איר אַלע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. אַ פּאַרטיי־קאָרעספּאָנדענץ אין דער „אַרבעטער־שטימע״ וועגן צוגרייטן די זעלבסטשוץ דערציילט, אַז די אָרגאַניזאַציע איז אַרויס קעגן די פּאָגראָמירער לויט דעמזעלבן פּלאַן, וואָס איז געווען צוגעגרייט צו דער מײַ־דעמאָנסטראַציע אין 1903 יאָר. די דעמאָנסטראַציע האָט געדאַרפט זײַן גרייט צו געבן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, עס איז צוליב דעם געווען געשאַפן ניט קיין גרויסע באַוואָפנטע מאַכנע, און איצט, אין די טעג פון פּאָגראָם, איז זי אַרויס באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן און מיט ספּעציעל־צוגעגרייטן קאַלטן געווער. די אַרבעטער־מאַסע איז גערן געגאַנגען נאָכן רוף פון דער אָרגאַניזאַציע. די פּאָליציי און מיליטער זײַנען געגאַנגען באַנאַנד מיט די גראָמירער. עס איז אויסגעקומען, אַז די זעלבסטשוץ איז אַרויס אין קאַמף קעגן דער פּאָליציי. דער פּאָגראָם האָט שוין איצט ניט

געהאַט אין זיך אַט יענע מאָמענטן, וואָס האָבן אַזוי דערנידעריקט די יידישע מאַסע,—ניט געווען שוין אַט דאָס אָנפאַלן מיט ווילדן געשלעג און רעציכע אַף דער אומבאַהאָלפענער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האַלט נאָר אין איין אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך. אַנשטאָט דעם זעען מיר—עס טרעטן אַרויס רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער קעגן דער פּאָליציי, וואָס אָרגאַניזירט די פּאָגראָמען, און טיילווייז אויך קעגן דעם מיליטער.

דער „בונד" האָט גערעדט וועגן אַ נײַ בלאַט אין דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק—און האָט געהאַט דאָס רעכט אַזוי צו זאָגן. דער האָמלער קאָרעספּאָנדענט האָט דערציילט, ווי אַזוי אַף די כוליגאַנישע עלעמענטן האָט געווירקט די יידישע זעלבסטשוץ. זיי האָבן געזאָגט:

—אַמאָל, פלעגסטו אָנשלאָגן אַ זשידאָק, אָדער גיסט אים א שפּײַ אין פּאָנים,—איז גאָרנישט, ער טרעט אָפּ, שווײַגט. און איצטער—זע נאָר ווי אַזוי זיי שלאָגן, ווען מע פאַרטשעפּעט זיי נאָר אַביסל,—שלאָגן מיט אַזוינע מאַשינעס אַלערליי, אַמעריקאַנישע.

דער שעם וועגן דער האָמלער זעלבסטשוץ און איר קראַפט האָט זיך פאַרשפּרייט ווײַט אַרום. ווען אין די אָקטיאַבער־טעג 1905 יאָר האָט די פּאָגראָמכוואַליע אַ פלייץ געטון איבער גאַנץ טשערניגאָווער גובערניע און פאַרבײַ האָמעל זיך אַ יאָג געגעבן קײַן רעטשיצע, איז נאָר האָמעל אַליין בײַגעשטאַנען קעגן אָט דער פאַרפלייצונג. ערשט אין יאַנוואַר 1906 יאָר האָבן די אָרטיקע שוואַרצמייעניקעס זיך אַנטשלאָסן אָנצופאַלן אַף דער יידישער באַפעלקערונג, שלאָגן און ראַבירן. אָבער שוין אונטער דער שוץ פון קאָזאַקן און פון פײַער. די שטאָט האָבן זיי אונטערגעצונדן, און דאַן געשלאָגן און ראַבירט.

ניט נאָר די אַרבעטער די יידישע (מיט דער אונטערשטיצונג פון די אָרגאַניזירטע רוסישע אַרבעטער) האָבן זיך באַטייליקט אין דער זעלבסטשוץ. די פּאָגראָמען האָבן אופגערודערט און אַרויסגעבראַכט פון דער שטענדיקער אונטערטעניקײַט אַפילע די יידישע בורזשואַזיע. אין מײַ 1903 יאָר לאָזט זיך נאָך אַ דעפּוטאַציע פון קעשעניעווער יידן־סאָכרים און באַנקירן—צו פּלעווען. זיי בעטן ראַכמים באַם אָרגאַניזאַטאָר פון די פּאָגראָמען, ער זאָל פאַריכטן די „אומפּינקטלעכקײַטן" אין דער אָפיציעלער מיטיילונג וועגן דעם פּאָגראָם אין קעשעניעוו, זיי בעטן אים אַראָפּזעצן און באַשטראָפן יענע באַאַמטע, וואָס זײַנען שולדיק אינעם פּאָגראָם, אין דערלאָזן אים. פּלעווע האָט אָפּגעזאָגט און דערבײַ נאָך געדראָט. ער האָט געזאָגט:

„האַלט אָפּ די יידישע יוגנט פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. 40% רעוואָליוציאָנערן זײַנען יידן. וועט איר מיך ניט האָרכן, וועלן מיר מאַכן אײַער לעבן אַף ניט אויסצוהאַלטן".

און זומער 1903 יאָר אָרגאַניזירט שוין די יידישע בורזשואַזיע אין אַלע שטעט פון „טכום" נאַציאָנאַלע קאָמיטעטן פון זעלבסטשוץ, באַוואָפנט זיי צום ווידערשטאַנד קעגן די פּאָגראָמען, און עס שרעקט זיי ניט אָפּ דער מוז באַוואָפנט צו קעמפן קעגן דער פּאָליציי. אינעם אַרטיקל „אַ נײַ בלאַט אין דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק", „אַרבעטער־שטימע" № 35 געפינט דער אַוו־

טאָר אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די אַריסטרעטונגען פון דער ייִדישער בורזשואַזיע און דעם וווּקס פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בײַ די ייִדישע אַרבעטער.

## 2. דער קריזיס פון ציאָניזם. דער איבערבראָך בײַ דער ייִדישער אינטעליגענץ און בירגערטום.

דער „בונד" האָט געזוכט בײַ יעדער פּאָגראָם־סאַקאָנע אַרײַנצוציִען אין זעלבסטשוץ אויך די רוסישע אַרבעטער. נאָר דאָס איז געווען שווער דורכצופירן, דערין איז געווען שולדיק די אַלגעמיינע סיטואַציע, וואָס דער „בונד" האָט געשאַפן מיט זײַן סעפּאַראַטיזם. אין דאָרעם־רוסלאַנד האָט די ר.ס.ד.א.פּ. בײַ אַ פּאָגראָם־סאַקאָנע מאָביליזירט דעם אַוואַנגאַרד פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט.

דאָס „נײַ בלאַט אין דער געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק" האָט זיך אַנטפּלעקט ניט בלויז אינעם באַטייליקן זיך פון דער ייִדישער אינטעליגענץ און בורזשואַזיע אין דער זעלבסטשוץ. דאָסדאָזיקע באַטייליקן זיך איז בלויז געווען איינער פון די סימאָנים, וואָס האָבן אָנגעוויזן אַף אַ מער טיפערער דערשײַנונג, — עס זײַנען אויסגעוואַקסן ייִדישע ליבעראַלע און ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישע גרופּעס, וואָס די אָנקומענדיקע רעוואָליוציע האָט זיי מיטגעצויגן אינעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער פּאָליטישער באַוועגונג אין לאַנד.

הערצלס און נאָרדויס קלײנבירגערלעכע אוטאָפּיע, וואָס אין 1897 יאָר האָבן די ברייטע מאַסן „קליינע מענטשן מיט קליינע האַסאָגעס" זי אויפגענומען מיט אַזאַ אימפּעט, אָט די אוטאָפּיע האָט זיך ניט פאַרווירקלעכט. די ערשטע יאָרן פון ענטוזיאַזם און היספּײַלעס זײַנען אַוועק, און פאַר דער אויסגעניכטערטער מאַסע האָט די באַוועגונג ניט געהאַט וואָס פאָרצולייגן.

וואָלט די צײַט געווען אַ מער רויִקע, וואָלט די פאָלקס־מאַסע ניט געוועזן אַזוי אויפגערודערט־מאָנענדיק,—דאַן וואָלט דער ציאָניזם ניט געקומען אַזוי שנעל צו אַ קריזיס. די עפּאָכע איז אָבער געווען אַ ראַשע, אַ אימפּעטפולע. פּאַראַלעל מיט דער ציאָניסטישער באַוועגונג איז געגאַן אַן אויפגעברויזטער רעוואָלוציאָנערער קאַמף. דער ציאָניזם האָט געדאַרפט אָדער מיט זײַן גרייס דעם קאַמף פאַרשטעלן, אָדער אים אונטערגעבן זיך און געשלאָגן זײַן.

און אינעם ציאָניזם גופע האָט זיך אָנגעהויבן אַ אינווייניקסטע דיפערענצירונג, אַ שפּאַלטונג פון שיכטן. אין די ערשטע יאָרן, ווען דער ציאָניזם האָט אַ שלאָג געטון, האָט די ציאָניסטישע באַוועגונג מיטגעריסן אייניקע אַרבעטערגרופּעס אויך, און נאָך מער די יוגנט פון דעם באַדנלאָזן קליינבירגערטום, פון יענער קאַטעגאָריע „לופט־מענטשן", וואָס איז אַזאַ באַדײַטנדיקע אינעם ייִדישן „טכום". לויט איר סאָציאַלער לאַגע איז אָט די יוגנט געווען גאַנץ נאָענט צו שיכטן באַלמעלאָכישע און אַרבעטערשע. דאָ זײַנען אויך געווען קרויווישע פאַרבינדונגען. אין דערזעלביקער ציאָניסטישער אָרגאַניזאַציע איז אָבער אויך געזעסן; און טאַקע גאַנץ אויבנאָן, דער מיטעלער סוחער און פאַבריקאַנט, און אויך אַ טייל ראַבאָנים.

אינעם ערשטן פעריאָד האָט געהאַט די דייע אין דער ציאָניסטישער באַוועגונג דער סאַמע רעאַקציאָנערסטער טייל ייִדן, וואָס האָט לויט זײַן קלאַסנלאַגע געקעמפט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. ביסלעכווײַז האָבן אָט די עלעמענטן געמוזט אָפּטרעטן אָן אַ זײַט, אין פֿאָדערגרונט באַווײַזט זיך די ייִדישע אינטעליגענץ, און אַף איר לינקן פלאַנג קומען אויף גרופּעס, וואָס זוכן דירעקט צו פאַרבינדן זיך מיט דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דעם אָנהייב פון דערדאָזיקער צעקנאָספּונג אינעם ציאָניזם זעען מיר נאָך אַפן מינסקער (לעגאַלן) ציאָניסטישן צוזאַמענפאָר דאָס יאָר 1902. אַף צו קריגן אַן ערלויבעניש פאַרן צוזאַמענפאָר האָבן זיך אויך געמיט די ייִדישע אומאָפּהענגיקע (זובאַטאָוויאַנער), זיי זײַנען דערמיט אויסן געווען אָפּצוציִען די ייִדישע מאַסן פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף. אַ גרופּע „אַרבעטער־ציאָניסטן" טרעט אַרויס אַפן צוזאַמענפאָר מיט אַ דעקלאַראַציע, אַז ס'איז נייטיק צו שאַפן עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פאַר די אַרבעטער: דאָס איז די זובאַטאָוו־סיסטעם ציאָניסטיש פאַרפאַרבט. אין 1903 יאָר ליקווידירן אָבער די ייִדישע „אומאָפּהענגיקע" אינגאַנצן זייער אָרגאַניזאַציע. צו יענער צײַט האָט שוין די גרופּע אַרבעטער־ציאָניסטן באַוויזן צו מאַכן אַ ווײַטערדיקן גאַנג אַף לינקס און האָבן געזוכט וועגן, ווי אַזוי צונויפּצופּאַסן ציאָניזם מיט די אָנגעשוואָמענע ראַדיקאַל־רעוואָליוציאָנערע שטימונגען.

דער ציאָניזם אינגאַנצן גענומען האָט אויך ניט געקאָנט גלײַכגילטיק פאַרבײַגיין, ניט צו רעאַגירן אַף דעם אַלעם. דעם ענטפער האָט די ייִדישע מיטעלע בורזשואַזיע פאָרמולירט ערשט שפעטער, נאָך אָקטיאַבער 1905 יאָר אַף דעם אַלגעמיינעם צוזאַמענפאָר פון די רוסישע ציאָניסטן אין העלסינגפאָרס. די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציע פון די רוסישע ייִדן ווערט שוין דאַן פאַרוואַנדלט אין אַ ייִדישער בורזשואַזער, נאַציאָנאַל־ליבעראַלער אָרגאַניזאַציע. די אַלגעמיין־פּאָליטישע פּראָגראַם אירע איז די לינק־קאַדעטישע, אופגעהאַלטן אָבער דערבײַ אינגאַנצן דעם אַלטן ציאָניסטישן נאַציאָנאַליסטישן און קלעריקאַלן מעהוס.

אַלנפאַלס האָט דער קריזיס אין ציאָניזם מיט זײַן אונטערברעכן די ווירקונג פון ציאָניזם אַף דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ באַפרײַט אַזוינע קויכעס, וואָס האָבן אומפאַרמײַדלעך געמוזט אַרײַן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אַ גרויסע באַדײַטונג האָט דאָ אויך געהאַט יענער קלאַפּ, וואָס עס האָט דעם ציאָניזם דערלאַנגט הערצל גופא דאָס יאָר 1903 אַפן פינפטן באַזעלער קאָנגרעס. מיר מיינען דאָ דעם פּראָעקט צו פאַרבײַטן פּאַלעסטינע „דאָס לאַנד פון די אָוועס", מיט אוגאַנדע, אַ קאָלאָניע אין אַפריקע. דערדאָזיקער פּראָעקט האָט אַנטפלעקט דעם אַוואַנטיורע־כאַראַקטער פון דער גאַנצער באַוועגונג און האָט אַלנפאַלס אַרויסבאַוויזן, אַז די פירער פון דער באַוועגונג זײַנען אַליין אַנטוישט און גלויבן ניט אין דער מעגלעכקײַט צו „באַקומען" פאַר די ייִדן אַן „עפנטלעך־רעכטלעך" געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינע.

אַזוי אַרום איז שוין אין 1903 יאָר האָבן מיר אַ גרויסן שיכט דעמאָקראַטישע עלעמענטן, וואָס ניט בלויז ס'איז אַוועק זייער פריִערדיקע אַנטיפּאַטיע און פײַנט־

שאַפט צו דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר זיי זײַנען טאַקע געווען גענויגט די באַוועגונג צו סימפּאַטיזירן. זיי זײַנען אָבער ניט צופרידן מיט דער, לויט זייער מיינונג, קנאַפּער אופמערקזאַמקײַט, וואָס דער „בונד" האָט פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע. דער קעשעניעווער פּאָגראָם שטויסט דידאָזיקע שיכטן אַף צו מאַכן נאָך אַ טראָט און זיך באַטייליקן אין דער זעלבסטשוץ. און דאָ מאַכן זיי אינעווייניק שאָלעם מיטן „בונד": פון איין זײַט קומט דער „בונד" מיט זײַן שלאָג־אָרגאַניזאַציע, מיט דער זעלבסטשוץ פון די ייִדישע אַרבעטער, און פון דער צווייטער זײַט גייט ער אַרויס פון די רייען פון ר. ס. ד. א. פּ.

דער „בונד", אינגאַנצן איזאָלירט אין 1897 י., ווערט דער נאַציאָנאַלער העלד אין די אויגן פון די ברייטע דעמאָקראַטישע שיכטן, און נאָך מער — אין די אויגן פון דער שטאָטישער אָרעמקײַט, וואָס איר איז געווען אַזוי צום האַרצן דער קאַמף פון „בונד" קעגן די רײַכע. ווי מיר זעען, הערט אוף דער ייִדישער אַרבעטער צו זײַן דער בעניאָכיד, דער מאָנאָפּאָליסט, אינעם קעמפן מיטן צאַריזם, און אין דערזעלבער צײַט איז באַם „בונד", באַ דער פּאַרטיי, וואָס דער ייִדישער אַרבעטער האָט אַרויסגערוקט, ווערן אָפּגעטעמפּט די שאַרפע קלאַסן־ווינקלען. דער „בונד" וועט שוין אַלץ מער און מער אײַנזאַפּן אין זיך שטימונגען, וואָס קומען פון דעם פּראָלעטאַריאַטס שכייניש גרופּעס, און וועט אַלץ מער פאַרלירן זײַן אומבעשאָלעמדיקן קלאַסן־כאַראַקטער.

דאָס יאָר 1903 הייבט אין פּעטערבורג אָן אַרויסצוגיין אַ טעגלעכע דעמאָקראַטישע צײַטונג אַף ייִדיש „דער פרײַנד". דאָס איז אַ נײַע דערשײַנונג. דער צאַריזם האָט ביז דאַן ניט דערלויבט אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג, ווי ביכלאַל וועלכן עס איז דעמאָקראַטישן געדרוקטן אָרגאַן. די רעגירונג האָט עס איצטער דערלויבט אויך מאַכמעס דער זובאַטאָווישער פּאָליטיק. ווי ס'איז צו זען פון די דאָקומענטן, געפונען אין די אַרכיוון פון מאָסקווער „אָכראַנקע", האָבן זיך וועגן דעם איבערגעשריבן זובאַטאָוו מיט די אומאָפּהענגיקע. מינסקער ייִדן־זובאַטאָוויאַנער האַלטן, אַז ס'איז נייטיק אַרויסצוגעבן ייִדישע לעגאַלע ליטעראַטור, מאַכמעס דעמלט וועלן די ייִדישע רעוואָליוציאָנערן ניט זײַן די איינציקע, וואָס באַפרידיקן די קולטורעלע באַדערפעניש פון דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע. די צײַטונג „דער פרײַנד" נעמט אָן אַ פּאָזיציע אַ צעשוווּמען דעמאָקראַטישע. ער איז ניט קײַן ציאָניסטישער אָרגאַן — און דאָס אַליין איז שוין סימפּאַטאָמאַטיש פאַר די נײַע שטימונגען, כאָטש פון דער צווייטער זײַט נעמט ער ניט פיר (ער קאָן ניט, ער וואַגט ניט פירצונעמען) קײַן קאַמף קעגן ציאָניזם. די „אַרבעטער־שטימע" גיט אָפּ אַ באַזונדער אַרטיקל פאַר דערדאָזיקער נײַער דערשײַנונג, באַהאַנדלט געניי די פּאָזיציע, וואָס די צײַטונג פאַרנעמט אין אַ ריי פראַגן, און קומט צום אויספיר:

„דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט איז שוין געוווינט פאָרזיכטיק צו באַציִען זיך צו די פאַרשיידענע פרײַנט, ער וועט אויך זײַן פאָרזיכטיק און וועט זיך היִטן פאַרן נײַ־געקומענעם „פרײַנד" *).

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

דער אָנגעוויזענער איבערבראָך בּאַ דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ און בּירגערטום האָט, פאַרשטייט זיך, אַרײַנגעבראַכט אַ צופלוס פון קרעפטן אין די רייען פון „בּונד".

## 3. די מילכאָמע.

אין יאַנוואַר 1904 יאָר האָט אויסגעבּראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מילכאָמע. די ערשטע צײַט איז דער דרוק פון דער רעאַקציע געווען גוואַלדיק שטאַרק. די אָפּאָזיציאָנעלע ליבעראַלע קרײַזן זײַנען געווען געפּלעפט. די אַלגעמיינע מאָבּיליזאַציע און די גאַנצע אַרומיקײַט, וואָס זי, די מאָבּיליזאַציע האָט געשאַפן, האָט זיך ניט געפּאַסט פאַר וועלכע ס'איז אַקטיווע אַרויסטרעטונגען. די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען האָבּן דאָ פירגענומען אַ ברייטע אַגיטאַציאָנעלע און פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבּעט, סײַ מינדלעך סײַ שריפטלעך. קײַן בּאַזונדער שטעלונג האָט דאָ דער „בּונד" ניט פאַרנומען.

אינעם אופרוף, וואָס דער צ.ק. פון „בּונד" האָט אַרויסגעלאָזט „די מילכאָמע און די זעלבּסטהערשונג", לייענען מיר:

„די מילכאָמע פירט זיך צוליב מאַנדזשוריען און קאָרעא. רוסלאַנד וויל ניט אַרויסלאָזן פון אירע הענט מאַנדזשוריען און וויל ניט דערלאָזן יאַפּאַן זאָל זיך אײַנפעסטיקן אין קאָרעא. די אייראָפּעיִשע מעלוכעס, ווען זיי נעמען אײַן נײַע לענדער, קאָלאָניעס, האָבּן דערבּײַ צווייערליי צילן: די נײַע לענדער אַלס נײַע ערק, ווו די קאַפּיטאַליסטן פאַרקויפן זייערע סכוירעס, וועלכע געפינען ניט קײַן קוינים אין דער אַלטער מעלוכע, אין דער מעטראָפּאָליע, אָדער זיי דינען פאַר נײַע ערטער, וווהין די קאַפּיטאַליסטן טראָגן אַריבּער אַ טייל פון זייערע קאַפּיטאַלן.

„דער פּראָלעטאַריאַט איז אין קײַן פאַל ניט פאַרינטערעסירט אין אײַנעמען און אונטערטעניק מאַכן פרעמדע אומעס. דער פּראָלעטאַריאַט שטרעבּט אומעטום צו פאַרניכטן די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע, ער טרעט שטענדיק פײַנטלעך אַרויס קעגן זײַנע אייגענע עקספּלואַטאַטאָרן, ער איז אויך קעגן דעם, אַז זיי זאָלן האָבּן די מעגלעכקײַט צו עקספּלואַטירן לוינאַרבּעטער פון אַנדערע נאַציאָנען און בּאַרויבּן פרעמדע פעלקער. דער פּראָלעטאַריאַט פון אַלע פעלקער און לענדער זײַנען פאַרייניקט דורך איין ציל, זיי שטרעבּן יעדער אין זײַן לאַנד און אַלע צוזאַמען אין דער גאַנצער וועלט—צו פאַרניכטן דעם קאַפּיטאַליזם, צו פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם" *).

זײַן טאַקטישן גאַנג האָט דער צ. ק. פון „בּונד" אַרויסבּאַוויזן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אופרוף צו די רעקרוטן, וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזט דער צ. ק. פון פּ. פּ. ס. אין דעם אופרוף איז געווען געגעבּן אַ לאָזונג—אַנטלויפן פון מיליטער־דינסט. וועגן דער פראַגע האָט גערעדט דער לייט־אַרטיקל אינעם זעקסטן נומער „דער בּונד" (יולי 1904 יאָר).

---

*) פון אַ רוסישער איבּער?עצונג.

„אין דעם אַנטלויפן פון די „זאַפּאַסנע‟* קענען מיר אײַנזען אַן אומבאַוווסט-
זיניקן פּראָטעסט קעגן דער פּאָליטישער אָרדענונג, וואָס הערשט אין אונדזער
לאַנד. אָבער צי העלפן זיי מיט זייער לויפן צו לייזן די אַלגעמיינע פראַגע
וועגן דער פּאָליטישער אונטערדריקונג אין אונדזער לאַנד?

... „דורך דעם אַנטלויפן באַפרײַען זיי זיך פון די שרעקלעכע ליידן... דער
גאַנצער פּראָלעטאַריאַט קאָן דאָך ניט אַנטלויפן.

„מיר קענען דעריבער ניט ראטן דער מאַסע: „לויף פון דעם שענדלעכן יאָך‟.
מיר קענען איר נאָר זאָגן: „קעמף קעגן דעם שענדלעכן יאָך‟! דאָס אַנטלויפן
איז ניט קײַן קאַמפּס-מיטל.

„מיר קענען ראטן לויפן פון מיליטער נאָר די, וועלכע טרעטן אַרויס פון
דער צאַרישער אַרמיי, אַרײַנצוטרעטן אין אונדזער אַרמיי, אין אונ-
דזערע רעוואָלוציאָנערע רייען...

... „אַ שאַרפער פּראָטעסט קעגן דער גאַזלאָנישער פּאָליטיק פון צאַריזמוס
וואָלט געווען, ווען די „זאַפּאַסנע‟ וואָלטן מאַסנווייז זיך אַנטזאָגט אַרײַנצו-
טרעטן אין דער אַרמיי; ווען זיי וואָלטן זיך, ווי איין מענטש, אַנטזאָגט צו
גיין, ווי שעפּסן אַף דער האַריגע אין מיזרעך-אַזיען... ווו ס'איז מעגלעך
אַרויסצורופן אַזאַ מאַסן-פּראָטעסט פון די זאַפּאַסנע, דאַרפן מיר אַף דעם אָנ-
ווענדן אַלע אונדזערע קויכעס.

„צו דעם פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג דאַרפן צושטיין אַלע באַוווסט-
זיניקע אַרבעטער, די צײַט פון מאָביליזאַציע דאַרף זײַן אַ צײַט פון דעמאָנס-
טראַציעס און מאַניפעסטאַציעס‟.

פאַרן „בונד‟ איז גראָד דידאָזיקע קעמפערישע ליניע געווען אױ-
סערסט וויכטיק, מאַכמעס אַט די רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציע האָט ער געמוזט
שטעלן קעגן דעם סטיכישן שטראָם פון עמיגראַציע, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל
אַ לאָז געטון אין די ערשטע טעג פון דער מאָביליזאַציע. דערדאָזיקער שטראָם
האָט דאָך מיט זיך קײַן אַקטיוו-רעוואָלוציאָנערעס ניט געבראַכט.

דאָס ערשטע, וואָס די מילכאָמע האָט געבראַכט, איז געווען—אַ שטאַרקער
אינדוסטריעלער קריזיס, און דער קריזיס האָט ווי אַ דונער געטראָפן די צוויי
שטעט פון בונדישן ראַיאָן—לאָדז און ביאַליסטאָק, וואָס זייער טעקסטיל-פּראָ-
דוקציע איז געגאַן פאַרן ווײַטן מאַרק פון סיביר און טורקעסטאַן. דער סיבי-
רער וועג איז געווען פאַרנומען מיט דעם טראַנספּאָרטירן צוליב דער מילכאָמע,
אַזוי אַז דער מאַרק איז פאַר די ביידע שטעט פאַרלאָרן געגאַנגען, און פאַב-
ריקן האָבן זיך דאָ פאַרמאַכט. די אַרבעטלאָזיקײַט אין די צוויי גרויסע צענ-
טרען האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַלע פּראָפעסיעס. נאָכדעם איז דער קריזיס
ווײַטער געגאַנגען, לויט די אַלע געזעצן פון דער ווירטשאַפט. די פּאַרטיי-אָר-
גאַניזאַציע האָט דאָ געפונען נײַעם שטאָף פאַר רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע —
די עקאָנאָמישע און אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אינעם בונדישן ראַיאָן האָבן
זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע פון רעגולירן די אַרבעטלאָזיקײַט

די אַרבעטלאָזיקײַט אין ביאַליסטאָק און שפּעטער אין אָדעס האָט געלאָזט אופקו-
מען צווישן די יידישע אַרבעטער אַנאַרכיסטישע שטימונגען. אײנציקע אַרבעטער —

אַרבעטלאָזע — האָבן אַף די מערק אָנגעהויבן אָפּצונעמען באַ די הענדלערקעס שפּײַז־פּראָדוקטן. אַליין אַזוינע דערשיינונגען, האָבן שוין געקאָנט אַרײַנברענגען דעמאָראַליזירונג אין דער אַרבעטער־סוויווע,—איז אָבער באַלד דערויף נאָך געקומען אַ טעאָריע, וואָס האָט באַגרינדעט און באַרעכטיקט דידאָזיקע פאַקטן. עס איז אופגעקומען (זומער 1904 יאָר) אַ „טעאָריע”, וואָס שטעלט אַרויס פּריוואַטע עקספּראָפּריאַציעס פאַר אַ מיטל פון זעלבסטהילף — פאַר אַרבעטער — און אויך פאַר אַ מיטל צו ליקווידירן די קאַפּיטאַליסטישע ווידערשפּרוכן. פון לאָנדאָן (דעמלט דער צענטער פון אַנאַרכיזם אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג) האָט זיך צו יענער צײַט צוריקגעקערט אין ביאַליסטאָק אַן אײַנפלוסרײַכער אַרבעטער, אַ בעקער, און ער האָט אָט די „טעאָריע” פון „עקסן” אופגענומען, אַנטוויקלט און באַגרינדעט, און האָט אַרום זיך צוזאַמענגענומען ניט קיין גרויסע גרופּע אָנהענגער. עטלעכע כאַדאָשים נאָכאַנאַנד האָט מען אַף די אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען אין ביאַליסטאָק ניט אופגעהערט צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַנאַרכיזם און „עקסן”. דער דעמלטיקער אופבליץ פון אַנאַרכיזם האָט זיך אָבער ווײַטער און ברייטער ניט געשפּרייט. די פראַגע וועגן אַנאַרכיזם און „עקסן” האָט זיך ווידער געשטעלט ערשט אין 1906 יאָר, ווען די רעוואָליוציאָנערע כוואַליע האָט געהאַלטן אין פאַלן, און די באַוועגונג האָט טיילווײַז אָנגענומען די פאָרם פון „עקסן”.

---

## קאַפּיטל דרײַצן.

# דער „בּונד“ אין 1905 יאָר. ביזן אָקטיאַבער־שטרײַק.

אינעם ערשטן פּעריאָד פון דער מילכאָמע איז, ווי באַוווּסט, אָנגעגאַנגען אַ פאַרשטאַרקטע רעפּרעסיע קעגן די רעוואָליוציאָנערן. אין פאַרשיקונג בּרעכט אויס אַ צווייטע „יאַקוטסקער“ דראַמע. צווישן די „יאַקוטסקיאַנער“ זײַנען פאַראַן דרײַ בּונדיסטן, — פון דער בּונדישער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע. דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בּונד“ פירט אַ גרויסע פּראָטעסט־קאַמפּאַניע אין דער פּראָטעסט־באַוועגונג, וואָס גייט דאַן אָן אין אויסלאַנד. אַזאַ פּראָטעסט־קאַמפּאַניע פירט אָן דער „בּונד“ אויך אין רוסלאַנד.

אין סענטיאַבּער 1904 י. קומען פאָר צוויי גרויסע צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי און מיליטער: אין זלאַטאָפּאָל און אין ביאַליסטאָק. אין זלאַטאָפּאָל האָט דער גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש געשאָסן אין אַ פרידלעכער פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער, אין ביאַליסטאָק טשאַטעוועט אויס די פּאָליציי אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון אַרבעטער, וואָס קומט פאָר אין וואַלד, רינגלט דעם וואַלד אַרום, וואַרט אויס ביז עס פאַרענדיקט זיך די פאַרזאַמלונג, און בעשאַס די אַרבעטער גייען שוין צו צום עק וואַלד, וואַרפט זי זיך אין פינצטערניש ווילד אַרויף אַף די אַרבעטער, שלאָגט זיי מאַקעס־רעצעך — מיט די נאַהײַקעס, מיט די סאַבּליעס, און שיסט אַף זיי פון ביקסן און רעוואָלווערן. זי פאַרנעמט עטלעכע געפאַלענע, פאַרוווּנדעטע. אַסאַך ווערן אַרעסטירט.

באַם איבערבּראָך פון ביידע פּעריאָדן מילכאָמע, ווען די געדריקטקײַט פון געמיט פאַרגייט שוין אין דער פאַרגאַנגענהײַט און עס קומט שוין אָן אַ נײַע כוואַליע פון רעוואָליוציאָנערער און אָפּאָזיציאָנעלער באַוועגונג, — קימאַט ערעוו יאַנוואַר 1905 יאָר, באַשליסט דער צענטראַלער קאָמיטעט פון „בּונד“ פירצונעמען — אונטער זײַן אייגענער אָנפירונג — אַן אַלגעמיינעם אָרגאַניזירטן אַרויסטריט פון די יידישע אַרבעטער, און דער אויסגאַנג־פּונקט זאָל דאָ זײַן די „ביאַליסטאָקער האַריגע“. צו אַלע אָרגאַניזאַציעס ווערט צעשיקט אַ צירקוליאַר מיט אַזאַ אינהאַלט:

„דער צ. ק. האָט באַשלאָסן, אַז אַלע אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זאָלן מעגלעכסט אומגעזאַמט, אַנערעך אין דעם מעשעך־צײַט פון 10־8 טעג נאָך דעם, ווי דיזע מעלדונג וועט ווערן דערהאַלטן, אָרגאַניזירן אַן ענערגישן פּראָטעסט קעגן דער ביאַליסטאָקער האַריגע. אַף וואָס פאַר אַן אויפן צו פּראָטעסטירן

ווענדט זיך פון די אָרטיקע באַדינגונגען, און דאָס דאַרף, פאַרשטייט זיך, ווערן באַשטימט פון אײַך אַליין. מיר פון אונדזער זײַט לייגן פאָר: דעמאָנסטראַציעס, איינטאָגיקע אַלגעמיינע שטרײַקן, פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, אַף וועלכע ס׳דאַרפן זײַן אָנגענומען פּאַסנדע רעזאָליוציעס. דעם באַשלוס זײַט איר מעכויעוו גלײַך איבערצוגעבן אין אײַער ראַיאָן.

„וועגן די רעזולטאַטן בעטן מיר גלײַך געבן צו וויסן ווי אונדז, אַזוי אויך אונדזער אויסלענדישן קאָמיטעט״.

„דער בונד״ № 5, דערשינען אין אָקטיאַבער 1904 יאָר (ס׳איז שוין דעמאָלט אָנגעקומען דער „פרילינג״ פון סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי און דער באַנקעטן־פּעריאָד), פירט אונטער אַ סאַכאַקל פון די אַלגעמיין־בונדישע רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען: 1 אָקטיאַבער — מאַניפעסטאַציעס אין טעאַטער אין וויטעבסק, 2 אָקטיאַבער—גאַסן־דעמאָנסטראַציעס אין וואַרשע, קאָוונע, ריגע, באָברויסק און מאָלעוו, 5 אָקטיאַבער—אַן אַלגעמיינער שטרײַק אין מינסק, און נאָכדעם אַ ריי פּראָטעסט־מיטינגען אין די גאַסן. אין ווילנע און בערדיטשעוו האָבן זיך די פּרוּוון צו מאַכן גאַסן־דעמאָנסטראַציעס ניט אײַנגעגעבן: די פּאָליציי האָט עס אונטערגעבראָכן. אין צענדליקער קליינע פּונקטן רופן זיך אויך די ייִדישע אַרבעטער אָפּ אַף דעם קאָל פון זייער צענטראַל־קאָמיטעט.

די צײַט, וואָס פון די יאַנוואַר-טעג 1905 יאָר ביז דעם זיבעטן בונדישן צוזאַמענפאָר, איז עס דער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון „בונד״, ווען זײַן, דעם בונדס, דערנעענטערונג צו דער באָלשעוויסטישער ליניע איז די מאַקסימאַלסטע,—פאַרשטייט זיך, ניט קאָנסעקווענט, מיט אָפטע אָפּנייגונגען אין דער זײַט. צו דער דערנעענטערונג האָט געשטויסן די רעוואָליוציאָנערע כוואַליע, וואָס האָט אַזוי — אומגעריכט פאַרן „בונד״ — פאַרכאַפּט דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס פון רוסלאַנד.

מ׳דאַרף זאָגן: אָפּגעריסן פון דער אַלגעמיין־רוסישער באַוועגונג, האָט דער „בונד״ ניט באַמערקט און ניט געפילט, ווי עס וואַקסט סטיכיש די אַלגעמיין־רוסישע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג. דערצו נאָך איז ער ניט געווען גרייט צוצוגעבן אָט דער סטיכיע, וואָס איז אים געבליבן אַזוי ווי פרעמד, קײַן באַזונדער ערנסטע באַדײַטונג. און וואָס ווייניקער דער „בונד״ האָט זיך געריכט אַף דער נאָענטער רעוואָליוציאָנערער אַרויסטרעטונג פונעם רוסלענדישן פּראָלעטריאַט, אַלץ גראַנדיעזער האָט דאָ געמוזט זײַן דער אײַנדרוק פון די יאַנוואַר־געשעענישן אין 1905 יאָר. דער גאַנצער שוים פון פּעסימיזם, אַרופגעשלאָגן פון די פּאָגראָמען אין קעשעניעוו, האָמעל און טשענסטאָכאָוו און פונעם „פאַמעלעכן וווּקס״ פון דער אַלגעמיינער באַוועגונג, פאַרשטאַרקט נאָך דורך דער פּאָזיציע פון „בונד״ מיט זײַן אַוועקגיין פון די רייען פון ר. ס. ד. א. פּ.,— אָט דער גאַנצער שוים איז נאָך די יאַנוואַר־געשעענישן שנעל אַראָפּ. דער „בונד״ האָט געשטרעבט צו פאַרנעמען זײַן אָרט אין דער אָנגעקומענער רעוואָליוציע.

די יאַנוואַר־געשעענישן האָט דער „בונד״ אויפגענומען פאַרן אָנהייב פון דער רוסלענדישער רעוואָליוציע.

די פּראָקלאַמאַציע, וואָס דער צ. ק. האָט אַרויסגעגעבן אין 113 טויזנט עקזעמפּליאַרן, רופט צו שטרייקן, צו אַלגעמיינער באַוואָפענונג. „זאָלן אַלע גאַסן ווערן אַ פעלד פון מילכאָמע".

די לאָזונגען פון דעם אופרוף זיינען געווען: אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג, דעמאָקראַטישע רעפּובליק, אַכטשאָ־יִקער אַרבעט־טאָג, אַלע פרייהייטן, „טייקעף אַ סאָף מאַכן פון דער מילכאָמע מיט יאַפּאַן, אָפּשאַפן דעם מיליטאַריזם און אַנשטאט דעם באַוואָפענען דאָס גאַנצע פאָלק". זיין פאָדערונג פון אַווטאָנאָמיע האָט דער „בונד" באַוואוסטזיניק ווייכער געמאַכט, און האָט עס פאָרמולירט אַזוי: „אַלע נאַציעס זאָלן זיין גלייך אין פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט, יעדע נאַציע זאָל האָבן פרייהייט פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, ד. ה. פרייהייט צו בילדן און לערנען זיך אַף איר אייגענער שפּראַך און צו ריידן אַף דער שפּראַך אין אַלע איינריכטונגען פון דער מעלוכע און אַף פאַרזאַמלונגען".

די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע האָט זיך הייס אָפּגערופן אַף די פּעטערבורגער יאַנוואַר־געשעענישן. די אַלגעמיינע שטימונג פון די ייִדישע אַרבעטער האָט ריכטיק אויסגעדריקט דער צ. ק. פון „בונד", בעשאַס ער האָט געזאָגט: „מיר האָבן באַשפּריצט די רוסישע ערד מיט אונדזער הייס בלוט". „מיר האָבן לאַנג געקעמפט מיט די סאָנים", „די סאָלדאַטן האָבן געשאָסן אין אונדזערע ברידער" „זיי האָבן רויט געמאַכט די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט מיט אונדזער בלוט". דער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד איז אופגעשטאַנען אַף מילכאָמע קעגן דעם צאַריזם, און דער ייִדישער אַרבעטער איז פעסט גע־גאַנגען האַנט אין האַנט געשלאָסן מיט דער גאַנצער באַוועגונג, זיך געפילט ווי איר אָרגאַנישער טייל.

אין צאָפן־מייַרעוו־קאַנט האָט דער „בונד" אין יענע טעג נאַטירלעך איבער־געשפּרייזט ווייט איבער די גרענעצן פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָט אַזוי האָט דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" גענומען אַף זיך די איניצי־אַטיוו צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם שטרייק, און מיט דער מיטווירקונג פון די אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס איז עס געלונגען אַרייַנצוציִען אינעם שטרייק אַפילע די סאַמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן פונעם אָרטיקן ניט־ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. פאַר דער באַוועגונג אין מייַרעווודיקן און דאָרעם־מייַ־רעוודיקן קאַנט איז כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס זי איז אַרייַנגעדרונגען אין די טיפסטע און פאַרוואָרפנסטע פונקטן. די לאַנגיאָריקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט פון „בונד", וועלכער האָט געשאַפן זיינע אָרגאַניזאַציעס אין צענדליקער אַזוינע פונקטן, אָט די אַרבעט האָט איצט אַרויסבאַוויזן איר רעוואָליוציאָנערן ווערט. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטן פון די קליינע שטעטלעך, וואָס אינעם לעבן פון דער אַרומיקער פּויערשאַפט שפּילן זיי אַזאַ גרויסע ראָליע, האָט געמוזט אופטרייסלען די פּויערשע מאַסע אויך. פון די יאַנוואַר־טעג הייבן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אָן דירעקט צו פאַרבינדן זיך מיטן דאָרף, דער „בונד" ברענגט אַהין אַריין רעוואָליוציאָנערע אַגיטאַציע און פאַר־שפּרייט דאָרט פּאָליטישע ליטעראַטור.

נאָך דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע אין יאַנוואַר איז אין מײַ־רעוו-קאַנט אָנגעפלויגן אין פעוורואַל די צווייטע כוואַליע, אופגעקומען אַפן באָדן פון עקאָנאָמישע פאָדערונגען. די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, אופגעהויבן אַף דער כוואַליע אין יאַנוואַר, האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט זיך באַנוגענען בלויז מיטן קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשונג. די באַוועגונג פון די אַרבעטער, וואָס האָט געהאַט אַן עכט־קלאַסן־כאַראַקטער, האָט געמוזט ברענגען צו אַ צוזאַ־מענשטויס מיט די אונטערנעמער. דער „בונד" האָט פאַרברייטערט אָט די עקאָ־נאָמישע באַוועגונג, און זי, די באַוועגונג, האָט אָנגענומען אַ שאַרף אויסגע־שפּראָכענעם פּאָליטישן כאַראַקטער.

אין מײַרעוו־קאַנט האָבן די ניט־ייִדישע אַרבעטער אין די יאַנוואַר־געשעע־נישן זיך שוואַך באַטייליקט. די נעגאַטיווע ווירקונג, וואָס אָט דער פאַקט האָט געהאַט אַף דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג פון די ייִדישע אַרבעטער, איז צו זען פונעם אַרטיקל, וואָס איז געווען ספּעציעל וועגן דעם אינעם № 6 „דער בונד", אין מײַ 1905 יאָר. דער אַווטאָר פאָרמולירט אָט די דאָזיקע פראַגע, וואָס טוט אַזוי ווי דער גאַנצער ברייטער אַרבעטער־מאַסע:

„וואָס פאַר אַ באַדײַטונג קאָן האָבן אונדזער ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג, ווען אין ראַיאָן פון „בונד" איז די באַוועגונג פון די ניט־ייִדישע אַרבעטער אַזוי שוואַך? וואָס פאַר אַ פּעולע אַף דער רעוואָלוציע קאָן האָבן אַפילע די שטאַרקסטע אָרגאַניזאַציע פון לויטער ייִדישע אַרבעטער, וואָס זײַנען אומעטום אַ מיעט, ווען די קריסטלעכע אַרבעטער זײַנען אינעם ראָוו ייִדישע שטעט קימאַט גאָר ניט אָרגאַניזירט".

די פראַגע איז געשטעלט שאַרף, און דער אַווטאָר גיט דאָ זײַן ענטפער אויך קלאָר און שאַרף. ער פאָרמולירט פון ס'נײַ די אַלטע בונדישע פּאָזיציע. ער קוקט אַף דער זאַך אַזוי: דאָס ניט באַטייליקן זיך פון די רוסישע אַרבע־טער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון קאַנט—איז אַ פאַקט, אַ טרויע־ריקער פאַקט, אָבער אַ פאַקט אַן אָביעקטיווער, פּונקט אַזאַ טרויעריק־אָביעקטי־ווער, ווי דער, וואָס די ייִדישע אַרבעטער אַרבעטן אין די קליינע אונטערנע־מונגען, ווי דער, וואָס שווער קומט אויס צו פירן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף בעשאַס דער פּראָלעטאַריאַט איז איזאָלירט, ווי דער, וואָס עס שטייט נאָך פאַר אונדז די עצעם אופגאַבע אַראָפּצושלײַדערן דעם צאַריזם, בעשאַס אין מײַרעוו־אייראָפּע האָט עס אָפּגעטון די בורזשואַזיע. „די רעוואָלוציע איז אָבער ניט אַ טעכנישע זאַך, נאָר אַ ברייטער פּראָצעס פון צעשטערונג, פון אונ־טערגראָבן דעם רעזשים אומעטום אין די סאַמע קלענסטע פּונקטן. מיר וועלן נאָך שפּילן אַ גרויסע ראָליע: בעשאַס דעם לעצטן אופשטאַנד וועלן מיר זײַן אין דער שפּיץ אויך פון די רוסישע אַרבעטער. ענדלעך, איז די רעוואָלוציע ניט קײַן ציל, נאָר אַ מיטל, אונדזער הויפּט ציל איז די באַוועגונג פונעם אַר־בעטער־קלאַס פאַר סאָציאַליזם" *).

מיט געפיל פון גרויסער אומצופרידנקײַט וואַרפט דער אַווטאָר אָפּ דעם געדאַנק וועגן אָרגאַניזירן אַזאַ ברייטע אַרבעט צווישן די ניט־ייִדישע אַרבעטער,

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

אַז עס זאָל מוזן דורכדעם געמינערט ווערן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. דער קויעך פון דער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ליגט אין איר פאַרבונדנקייט מיט דער יידישער אַרבעטער־מאַסע. איר אַרבעט קאָן זי ניט אַריבערטראָגן צווישן די רוסישע אַרבעטער, — זי וועט דאָרטן בלייבן אַ פרעמדע. מ׳קאָן די אַרבעט ניט צופּאַסן איינצייטיק אי צו די רוסישע, אי צו די יידישע אַרבעטער. און מ׳דאַרף עס ניט אויך, ווארעם „ס׳איז ניט נייטיק", זאָגט דער אַווטאָר, „ס׳איז ניט נייטיק צו פאַרלאָזן איין פעלד פון אַרבעט און זוכן אַן אַנדער פעלד. דאָס איז אי שווער, אי שעדלעך. דאָס וואָלט מען געדאַרפט טון נאָר דאַן, ווען מ׳זאָל רעכענען, אַז די רוסישע אַרבעטער זיינען וויכטיקער פון די יידישע; נאָר דער, וואָס טראַכט אַזוי, איז ער ניט קיין סאָציאַל־דעמאָקראַט און מיט אים לוינט ניט צו ריידן".

דער ענטפער איז — אַ טיפּיש־בונדישער.

געבראַכט צו דידאַקטישע שטימונגען האָט די באַוועגונג פונעם ערשטן פערטל 1905 י. און נאָר אין מייַרעוו־קאַנט. אין פוילן איז עס געווען גאַנץ אַנדערש. באַם פוילישן פּראָלעטאַריאַט איז דער באָדן פאַר רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען שוין לאַנג געווען אופגעאַקערט, און באַלד נאָכן נייַנטן יאַנוואַר איז אַרויס אין גאַס אי דער פוילישער, אי דער יידישער פּראָלעטאַריאַט. איןביידע הויפּט־צענטרען — אין וואַרשע און אין לאָדז איז די פוילישע און די יידישע רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג געווען גלייַך מעכטיק און שטורמיש. ביידע האָבן גלייַך אַרייַנגעבראַכט אומרו אין די רייען פון דער צאַרישער מאַכט, און באַלד טאַקע איז דאָרט געווען געמאָלדן קריגצושטאַנד. אויב אין מייַרעוו־קאַנט זייַנען די קליינע פונקטן אַרייַנגעצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג נאָך אין די יאָרן 1903—04, און אין 1905 יאָר באַטייליקן זיי זיך שוין אין יאַנוואַר־פעוראַלער אַרויסטרעטונגען, איז אין פוילן אָבער גייען די קליינע פונקטן אַריין אין דער באַוועגונג ערשט אין 1905 יאָר.

קערן מיר זיך צוריק אום צו דער פריער־געבראַכטער ציטאַטע פון דעם „בונד", דאַרפן מיר באַמערקן, אַז פאַרן אַווטאָר בלייַבט אינגאַנצן פאַרשטעלט די ראַדיקאַלע ענדערונג, וואָס עס האָבן אין דער באַוועגונג פון מייַרעוו־קאַנט אַרייַנגעבראַכט די ניט־גרויסע גרופּעס ר. ס. ד. א. פּ., פאַרייניקט אין צאָפן־מייַרעווידיקן און אין פּאָליעסער קאָמיטעט. צום מיטן 1905 יאָר ווערן זייערע פאַרבינדונגען מיט די רוסישע אַרבעטער גענוג שטאַרק. די אייַזנבאַן־וואַרשטאַטן, וואָס אין 1903 יאָר האָט נאָך פון זיי געשלאָגן אַ סאַקאָנע פון פּאָגראָמען (אין האָמלער פּאָגראָם האָבן זיך באַטייליקט אייַזנבאַן־אַרבעטער), — זייַנען געוואָרן אַ שטיץ־פונקט פאַר דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין קאַנט. לויט דעם האָט זיך אויך געמוזט שוין ענדערן דער שווערפּונקט אין דער באַוועגונג. דער „בונד" האָט אָנגעהויבן ריכטיק אָפּצושאַצן זייַן אָרט אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג און האָט פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון איינהייטלעכע אַרויסטרעטונגען צוזאַמען מיט ר. ס. ד. א. פּ. די גאַנצע רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אין קאַנט האָט באַקומען אַ גרויסן פאַרנעם. די ראָליע פון אַ צענטער, וואָס פאַרייניקט די גאַנצע באַוועגונג, איז פונעם „בונד" אַריבער צו ר. ס. ד. א. פּ.

* * *

אין פּעוואַל 1905 יאָר רופט דער צ. ק. פון „בונד“ צונויף די זעקסטע קאָנפערענץ פון „בונד“ אין דווינסק, ווו אין יענע טעג קומען פאָר רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די אָרטיקע אַרבעטער.

אַנשטאָט צו ברענגען די רעזאָליוציעס, וואָס די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען, ווי אַזוי צו פאַרברייטערן די רעוואָליוציאָנערע אַרבעט, וועט זײַן גענוג צו ציטירן פון № 6 „דער בונד“ אַ פּאָר שטעלן פונעם אַרטיקל „ווי זאָלן מיר איצט פירן אונדזער אַרבעט“, — אין דעם אַרטיקל האָבן מיר דעם עצעם טאָך פון די באַשלוסן פון דער קאָנפערענץ:

„מיר דאַרפן, אַז אונדזער פּאָליטישער קאַמף זאָל ווערן אַ קאַמף פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט; מיר דאַרפן זיך באַווײַזן אומעטום, אין אַלע עפנטלעכע ערטער, ווו נאָר ס'איז דאָ גרויסע מאַסן מענטשן; מיר דאַרפן אומעטום לאָזן הערן אָפן אונדזער מוטיקע שטימע און רופן די מאַסן צום קאַמף; מיר דאַרפן אַזוי צעבלאָזן דאָס פײַער, אַז זײַנע פונקען זאָלן אַרײַנפאַלן אינעם האַרצן פון יעדן איינציקן אַרבעטער און זאָלן אים טרײַבן אין גאַס אַרײַן, צום פּראָטעסט, צום קאַמף, צום טויט פאַר פרײַהײַט. אונדזער קאַמף דאַרף אַלעמאָל זײַן אַן אָ פ ע נ ע נ ע ר, ב ר ײ ט ע ר, אַ נ ט ש ל אָ ס ע נ ע ר קאַמף, ווו באַוואָפנטע מאַסן טרעטן אַרויס קעגן דעם כאַיעל פון דעם סוינע, שטרײַטן מיט אים, פאַרניכטן זײַנע פירער, מאַכן אַ כורבן פון די רעגירונג־אַנשטאַלטן. מיר דאַרפן מאַכן אַזוי, אַז די פּראָלעטאַרישע אַרמיי זאָל שטענדיק זײַן מאָביליזירט, זאָל שטענדיק זײַן אין קאַמף, זאָל זיך צוגעווינען צו אָפּפערן און זאָל זיך אויסלערנען דרייסט און מונטער באַגעגענען דעם טויט.

„און וואָס שטאַרקער ס'וועט זײַן אונדזער קאַמף, וועלן מיר מער בורזשואַזע דעמאָקראַטישע עלעמענטן טרײַבן צום קאַמף און זיי אויפמונטערן נאָכצופאָלגן נאָך אונדזער פּראָגראַם און פאָדערן אונדזערע פאָדערונגען, און וואָס שטאַרקער עס וועט זײַן אונדזער קאַמף, וועלן מיר מער ווירקן אַף די בורזשואַזע פּאַרטייען און איינציקע פון זיי צווינגען אַראָפּנעמען די מאַסקע, באַווײַזן די עמעסע רעאַקציאָנערע צורע; די איבעריקע — די מער ראַדיקאַלע — טרײַבן לינקס, צו גרעסערן דעמאָקראַטיזמוס, צו שאַרפערע פאָדערונגען.

„מיט דיזע ראַדיקאַלע בורזשואַזע פּאַרטייען קען אונדז אויסקומען צו האָבן אַ מאַגע־אומאַסע אין אונדזער קאַמף קעגן צאַריזמוס. דיזע פּאַרטייען שטרעבן אויך צו פאַרניכטן די זעלבסטהערשונג... מיר דאַרפן פון איין זײַט פאַרהיטן דעם אַרבעטער־קלאַס פאַר אַזוינע בורזשואַזע נעצן, מיר דאַרפן באַלויכטן מיט פײַער פון אונדזער פּראָלעטאַרישער קריטיק די עמעסע געשטאַלט פון דיזע באַלטויוועניקעס און באַווײַזן, וואָס זיי מיינען מיט זייערע זיסע רייד. פון דער אַנדערער זײַט — קעדיי צו דערלאַנגען אַ גרעסערן קלאַפּ דער זעלבסטהערשונג, קעדיי צו געווינען שנעלער די פּאָליטישע פרײַהײַט, קען אונדז נייטיק זײַן צו אַרײַנקומען אין וועלכע ניט איז באַרירונגען מיט דיזע בורזשואַזע פּאַרטייען,

קעדיי צופּאַסן זייערע מיטלען צו אונדזערע און מיט גרעסערער קראַפט אָנפאַלן אַפן סוינע״.

דאָ האָבן מיר שוין אין אַ געוויסער מאָס אַ מער־רעוואָלוציאָנערע פּאָזיציע אין דער באַציִונג צום ליבעראַליזם.

וועגן דער אַרבעט צווישן די ניט־ייִדישע אַרבעטער נעמט די זעקסטע קאָנפערענץ פון „בונד״ אָן אַ מאָטיווירטן באַשלוס, וואָס זײַן רעזאָליוטיווער טייל זאָגט:

„...געפינט דאָך פונדעסטוועגן *) די קאָנפערענץ באַ דעם איצ־טיקן מאָמענט פאַר נייטיק, אַז אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זאָלן מיטהעלפן צו גרינדן אין אַזעלכע שטעט גרופּן פון ניט־ייִדישע אַרבעטער, וואָס זאָלן זיך געפינען אונטערן קאָנטראָל פון די קאָמיטעטן און זאָלן זיך באַשעפטיקן מיט פאַרשפּרייטן ליטעראַטור צווישן דעם ניט־ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, און האָבן שטענדיקע פאַרבינדונגען מיט דידאָזיקע אַרבעטער־מאַסן״.

אָט דער „דאָך פונדעסטוועגן״ קומט פונעם פריִערדיקן מאָטיווירן די רעזאָ־ליוציע. לויט דער מאָטיווירונג קאָן דער „בונד״ צווישן די ניט־ייִדישע אַרבע־טער ניט פירן קיין ברייטע אַרבעט — די מאָטיווירונג שטימט אינגאַנצן מיטן שטאַנדפּונקט פונעם אַרטיקל אין „דעם בונד״, וועלכן מיר האָבן פריִער ציטירט.

אין דער רעזאָליוציע וועגן אָפּמאַכן מיט אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַ־ניזאַציעס ווערט רעקאָמענדירט:

1. אין דעם מעשׂך פון דעם צוגרייטונג-פּעריאָד זאָל מען אײַנפירן מעג־לעכסט ענגערע פאַרבינדונגען — און ווען נייטיק אַרויסווײַזן דערבײַ די גרעסטע הילף — מיט אַלע אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, אַכוץ מיט די, וואָס שטעלן זיך פאַר אַ ציל דעזאָרגאַניזירן די באַוועגונג פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט **).

2. אין די מאָמענטן פון די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען גופא דאַרף מען צונויפרעדן זיך אָן אויסנאַם מיט אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַ־ציעס, וואָס האָבן אַן אײַנפלוס אַף דעם ניט-ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

בענעגייע צו אַלע ניט־סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס געפינט די קאָנפערענץ פאַר מעגלעך צו שליסן מיט זיי אָפּמאַכן נאָר אַף דעם מאָמענט פון רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען און נאָר אין דעם פאַל, אויב זיי האָבן אַן אײַנפלוס אַף די אָדער יענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און שטעלן אַרויס אַף זייער פאָן די פאָדערונג צונויפרופן אַ קאָנסטיטויִרנדע פאַרזאַמלונג אַפן יעסאָד פון אַלגעמיינעם, גלײַכן און דירעקטן וואַלרעכט מיט געהיימער אָפּ־שטימונג.

דערדאָזיקער אָפּמאַך קאָן זיך אויסדריקן נאָר אין דעם, וואָס מע וועט צו־זאַמען באַטראַכטן ווי צו קאָאָרדינירן די איינצלנע אַקטן.

*) אונטערגעשטרײַכט פון אונדז.—מ. ר.

**) דאָס האָט די קאָנפערענץ געמיינט יענע גרופּעס „איסקראָווצעס״, וואָס האָבן ניט באַוויזן נאָך צו פאַרבינדן זיך מיט דער רוסישער ארבעטער-מאַסע און זייער גאַנצע אַרבעט איז געווען בלויז צו קעמפן מיטן „בונד״ אינעווייניק צווישן די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן.

און דאָ איז די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אין לאַנד האַלט אַלץ מער און מער אין וואַקסן, און צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער כוואַליע הייבט זיך אויף די כוואַליע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די כוואַליע פון עקאָנאָמישע שטרייקן ווערט אַלץ ברייטער און ברייטער, רייסט מיט זיך מיט נייע שיכטן לוינאַרבעטער. אין 1905 יאָר האָט זיך די באַוועגונג ברייט צעגאָסן צווישן די האַנדל־אינדוסטריעלע אָנגעשטעלטע, און דאָ איז דעם „בונד" אויסגעקומען אין אַ ריי שטעט זיך צוזאַמענשטויסן מיט אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס, מייג־סטנס—מיט „פּויאַליי־ציאָן". געשטרייקט האָט אויך די הויז־דינערשאַפט, דערביי זענען פאָרגעקומען גרויסע פאַרזאַמלונגען. ביכלאַל האָבן זיך די עקאָנאָמישע שטרייקן קימאַט שטענדיק פאַרענדיקט גינסטיק פאַר די אַרבעטער. דערצו האָט מיטגעהאָלפן דאָס אַלגעמיינע מיטגעפיל, וואָס די גאַנצע אָרעמקייט האָט אַרויס־געוויזן דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אין 1905 יאָר, די מייר־סטערס־באַלעבאַטים האָבן „אַנערקענט", אַז די אַרבעטער מוזן איצטער ווירק־לעך האָבן מער רו און אַ גרעסערן אַרבעט־לוין. נאָר וואָס ברייטער עס האָט זיך צעגאָסן די אַלגעמיינע באַוועגונג און האָט אין זיך אַריינגעצויגן גרעסערע מאַסן, אַלץ טיפער אין פאָלקס־לעבן האָט אַריינגעדרונגען די ווירקונג פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. אין 1905 יאָר איז דער ציאָניזם געווען אינגאַנצן אָפּגעשטויסן אין אַ זייט. אין מייערעוו־קאַנט איז דער „בונד" געווען קימאַט דער דיקטאַטאָר באַ דער יידישער באַפעלקערונג. אַף זיין זייט האָט ער געהאַט דאָס אַלגעמיינע מיטגעפיל פון די מאַסן, און דאָס הייפל יידישע פּלוטאָקראַטיע האָט פיינטלעך שטיל געשוויגן. די רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָבן דאַן אויך די שול, דעם בעסמעדרעש פאַרוואַנדלט אין אַ פּלאַץ פאַר רעוואָליר־ציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. אַ שאַבעס, אַ יאָנטעוו פלעגן די שלאָג־מאַכנעס שטילערהייט פאַרנעמען אַלע אַריינגאַנגען און אַרויס־ (боевые дружины) גאַנגען, און אַזוי אַרום באַוואָרענען, אַז פון דער בורזשואַזיע זאָל ווער ניט מאַסערן דעם רעדנער, און די רעדנער ריידן אַ שאָ און מער, און דער גאַנ־צער אוילעם בלייבט שטיל און הערט צו און באַוויליקט. נאָכדעם דאַוונט זיך דער אוילעם וויטער, און אַלץ גייט „נאָרמאַל". זעלטן ווען די פּאָליציי פלעגט באַפאַלן אָט די אימפּראָוויזירטע פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען.

די וויכטיקייט פון דער „גאַס־בירזשע" איז געוואַקסן. ענג זיינען געוואָרן פאַר דער באַוועגונג די אונטערערדישע קרייזלעך און פאַרזאַמלונגען. זי האָט פאַרנומען די גאַס. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָ אַף די „בירזשעס" זיינען פאָר־געקומען צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי, וואָס פלעגט זיך מאַמעש לאָזן אַהער אַף „געיעג", מאַכן אָנפאַלן און צומאָל נאָך נעמען צו הילף מילי־טער. אַזעלכע צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי, — דערביי פלעגן פאַלן קאָר־באָנעס פון ביידע זייטן, — איז אין 1905 יאָר געווען אַ סאַך. באַזונדערס אין וואַרשע (דזיקע־גאַס), ביאַליסטאָק (סוראַזשער גאַס), האָמעל (קוזניעטשנע).

אינעם בונדישן ראַיאָן — און דאָס איז פאַר אים געווען זייער כאַראַקטע־ריסטיש—האָט זיך אויסגעבילדעט דער אַזויגערופענער „קליינער בונד". דידאָ־זיקע באַוועגונג איז אופגעקומען סטיכיש און האָט אין זיך פאַרייניקט די מינ־

דעריאָריקע אַרבעטער אין עלטער פון 13 ביז 16 יאָר. אַרײַנגעצויגן דידאָזיקע יוגנט אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג האָט דער עצעם גאַנג פון קאַמף, און זי האָט זיך באַטייליקט אין די דעמלטיקע פאַרזאַמלונגען, שטרײַקן, דעמאָנסטראַציעס. שפּעטער האָבן זיך צווישן זיי אויסגעטיילט די מער אַקטיווע עלעמענטן, וואָס האָבן שוין אַליין אָנגעהויבן פאָרמולירן די אויפגאַבן און פאָדערונגען פון דער אַרבעטער־יוגנט. בעשאַס די עקאָנאָמישע שטרײַקן פלעגן זיי באַשטיין, אַז אין די אַלגעמיינע פאָדערונגען זאָל מען אײַנשליסן יענע פּונקטן, וואָס באַשיצן די אַרבעטער־אינטערעסן פון די מינדעריאָריקע; אָרגאַניזירנדיק שוין אַליין זעלבשטענדיקע פאַרזאַמלונגען און קרײַזלעך, פאָדערן זיי פון „בונד", מ'זאָל זיי שיקן רעדנער און אָנפירער. אַף די געהיימע פאַרזאַמלונגען און אַף דער בירזשע האָבן זיי אַף זיך גענומען צו האַלטן די פאַרבינדונג, זײַן די שילוכים, דער פּאַטרול. אַף די דעמאָנסטראַציעס פלעגן זיי אַרויס מיט דער אייגענער פאָן פונעם קליינעם „בונד", בעשאַס פאַרשיידענע גאַסן־געפעכטן זײַנען זיי אויך קאָרבאָנעס געפאַלן *).

דידאָזיקע באַוועגונג איז אינגאַנצן געגאַנגען אונטערן שוץ און אָנפירונג פון „בונד".

מיר האָבן שוין פריִער געזאָגט, אַז דער ציאָניזם איז אינגאַנצן אַוועק אין הינטערגרונט. מ'האָט שוין ניט געקאָנט מער קומען צו די מאַסן און אײַנריידן זיי אָפּצוזאָגן זיך פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף. גופע די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ האָט געמוזט איבערקוקן און איבערשאַצן אירע נאַציאָנאַלע און פאָליטישע אָנזיכטן, און סאָפּקאָלסאָף האָבן זיך אַפּן לינקן פלאַנג פונעם ציאָניזם אויסגעבילדעט פיר ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישע פראַקציעס, וואָס האָבן האַרטנעקיק געקעמפט איינע קעגן דער צווייטער און אַלע צוזאַמען — קעגן „בונד" און ר. ס. ד. א. פּ. אַלע פיר פראַקציעס האָבן געהאַט פאַר זיך איין ענד־ציל, אַלע האָבן זיי גערעכנט, אַז ענדגילטיק קאָן די ייִדן־פראַגע געלייזט ווערן נאָר אַף אַ באַזונדער טעריטאָריע, ווו עס זאָל זיך אויסבילדן אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע געזעלשאַפט, אַן אייגענע מעלוכע. כעלוקיי־דייעס זײַנען געגאַנגען וועגן דעם, ווו איז זי, ווו דאַרף זי זײַן — די טעריטאָריע (פּאַלעסטינע אָדער אַן אַנדער לאַנד), און אויך ווי אַזוי און אין וואָס פאַר אַ מאָס זאָל מען צונויפפאַסן דאָס באַטייליקן זיך אינעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד מיט דעם שטרעבן צום ציאָניסטישן אידעאַל. ווײַטער איז איינ̇יקע פון זיי, ווי די „פּויאַליי־ציאָן" און די „סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן" האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר מאַרקסיסטן, אַנדערע אָבער, ווי די „סיימיסטן" (מיט זייערע פירער זשיטלאָווסקי און ראַטנער) זײַנען צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן. אָט די אַלע גרופּעס האָבן גענומען אַ געוויסן אַנטייל אינעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף, האָבן אַרײַנגעצויגן אין דער באַוועגונג אָפּגעשטאַנענע שיכטן אַרבעטער, האָבן אָרגאַניזירט שטרײַקן און דעמאָנסטראַציעס, האָבן אויך געשאַפן זייערע

*) דער אָרגאַניזאַטאָר פונעם קליינעם „בונד" אין האָמעל איז געווען דער כ' יאַנקל לעווין. אין דער ליטעראַטור האָבן מיר אַן אָפּשפּיגלונג פון דערדאָזיקער באַוועגונג אין קאַסעלס דערציילונג „מייערקע פון קליינעם בונד".

„בירזשעס", וואָס אַף זיי פלעגט אויך אָנפאַלן די פּאָליציי. דער „בונד", וואָס די אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציע אין 1905 יאָר האָט אים אַלץ מער גע־שטויסן צו אייניקן זיך מיט דער אַלגעמיינער באַוועגונג, האָט האַרט און שאַרף געקעמפט קעגן אָט די אַלע „ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישע" פּראַקציעס, האָט אַזוי אַרום פאַרגעזעצט זײַן אַלטן קאַמף קעגן דעם ציאָניזם.

קעדיי ניט אומצוקערן זיך מער צו אָט דער פראַגע, וועלן מיר דאָ ברענ־גען די רעזאָליוציע, וואָס דער „בונד" האָט אַף זײַן זעקסטן צוזאַמענפאָר (אָק־טיאַבער 1905 י.) אָנגענומען וועגן דער באַציִונג צו די פארשיידענע ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישע פּראַקציעס:

„נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז דער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דעם קאַפּיטאַ־ליזם אין די לענדער, ווו ייִדן וווינען, באַשאַפט ניט פאַר זיי אַזעלכע ווירט־שאַפטלעכע באַדינגונגען, פון וועלכע ס'זאָל אַרויסדרינגען אַן אָביעקטיווע נויטווענדיקייַט פאַר ייִדן צו קאָנצענטרירן זיך אַף אַ זעלבשטענדיקער טעריטאָריע;

„אַז אַ זעלבשטענדיקע טעריטאָריע קאָן ניט דערגרייכט ווערן דורך קייַן קאַמף ביכלאַל און ביפראַט נאָך דורך דעם קלאַסנקאַמף פון פראָלעטאַריאַט;

„אַז נאָר אין דער ריכטונג פון דעמדאָזיקן קאַמף, וועלכער פירט צו דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער אָרדענונג אין די לענדער, ווו די ייִדן וווינען, און צו דער איבערבויונג פון דער הײַנטיקער גע־זעלשאַפט אַף סאָציאַליסטישע יעסוידעס, ליגט דער וועג צו פאַרענטפערן די ייִדן־פראַגע;

„אַז דאָס, וואָס די אָדער יענע גרופּע שטעלט אַרײַן אין איר פּראָגראַם די אופגאַבע צו דערגרייכן אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע טעריטאָריע און די אַגיטאַציע אַף דעמדאָזיקן באָדן, לייגט אַרוף אַף איר גאַנצער פּאָליטיק אַ שטעמפּל פון אוטאָפּיזם און אַוואַנטיוריזם;

„און אויב אַזוי, איז אַף וויפל איינצלנע באַזונדערע שיכטן פון ייִדישן פראָלעטאַריאַט וואָלטן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון אַזאַ גרופּע, וואָלט איר אַגיטאַציע געקאָנט נאָר אַפּן שעדלעכסטן אופן זיך אָפּרופן אַף זייער קאַמף פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע אַפּן אָרט, וואָלט צוגעגעבן דעמדאָזיקן קאַמף אַ ספּעציפיש־נאַציאָנאַליסטישן קאָליר פון קלייַנבירגערלעכער אידעאָלאָגיע און וואָלט באַ אים אָפּגענומען זײַן פראָלעטאַרישן כאַראַקטער ;

„אַז וואָס מער אָרט דידאָזיקע אופגאַבע פאַרנעמט אין איר אַגיטאַציע, אַלץ מער ווערט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייַט צו פירן די באַוועגונג אַפילע נאָר אין דער ריין בורזשואַז־רעוואָליוציאָנערער און דעמאָקראַטישער ריכטונג—

„נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט און אנערקענענדיק די בילדונג פון פארשיי־דענע גרופּן ציאָניסטן־סאָציאַליסטן אַלס אַ רעזולטאַט פון דער שטרעבונג פון בורזשואַזן ציאָניזם אונטערצוואַרפן אונטער זײַן ווירקונג די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן מיט דער הילף פון אַן אינהאַלטלאָזע קלוימערשטיקע סאָציאַליסטישע פראַזעאָלאָגיע, באַשטעטיקט דער זעקסטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" די רעזאָ־ליוציע פון פינפטן צוזאַמענפאָר וועגן די בייטיקייַט צו קעמפן מיטן ציאָניזם אין אַלע זײַנע געשטאַלטן און שאַטירונגען".

מיר וועלן זיך אָבער אומקערן צום גאַנג פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף באַם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט. צו יוני־צו שטײַגט די רעוואָליוציאָנערע כוואַליע הויך אַרויף, איבערהויפּט אין פּוילן. דאָ איז די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע קאָנצענטרירט אין צוויי גרויסע צענטערן—וואַרשע און לאָדז. אין העסקעם מיטן אַלגעמיינעם כאַ־ראַקטער פון דער גאַנצער אָרטיקער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג איז אויך די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע דאָ געווען מער רעוואָליוציאָנער־אַקטיוו. ווירקלעך האָט דאָ אין פּוילן אין די יוני־טעג די בונדישע באַוועגונג דערלאַנגט ביז איר העכסטן פּונקט. דער אופשטאַנד פון די מאַטראָסן אַפן שיף „פּאָטיאָמקין" און די באַריקאַדן אין לאָדז — דאָס זײַנען די צוויי וויכטיקע געשעענישן אין די רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען אין יוני 1905 י. אָט די צוויי געשעענישן זײַנען עס געווען אַזוי ווי דער דירעקטער ענטפער אַף דער מאַפּאָלע פּונעם צאַרישן פּלאָט באַ צוסימע. אין דער אָדעסער באַוועגונג האָט די ניט־גרויסע בונדישע אָרגאַניזאַציע געשפּילט אַ גאַנץ גרויסע ראָליע, מאַכמעס דעם וואָס די בונדישע טוער זײַנען געווען מיטגעריסן פון דער אַלגעמיין־רעוואָליוציאָנערער כוואַליע און זײַנען ניט פאַרבליבן אין די ענגע גרענעצן פון דער אייגענער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אין די פּאָטיאָמקין־טעג איז דער הויפּט־אָראַטאָר אין פּאָרט געווען אַ בונדיסטן, וואָס די „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט זי אָנגערופן „פוריע". און די לאָדזער אַרויסטרעטונג — דאָס איז ווירקלעך געווען אַ מאַסן־אַרויסטרעטונג פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

די לאָדזער רעוואָליוציאָנערע טעג — דאָס איז די העלדישע אַרויסטרעטונג פון ייִדישע אַרבעטער. העכער פון אָט דער כוואַליע האָט זיך שוין מער ווײַטער אין דער רעוואָליוציע די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג ניט דערהויבן.

אין כוידעש אַווגוסט פאַרעפנטלעכט די צאַרישע רעגירונג איר באַשטימונג, צונויפצורופן די „געזעצגעבאַראַטנדיקע" גאָסודאַרסטווענע דומע, די אַזוי־אָנגערופענע בוליגין־דומע. אין די רייען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווײַזן זיך אַרויס כעלוקע־דייעס וועגן די וואַלן אין דערדאָזיקער דומע. די „איסקראַ" (דעמלט אַ מענשעוויסטישע) קומט מיט אַ פּראָעקט—צו באַטייליקן זיך „רעוואָליוציאָנעריש" אין די וואַלן מיט דעם לאָזונג — אַ קאַבינעטיש אויסגעטראַכטן — פון „רעוואָליוציאָנערער זעלבסטפאַרוואַלטונג", וואָס דאַרף געבויט ווערן באַזונדער פון דער גאָסודאַרסטווענער דומע, און פּאָרט דאַרף עס גיין אין ענגן צוזאַמענבונד מיט די וואַלן אין אָט דער גאָסודאַרסטווענער דומע. די רעוואָליוציאָנערע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטעלט קעגן דער בוליגין־דומע אַרויס אַ קלאָרן און פעסטן לאָזונג „באָיקאָטירן די דומע", „אַראָפּרײַסן די וואַלן אין דער בוליגין־דומע".

אָנהייב סענטיאַבער 1905 יאָר קומט פאָר אַ נײַע קאָנפערענץ פון די צענטראַלע אײַנריכטונגען פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אין רוסלאַנד: פון דער אַרמענער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, בונד, לעטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, רעוואָליוציאָנערער אוקראַאינישער פּאַרטיי, אָרגאַניזאַציאָנעלער קאָמיסיע פון ר. ס. ד. א. פּ. (מענשעוויקעס), צ. ק. פון

ר. ס. ד. א. פּ. (באָלשעוויקעס) און „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פוילן און ליטע". אַף דערדאָזיקער קאָנפערענץ איז דער דעלעגאַט פון די מענשעוויקעס געבליבן איינציק און אַליין, ער איז געבליבן אינגאַנצן איזאָלירט. די גאַנצע קאָנפערענץ—קעגן די מענשעוויקעס—נעמט אָן אַ רעזאָליוציע צו באָיקאָטירן די מעלוכישע דומע.

אין העסקעם מיט אָט דער באַשטימונג אַרבעט דער „בונד" אויס אַ רעזאָליוציע פאַר מיטינגען און וואַל־פאַרזאַמלונגען. אינעם ראַיאָן פון „בונד" גייט אָן אַ קאַמפּאַניע פון מאַסן־פּראָטעסטן קעגן די וואַלן אין דער מעלוכישער דומע.

* * *

דער אָקטיאַבער־שטרײַק ווישט אינגאַנצן אַראָפּ די בוליגין־דומע. עס קומען אָן די „פרײַהײַט־טעג" פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע. אין די טעג פונעם אָקטיאַבער־שטרײַק גייען אויך אַלגעמיינע שטרײַקן אין אַלע שטעט פונעם בונדישן ראַיאָן, שטרײַקן און דעמאָנסטראַציעס און אַפילע טעראָריסטישע אַרויסטרעטונגען (האָמעל). דאָס אַלץ אָרגאַניזירט דער „בונד", קעדיי צו שעדיקן דעם מעלוכע־אַפּאַראַט. ווי פריִער אין די יאַנוואַר־טעג, איז אויך איצטער אין די אָקטיאַבער־טעג דרינגט אַרײַן דער רעוואָליוציאָנערער אופשטײַג אין די סאַמע קלענסטע פונקטן.

אין אָט דער באַוועגונג שטײַגט די באַדײַטונג פון די אָרגאַניזאַציעס פון ר. ס. ד. א. פּ. נאָך העכער, איידער אינעם גאַנצן מעשעך פונעם 1905 י. די גאַנצע באַוועגונג קאָנצענטרירט זיך אַרום דעם אײַזנבאַן-שטרײַק און אַרום דער אָרגאַניזאַציע פון די אײַזנבאַן־אַרבעטער, און דאָ האָט דער „בונד", פאַרשטייט זיך, קיין אָרט ניט פאַרנומען. דער „בונד" האָט אופגערירט, האָט אַ הייב געגעבן די גאַנצע האַנטווערקערישע אַרבעטער-מאַסע פון די שטעט און שטעטלעך, און דאָרט אַרום איז די ווירקונג פון דער רעוואָליוציע אַרײַנגעדרונגען אין דער טיף פונעם דאָרף.

קאַפּיטל פערצן.

# די יאָרן 1906—1907. אָרגאַניזאַציאָנעל-פּאָליטישע פראַגן.

די ערשטע און גרונטלעכע פראַגע, וואָס האָט זיך באַלד שוין אין די ערשטע „פרייהייט־טעג" געשטעלט פאַרן „בונד", איז געווען—די פראַגע וועגן אָרגאַניזאַציע אין ברייטן זין פון וואָרט.

נאָך אין דער צייט פון אונטערערד, נאָך פאַרן 1905 יאָר, איז די גרעסטע מערהייט יידישע אַרבעטער אין מיירעוו־קאַנט, אין פוילן און דאָרעם־מיירעוו־קאַנט נאָכגעגאַנגען נאָכן „בונד". איצט האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אָט די ווירקונג אין נייע, מער פּאַסיקע פאָרמען. דער „בונד" האָט דאָ געהאַט פאַר זיך אַ ריי פראַגן: 1) די רעאָרגאַניזירונג פון דער עצעם פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, 2) די אָרגאַניזירונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און 3) די באַציִונג צו די אומפּאַרטייִישע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, און בעסוכאָם צו די ראַטן פון די אַרבעטער-דעפּוטאַטן.

## 1. די רעאָרגאַניזירונג פון דער פּאַרטיי.

די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" איז געווען געבויט אַף אַ יעסאָד פון שטרענגסטן צענטראַליזם, און דאָס איז געווען געבונדן מיט דער דערשייַנונג, וואָס באַשטענדיק און פּלאַנמעסיק האָט מען פון די אונטערשטע שיכטן, פון דער אַרבעטער־מאַסע אָפּגעקליבן און ארויסגערוקט דעם מיטעלן אָנפירער. די אונטערערד פון 1903—1904 יאָר האָט פון וואַל־פּרינציפּ אין דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע קלאַל ניט געוווּסט. אַלץ פלעגט ווערן באַשטימט פונויבן און בלויז אָט דאָס, וואָס דאָ זיינען די אייבערשטע און די אונטערשטע געווען צווישן זיך שטאַרק נאָענט,—נאָר אָט דאָס האָט פּאַרהיט פון שאַרפע סיכסוכים און רייבונגען.

אין פאַרלויף פון 1905 יאָר, נאָך לאַנג פאַר „אָקטיאַבער", האָבן ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן אַרויסצווייַזן סטירעס צווישן דעם צענטראַליזם מיט זיין באַשטימונג-סיסטעם און דעם מאַסן־כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע. די באַוועגונג האָט געשאַפן אַ קאַדר „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָליוציאָנערן", מיטגלידער פון די אָרטיקע קאָמיטעטן און פון די אַגיטאַטאָרן־סכאָדקעס, וואָס דער צענטראַלער קאָמיטעט פלעגט זיי איבערוואַרפן פון אָרט צו אָרט. דער אָרטיקער קאָמיטעט פלעגט פון די פּאָשעטע מיטגלידער אין דער פּאַרטיי־אָרגאַני־

זאַציע אויסבילדן גרופּעס און אין זייער שפּיץ געשטעלט די סכאָדקעס. פאַר אָט די סכאָדקעס פלעגן אָפּגעקליבן ווערן פירער, און זיי זײַנען שוין אַרײַן אינעם „צענטער" (אַגיטאַטאָרן־סכאָדקע). צומאָל פלעגן אָט די פאָרשטייער לעכאַטכילע אָנגעמערקט ווערן אָפיציעל אָדער האַלב־אָפיציעל און מיטן העסקעם פון דער „סכאָדקע".

פריִער אָדער שפּעטער, אָבער עס האָט געמוזט אַרויסשווימען די פראַגע וועגן „קלײַבן", וועגן „רעכט". סיכסוכים און „אָפּאָזיציעס" זײַנען אין איינציקע אָרגאַניזאַציעס אין פאַרלויף פון 1905 יאָר אויפגעקומען גאַנץ אָפט. עס האָבן אויך געטראָפן—עמעס, גאַנץ זעלטן — עכטע „בונטן", ווען די אַרבעטער האָבן באַזײַטיקט פון דער בירזשע יענע פאָרשטייער פון קאָמיטעט, וואָס האָבן שוין צופיל דערעסן.

אין די „פרײַהײַט־טעג" איז אין די שטעט, ווו קיין באַלאַגערונג־צושטאַנד איז נאָך ניט געווען, געשאַפן געוואָרן צוזאַמען מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריי־נען אַ נעץ פון קלובן—די אָרגאַניזאַציע איז אַריבער צו אַ האַלב־לעגאַלן לעבן. אויסקלײַבן די אונטערשטע פאַרטיי־קאָמיטעטן האָט מען אָנגעהויבן נאָך איי־דער די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אינגאַנצן גענומען, האָט באַוויזן צו שטעלן די פראַגע. נאָכדעם איז עס אויך דערגאַנגען ביז צו די אַלגעמיין־שטאָטישע קאָמי־טעטן פון „בונד".

ווי אַזוי זאָל מען צונויפּפּאַסן דעם צענטראַליזם מיטן וואַל-פרינציפּ אין דער צײַט פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף, ווען עס גייען אָן רעפּרעסיעס און ס'ווערן אַרעסטירט די אָנפירער? ווי אַזוי זאָל מען פאַרווירקלעכן די אָנפירונג מיצאַד דעם צ. ק. און מיצאַד די אָרטיקע קאָמיטעטן, די אָנפירונג, וואָס מוז אַריבערוואַרפן די אָדער יענע פערזאָנען פון שטאָט צו שטאָט, פון איין פאַר־טיי־גרופּע צו דער צווייטער? פּראַקטיש האָט זיך די פראַגע אַמשאַרפסטן אַרויס־געוויזן בענעגייע די רעכט צו קאָאָפּטירן און די רעכט פון די העכערע אײַנ־ריכטונגען אַרײַנצופירן מיטגלידער אין די נידעריקערע.

פאַמעלעך, טראָט באַ טראָט, איז די אָרגאַניזאַציע אַריבערגעגאַן פון לויי־טערן צענטראַליזם צו דער סיסטעם פון ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ן צענטראַליזם. דערבײַ אָבער האָט זי אַף קײַן איין מאָמענט ניט פאַרגעסן אין דער נייטיקײַט צו באַוואָרענען דעם אײַנפלוס, וואָס עס דאַרף האָבן אַף דער פאַרטיי־אָרגאַני־זאַציע דער פאַרטיי־קערן, וואָס עס האָט אים אויסגעכאָוועט די צעניאָריקע באַ־וועגונג, און אין אָט דעם קערן — די גרופּע „פּראָפעסיאָנעלע רעוואָליוציאָנערן", מיטן צענטראַל־קאָמיטעט אין דער שפּיץ. אין דעם פראַט זײַנען ניט געווען קיינע אויסנאַמען, דאָ איז די ריכטונג געבליבן אַ שאַרף אָנגעצייכנטע. אויך ווײַ־טער איז דער „בונד" ניט געווען געבויט „פונונטן אַרויף", גיכער איז דאָ געווען די קונציקע אײַנגעפּאַסטקײַט פון צוויי סיסטעמען — וואַל-סיסטעם פונ־ונטן און אָרגאַניזירטע ווירקונג פונויבן. אין טאָך אַרײַן האָט זיך דאָ גאָר־נישט געענדערט: די סיסטעם פון צ ו ק ל ײַ ב ן די אונטערשטע טוער, וואָס די בונדישע פּראַקטיק האָט אַזוי פולקאָמען אויסגעאַרבעט (דאָס האָט זי געהאַט צו דאַנקען איר ענגן צוזאַמענבונד מיט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג), אָט די

סיסטעם איז דערגאַנצט געוואָרן מיטן אויסקלײַבן דידאַקטיקע אונטערשטע טוער. אָבער דאָס צוקלײַבן איז געבליבן, מאַמכעס דער קאָמיטעט האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט אַרויסצושטעלן קאַנדידאַטן און האָבן אַ ווירקונג אַף די וואַלן.

אין פאַרלויף פון דער ערשטער העלפט 1906 יאָר האָט מען די פראַגע „וועגן דער רעאָרגאַניזירונג" ניט אופגעהערט צו באַהאַנדלען אַף אַלע ראַיאָן־קאָנפערענצן און געלייזט האָט מען זי אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. ענדלעך, האָט דאָ דער זיבעטער צוזאַמענפאָר פון „בונד" אין סענטיאַבער 1906 יאָר געגעבן זײַן ענד־גילטיקן ענטפער און האָט אויסגעאַרבעט אַ נײַעם אָרגאַניזאַציע־סטאַטוט.

דער ערשטער פּאַראַגראַף פונעם סטאַטוט—וועגן מיטגלידערשאַפט, וואָס דער צוזאַמענפאָר האָט אָנגענומען, שטעלט אינגאַנצן אוף די מענשעוויס־טישע פאָרמולע:

„פאַר אַ מיטגליד פון „בונד" רעכנט זיך יעדערער, וועלכער אַנערקענט די פּראָגראַם פון „בונד", פאָלגט דער פּאַרטיי־דיסציפּלין און העלפט רעגולער איי־נער פון זײַנע אָרגאַניזאַציעס.

אָנמערקונג: יעדער מיטגליד פון „בונד" איז מעכויעוו צו צאָלן אין פּאַרטיי־קאַסע".

ווײַטער גייט די סטרוקטור פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וואָס אירע גרונט־שטיינער זײַנען „די גרופּן, אין וועלכע עס גייען אַרײַן אַלע אָרגאַניזירטע מיטגלידער פון איינעם אָדער פון עטלעכע פאַכן". עס קענען אויך געגרינדעט ווערן באַזונדערע גרופּן פון אינטעליגענץ. אין דער שפּיץ פון יעדער גרופּע שטייט אַן אויסגעקליבענער ראַט. דער ראַט האָט דאָס רעכט צו קאָאָפּטירן און וועגן זײַן אַרבעט גיט ער אָפּ אַ באַריכט דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער גרופּע. די אַרבעט פון דער אַלגעמיין־שטאָטישער אָרגאַ־ניזאַציע פירן אָן צוויי אָרגאַנען: 1) די פאַרזאַמלונג פון אַלע ראַטן (סכאָדקעס) און 2) דער קאָמיטעט.

די פאַרזאַמלונג פון די ראַטן, דער אַזוי־אָנגערופענער קאָלעקטיוו: 1) נעמט אָן רעזאָליוציעס וועגן דעם באַריכט פון קאָמיטעט, 2) באַשליסט די פראַגן וועגן טאַקטיק און אַרויסטרעטונגען און 3) קלײַבט אויס אַ קאָמיטעט אָדער אַ "צענטער".

דער אַלגעמיין־שטאָטישער קאָמיטעט (אָדער דער צענטער) איז דער אָנ־פירנדיקער אָרטיקער אָרגאַן און פאַרייניקט די טעטיקײַט פון אלע אײַנריכטונ־גען אין שטאָט. ער האָט דאָס רעכט צו קאָאָפּטירן.

די געשאַפענע אַזוי־אָנגערופענע „קאָלעקטיוון", וואָס זײַנען געשטאַנען צווישן דער מיטגלידער־מאַסע און קאָמיטעט, האָבן באַוואָרנט, אַז די אָנפירונג זאָל ליגן אין די הענט פון דער אויבער־גרופּע, וואָס האָט נאָך דערצו געהאַט דאָס רעכט צו קאָאָפּטירן.

דער צענטראַל־קאָמיטעט ווערט אויסגעקליבן דורך דעם צוזאַמענפאָר און איז אין די גרענעצן פון זײַנע דירעקטיוון דער העכסטער אָנפירנדיקער אָרגאַן פון „בונד". זײַן רעכט צו קאָאָפּטירן איז באַגרענעצט. קאָאָפּטירן מעג ער נאָר אין דעם פאַל, ווען פון אים גייען אַרויס מיטגלידער. די פולמאַכטן פון צ. ק. זײַנען גאַנץ ברייטע. דער

צ. ק. האָט אין זײַן רעשוס אַלע קרעפטן פון די אָרגאַניזאַציעס. ער אָרגאַניזירט די אַלגעמיינע פאָרשטייערשאַפט פון „בונד״ (אין צ. ק. פון ר. ס. ד. א. פּ., אַף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן, אַף די אינטערפּאַרטייִשע קאָנפערענצן). דעם צ. ק. געהערט דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן אַלע אויסגאַבן פון „בונד״.

די צוזאַמענפאָרן פון „בונד״ ווערן אָרגאַניזירט אַף דעמאָקראַטישע יעסוידעס.

אָט דאָס האָבן מיר פאַר זיך די געשטאַלט פון דער פּאָליטישער מאַסן־אָרגאַניזאַציע פון „בונד״, ווי זי האָט זיך אויסגעפורעמט אין מעשעך פון 1906 יאָר נאָך אַסאַך סיכסוכים און פּרוּוון. די אָרגאַניזאַציע האָט אין אירע רייען פאַרייניקט באַ 40 טויזנט פּאַרטיי־מיטגלידער און אין די יאָרן פון רעוואָליוציע האָט זי אָנגעפירט די גאַנצע מאַסע פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון „בונד״ האָט אין די נײַע פרײַע באַדינגונגען זיך איבערצײַגט אין איר קראַפט און פעסטער צוזאַמענגעשלאָסנקײַט און דערי־בער איז ווען עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן די פאָרמען, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן דעם אײַנפלוס און ווירקונג אַף דער ברייטער אומפּאַרטייִשער אַר־בעטער־מאַסע, האָט דער „בונד״ אַזוי ווי ניט געניײטיקט זיך אין וועלכע ס׳איז דערגאַנצונג־אַפּאַראַטן. די „בונדיסטן״ האָבן אָפּט פּאָשעט ניט פאַרשטאַנען די עצעם פראַגע וועגן אומפּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, וועגן אַרבעטער־צוזאַמענפאָר, וועגן ראַטן פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן. דידאָזיקע אַלע פראַגן האָבן זיי אופגענומען לויט די קרעפטן־פאַרהעלטענישן אין דער ייִדישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, ווו עס האָט געהערשט און אָנגעפירט די פּאַרטיי.

## 2. פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אין דער פראַגע וועגן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָט דער „בונד״ גע־האַלטן — פאַר פּאַרטייִשע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אונטער דער אָנפירונג פון „בונד״. אַזאַ פּאָזיציע האָט דער „בונד״ אָנגענו־מען שוין פון די ערשטע טעג פון אָקטיאַבער־פרײַהײַטן, האָט עס פּראָקלאַמירט אין דעם צירקוליאַר, וואָס דער צ. ק. האָט אַרויסגעלאָזט. שפּעטער איז דיזעל־ביקע פּאָזיציע געוועזן באַשטעטיקט פון דער זיבעטער קאָנפערענץ פון „בונד״ (פרילינג 1906 יאָר). א. ניעמאַנסקי האָט אין זײַן בראָשור „די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און זייערע אופגאַבן״, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אין 1906 י. דער פּאַרטייִשער פאַרלאַג, פאָרמולירט דידאָזיקע פּאָזיציע און זי אויך באַגרינדעט (ז. 73—80, קאַפּיטל „די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע״):

„קעדיי די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען און די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער זאָלן ווערן א מעכטיק געוועער אין די הענט פון פּראָלעטאַריאַט, דאַרף זייער טאַקטיק טראָגן דעם כאַראַקטער פון א קלאַסן־טאַקטיק, זייער קאַמף דאַרף האָבן אַף זיך דעם שטעמפּל פון א קלאַסנקאַמף...״

„...די אופגאַבע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען איז פירן דעם קלאַסנ־קאַמף אַפן עקאָנאָמישן געביט, זייער טאַקטיק דאַרף דעריבער האָבן אין זיך די

נויטוועגדיקע אייגנשאַפטן פון דיזן קאַמף... די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען דאַרפן ניט זײַן אָפּגעריסן פון די איבעריקע קלאַסן־אָרגאַניזאַציעס פון פּראָלעטאַריאַט, אַלס א קלאַסן־אָרגאַניזאַציע; זיי קענען זיך ניט פאַרמאַכן אין זייער ריין־פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און קוקן אַף זיך, ווי אַף דאָס איינציקע אויסלייזונגס־מיטל פון אַלע מאַקעס. זיי מוזן זײַן פאַרבונדן מיט די איבעריקע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס דורך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, די צילבאַוווסטע אָנפירערן פון פּראָלעטאַריאַט אין זײַן באַפרײַונגס־קאַמף...

„דער „בונד"—די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט פאַרטיידיקט דעריבער די מיינונג, אַז יעדער אַרבעטער, אַרײַנקומענדיק אין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, דאַרף אַנערקענען דעם הויפּט־פּרינציפּ פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דעם קלאַסנקאַמף פון פּראָלעטאַריאַט, און די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען דאַרפן אַנערקענען די אָנפירונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען—די אָנפירונג פון „בונד"), ד. ה. אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זאָלן זײַן ניט נייטראַלע, נאָר פּאַרטיייִשע. עמעס, דיזע פאָדערונג פאַרמאַכט די טירן פון פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פאַר איבערצײַגטע קעגנער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פאַרקלענערט דערמיט די צאָל מיטגלידער, דערפאַר אָבער גיט זי די מעגלעכקייט אויסנוצן אין פולער מאָס די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פאַר די ווײַטערע צילן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און אויסשמידן פאַר זיי אַ מעכטיק געווער פון קלאַסן־קאַמף.

„בענעגייע צו דער אָרגאַניזאַציאָנס־פאָרם דאַרף זיך די פאַרבינדונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויסדריקן אין דעם, וואָס אין די אײַנריכטונגען פון די פאַריינען נעמען אויך אַן אַנטייל די פאַרטרעטער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע (אין די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען—די פאַרטרעטער פון „בונד"). אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנס־פאַרבינדונג ווערט נאָך וואָס ווײַטער אַלץ נויטוועגדיקער צוליב דעם, וואָס דער קאַמף צווישן פּראָלעטאַריאַט און בורזשואַזיע ווערט וואָס ווײַטער אַלץ שאַרפער, און ס'ווערט דעריבער שווערער צו פירן א קאַמף נאָר אַף איין געביט. ס'ווערט אַלץ נויטוועגדיקער צוזאַמענצוציִען אַלע אָרגאַניזאַציעס פון באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט אין איין מעכטיקער און קאַמפספעיִקער אַרמיי".

גאַנץ נאָיאַבער—דעקאַבער 1905 האַלט דער „בונד" נאָך אין בויען פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אינעם טעגלעכן בונדישן אָרגאַן „דער וועקער" האָבן מיר א גרויסע צאָל קאָרעספּאָנדענצן פון פאַרשיידענע ערטער וועגן דער אָרגאַניזירונג פון פּ אַ ר ט יי ִ ש ע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אונטער דער אָנפירונג פונעם „בונד". פאַקטיש זײַנען דידאָזיקע פאַריינען יידישע. עס בויען אויך פּ אַ ר ט יי ִ ש ע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען: אין וואַרשע די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אין ווילנע—די ליטווישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אַזוי אַרום האָבן די גאַרבער, אַשטייגער, איינציַיטיק צוויי נאַציאָנאַלע פּאַרטייישע פאַריינען. אין ווילנע איז פאַראַן בלויז איין אינטערנאַציאָנאַלער פאַריין פון בויאַרבעטער, וואָס פאַקטיש פירט אים אויך אָן דער „בונד".

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָנפירונג איז פאָרמעל פאַרפעסטיקט אינעם סטאַטוט. דערצו נאָך האָט דער פאָרשטייער פון „בונד״ וועטאָ־רעכט. אין פאַל פון א קאָנפליקט ווערט די פראַגע אַריבערגעטראָגן אין פאַרטיי־קאָמיטעט, וואָס ער איז שוין די לעצטע אינסטאַנץ. דאָ האָבן מיר פאַר זיך די באַציִונגען, וואָס האָבן זיך אין „בונד״ געשאַפן אין דער אונטערערד אין 1902—04 יאָר צווישן דער עקאָנאָמישער „סכאָדקע״ און דער „אָרגאַניזאַציע״.

אין № 120 „פאָלקסצייַטונג״ (אַרויס אָנשטאָט דעם פון דער פאָליציי פאַרמאַכטן „וועקער״) האָבן מיר דעם סטאַטוט פונעם צענטראַליזירטן בערשטער־פאַריין. כאַראַקטעריסטיש זייַנען דאָרט פאָלגנדיקע פונקטן:

§ 1. דער פראָפעסיאָנעלער בערשטער־פאַריין שטעלט זיך פאַר זייַן אויפגאַבע: פאַרבעסערן די עקאָנאָמישע לאַגע פון זייַנע מיטגלידער, באַשיצן זייערע רעכט און אופהייבן זייער קולטורעלן און גייַסטיקן צושטאַנד.

§ 3. דער פראָפעסיאָנעלער בערשטער־פאַריין פירט זייַן טעטיקייַט איינשטימיק מיט די פרינציפּן פון פראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף און אונטער דער אָנפירונג פון „בונד״.

אין אַלע אָרטיקע ביוראָען און אין צענטראַל־ביוראָ און אַף די צוזאַמענפאָרן באַטייליקן זיך די פאָרשטייער פון „בונד״ (פון די אָרטיקע קאָמיטעטן אָדער פון צענטראַל־קאָמיטעט) און האָבן דאָ שטים־רעכט*).

אין דעם סטאַטוט איז שוין ניט אָנגעוויזן, אַז דער „בונד״ האָט וועטאָ־רעכט. דערדאָזיקער פונקט האָט ביסלעכווייַז אָנגעהויבן אופרעגן די מאַסן, און מ'האָט געמוזט פון אים אָפּזאָגן זיך. צו פרילינג 1906 יאָר איז די פּאָזיציע פון „בונד״ אין דער פראַגע פון די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג־פאָרמען צווישן די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען און דער פאַרטיי געווען פאָרמולירט אין די געבראַכטע טעזיסן פונעם פאָרטרעגער אַף דער זיבעטער קאָנפערענץ פון „בונד״)**.

1. די פראָפעסיאָנעלע פאַריינען רופן זיך אָן סאָציאַל־דעמאָקראַטישע.

---

*) אין „פאָלקסצייַטונג״ פאַר נאָיאַבער 1906 יאָר געפינען מיר ווידער דעם סטאַטוט פון דעמזעלביקן צענטראַלן בערשטער־פאַריין און דאָרט האָבן מיר ווידער די פונקטן וועגן דער אָנפירונג פון „בונד״ און וועגן א פאָרשטייער פון „בונד״ אין צענטראַלן און אָרטיקן ביוראָ: פאַרן יאָר האָבן זיך די פאָרמען פון באַציִונגען צווישן דער פאַרטיי און פאַריין אַביסל געביטן.

דיזעלביקע אַרט פאַרבינדונג האָט אויך געדאַרפט בלייַבן פאַר דעם צענטראַליזירטן גאַרבערפאַריין. אינעם סטאַטוט־פראָעקט (§ 3) ווערט אָנגעוויזן, אַז דער פאַריין פירט זייַן אַרבעט אין העסקעם מיט די פרינציפּן פון קלאַסנקאַמף און אונטער דער אָנפירונג פון דער ס אָ צ י אַ ל ד ע מ אָ ק ר אַ ט י ש ע ר אַ ר ב ע ט ע ר־פּ אַ ר ט ײ. און אין דער אָנמערקונג ווערט געזאָגט, אַז דער צוזאַמענפאָר באַשליסט, בעמלעך, וועלכע פאַרטיי דאַרף אָנפירן די אַרבעט פון פאַריין. ער באַשליסט עס נאָך דעם, וואָס עס ווערט אויסגעקלאָרט אונטער וועמענס אָנפירונג עס געפינען זיך די פאַריינען, וואָס בילדן דעם צענטראַלן פאַריין.

**) צום באַדויערן, האָבן מיר ניט געקאָנט אויסזוכן די רעזאָליוציע וועגן פראָפעסיאָנעלע פאַריינען און מיר מוזן זיך באַגרענעצן בלויז מיט אָט דער ציטאַטע פונעם פאָרטראַג, וואָס איז געדרוקט אין № 6 פונעם רוסישן בונדישן זשורנאַל „נאַשע סלאָוואָ״.

2. זיי דאַרפן זײַן פאַרייניקט אין אַ באַזונדערער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע דערבײַ איז אַף די אַלגעמיינע באַראַטונגען צוזאַמען מיט דער פּאַרטיי האָבן ביידע צדדים גלײַכע רעכט, און די פראַגן ווערן געלייזט פון די ביידע צוזאַמען (דערמיט פאַרשפּאָרט מען שוין געבן דער פּאַרטיי וועטאָ־רעכט).

3. די פּאַרטיי האָט דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן די פּראָפּעסיאָנעלע פּרעסע.

4. פון געלט־אַראָפּרעכענונגען פאַר דער פּאַרטיי־קאַסע דאַרף מען זיך אָפּזאָגן איבער טאַקטישע טעמים.

5. אינעם סטאַטוט דאַרף געזאָגט ווערן, אַז „דער פאַריין פילט מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און רעכנט זי פאַר דער איינציקער אָנפירערן פון פּראָלעטאַריאַט”. דערמיט קאָן מען צווינגען די ניט־סאָציאַל־דעמאָקראַטישע מינדערהײַט אונטערצוואַרפן זיך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטיק. אויב אָבער פון אָט די עלעמענטן וועט באַשטיין די מערהײַט, דאַן איז אַ שפּאַלטונג סײַ־ווי אומפאַרמײַדלעך. מע מוז באַוואָרענען, אַז אַפן סמאַך פונעם סטאַטוט זאָל מען ניט קאָנען, אַשטייגער, אָפּזאָגן זיך צו פײַערן דעם ערשטן מײַ.

6. אינעם סטאַטוט דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז קעגנער פון קלאַסנקאַמף און פון פּאַרלאַמענטאַריזם ווערן אין פאַריין ניט אַרײַנגענומען.

אופבויענדיק פּאַרטייישע פאַריינען, האָט דער „בונד” אין די טעג פון די אָקטיאַבער־פרײַהײַטן אָרגאַניזירט אַרום זיך די גרויסע מערהײַט יידישע אַרבעטער און האָט אַף אַזאַ אויפן פאַרשטאַרקט און פאַרפעסטיקט זײַן ווירקונג, אַלס נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע. אַזאַ אָרגאַניזאַציאָנעלע פּאָליטיק איז געווען באַזונדערס שעדלעך אין פראַט פון אָרגאַניזירן די ניט־יידישע אַרבעטער. די זאַך איז, וואָס אין מײַרעוו־קאַנט איז דאָך די יידישע אַרבעטער־מאַסע געווען אָרגאַניזירט נאָך פון פריער, נאָך פון פאַר דער רעוואָליוציע. וואָס די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען האָבן איצט געדאַרפט טון איז—מאָביליזירן די ניט־יידישע אַרבעטער און נאָכדעם שאַפן די איינײַקײַט פון גאַנצן אָרטיקן פּראָלעטאַריאַט. די ניט־יידישע אַרבעטער־מאַסע אָבער האָט מען ניט געקאָנט אַרײַנציִען אַפילע אין די אַלגעמיינע פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען פון בונדישן טיפּ, ד. ה. אין פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען, וואָס דאַרפן זײַן אונטער דער אָנפירונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דער טאָעס פון „בונד” האָט דאָ אַרויסגעקוועלט פון זײַן גרונט-כעט: באַם לייזן די פראַגע האָט ער געהאַט אין אויג ניט די אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג, נאָר די אופגאַבן פון דער אָפּגעזונדערטער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, און אָט די אָפּגעזונדערטקײַט האָט ער פאַרפעסטיקט.

אַף דער צווייטער אַלרוסלענדישער קאָנפערענץ פון די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען (אָנהייב 1906 יאָר) האָט דער פּאָרטרעגער פון די ווילנער בונדישע פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען אַזוי כאַראַקטעריזירט די לאַגע*):

*) די צווייטע קאָנפערענץ פון די פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען, פּאָרטראַגן און פּראָטאָקאָלן. אויסגאַבע פון דער אָרג. קאָמיטע אַף צונויפצורופן דעם צוזאַמענפאָר פון די פּראָפּעס. פאַריינען. ס.-פּעטערבורג. 1906 יאָר. ז. 109.

„לויט דער איניציאַטיוו פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און סיאָניסטן־סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך צוליב דעם צוזאַמען פאַראייניקט, זײַנען געשאַפן געוואָרן עטלעכע נייטראַלע פאַריינען (דרוקער, אָנגעשטעלטע קאָנטאָריסטן), זיי זײַנען זיך אָבער צעפאַלן, און קימאַט באַלד נאָכדעם, ווי זיי זײַנען געשאַפן געוואָרן; איצט איז פאַראַן בלויז איין נייטראַלער פאַריין, געגרינדעט ערשט ניט לאַנג — אַ קירזשנער־פאַריין, וואָס האָט 16 מיטגלידער. לויט אייגענער איניציאַטיוו האָבן די אַרבעטער אַזוינע פאַריינען ניט געשאַפן. די אויבנאָנגערופענע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך צוזאַמען פאַראייניקט, קעדיי צו קעמפן מיטן „בונד", און זיי האָבן עס אויפגעהויבן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע קעגן פאַרטײַישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. דידאָזיקע אַגיטאַציע האָט אָבער קיינשום ערפאָלג ניט געהאַט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די ייִדישע אַרבעטער זײַנען רעוואָליוציאָנער־באַוווסטזיניק, און ווידער האָבן זיי דעם פולן צוטרוי צו דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס שוין צוועלף יאָר פירט זי אָן מיט ערפאָלג דעם פּראָפעסיאָנעלן קאַמף. כּוץ דעם, האָבן די אַרבעטער גוט געוווסט, אַז די אַזויגערופענע נייטראַלע פאַריינען זײַנען געווען נייטראַל נאָר אַפן פּאַפּיר. אינדערעמעסן אָבער האָבן דידאָזיקע פאַריינען געהאַט איבער זיך די ניט־אָפיציעלע אָנפירונג פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אָדער פון די סיאָניסטן־סאָציאַליסטן. די אַרבעטער־מאַסע פלעגט געוויינלעך באַצייכענען: בונדישע פאַריינען, איסקראַ־פאַריינען און ס.־ס'ישע פאַריינען".

דידאָזיקע כאַראַקטעריסטיק, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגעהערט פונעם ווילנער פּאָרטרעגער, איז טיפּיש פאַרן גאַנצן מײַרעוו־קאַנט. אַף דאָרעם, ווו דער „בונד" האָט אָרגאַניזאַציאָנעל געהאַט אַ קליינע ווירקונג, האָט ער זײַן אייגענע ליניע דורכפירן ניט געקאָנט. דערצו נאָך איז דאָרט האָבן זיך אין „בונד" גופע באַוויזן אָנהענגער פון אומפּאַרטײַישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. נאָך זייער מיינונג האָט מען אַזוינע פאַריינען גענדאַרפט אָרגאַניזירן איבער גאַנץ רוסלאַנד, מאַכמעס די אָרגאַניזאַציאָנעלע ווירקונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז נאָך בּיכלאַל א שוואַכע. אָט אַזוי זעען מיר, ווי די קאָנפערענץ פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אין קיעווער ראַיאָן — זומער 1906 יאָר — איז כאָטש זי איז „מאַסקים אין אַלגעמיין מיט דעם פּרינציפּיעלן טייל פון דער רעזאָליוציע, וואָס איז אָנגענומען אַף דער זיבעטער קאָנפערענץ פון „בונד", רעכנט זי אָבער פאַר נייטיק, אַז די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען זאָלן אַרײַנציִען אין דער באַוועגונג ווי מעגלעך ברייטערע שיכטן פון דער אַרבעטער־מאַסע, און לייגט דעריבער פאָר די אָרגאַניזאַציעס פון קיעווער ראַיאָן:

„דאָרט, ווו עס איז ניט מעגלעך אָרגאַניזאַציאָנעל צו פאַרפעסטיקן אונדזער ווירקונג אַף די פאַריינען, דאַרף מען שאַפן נייטראַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

„האַלטנדיק זיך בּאַ דער רעזאָליוציע פון דער זיבעטער קאָנפערענץ, דאַרף מען שוין בּאַם גרינדן פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פירן א ברייטע אַגיטאַציע וועגן דער נייטיקײַט פון א וואָס מער פעסטערער פאַרבינדונג צווישן די פאַריינען און דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע".

די פּאָזיציע פון „בונד" אין דער פראַגע וועגן פּראָפּעסיאָנעלע פּאַריינען איז טיילווייז צונויפגעפאַלן מיט דער פּאָזיציע פון די באָלשעוויקעס. די אָרגאַניזאַציאָנעלע אויספירן אָבער, וואָס דער „בונד" האָט דאָ געמאַכט, זיינען שוין פּאַרגאַנגען צו ווייט. דערביי האָט דאָך דער „בונד", אין טאָך גענומען, געבויט נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פּאַריינען און האָט אינדערעמעסן געזאָרגט נאָר, ווי אַזוי צו פּאַרשטאַרקן און פּאַרפעסטיקן ז יי ן ווירקונג, אַלס נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע אָרגאַניזאַציע.

די „איסקראָווצעס-באָלשעוויקעס", וועלכע האָבן אין מיי-רעוו-קאָנט געקעמפט קעגן דער בילדונג פון פּאַרטייישע פּאַריינען, ד. ה. פּאַריינען אונטער דער אָנפירונג פון „בונד", האָבן געהאַנדלט גאַנץ ריכטיק און קאָנסעקווענט, ווייל די אויפגאַבע פון דער רעוואָליוציאָנערער סאָצ.-דעמ. איז באַשטאַנען דערין, ארויסצורייסן די יידישע ארבעטער פון אונטער דער ווירקונג פון דעם נאַציאָנאַליסטישן „בונד".

אינעם פּראָעקט פון א רעזאָליוציע, וואָס די „באָלשעוויקעס" האָבן אַריינגעטראָגן אַף דעם פּאַריניקונג-צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ. (אַפּרעל 1906), און דער צוזאַמענפאָר האָט אָפּגעוואָרפן (ווייל די מערהייט איז דאָרט געווען א מענשעוויסטישע), איז געווען געזאָגט:

„די פּאַרטיי דאַרף מיט אַלע מעגלעכקייטן שטרעבן צו דערציִען די אַרבעטער, וואָס באַטייליקן זיך אין די פּראָפּעסיאָנעלע פּאַריינען, אין אַזאַ גייסט, אַז זיי זאָלן ברייט באַנעמען דעם קלאַסנקאַמף און די סאָציאַליסטישע אויפגאַבן פונעם פּראָלעטאַריאַט, און מיט איר*) טעטיקייט זאָל זי אויסקעמפן פאַר זיך די אָנפירנדיקע ראָליע אין אַזוינע פּאַריינען און, ענדלעך, דאַרף זי זען, אַז בא געוויסע באַדינגונגען זאָלן דידאָזיקע פּאַריינען זיך קאָנען אָנשליסן אין דער פּאַרטיי ניט אויסצושליסן אָבער דערביי פון זייער באַשטאַנד די ניט-פּאַרטייישע מיטגלידער".

„זיך אָנשליסן אָן דער פּאַרטיי"—דאָס איז קלאָר ניט דאָסזעלבע, וואָס זיין אונטער דער פאָרמעלער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי—לויט א בעפיירעשן פונקט אינעם סטאַטוט פונעם פּאַריין.

## 3. וועגן די אַרבעטער-ראַטן.

אַף דער פראַגע וועגן אויסבילדן ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן האָט זיך דער „בונד" פּראַקטיש אָנגעשלאָגן אין ביאַליסטאָק און אַף דאָרעם-רוסלאַנד. אי דאָ, אי דאָרט איז דער לאָזונג געקומען ניט פון „בונד", נאָר פון אַנדערע גרופּעס. די באַציִונג פון „בונד" צו דער פראַגע וועגן אַרבעטער-ראַטן איז צו זען אין מעדעמס אַרטיקל: „די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און די ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאַטן", אינעם צווייטן נומער „נאַשע סלאָוואָ" (יוני, 1906 יאָר). מעדעם שרייבט:

*) דער פּאַרטייס.

„...ס'איז קלאָר, די טעטיקייט פונעם פעטערבורגער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן—דאָס איז איינס פון די שענסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָסדאָזיקע פּראַכטפולע בלעטל האָט אָבער אויך א לינקע זייט. די לינקע זייט האָט נאָך ניט באַוויזן צו אַנטפּלעקן זיך אין דער פולער מאָס: דער פעטערבורגער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן האָט געהאַט דאָס זעלטענע גליק צו דער צייט צו שטאַרבן.

„אין דער טעטיקייט פונעם פעטערבורגער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן איז ניט שווער געווען צו באַמערקן געפערלעכע טענדענצן (!). אַן איינריכטונג אַן אומפּאַרטייאישע, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט די שטימונג פון דער גאַנצער אַרבעטער־מאַסע, אָפּגעשפּיגלט דעם אינטעלעקטועלן ניוואָ און דעם ניוואָ פון פּאָליטישן באַוווסטזיין ווידעראַמאָל טאַקע פון דער גאַנצער גרויער מאַסע, האָט ער, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט (?) שפּילן די ראָליע פון א פּאָליטישן פירער אין דעם זין, ווי דאָס פאַרשטייט און וויל פאַרשטיין די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

„יעדע פאָרם אָרגאַניזאַציע האָט זיך איר לאָגיק. ווער עס גייט אין אַן אָרגאַניזאַציע פון ניטבאַוווסטזיניקע מאַסן,—אַן אָרגאַניזאַציע א פּאָליטישע, וואָס נעמט אַף זיך די ראָליע פון אַ פּאָליטישן פירער—מיט דער קאַוואָנע צו ווירקן אַף איר פון אינעווייניק, איז אָט דער, אַליין ניט צו באַמערקן עס, גיט זיך אונטער איר ווירקונג (??). באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק קומט אויס זיך איינצופּאַסן און צופּאַסן (?) צו דער שטימונג פונעם גרויען מאַסן־מענטש. דער אומפּאַרטייאישער כאַראַקטער פון דער אָרגאַניזאַציע גייט ניט דורך גלאַט פאַר דעם כאַראַקטער פון דער פּאָליטיק: זי ווערט אויך אַן אומפּאַרטייאישע. וואָרעם דער כאַראַקטער פון דער פּאָליטיק ווענדט זיך ניט פון דעם, צי וועט עס געראָטן, אַז אין דער אָרגאַניזאַציע זאָל זיך פאַרפעסטיקן א גרופּע טאַלאַנטפולע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס דורך זיי זאָל אין דער אָרגאַניזאַציע אַריינדרינגען די אָדער יענער דאָזע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לערע, ער, דער כאַראַקטער פון דער פּאָליטיק, ווענדט זיך פון דעם, לויט וועלכן צייכן עס ווערט געבויט אָט די געמיינשאַפט, אין נאָמען פון וואָס פאַרייניקן זיי זיך. און אויב זיי פאַרייניקן זיך ניט אין נאָמען פון אַלגעמיינע אנזיכטן און צילן—דער צייכן, וואָס כאַראַקטעריזירט א פּאָליטישע פּאַרטיי,—נאָר אין נאָמען פון דעם, וואָס אַלע זיינען זיי אַרבעטער, וועט אויך זייער פּאָליטיק זיין ניט די פּאָליטיק פון א פּאַרטיי ביכלאַל און שוין אַוואַדע ניט די פּאָליטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע".

דאָ זיינען דעריקער אַרויסגעשטעלט אָרגאַניזאַציאָנעלע טעמים. ווייטער אָבער איז צו זען, אַז די אַנטיפּאַטיע צו די ראַטן האָט אין איר גרונט טעמים פון פּאָליטישן כאַראַקטער. די טאַקטיק פון רעוואָליוציאָנערן פאַרכאַפּן, וואָס עס האָט אָנגענומען דער פעטערבורגער ראַט, איז מעדעמען ניט געפעלן. קעגן אָט דער טאַקטיק ברענגט ער א גאַנצע ריי ריין־מענשעוויסטישע אַרגומענטן:

„וואָס אַזוינס איז געווען די קאַמפּאַניע פונעם פעטערבורגער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן אַף איינצופירן באַלד און אומעטום דעם אַכט־שאָעדיקן

אַרבעטס־טאָג? געוויס האָט דערינען זיך אַרויסבאַוויזן, אַז די אומפּאַרטייִישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך געלאָזט מיטרייַסן (!!) פון דעם ריין־סטיכישן אָנדראַנג און האָט אים ניט אַרויסגעוויזן דעם נייטיקן ווידערשטאַנד. דאָס גאַנץ כאָשער־דיקע לאָזן זיך אָפּן וועג פון action directe, „פון דירעקטער אַקציע" אינעם עקאָנאָמישן קאַמף, און פון דער אַנדערער זייַט, די פּאָליטיק פון איזאָלירן (!) דעם פּראָלעטאַריאַט, דאָס שטרעבן צו פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור (!) אין א בורזשואַזער רעוואָליוציע, צו לעצט, דאָס אַרויסלאָזן פון אויג דעם בור־זשואַזן כאַראַקטער (!) פון דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד און דאָס אָפּ־רייַבן די קאַנטן צווישן דער בורזשואַזער רעוואָליוציע און סאָציאַליסטישער — דאָס אַלץ זייַנען גאַנץ שאַרפע סימפּטאָמען. זיי רעדן קלאָר וועגן א געוויסן אויסגעשפּראָכענער נייגונג צו עטוואָס אַזויגס, וואָס איז נאָענט צו דעם אַזוי־גערופענעם „רעוואָליוציאָנערן סינדיקאַליזם", צו אָט דער האַלב־אַנאַרכיסטישער שטרעמונג צווישן די פראַנצויזישע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. און דאָס איז פאַרשטענדלעך, מאַכמעס די „ריין־אַרבעטער"־באַוועגונג איז אין רעוואָליוציאָנערע מאָמענטן שטרעבט זי — און אָן קיין שום אָפּהאַלט — צום האַלב־אַנאַרכיסטישן טיפּ פון א „ריין־אַרבעטערישער" רעוואָליוציע, פּונקט אַזוי ווי אין מאָמענטן פון געדריקטקייַט ציט עס זי צום באַשיידענעם טיפּ פון „ריין־אַרבעטערישן" אָפּהאַלטן זיך פון פּאָליטיק".

ווי מיר זעען, איז דער „בונד" געווען קעגן דעם, אַז ס'זאָלן געשאַפן ווערן ראַטן. ווי עס האָט זיך דעמלט געדאַכט, האָבן די אַרבעטער־מאַסן אין ביאַליסטאָק און אין ווילנע, אין וואַרשע און אין לאָדז געקאָנט זייער גוט אויסקומען אָן ראַטן, עס האָבן זיי אָנגעפירט די סאַמע אייַנפלוס־רייַכע פּוי־לישע און יידישע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען. נעגאַטיוו זיך באַציִגן צו די ראַטן האָבן אויך די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן.

אַנדערש איז עס אָבער געווען אַף דאָרעם, ווו ניט דער „בונד" האָט באַ־שטימט די ליניע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער טאַקטיק. די פראַגע, ווי אַזוי דאַרף מען זיך באַציִען צום דאָזיקן לאָזונג, האָט זיך געגעבן באַהאַנדלט אַף דער באַראַטונג פון די בונדישע דאָרעם־אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז פאָרגע־קומען אין נאָיאַבער 1905 יאָר. פאַר שאַפן ראַטן איז געשטאַנען בלויז ניט קיין גרויסע גרופּע. זייער מאָטיוו איז געווען — די אַלגעמיינע שוואַכע וויר־קונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די גרעסטע מערהייַט פון דער באַראַטונג האָט געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער לאָזונג איז א שעדלעכער. בעלוקיי־דייעס — אין דער מערהייַט גופע — זייַנען נאָר געווען ווי אַזוי צו האַלטן זיך בענעגייע דעם לאָזונג, וואָס האָט געהאַט אַלע שאַנסן צו פאַרווירקלעכט ווערן טראָץ דעם ווידערשטאַנד פון „בונד". דער רעזאָליוטיווער טייל פון דעם באַשלוס, וואָס די באַראַטונג האָט אָנגענומען, זאָגט:

„אין יענע ערטער אָבער, ווי אַשטייגער, אין אייניקע שטעט פון אונדזער דאָרעם־ראַיאָן, ווו מאַכמעס פאַרשיידענע סיבעס ווערן געשאַפן אָדער עס זייַ־נען שוין געשאַפן געוואָרן אַזוינע ראַטן, אָן דעם וויסן פון אונדזער אָרגאַני־זאַציע, און ווו אַנדערע אָרגאַניזאַציעס זייַנען ניט אימשטאַנד צו ניט דערלאָזן

זייער גרינדונג אָדער קעמפן קעגן זייער ווירקונג אַף די מאַסן,—רעכנט די באַראַטונג פאַר נייטיק צו פירן א ברייטע אַגיטאַציע, אַז די ראַטן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין פּאַרטייִשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אייַנריכטונגען, אָדער זיי זאָלן אינגאַנצן פאַרניכטעט ווערן. דערבייַ איז אויב דאָס איז נייטיק צוליב די צוועקן פון אָט דער אַגיטאַציע, דאַרף מען דערלויבן אונדזערע מיטגלידער צו באַטייליקן זיך אין די ראַטן פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן".

אויסנוצן, הייסט עס, צוליב פאַרניכטן...

אַף אַזאַ אויפן זעען מיר, אַז שוין נאָך דער דערפאַרונג מיטן פּעטערבורגער ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן האָט דער „בונד" אַבסאָליוט ניט באַנומען די רעוואָליוציאָנערע באַדייַטונג פון די ראַטן, זייער באַדייַטונג אַלס קערנדל פון דער נייַער רעוואָליוציאָנערער מאַכט, אַרום וועלכן עס זאַמלען זיך אַלע פּראָלעטאַרישע און דעמאָקראַטישע שיכטן באַפעלקערונג.

גייען מיר צו צו דער פראַגע וועגן שאַפן ראַטן בלויז מיט דער מאָס פון שמאָל־אָרגאַניזאַציאָנעלע אופגאַבן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, מיט דער אופגאַבע צו דערציִען און אָנפירן דעם קאַמף פון די אַרבעטער־מאַסן, איז אויך דאָ האָט דער „בונד" ניט באַנומען די קעגנזייַטיקע ווירקונג צווישן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די ראַטן, ווו דער אייַנפלוס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אין גאַנג פון אַרבעט אַלץ געוואַקסן.

דער איין־איינציקער ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן אין מייַרעוו־קאַנט, וואָס איז געוועזן געשאַפן אין ביאַליסטאָק, איז ווירקלעך ארונטערגעפאַלן אונטער דער אָנפירונג פון אַנאַרכיסטן און א גרופּע סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן. דאָס איז אָבער געקומען בלויז פון דעם, וואָס דער „בונד" און די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָבן באָיקאָטירט די וואַלן אין ראַט. גראָד אָבער אין אָט דעם גרויסן אינדוסטריעלן צענטער מיט א פּראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, מיט דער טיפער ווירקונג פון „בונד" אַף דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע און מיט דער גאַנץ שוואַכער אָרגאַניזאַציע פון די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן,—גראָד דאָ וואָלט דער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן, ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל אים האָבן געשאַפן אין דער צייַט פונעם אַלגעמיינעם רעוואָליוציאָנערן אופשטייַג, געקאָנט שפּילן א גרויסע ראָליע אין ראַט פון צוזאַמענשליסן די מאַסן אַרום דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אין פּראַט פון באַזייַטיקן די נאַציאָנאַלע סיכסוכים אינעווייניק אין אַרבעטער־קלאַס.

דער „בונד" האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען, ווייַל ער האָט אַלע פראַגן באַטראַכט שמאָל־סעפּאַראַטיסטיש, פון שטאַנדפּונקט פון באַפעסטיקן די פּאָזיציעס פון דער ייִדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע.

בעשאַס מיר מאַכן דאָ אונדזערע אויספירן וועגן דעם אָרגאַניזאַציאָנעל־פּאָליטישן גאַנג פון „בונד" אין די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָליוציע און מיר באַטראַכטן, ווי ניט בויִגעוודיק דער „בונד" איז דאָ געוועזן, ווי אין זייַן אַרבעט האָט ער אינגאַנצן דורכגעלאָזן די דערפאַרונג פון די רוסישע סאָ־

ציאַל־דעמאָקראַטן,—מוזן מיר צוזאַמען מיט דעם אויך פאַרצייכענען, אַז די באַוועגונג פון דעם גאַנצן מײַרעוו-קאַנט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער אויסשליסלעך גרויסער ווירקונג פון די פּ אַ ר ט ײַ י ש ע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאָמיטעטן. אין דעם פראַט פאַרדינט א באַזונדער אופמערקזאַמקײַט דער פעדעראַטיווער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער קאָמיטעט אין ריגע. די הויפּט־קראַפט אין דעם קאָמיטעט איז געווען די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין די „פרײַהײַט־טעג” האָט דער קאָמיטעט אַרויסבאַוויזן דיזועלביקע טענדענץ צו ווערן דער אָרגאַן פון דער רעוואָליוציאָנערער מאַכט, וואָס עס האָט אַרויס־געוויזן דער ראַט פון די אַרבעטער-דעפּוטאַטן אין פעטערבורג.

## וועגן דער פאַר״ייניקונג פון „בונד” מיט ר.ס.ד.א.פּ.

דער אָנדראנג פון דער רעוואָליוציע האָט אי אין „בונד”, אי אויסערן „בונד” אַוועקגעשטעלט אין טאָג־סיידער די פראַגע וועגן צוזאַמענשליסן די קרעפטן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, — די פראַגע וועגן פאַרייניקן די ר.ס.ד.א.פּ. מיט די נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס. דער דריטער צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ. (באָלשעוויקעס), פאָרגעקומען אין אַפּ־רעל 1905 יאָר, האָט וועגן אָט דער פראַגע אָנגענומען א ספּעציעלע רעזאָ־ליוציע—„וועגן די נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס”. אין דער רעזאָליוציע איז געזאָגט:

„נעמענדיק אין אַכט 1) אַז די אינטערעסן פונעם עקאָנאָמישן און פּאָלי־טישן קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט פאָדערן די פאַרייניקונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון רוסלאַנד; 2) אַז דער אָפּענער רעוואָליוציאָנערער קאַמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן קעגן דער־זעלבסטהערשנדיקער אָרדענונג, און די נאָענטקײַט פון א באַוואָפנטן אופשטאַנד מאַכן אַזאַ פאַרייניקונג באַזונדערס נייטיק,—באַשטעטיקנדיק די באַציִונג פון ‎II צוזאַמענפאָר צו דער פראַגע וועגן פעדעראַליזם, באַופטראַגט דער דריטער צוזאַמענפאָר דעם צענטראַלן קאָמיטעט, אַזוי אויך די אָרטיקע קאָמיטעטן, אָנווענדן אַלע באַמיִונגען אַף צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט די נאַציאָנאַלע סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס, קעדיי צו קאָאָרדינירן די אָרטיקע אַרבעט און צוצוגרייטן אַף אַזאַ אויפן די מעגלעכקײַט פון דער פאַרייניקונג פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין איין אײנהײַטלעכער רוסלענדישער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי”.

מ׳דאַרף אָבער זאָגן, אַז אין „בונד” האָט מען א צײַט לאַנג דידאָזיקע פראַגע גאָר ניט געשטעלט. מ׳האָט זי אַזוי ווי מוירע געהאַט צו שטעלן. עס איז געווען קלאָר, אַז אַפן יעסאָד פון דער רעזאָליוציע, וואָס עס האָט אָנגע־נומען דער פינפטער צוזאַמענפאָר פון „בונד”, אַפן יעסאָד פון אַנערקענען דעם „בונד” פאַרן „איינציקן פאָרשטייער פונעם יִידישן פּראָלעטאַריאַט” איז די פאַרייניקונג ניט מעגלעך אויך אין 1905 יאָר, פונקט אַזוי ווי זי איז ניט מעגלעך געווען אין 1903 יאָר. און גיין דאָ אַף האַנאָכעס האָט דער „בונד”

קײַן כײשעק ניט געהאַט; פאַר די צוויי יאָר זינט דער „בונד" איז אַרויס פון ר.ס.ד.א.פּ. האָט אין אים דער געפיל פון אָפּגעזונדערטקײַט זיך פאַרשטאַרקט.

אין דער באַציִונג צו דער פראַגע וועגן פאַרייניקן זיך מיט דער ר.ס.ד.א.פּ. קאָן מען דעם „בונד" צו יענער צײַט אײַנטיילן אין פיר ראַיאָנען:

1) דער מײַרעוו־קאַנט (אַהער דאַרף מען אויך צורעכענען דעם דאָרעם־מײַרעוו־קאַנט, וואָלינער, פּאָדאָליער און קיעווער (אויסער קיעוו) גובערניעס), ווו נאָכן „בונד" איז נאָכגעגאַנגען די מערהײַט יידישע אַרבעטער. מאַכמעס דעם קאַמף, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען אין 1900 יאָר צווישן דעם „בונד" און די „איסקראָווצעס", איז די באַציִונג צו ר.ס.ד.א.פּ. דאָ געווען א נעגאַטיווע. די נעגאַטיווקײַט איז אָבער אין גאַנג פון די געשעענישן אין די יאָרן 06–1905, ווען די ר.ס.ד.א.פּ. האָט זיך אַרויסבאַוויזן אַלס וויכטיקער פאַקטאָר אין קאַנט,— די נעגאַטיווקײַט איז אין א געווויסער מאָס געלינדערט געוואָרן.

2) פּוילן, ווו דער „בונד" האָט זיך צונויפגעשטויסן ניט מיט ר.ס.ד.א.פּ., נאָר מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּוילן.

3) דער באַלטישער קאַנט, ווו דער „בונד" און די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אויסגעבילדעט א גאַנצע נעץ פעדעראַטיווע קאָמיטעטן.

דאָרעם, ווו די ווירקונג פון „בונד" איז געווען אַ באַגרענעצטע. אַרויסטרעטן זעלבשטענדיק האָט דאָ דער „בונד" ניט געקאָנט, און אין עצעם פלעגט ער פאַקטיש צושטיין צו יעדער מאַסן־באַוועגונג, וואָס עס פלעגן אָרגאַניזירן די קאָמיטעטן פון ר.ס.ד.א.פּ.

אָט די פאַרשיידענע לאַגע פון „בונד" אין די פאַרשיידענע ראַיאָנען האָט געמוזט בענעגייע צו דער פאַרייניקונג־פראַגע שאַפן פאַרשיידענע שטימונגען, פאַרשיידענע שטרעמונגען אינעווייניק אין „בונד" גופא.

שוין אין אָנהייב יאַנוואַר קומען אין צענטראַלן בונדישן אָרגאַן „דער־וועקער", איינע נאָך די אַנדערע, אַרטיקלען וועגן דער נייטיקײַט צו פאַרייניקן זיך. דער ערשטער, וואָס האָט געשטעלט די פראַגע, האָט גלײַך און קלאָר פאָרמולירט, אַז אָן אַ קאָמפּראָמיס איז די פאַרייניקונג אומעגלעך, און נייטיק איז זי ביז גאָר:

„אַרויסגיין פון ר.ס.ד.א.פּ. האָט דער „בונד" געמוזט. דערמיט האָט ער זיך געראַטעוועט פון די אינעווייניקסטע רײַסערײַען (!) פון די באָלשעוויקעס מיט די מענשעוויקעס; דער אַרויסטריט איז אָבער געווען שעדלעך פאַרן „בונד" אויך דער „בונד" האַלט פאַר פעדעראַציע פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, די ר.ס.ד.א.פּ. — פאַר צענטראַליזאַציע, נאָר אי דאָס איינע, אי דאָס צווייטע איז צום איצטיקן מאָמענט אין דער פולער מאָס ניט צו דערגרייכן — און דאָ האָבן מיר אַ באַזע פאַר אַן אויסגלײַך" *).

אַלס ענטפער אַף דעם אַרטיקל קומען צוויי האַרבע בריוו אין דער רעדאַקציע, וואָס פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס אַזאַ פראַגע ווערט גאָר איינגאַנצן געשטעלט, און דאַן טרעט שוין דער אַווטאָר אין זײַן צווייטן אַרטיקל אַביסל

*) פון רוסישער איבערזעצונג.

אָפּ און לייגט שוין פאָר צו שאַפן אַ צײַטווײַליקן אויסגלײַך צווישן דעם „בונד" און דער ר.ס.ד.א.פּ. אַן אויסגלײַך אַף דעם סמאַך, וואָס מ'זאָל אויס־בילדן אָרטיקע פעדעראַטיווע קאָמיטעטן (אַלגעמיין־שטאָטישע, געגנטלעכע), איינשליסן אַ פאַרטרעטער פון „בונד" אין צ. ק. פון ר.ס.ד.א.פּ., אַלגעמיינע צוזאַמענפאָרן פון ר.ס.ד.א.פּ. און באַזונדערע צוזאַמענפאָרן פון „בונד", און דער „בונד" דאַרף זיך פאַרפליכטן זיך אונטערצוואַרפן די באַשלוסן פון די אַלגעמיינע צוזאַמענפאָרן.

די רעדאַקציע פונעם צענטראַלן אָרגאַן זאָגט אין אַן אָפיציעלן לייטאַרטיקל, אַז דער „בונד" איז אַרויס פון דער פאַרטיי נאָר איבער דעם, וואָס די פאַר־טיי האָט געוואָלט דעם „בונד" פאַרניכטן (און ניט איבער דעם „בונדס" פאָדע־רונגען), איצטער אָבער ווערט די פאַראייניקונג מעגלעך, אויב נאָר די פאַרטיי וועט זיך אָפּזאָגן פון איר פריִערדיקער פּאָזיציע. דער אַוטאָר לייגט דאָ פאָר, אַז אין גרונט פון דער פאַראייניקונג זאָל געלייגט ווערן דער עצם פאַקט, וואָס דער „בונד" עקזיסטירט, און ווײַטער זאָל מען אַלע פּרינציפּיעלע כעלוקע־דייעס לאָזן אין אַ זײַט.

אַף דער זיבעטער קאָנפערענץ פון „בונד" (אַפּרעל 1906 יאָר) האָבן זיך אַרויסבאַוויזן צוויי הויפּט־שטאַנדפּונקטן, וואָס האָבן געקעמפט צווישן זיך אין „בונד". אַמשאַרפסטן איז עס געווען שײַעך צו דער פראַגע וועגן דעם „איינ־ציקן פאָרשטייער". אין דער רעזאָליוציע פון דער מערהײַט אַף דער קאָנפערענץ זײַנען די פאַראייניקונג־באַציונגען געווען אַזוי פאָרמולירט:

די אולטימאַטיווע פאַראייניקונג־באַדינגונגען פון „בונד":

1. דער „בונד" איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פון ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז ניט באַגרענעצט אין איר טעטיקײַט מיט קיינע ראַיאָנע ראַמען.

2. דער „בונד" האָט אַ פאַרטרעטונג אין צ. ק. פון דער פאַרטיי.

3. די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" שיקן אַף די אַלגעמיינע פאַרטיי־צוזאַ־מענפאָרן און קאָנפערענצן זייערע פאָרשטייער לויט דיזעלביקע פּרינציפּן, ווי די אָרגאַניזאַציעס פון ר.ס.ד.א.פּ.

4. די פּראָגראַם פון דער רוסלענדער פאַרטיי איז אויך די פּראָגראַם פון „בונד"; נאָר דער „בונד" האָט דאָס רעכט צו בלײַבן באַ זײַן פּראָגראַם בענעגייע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, באַ דער פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענו־מען געוואָרן אַף דעם פערטן צוזאַמענפאָר פון „בונד".

5. באַם „בונד" בלײַבט דאָס רעכט זעלבשטענדיק צו פירן אַלע איניאָנים פון זײַן אָרגאַניזאַציע.

6 אַלע אויסגערעכנטע פּונקטן קענען אומגעענדערט ווערן דורך די אַל־געמיינע צוזאַמענפאָרן פון דער פאַרטיי נאָר מיט דעם העסקעם פון „בונד".

די מינדערהײַט פון דער קאָנפערענץ האָט דאָס אָפּזאָגן זיך פון דעם בונדס „איינציקער פאָרשטייערשאַפט" גערעכנט קימאַט ווי אַ פאַראַט קעגן „בונד" די זיבעטע קאָנפערענץ האָט דעריבער אין אַ ספּעציעלער רעזאָלוציע אַרויסגע־

זאָגט איר באַציִונג צו אָט דער פאָדערונג—צו אַנערקענען די „איינציקע פאָר־שטייערשאַפט״:

„די קאָנפערענץ שטעלט פעסט, אַז ניט אַרייַנמענדיק דעם פונקט וועגן דער איינציקער פאָרשטייערשאַפט, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַף דעם פינפטן צוזאַמענפאָר, אין די אולטימאַטיווע באַדינגונגען פון דער פאַרייניקונג מיט דער ר.ס.ד.א.פּ., שטייט זי פונדעסטוועגן איינגאַנצן פאַר דער פאָדערונג, וועלכע איז אויסגעדריקט געוואָרן אין דעמדאָזיקן פונקט, און זי דערקלערט, אַז די נאָרמאַלע פאַרבינדונג צווישן דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און דער גאַנצער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען אײַנגעשטעלט ווערן נאָר דאַן, ווען דער „בונד״ וועט זײַן אין דער פּאַרטיי דער איינציקער פאָרשטייער פונעם יִדישן פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט, ווען ער וועט זײַן די איינציקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע וועט פירן צווישן אים די מאַסן־אַרבעט, און דורך וועלכער די פּאַרטיי וועט אָנפירן דעם קאַמף פון יִדישן פּראָלעטאַריאַט, און דורך וועלכער דער יִדישער פּראָלעטאַריאַט וועט קענען פאַרווירקלעכן דעם אײַנפלוס, וואָס איז נייטיק צו האָבן אַף דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון די פּאַרטיי־איניאָנים״.

טראַכטן מיר זיך איצטער אַרײַן אין דערדאָזיקער פאָרמול און דערמאָנען מיר זיך דערבײַ, וואָס פאַר אַ האַרטנעקיקער קאַמף עס האָט זיך אַרום אָט דער פראַגע צעפלאַקערט אין „בונד״ אין פאַרלויף פונעם גאַנצן 1906 יאָר, — איז באַנעמען די סיבעס פון אַזאַ לײַדנשאַפטלעכקײַט וועלן מיר קאָנען נאָר דאַן, ווען מיר וועלן אַוועקשטעלן אין אַ זײַט די פאָרמעלע פונקטן און וועלן זיך צוקוקן צו דער אַלגעמיינער לאַגע פונעם „בונד״ צו יענער צײַט. דאָ האָבן צווישן זיך געקעמפט צוויי שטאַנדפּונקטן: איינער, וואָס האָט געשטרעבט אום יעדן פרײַז אײַנצוהאַלטן די זעלבשטענדיקײַט פון „בונד״ (מיט אַלע אקסעסור־אַרן (אָנגעהעריקײַטן) פון אָט דער זעלבשטענדיקײַט) און האָט מוירע געהאַט, ווי פאַר פײַער, אַז דער בונד זאָל זיך ניט צעשמעלצן אין דער אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, און דער צווייטער — אַ מער־רעאַליס־טישער, וואָס האָט אויך בעשומויפן ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז עס זאָל באָטל ווערן די זעלבשטענדיקײַט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָבער גערעכנט, אַז אויך אינעווייניק אין דער איינהײַטלעכער ר.ס.ד.א.פּ. וועט דער „בונד״ אין טאָך אַרײַן קאָנען בלײַבן דערזעלביקער, וואָס פריִער, און דורך דער פאַרייניקונג וועט ער נאָך ווערן אָנגעשלאָסן און באַהעפט צו דעם אַלגעמיין־פּאָליטישן לעבן פון לאַנד,—און ניט נאָכשלעפּן זיך ווי פריִער נאָך די אַלגעמיין־פּאָליטישע געשעענישן. אָט אין דעם איז עס באַשטאַנען דער איבער־בראָך, וואָס איז צום אָנהייב 1906 יאָר פאָרגעקומען אין „בונד״.

מיר האָבן שוין אין פריִעריקן קאַפּיטל גערעדט וועגן דעם, ווי קליין האָט דער „בונד״ ביז דער רעוואָלוציע אָפּגעשאַצט די ווירקונג פון דער אַלגעמיי־נער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַף דעם פּראָלעטאַריאַט, ווי ווייניק ער האָט גע־גלויבט אינעם סטיכישן אַרויסטרעטן פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן. ווען די רע־וואָליוציע האָט זיך אָבער מיט שטורעם דורכגעריסן, און אין דער רעוואָליוציאָ־נערער באַוועגונג האָבן זיך באַטייליקט גוואַלדיק גרויסע מאַסן, האָט די בונדי־

שע אָרגאַניזירטקייט שוין פאַרלאָרן איר פריערדיקן ווערט און באַטײַט. דעם שטאַרקן „בונד“ קעגנשטעלן די שוואַכע רוסישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט מען שוין ניט געקאָנט. די לאַגע האָט זיך געביטן אַמשאַרפּסטן — מעכטיק האָט זיך אַרויסבאַוויזן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון רוסלאַנד, און קליין איז געבליבן דער „בונד“ מיט זײַן שמאָלער באַזע, מיט די ניט־גרויסע אַרבעטער־מאַסן, וואָס ער האָט געקאָנט אַרײַנציִען אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנער באַוועגונג.

* * *

אין אַפּרעל 1906 איז פאָרגעקומען דער פאַרייניקונג־צוזאַמענפאָר פון דער ר.ס.ד.א.פּ. אַפן צוזאַמענפאָר זײַנען געווען ביז 110 דעלעגאַטן מיט באַשטימונג־רעכט און באַ דרײַסיק מיט באַראַטונג־רעכט. די מערהײַט איז געווען אַ מענ־שעוויסטישע (62 מענשעוויקעס קעגן 46 באָלשעוויקעס). אין דער אַלגעמיינער פראַגע וועגן דער באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַני־זאַציעס איז דער שטאַנדפּונקט פון די באָלשעוויקעס, וואָס — ווי געזאָגט — זײַנען זיי אַפן צוזאַמענפאָר געווען אין דער מינדערהײַט, געווען אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקער רעזאָלוציע:

„נעמענדיק אין אַכט: 1) אַז אינעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע ווערט דער פּראָלעטאַריאַט פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן אַלץ מער צוזאַמענגעבונדן דורכן אַל־געמיינעם קאַמף; 2) אַז דערדאָזיקער אַלגעמיינער קאַמף פירט צו אַן אַלץ גרע־סערער דערנעענטערונג פון די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד; 3) אַז אין אַסאַך שטעט איז אַנשטאָט די פר-עריקע פעדעראַטיווע קאָמיטעטן האָבן זיך שוין אויסגעבילדעט צוזאַמענגעגאָסענע קאָ־מיטעטן פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אינעם אָנגעגעבענעם אָרט; 4) אַז דאָס ראָוו נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס שטייט שוין ניט באַ הײַנטיקן טאָג פאַר דעם פּרינציפּ פון פעדעראַציע, וועלכן עס האָט מיט רעכט אָפּגעוואָרפן דער צווייטער צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פּ.

„אַנערקענען מיר און לייגן פאָר דעם צוזאַמענפאָר אַנערקענען:

1) אַז ס'איז נייטיק אָנצונעמען די ענערגישסטע מיטלען, וואָס גיכער צו־נויפצוגיסן אַלע נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד אין אַן איינהײַטלעכער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי; 2) אַז דער יעסאָד פון דער פאַרייניקינג דאַרף זײַן די פולע צונויפגיסונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס אַף די ערטער; 3) אַז די פּאַרטיי דאַרף פאַקטיש פאַרזיכערן דאָס באַפרידיקן אַלע פּאַרטיי־אינטערעסן און נויטן פונעם פּראָלעטאַריאַט פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, רעכענענדיק זיך אויך מיט זײַנע קולטור־שטייגערישע אייגנטימלעכקײַטן.

„די אויפגאַנים פון אַזאַ פאַרזיכערונג קאָנען זײַן: באַזונדערע קאָנפערענצן פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון יעדער נאַציאָנאַליטעט; פאָרשטייערשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהײַט אין די אָרטיקע, געגנטלעכע און צענטראַלע

פּאַרטיי־אַנשטאַלטן; דאָס שאַפן באַזונדערע גרופּן — ליטעראַרישע, פּארלעגע־רישע, אַגיטאַטאָרישע און אַנדערע.

„באַמערקונג: די פאָרשטייערשאַפט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן וואָלט געקאָנט אָרגאַניזירט ווערן, אַשטייגער, אַף אַזאַ אויפן: דער אַלגעמיינער פּאַרטייישער צוזאַמענפאָר פירט אַריין אין באַשטאַנד פון צ. ק. אַ באַשטימטע צאָל מיטגלידער פון די קאַנדידאַטן, וואָס עס האָבן אָנגעמערקט די געגנט־צוזאַמענפאָרן אין יענע ערטער, ווו עס זיינען באַ הײַנטיקן טאָג פאַראַן אָפּ־געזונדערטע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס".

אין דער קאָמיסיע, וואָס איז צוליב אָט דער פראַגע געוועזן אויסגעוויילט, איז מען אייַנשטימיק געקומען צו אַ פולן העסקעם וועגן דער פאָרם פון פאַריי־ניקונג מיט דער לעטישער און פוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע: די דאָזיקע אָר־גאַניזאַציעס זײַנען אַנערקענט געוואָרן פאַר טעריטאָריאַלע. אין דער פראַגע אָבער וועגן פאַרייניקן זיך מיטן „בונד" איז דער פאָרטרעגער פון דער קאָמי־סיע, דער כ. ליטווינאָוו (אַ באָלשעוויק), געבליבן באַ זײַן באַזונדערער מיינונג, וואָס ער האָט פאַרפיקסירט אין זײַן רעדע אַף דער 25־טער זיצונג פונעם צוזאַמענפאָר *).

די מערהייט פונעם צוזאַמענפאָר האָט אָבער מיטן כ. ליטווינאָוו ניט מאָס־קים געוועזן און האָט אָנגענומען פאָלגנדיקן פאַרייניקונג־פּראָעקט (פון „בונד" מיט ר.ס.ד.א.פּ.):

1. דער „בונד" גייט אַרייַן אין ר.ס.ד.א.פּ. אַלס אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פונעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז ניט באַגרענעצט אין איר טעטיקייט מיט קיין ראַיאָנע ראַמען.

2. דער „בונד" נעמט אָן די פּראָגראַם פון ר.ס.ד.א.פּ.

באַמערקונג: די פראַגע וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם בלייַבט אָפן, ווייַל דער פאַרייניקונג־צוזאַמענפאָר האָט זי ניט באַטראַכט.

3. אַלע באַשטימונגען פון די אַלגעמיין־פּאַרטייִשע צוזאַמענפאָרן זײַנען אָבליגאַטאָריש אויך פאַרן „בונד".

4. אין די גרענעצן פון די אַלגעמיינע באַשטימונגען פון די צוזאַמענפאָרן פון ר.ס.ד.א.פּ. און פון די אַלגעמיינע דירעקטיוון פונעם צ.ק. פון דער פּאַר־טיי בלייַבט באַ דעם „בונד" זײַן זעלבשטענדיקייט בענעגייע צו די פראַגן פון אַגיטאַציע, אָרגאַניזאַציע און פּראָפּאַגאַנדע.

5. דער „בונד" האָט זײַנע אייגענע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, צענטראַל־קאָ־מיטעטן און צוזאַמענפאָרן און פירט אָן מיט אַלע אָנגעלעגנהייטן פון זײַן אָרגאַניזאַציע.

6. אַלע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס גייען אַרייַן אין דער ר.ס.ד.א.פּ בילדן אַפן גרונט פון אַלגעמיינע וואַלן, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט פון די פּאַרטיי־מיטגלידער, אַן אַלגעמיינעם אָנפירנדן אַלשטאָטישן קאָמיטעט פון דער ר.ס.ד.א.פּ.

---

*) זע די סטענאָגראַפישע פּראָטאָקאָלן פון 24 און 25 זיצונגען אַף דעם צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ.

באַמערקונג: דערדאָזיקער קאָמיטעט באַשטימט אַלע פראַגן, וואָס האָבן אַ שייַכעס צום גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון דער געגעבענער שטאָט. דער אויפן, אַף וועלכן עס ווערט אויסגעקליבן דער אַלשטאָטישער קאָמיטעט, ווערט באַשטימט דורך די אַלגעמיינע פּרינציפּן, וואָס זייַנען אָנגענומען אין דער פּאַרטיי.

7. די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" שיקן אַף די אַלפּאַרטייִשע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן זייערע פאָרשטייער לויט דיזעלביקע פּרינציפּן, ווי די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

באַמערקונג: לויטן אָפּמאַך פון די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס קענען דעראַזט ווערן וואַלן אַפן צוזאַמענפאָר אַף געמיינזאַמע וואַל־פאַרזאַמלונגען.

8. דער „בונד" האָט זייַן פאָרשטייערשאַפט אינעם צ. ק. פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

באַמערקונג: דער אויפן פון דער בונדישער פאָרשטייערשאַפט אינעם צ. ק. פון דער פּאַרטיי ווערט באַשטימט דורך אַן אָפּמאַך פונעם צ. ק. פון „בונד" מיטן צ. ק. פון דער ר. ס. ד. א. פּ.

אין דער דעלעגאַציע פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אַף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן שיקט דער „בונד" זייַנע פאָרשטייער.

צום שלוס פון דער פאַרייניקונג־אַרבעט האָט די בונדישע דעלעגאַציע דערלאַנגט דעם צוזאַמענפאָר פאָלגנדיקע מעלדונג:

„די בונדישע דעלעגאַציע אַפן פאַרייניקונג־צוזאַמענפאָר—אַפן סמאַך פון דער רעזאָלוציע פון 5 און 6 צוזאַמענפאָר און 7 קאָנפערענץ פון „בונד"—מעלדעט, אַז די פּונקטן 1, 2, 4, 5, 7, 8 זייַנען אומבאַדינגט נייטיק פאַר דער עקזיסטענץ פונעם „בונד" אין דער פּאַרטיי און זייער אומענדערונג דורכן צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי אָן דעם „בונדס" האַסקאָמע דערוף וועט ברענגען דערצו, אַז דער „בונד" וועט מוזן אַרויס פון דער פּאַרטיי".

אָט אַזוי איז די פראַגע געלייזט געוואָרן אַף דעם פאַרייניקונג־צוזאַמענפאָר פון ר. ס. ד. א. פּ. אין שטאָקהאָלם.

אַף צו לייזן די פראַגע וועגן דער פאַרייניקונג פון „בונד" מיט דער ר. ס. ד. א. פּ. איז איבער די שאַרפע כעלוקע־דייעס, וואָס האָבן זיך דאָ אַרויסגעוויזן, צונויפגערופן געוואָרן דער 7 צוזאַמענפאָר פון „בונד". דער גאַנצער צ. ק. האָט פעסט געהאַלטן, אַז פאַרן „בונד" איז נייטיק צוריקצוקערן זיך אין דער פּאַרטיי אַרייַן, אַפן יעסאָד, וועלכן עס האָט אייַנגעשטעלט דער שטאָקהאָלמער צוזאַמענפאָר. דער צ. ק. האָט אָבער געהאַט אין אויג די ערנסטע מינדערהייַט, וואָס פאָרגעשטעלט איז זי נאָך דערצו געווען דורך אַ גרופּע זייער פאַראַנטוואָרטלעכע טוער, און האָט דעריבער גענומען אַף זיך צו אָרגאַניזירן דידאָזיקע דיסקוסיע. אין אַלע שטעט האָט זי צעשיקט פאָרטרעגער פון דער מערהייַט און פון דער מינדערהייַט און האָט אויסער דעם פאַר דער מינדערהייַט באַוואָרנט פּראָפּאָרציאָנעלע פאָרשטייערשאַפט אַפן צוזאַמענפאָר.

אַ גאַנץ זומער—פון 1906 יאָר—איז דידאָזיקע גראַנדיעזע דיסקוסיע געווען דער לעבנס־נערוו פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַלע פּאָליטישע פראַגן זייַנען

אַוועק אין הינטערגרונט: דער „בונד" האָט זיך גענומען צו זעלבסטבאַשטי־
מונג, צו באַשטימען זײַן אָרט צווישן די געזעלשאַפטלעכע קרעפטן פון דער
רוסלענדישער רעוואָלוציע. דער שטרײַט האָט פאַרכאַפּט ניט בלויז די העכערע
בונדיש־פּאַרטייִשע קרײַזן, נאָר די גאַנצע מאַסן־אָרגאַניזאַציע, וואָס צו יענער
צײַט האָט זי געציילט באַ זיך אַרום פערציק טויזנט מאַן. דער שטרײַט האָט
אַריבערגעשפּאַנט די גרענעצן פון דער פּאַרטיי. די פראַגע וועגן דער פאַרייני־
קונג פון „בונד" מיט ר. ס. ד. א. פּ. איז אין אַ געוויסער מאָס געווען ווי אַ
מין גרענעץ, וואָס האָט פאַנאַנדערגעטיילט די פאַרשידענע ייִדישע געזעלשאַפט־
לעכע שטרעמונגען. דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם האָט אופגענומען דעם גאַנצן
איניען אַזוי, אַז דאָ ווערט צוגעגרייט אַ פאַראַט פון „בונד" קעגן די נאַציאָנאַלע
אידעאַלן, ער האָט דערפילט אַ צעלאָכעס־פרייד, און האָט זיך געגרייט צו פאַר־
נעמען דאָס אָרט פון אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס דער „בונד"
באַפרײַט דאָ. באַזונדערס האָט זיך פארנומען מיט אָט דער פראַגע די ליטע־
ראַטור פון די ציאָניסטן־סאָציאַליסטן, „פּויאַליי־ציאָן", „סיימיסטן", און דאָס
האָט אין דער אָדער יענער מאָס געמוזט ווירקן אויך אַף דעם גאַנג פון דער
דיסקוסיע אינעווייניק אין „בונד".

דער עצעם שטרײַט איז ניט זעלטן פאַרקראָכן אין טיפעניש פון סכאָלאַסטיק,
איז אַוועק אין פּראָטים, אין אַלערליי אויסטײַטשן אייניציקע פונקטן פונעם פאַ־
רייניקונג־פּראָעקט, וואָס עס האָט פאַרגעלייגט דער שטאָקהאָלמער צוזאַמענפאָר.
מ׳האָט דאָ אָבער אַף קיין איין מאָמענט ניט אַרויסגעלאָזט פונעם אויג די גרונט־
ליניע פונעם שטרייט: בלײַבן אינגאַנצן זעלבשטענדיק און איזאָלירט, אָדער
צונויפבינדן זיך מיט די רעוואָלוציאָנערע אַלגעמיין־פּראָלעטאַרישע צענטרען. די
קעגנער פון דער פאַרייניקונג האָבן גוט פאַרשטאַנען, ווי האָפענונגלאָז עס איז
זייער פּאָזיציע. דער „בונד" האָט ניט געקאָנט בלײַבן אַליין. עס
איז קלאָר געוואָרן, אַז זײַן פאַרהעלטניסמעסיקער געוויכט אין דער רוסלענדי־
שער רעוואָלוציע איז געפאַלן, די איינזאַמקײַט זײַנע האָט געמאַכט, אַז זײַן
לאַגע אינווייניק אינעם ייִדנטום, ווו ער איז געווען דער גרונטלעכער רעוואָלי־
ציאָנערער פאַקטאָר, זאָל ווערן אינערלעך־ווידערשפּרעכלעך.

עס איז פאַר אים געשטאַנען די סאַקאָנע, אַז די קאַנטן צווישן אים און די
אַנדערע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע גרופּעס זאָלן אָפּגעריבן ווערן. דער „בונד"
האָט געמוזט ווערן אַ טייל פון דער פאַרייניקטער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָ־
קראַטיע. דאָס איז פאַר אַלעמען געווען קלאָר, און אויך פאַר די לידערס פון
די קעגנער פון פאַרייניקונג.

און דאָך האָבן זיי, די קעגנער, מיט אַקשאָנעס ווײַטער געפירט זייער קאַמ־
פּאַניע, האָבנדיק אין אויג די נאַציאָנאַלע באַהעפטקײַט פון „בונד", דאָס באַ־
וואָרענען אים פון אַסימילירן זיך. ווען ניט אָט דער ווידערשטאַנד פונעם אָרגאַ־
ניזירטן דריטל פון „בונד", איז זייער מעגלעך, אַז אינעם פלאַם פון דער ערש־
טער רעוואָלוציע דאָס יאָר 1905 וואָלט זיך אויסגעדעמפּט אַ גרויסער טייל פון
יענעם נאַציאָנאַליסטישן שוים, וואָס עס האָט אַרויסגעבראַכט אין „בונד" זײַן
אַרויסטרעטן פון ר. ס. ד. א. פּ. אין 1903 יאָר. און די קעגנער פון פאַרייני־

קונג האָבן זייער ציל דערגרייכט. וואָס ווײַטער עס איז געגאַנגען די דיסקוסיע, אַלץ מער האָט זיך געשטעלט אין צענטער פונעם שטרײַט ניט די פראַגע, צי מ'דאַרף זיך פאַרייניקן, נאָר די פראַגע וועגן גאַראַנטיעס אינעווייניק אין דער ר. ס. ד. א. פּ. קעגן דער פאַרניכטונג פון „בונד". עס האָט זיך געשאַפן אַן איינהײַטלעכע שטימונג, אַ נאַציאָנאַלע געשלאָסנקײַט. דער טויטער האָט אָנגע־כאַפּט דעם לעבעדיקן. און דער „טויטער" האָט געזיגט. די טענדענץ צו אָפּגע־זונדערטקײַט, אָט די גרונט־ווירקונג פון דער קליינבירגערלעכער סטיכיע אַף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט דער „בונד" דורכגעטראָגן דורך די רעוואָליוציאָנערע שטורעמס פון די יאָרן 1905—6 און אַפילע דורך די ביידע רעוואָליוציעס פון 1917 יאָר.

אין סענטיאַבער 1906 יאָר איז פאָרגעקומען דער זיבעטער צוזאַמענפאָר. אין דער געשיכטע פון „בונד" וועט דערדאָזיקער צוזאַמענפאָר אַרײַן מיט זײַנע צוויי גרונט־מאָמענטן: 1) מיטן פאָרמעלן, בלויז פאָרמעלן אַרײַנטריט אין ר. ס. ד. א. פּ. (מאַכמעס קײַן צוזאַמענגעזאָסענע אָרגאַניזאַציעס און ביכלאַל איינ־הײַטלעכע אָרגאַניזאַציעס זײַנען אַף די ערטער אויך נאָכן צוזאַמענפאָר ניט גע־שאַפן געוואָרן) און 2) מיט דעם איבערבראָך אין די פראַגן פון טאַקטיק (וועגן דעם שפּעטער).

באַטייליקן זיך אין די וואַלן האָבן געקענט נאָר די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייער צאָל מיטגלידער איז געווען העכער אַכציק. דאָס האָט באַזײַטיקט פון צו באַטייליקן זיך אינעם צוזאַמענפאָר באַ 12.000 מיטגלידער פון דער פאַרטיי־אָר־גאַניזאַציע. דאָס האָט מען געטון צוליב דעם, אַז באַשליסן די פראַגע וועגן דער עקזיסטענץ פון „בונד" זאָלן די אַלטע און די מער־שטאַנדהאַפטיקע אָרגאַניזאַ־ציעס. ביפראַט נאָך, אַז דער צענטער האָט ניט געקאָנט דורכרעווידירן די גרויסע פּעריפעריע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין פאַרלויף פון 1905—6 יאָר, און די דיסקוסיע האָט דאָך געדאַרפט דורכגיין דורך דער אָרגאַניזאַטאָרישער האַנט פונעם צענטער.

אַף אַזאַ אופן איז דאָס רעכט צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן אַפן צוזאַ־מענפאָר פון „בונד", דעם איינציקן פאַר די יאָרן פון דער ערשטער רעוואָליו־ציע, האָבן געהאַט 28 טויזנט מיטגלידער.

לויטן באַריכט פון דער מאַנדאַט־קאָמיסיע זײַנען אַפן צוזאַמענפאָר געווען פאַרטראָטן 23 טויזנט מיטגלידער.

די פראַגע וועגן דער פאַרייניקונג מיט ר. ס. ד. א. פּ. האָט אַפן צוזאַמענ־פאָר קײַן סאַך צײַט ניט אָפּגענומען. ארויסגעטראָטן זײַנען נאָר די פאָרטרעגער און גענעראַל־רעדנער. דעם צוזאַמענפאָר האָבן באַגריסט די פאָרשטייער פון צ. ק. פון ר. ס. ד. א. פּ. און זייערע „באַגריסונגען" האָבן גערעדט וועגן דעם, אַז עס מוז אויסגעלעבט ווערן די עצעם נייטיקײַט פון „בונד". דערבײַ איז געווען געוואָרנט, אַז די „פּאַרטיי" וועט פאָדערן צו שאַפן ווירקלעך־איינהײַטלעכע אָרטיקע קאָמיטעטן. די רעזאָליוציע וועגן פאַרייניקונג איז אָנגענומען געוואָרן אַפן צוזאַמענפאָר מיט אַ מערהײַט פון העכער צוויי דריטל שטימען (48 קעגן 20).

אין דער רעזאָלוציע קלינגען שאַרף אָפּ די טענער פון נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר פ אַ־

נ אַ נ ד ע ר ג ר ע נ צ ו נ ג. פאָרמעל איז דער פעלער און פאַרברעך פון 1903 יאָר
איצטער געווען ליקווידירט. דער אידעאָלאָגישער טאָן אָבער פון דער רעזאָליו-
ציע, וואָס דער „בונד" האָט אָנגענומען אַף זײַן זיבעטן צוזאַמענפאָר, האָט
געבראָכן דעם ווערט און באַדײַטונג פון דעם אָנגענומענעם באַשלוס.

דער צוזאַמענפאָר כאַזערט איבער און באַשטעטיקט די בונדישע פאָרמולע,
„אַז די איינהײַטלעכע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי פונעם רוסלענדער פראָ-
לעטאַריאַט דאַרף זײַן צוזאַמענגעשטעלט פון נאַציאָנאַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטי-
שע אָרגאַניזאַציעס, ווײַל נאָר אַזאַ אופבויונג גיט דער פאַרטיי די מעגלעכ-
קײַט צו נעמען פולקום אין באַטראַכט באַ איר גאַנצער טעטיקײַט די לעבנס-
און קאַמפס-באַדינגונגען פונעם פראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע נאַציעס;

„אַז באַ אַזאַ נאָרמאַלער אופבויונג פון דער פאַרטיי דאַרף יעדע נאַציאָנאַלע
סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע עס גייט אַרײַן אין איר, בלײַבן
די איינציקע פאָרשטייערן פון דעם באַטרעפנדן פראָלעטאַריאַט;

„אַז וואָס מער עס וועט וואַקסן די אַרבעטער-באַוועגונג און וואָס מער
דער אײַנפלוס פון דער פאַרטיי וועט זיך פאַרשפרייטן אַף אַלץ ברייטערע מאַסן
פון דעם פראָלעטאַריאַט פון פאַרשיידענע נאַציעס, וועט אַלץ מער די גאַנצע
אָרגאַניזאַציאָנס-אופבויונג פון דער רוסלענדער פאַרטײַ אומפאַרמײַדלעך מוזן
צוגעפאַסט ווערן צו דער אָנפירונג מיט דער באַוועגונג פון פראָלעטאַריאַט פון
פאַרשיידענע פעלקער, און וואָס מער די פאַרטיי וועט זיך צופאַסן צו די באַ-
דערפענישן פון דער מאַסן-באַוועגונג, אַלץ מער וועט זי געצוווּנגען זײַן צו גיין
ווײַטער מיטן וועג פון נאַציאָנאַלער פאַנאַנדערגרענעצונג (!!);

„אַז וויבאַלד אין דער רוסל. ס. ד. א. פּ. ווען זיך געפינען די אָרגאַני-
זאַציעס פון פּוילישן, לאַטווישן און ייִדישן פראָלעטאַריאַט, וועט דערדאָזיקער
פראָצעס פון דער פאַנאַנדערגרענעצונג לויט די נאַציאָנאַליטעטן אומפאַרמײַדלעך
מוזן פאַרגיכערט ווערן;

„אַז אַרײַנטרעטנדיק אין דער רוסלענדער פאַרטיי און אָננעמענדיק איר
פראָגראַם, בלײַבט דער „בונד" באַ זײַן פראָגראַם בענעגייע צו דער נאַציאָנאַ-
לער פראַגע, און דאָסדאָזיקע פראָגראַם, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אַפן
זעקסטן צוזאַמענפאָר פון „בונד", קאָן ווערן געענדערט אָדער אָפּגעשאַפט נאָר
דורך דעם צוזאַמענפאָר פון „בונד" גופע".

דער „געפערלעכסטער"—פון בונדס שטאַנדפּונקט—פּונקט אינעם סטאַטוט פון
שטאָקהאָלמער צוזאַמענפאָר איז געווען דער פּונקט וועגן די אַלגעמיין-שטאָ-
טישע סאָצ.-דעמ. קאָמיטעטן, וועלכע קענען אויסגעוויילט ווערן דורך אַ ל ג ע-
מ יי נ ע פאַרזאַמלונגען פון די אָרטיקע סאָצ.-דעמ. דערין האָבן אַ ל ע בונ-
דיסטן געזען א סאַקאָנע פון געוויסער אַסימילאַציע, ווײַל דורך אַזעלכע
אַ ל ג ע מ יי נ ע יואַלן ווערט אָפּגעשוואַכט דער אווטאָריטעט פון דעם ספּעצי-
עלן בונדישן קאָמיטעט. און דערפאַר באַשליסט טאַקע דער בונדישער VII
צוזאַמענפאָר צו קעמפן ק ע ג ן אַזעלכע אלגעמיינע וואַלן און פאַרן פּרינציפּ
פון קאָמיטעטן, געבילדעטע לויטן פּרינציפּ פון פאַרטרעטונג. דער „בונד" טרעט
אַרײַן צוריק אין ר.ס.ד.א.פּ. מיט פאַנאַנדערגעוויקלטע סעפּאַראַטיסטישע פאָנען,
זײַן פאַרייניקונג מיט דער ר.ס.ד.א.פּ. איז געבליבן אַ ריין פאָרמעלע.

---

קאַפּיטל פופצן.

# די פּאָליטישע פּאָזיציע פון „בונד" (די יאָרן 1905—07).

## 1. דער פּעריאָד פון דער ערשטער דומע.

דאָס יאָר 1905 ברענגט אַרײַן אינעם לעבן פון „בונד" אַ טיפע ענדערונג. דער „בונד" הייבט אָן זיך זעלבסט צו באַשטימען, אַרויסצוגעפינען זײַן פּאָליטישע אָריענטאַציע. דאָס מער אַנטוויקלטע אַלגעמיין־פּאָליטישע לעבן שטעלט אַרויס אויך פאַרן „בונד" אַ רײ אַקטועלע פראַגן. דער קלאַסנקאַמף צווישן די סאָציאַלע קרעפטן אין דער רעוואָליוציע, דער קלאַסנקאַמף, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער צאַרישער און רעוואָליוציאָנערער אונטערערד, האָט ניט געלאָזט בלײַבן זיצן אַף „אָרגאַניזאַציאָנעל־פּראַקטישע" פּאָזיציעס. דער „בונד" ווערט אין עצעם „פראַקציאָנעריש", נאָר זײַן פראַקציאָנערישקײַט איז אַ מעשונע־מאָדנע: ער איז ניט צווישן די און ניט צווישן יענע, און גייט צו־מאָל מיט די און צומאָל מיט יענע, אין יעדן מאָמענט אָבער דערנעענטערט ער זיך פאַקטיש אָדער צו די איינע, אָדער צו די אַנדערע. מיט שטאָלץ האָבן די בונדיסטן געזאָגט וועגן זיך, אַז די פּאָזיציע פון „בונד" איז אַ באַזונדערע און פאַלט ניט צונויף מיט דער פּאָזיציע פון קײַן איינער פון די קעמפנדיקע פראַקציעס. אַנאַליזירן מיר אָבער אָט די באַזונדערע „בונדישע" פּאָזיציע, דאַן מוזן מיר זאָגן, אַז ווירקלעך אָריגינעל איז זי דערמיט, וואָס איר פעלט רעוואָליוציאָנערע אויסגעהאַלטנקײַט און קאָנסעקווענט־קײַט. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ פּאָזיציע פון וואַקלדיקן קלײנבירגערלעכן סאָציאַליזם. אַרײַן אין דעם געווירבל פון קאַמף צווישן די פּראָלעטאַרישע און קלײנבירגערלעכע טענדענצן פון דער רעוואָליוציע, האָט דער „בונד" לעכאַט־כילע, אינעם ערשטן פּעריאָד פון דער רעוואָליוציע, זיך אַרופגעכאַפּט אַף דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע, און וויל אַנג דידאָזיקע כוואַליע איז געווען ברויזנד־מעכטיק, איז ער געגאַנגען האַנט באַ האַנט מיט די באָל־שעוויקעס. שפּעטער אָבער, שוין אָן דעם גלויבן אין זיג, האָט ער פלינק זיך געטון אַ קער צוריק און פון שטאַפּל אַף שטאַפּל זיך אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן צום מענשעוויזם. און דאָס יאָר 1911 איז ער דערגאַנגען ביז צו אַן ענגער אָרגאַני־זאַציאָנעלער פאַרבינדונג מיט די מענשעוויקעס, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דער דײַטשישער רעוואָליוציע אין 1918 יאָר.

מיר האָבן געזעען, ווי אַזוי פאַר די פיר־פינף כאַדאָשים פון אָקטיאַבער 1904 י. ביז פעווראַל 1905 י. האָט זיך רעוואָליוציאָניזירט די שטעלונג פון „בונד" צו די ליבעראַלן — אין אָט דעם מעשעך צײַט זײַנען פאָרגעקומען די געשעענישן פון 9 יאַנוואַר. אין יוני־יולי 1905 י. שטײַגט אַרוף די רעוואָליוציאָנערע כוואַליע נאָך העכער — דער „בונד" דערנעענטערט זיך נאָך מער צו די באָלשעוויקעס. די פּאָזיציע צו באָיקאָטירן די ערשטע דומע איז אַ געמיינזאַמע מיט די „באָלשעוויקעס". דער אָקטיאַבער־שטרײַק גייט מיט דעם לאָזונג פון באַוואָפנטן אופשטאַנד. דעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף פון פעטערבורגער ראַט שטיצט דער „בונד" אָן שום טײַנעס (קריטיק קומט ערשט שפעטער). דער דעקאַבער־אופשטאַנד געפינט אַ ברייטן אָפּקלאַנג אינעם גאַנצן בונדישן ראַיאָן. דעם אופרוף צו שטיצן די מאָסקווער אַרבעטער שרײַבט אונטער אויך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד". און דידאָזיקע שטיצונג ווערט אין ראַיאָן פון „בונד" דורכגעפירט ניט מאַכמעס לאָיאַלקײַט צו דער אַלגעמיינער אַרויסטרעטונג,— דאָס ווערט דורכגעפירט מיט עכט־רעוואָליוציאָנערן ענטוזיאַזם. און נאָכן דורכפאַל פון דעם דעקאַבער־אופשטאַנד וואַרפט די ערשטע צײַט דער „בונד" אַנטשלאָסן אָפּ די מענשעוויסטישע אָפּשאַצונג פונעם פּאָליטישן מאָמענט.

ווי בעשאַס די פריִערדיקע אַרויסטרעטונגען, ווערט אויך איצטער די באַוועגונג אַריבערגעוואָרפן אין די שטעטלעך און נעמט דאָרט אָן די שאַרפסטע פאָרמען. אָט אַזוי, לעמאָשל, איז אין קרינעק (גראָדנער גוב.) די מאַכט איבערגעגאַנגען קימאַט פאָרמעל אין די הענט פון די ייִדישע אַרבעטער־גאַרבער, וואָס האָבן באַוויזן צו אָרגאַניזירן אַרום זיך די גאַנצע אַרומיקע באַפעלקערונג. די שטראָף־עקספּעדיציעס, געשיקטע אין באַלטישן קאַנט, האָבן געמוזט אויסטיילן באַזונדערע ספּעציעלע מאַכנעס אַף אײַנצושטילן דעם בונדישן ראַיאָן, דערבײַ האָבן זיי אויך געמוזט ארײַנעמען גראָדנער און מאָלעווער גוב., אײַנגעשלאָסן אויך די שטאָט האָמעל, וואָס אין אָקטיאַבער—דעקאַבער האָט זי אַרויסגעוויזן אַ גרויסע רעוואָליוציאָנערע אַקטיווקײַט: עס איז דאָרט געלונגען אויסצופירן, אַז די אײַזנבאַן־אַרבעטער זאָלן בלײַבן נייטראַל, און די רעוואָליוציאָנערע מינדערהײַט האָט פאַרנומען אין אירע הענט דעם אײַזנבאַן־קנופּ.

די גרויסע פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט ברייט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן דאָרעם און פּאָלטאַווער מיט טשערניגאָווער גובערניעס, האָט זיך ניט אַריבערגעוואָרפן אין מײַרעוו־קאַנט, און דערינען האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע די קראַפט פון „בונד". האָמעל קאָן אונדז באַווײַזן אַף קלאָר, וואָס פאַר אַ גרויסע באַדײַטונג עס האָט געהאַט די זעלבסטשוץ אין 1903 י., ווי אַזוי עס האָט געשראָקן דאָס מעגלעכע אַרויסטרעטן פון די ייִדישע אַרבעטער־רעוואָליוציאָנערן. מ'האָט זיך געגרייט צו מאַכן אַ פּאָגראָם; אומעטום האָט מען פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז „מ'שלאָגט יידן" אי אין סטאַראָדוב, אי אין נאָווגאָראָד־סעווערסק, אי אין גלוכאָוו. דיזעלביקע קלאַנגען האָבן אָבער אויך דערציילט וועגן דער גרויסער צאָל געווער באַ די „דעמאָקראַטן", און אין אָקטיאַבער 1905 יאָר איז דער פּאָגראָם־שטורעם געגאַנגען פאַרבײַ דעם עכט־בונדישן ראַיאָן. און ערשט אין יאַנוואַר 1906 און נאָכדעם זומער—דאָס יאָר—האָט די רעאַקציע אָפּגענומען

אירס און האָט אָרגאַניזירט דרײַ גרויסע ייִדישע פּאָגראָמען גראָד אין דעם ראַ־יאָן פון „בונד״: אין האָמעל (די בעסטע טײלן שטאָט האָט מען פאַרברענט), ביאַליסטאָק און סעדלעץ. נאָר דאָס זײַנען שוין געווען גאָר אַנדערע פּאָגראָ־מען. דאָ האָט שוין „דאָס פאָלק״ זיך ניט באַטייליקט אַפילו לעפּאָנים. דאָס זײַנען געווען מ י ל י ט ע ר י ש ע פּ אָ ג ר אָ מ ע ן, און „געאַרבעט״ האָבן דאָ די צאַרישע אינפאַנטעריע (פּיעכאָטע) און קאַוואַלעריע, וואָס אַליין האָט זי „באַ־שיצט״ און אַליין גענאָסן פון די פּאָגראָם־פּרוכטן.

מ׳דאַרף דאָ זאָגן, אַז די פּאָגראָמען פון אָקטיאַבער 1905 י. און אויך די פּאָגראָמען פון 1906 י. האָבן אינעם לעבן פון רוסישן ייִדנטום ניט געהאַט די פּאָליטישע באַדײַטונג, וואָס די פּאָגראָמען פון 1903 י. מ׳האָט זיי אופגענומען, ווי באַזונדערע עפּיזאָדן, און אַפילו די ציאָניסטן האָבן ניט געמאַכט קײַן שום ערנסטע פּרווון דעמאַגאָגיש זיי אויסנוצן פאַר זייער „אידייע״. ערשט שפּעטער, ווען די רעאַקציע איז שוין געוואָרן אַ בוילעט־קלאָרע, האָט זיך אין לאַנד פון אומעטום אָנגעהויבן אַן אומגעהייערע עמיגראַציע פון די ייִדן קײַן אַמעריקע. און דערינען האָט זיך אַרויסבאַוויזן דער בראָך, וועלכן עס האָט דערפילט די ברייטע פּאָלקס־מאַסע מאַכמעס דעם גרויסן ווידערשפּרוך, וואָס צווישן דעם 17 און דעם 19 אָקטיאַבער פון 1905 י.

דער „בונד״ האָט באָיקאָטירט די בוליגין־דומע. 11 דעקאַבער גיט אָבער וויטע אַרויס אַ נײַעם וואַל־געזעץ, און פאַר די אַרבעטער שאַפט זיך אַ געוויסע מעגלעכקײַט אויסצונוצן די וואַלן. אין די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רייען קומט ווײַטער אויף אַ דיסקוסיע וועגן דער באַציִונג צו דער דומע. אין „בונד״ אָבער זײַנע קיינע מיינונג־פאַרשיידנקײַטן וועגן דער פראַגע ניט פאַראַן.

אינעם צירקוליאַר, וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״ האָט אַרויס־געלאָזט אין דעקאַבער 1905 י., ווערט קלאָר געזאָגט, אַז די וואַקלונגען, וואָס זײַנען אופגעקומען צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן (דער צירקוליאַר מיינט דאָ געוויס די מענשעוויקעס), נעמען זיך פון אַ געוויסער מידקײַט אין די רייען פון פּראָלעטאַריאַט און רעאַקציאָנערע שטימונגען באַ דער בורזשואַזיע איבער דעם דורכפאַל פון דעם דעקאַבער-אופשטאַנד.

דער צירקוליאַר וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ דעם פאָרשלאַג פון די מענשעווי־קעס צו באַטייליקן זיך צוליב אַגיטאַציע בלויז אין דער ערשטער סטאַדיע פון די וואַלן. דידאָזיקע קאָמפּליצירטע טאַקטיק וועט נאָר אַרײַנברענגען אַ פּלאָנ־טער אין די מויכעס פון די אַרבעטער. און דער צ. ק. רופט אַלעמען אָנעמען אַלע מיטלען, אַז די רעוואָליוציאָנערע כוואַליע זאָל דורכגיין פ אַ ר ב ײַ ד ע ר ד ו מ ע א ו ן א ו י ס ע ר א י ר, אָנעמען אַלע מיטלען צו מאַכן די עקזיסטענץ פון אַזאַ דומע פאַר ניט מעגלעך... שאַפן אַרום די וואַלן אַזאַ אַטמאָספער, אַז די וואַלן זאָלן ניט קענען פאָרקומען. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד״ לייגט פאָר צו האַלטן זיך דאָ באַ דערזעלביקער טאַקטיק, וואָס צו דער בוליגינער דומע — באַ דער טאַקטיק פ ו ן אַ ק ט י ו ו ן ב אָ י ק אָ ט. ער לייגט פאָר „קומען מאַסנווײַז אַף די וואַל־פאַרזאַמלונגען, אַרויסשטעלן דאָרט די אייגענע פּאָליטי־שע פאָדערונגען״ און, אויב עס וועט נייטיק זײַן, אַ ר ו נ ט ע ר ר ײַ ס ן ד י פ אַ ר־

זאַמלונג דורך דער אַרויסטרעטונג פֿון דער מאַסע, דורך איר איינפֿלוס פֿון אינעוויייניק און פֿון דרויסן.

דידאַקטיק טאַקטיק האָט מען אינעם גאַנצן בונדישן ראַיאָן דורכגעפֿירט אָן קיין שום וואַקלונגען און אויסנאַמען. דאָס איז אָנגעקומען ניט שווער נאָך מאַכמעס דעם, וואָס אין די גרונט־ראַיאָנען פֿון „בונד" (ליטע, פּוילן, באַלטישער קאַנט) האָבן זיך באַ דער אייגענער טאַקטיק, באַ דער טאַקטיק פֿון אַקטיוון באָיקאָט, געהאַלטן אויך אַלע אנדערע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס.

* * *

די דומע האָט זיך אָבער צוזאַמענגעקליבן.

„אינעם גאַנג פֿונעם באַפֿרייונג־קאַמף איז אָן דעם ווילן פֿונעם אָרגאַניזירטן פּראָלעטאַריאַט אופֿגעקומען אַן אַנשטאַלט פֿון גרויסער פּאָליטישער באַדייטונג. דער אַנשטאַלט האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך די אופֿמערקזאַמקייט און האָפֿענונג פֿון די ברייטסטע מאַסן באַפֿעלקערונג... די אַרבעט אין דער דומע, טראָץ איר איבערהויפּט־„אָרגאַנישן" כאַראַקטער, רעוואָליוציאָניזירט אָן שום ספֿק די באַפֿעלקערונג, צעשטערט די אַלטע אַווטאָקראַטישע איליוזיעס פֿון דער פֿויערשאַפֿט, ווייזט אַרויס קלאָר די פּאָזיציע פֿון די עמעסע באַדריקער פֿון לאַנד, רייסט אַראָפּ פֿון אָט דער פּאָזיציע דעם שלייער פֿונעם „באַזונדערן זאָרגן פֿאַרן פֿויערטום, וואָס איז אַזוי טייער דעם מיט ליבע פֿולן האַרץ". אָט דאָס אַלץ האָט פֿאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געשטעלט די אופֿגאַבע אויסצונוצן די מעלוכישע דומע פֿון איין זייט — פֿאַר אַן אַלגעמיינער פֿאָלקס־טריבונע, וואָס קאָן צעטראָגן רעוואָליוציאָנערע אַגיטאַציע אין די ווייטסטע פֿאַרשלאָגענע ווינקלען, און פֿון דער צווייטער זייט—פֿאַר אַן אָרגאַן אַף צו דערציִען דעם פּראָלעטאַריאַט אין גייסט פֿון קלאַסנקאַמף. אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטן זיינען אויך מאַסקים, אַז באַ די איצטיקע באַדינגונגען איז ניט מעגלעך פֿ אַ ר ב ײַ צ ו ג ײ ן די דומע און גיין מיטן גלייכן וועג פֿון רעוואָליוציאָנערע אַקטן, וואָס זאָלן זיך פֿאַרענדיקן מיט אַ באַוואָפֿנטן אופֿשטאַנד. גיין איצטער אַף דעם וועג — דאָס וואָלט באַטייט איזאָלירן דעם פּראָלעטאַריאַט און איבעררייסן דעם געהעריקן צוזאַמענבונד צווישן אים און די אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע קרעפֿטן, וואָס פּונקט ווי די פֿויערשאַפֿט — האָבן זיי אויך אַלע זייערע האָפֿענונגען אַריבערגעטראָגן אַף דער דומע... די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן ביכלאַל און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ביפֿראַט מוזן מאַכן די מעלוכישע דומע פֿאַרן אָנווענד־פּונקט פֿון זייערע קויכעס".

אָט אַזוי שאַצט אָפּ אין № 3 „נאַשע סלאָוואָ" אַ. זאָריעוו די פּאָליטישע לאַגע צו דער צייט, וואָס די ערשטע דומע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט, און אַזוי צייכנט ער אָן ד אָ ס אַ ל ג ע מ ײ נ ע, וואָס ווערט, נאָך זיין מיינונג, פֿאַרייניקן ד י ג אַ נ צ ע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער באַציִונג צו איר. דאָ איז אָבער אופֿגעקומען אַ שאַרפֿע מיינונג־פֿאַרשיידנקייט צווישן די „באָלשעוויקעס" און די „מענשעוויקעס" וועגן דער באַציִונג צו די קאַדעטן און צום לאָזונג פֿון

אַ „קאַדעטישן מיניסטעריום". צי דאַרף מען שטיצן די גאַנצע דומע אין איר אָפּאָזיציאָנעלן קאַמף קעגן דער רעגירונג, אָדער בלויז איר לינקן פליגל — די „טרודאָוויקעס" און די אַרבעטער־גרופּע, שטויסנדיק זיי דערבײַ אָפן וועג פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף? צי שטיצן די קאַדעטן, אָדער דעם „לינקן בלאָק" פונעם פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום — דאָס איז געווען דער גרונט־אונטערשייד אין די מיינונגען צו יענעם מאָמענט.

אויך דאָ, אויך אין אָט דעם שטרײַט, גייט דער „בונד" אינעם מעשעך־צײַט פון יוני — יולי 1905 י. צוזאַמען מיט די „באָלשעוויקעס". די גאַנצע בונדישע פּרעסע („נאַשע סלאָוואָ" און די טעגלעכע „פאָלקסצײַטונג") איז פול מיט קריטישע, צומאָל שאַרף פּאָלעמישע, אַרטיקלען קעגן די מענשעוויסטישע פאָרמולירונגען. אין דעם נאָר־וואָס געבראַכטן אַרטיקל שרײַבט אַ. זאָריעוו וועגן דעם לאָזונג פון „אַ קאַדעטישן מיניסטעריום": „מיט אַן עמעס איז ניט ריכטיק, אַז די רוסלענדער בורזשואַזיע אין געשטאַלט פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי איז פאַרינטערעסירט אין דער ווײַטערער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע און קאָן זי ברענגען ביז צום פאַרווירקלעכן די אויפגאַבע, וואָס לויט אונדזער פאָרמולירונג איז עס די פּאָליטישע אַנטוואָפענונג פון דער אַלטער אָרדענונג"...*)

די אָפיציעלע פּאַרטיייִשע דאָקומענטן זאָגן זיך אַרויס שאַרף און באַשטימט קעגן דער מענשעוויסטישער ריכטונג, און רופן צו שטיצן ניט די גאַנצע דומע נאָר איר לינקן פליגל, וועלכן מ׳דאַרף שטויסן צו פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט. דער צירקוליאַר פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" זאָגט:

„די גאָסודאַרסטווענע דומע, ווי קראַפטלאָז זי איז ניט אַנטקעגן דער באַ־וואָפנטער מאַכט פון דער פּאַקטיש אַליין־רעגירנדער זעלבסטהערשאַפט, ווי קלאָר זי באַווײַזט ניט די ריכטיקײַט פון דער באָיקאָט־טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו אָנווײַזן, אַז די רוסלענדער רעוואָליוציע איז נאָך ניט געענדיקט און אַז קאָלומאַן דאָס פּאָלק האָט ניט אָפּגעהאַלטן אַן אַנטשלאָסענעם ניצאָכן אין אָפענעם צוזאַמענשטויס, וועט יעדער פאַרטרעטונג מוזן בלײַבן נאָר אַ קאָנסטיטוציע אַף פּאַפּיר; ווי גלענצנד זי האָט ניט באַשטעטיקט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע כאַראַקטעריסטיק פון די ליבעראַלע קאַדעטן, וועלכע האָבן שוין איצט זיך אָפּגעזאָגט צו דערפילן דעם גרעסטן טייל פון די האַפטאָכעס, וואָס זיי האָבן צוגעזאָגט פאַר די וואַלן, דאָך פאַרנעמט זי (די גאָסודאַרסטווענע דומע) אַ וויכטיקן אָרט אין דעם איצטיקן פּאָליטישן לעבן פון רוסלאַנד.

„די שטימונג אין לאַנד ווערט שטאַרקער, ערטערווײַז פלאַקערן שוין אויף אומאָרגאַניזירטע מאַסן־אַרויסטרעטונגען, עס קומען פאָר מאַסן־שטרײַקן, מיליטער־בונטן — די אַלע סימאָנים פון נאָענטע גרויסאַרטיקע פּאָליטישע גע־שעענישן. אין דידאָזיקע געשעענישן קען אַ טייל פון דער דומע — דער טייל, וואָס איז פעיִק צו שטעלן זיך אַפן רעוואָליוציאָנערן וועג, שפּילן אַ געוויסע

*) מ׳דאַרף געדענקען, אַז איבער די רעפּרעסיעס האָט מען אין דער לעגאַלער פּרעסע געמוזט זיך אויסדריקן פאָרזיכטיק.

ראָליע, פֿאַרשטאַרקנדיק די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און פֿאַרגרינגערנדיק דעם זיג פֿונעם פֿאָלק איבער דער אַלטער אָרדענונג.

„די דיפֿערענצירונג אין דומע צווישן אירע פֿאַרשיידענע עלעמענטן האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און וועט מוזן גיין ווײַטער. די לינקע עלעמענטן (די טרודאָוואַיאַ גרופּע, די אַרבעטער־דעפּוטאַטן), וועלכע האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די קאַדעטן, נאָר וועלכע הערן זיך אופּמערקזאַם צו צו אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אין די פֿאָלקס־מאַסן, און פֿילן זיך ענגער צוזאַמענגעבונדן מיט זיי, הייבן אָן איצט, אונטער דעם אײַנפֿלוס פֿון דער וואַקסנדער אומגעדולד און אומרויִקער שטימונג פֿון זייערע וויילער — די פּויערים און די קליינבורזשואַזיע — ווי אויך אונטער דער ווירקונג פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַסן, אַרויסשטעלן שאַרפֿערע פֿאָדערונגען, זײַנען גרייט זיך אָפּזאָגן פֿון דעם וועג פֿון אָפּמאַכונגען און פּשרות און זיך שטעלן אַפֿן רעוואָלוציאָנערן וועג.

„דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף פֿאָדערן פֿון די לינקע עלעמענטן אין דומע, זיי זאָלן זיך אָפֿן שטעלן אַף דער זײַט פֿון דער רעוואָלוציע, זיי זאָלן זײַן גרייט אין דעם פּאַסנדן מאָמענט צו פֿאַרכאַפּן אין זייערע הענט די פּאָליטישע מאַכט און צו באַשאַפֿן די נייטיקע באַדינגונגען אַף צוזאַמענרופֿן אַ גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג".

דער „בונד" בלײַבט באַ דער פּאָזיציע פֿון אַ גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג און זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען אַנשטאָט אָט דעם לאָזונג די פֿאָרמולע פֿון אַ „פֿולמעכטיקער דומע", וואָס צו דעם האָבן גערופֿן די מענשעוויקעס און צוזאַמען מיט זיי אויך פּלעכאַנאָוו.

די ערשטע דומע איז צעטריבן. די קאַדעטן פֿאָרן אין וויבאָרג און לאָזן אַרויס דעם פֿאַר זיי צו דרייסטן „וויבאָרגער מאַניפֿעסט". די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָן אונטערשייד פֿון ריכטונג, מאַכט דעם „וויבאָרגער מאַניפֿעסט" — קעגן דעם ווילן פֿון די קאַדעטן גופֿא — פֿאַר אַן אויסגאַנג־פּונקט פֿון אַ ברייטער אַגיטאַציע אין דאָרף און אין דער אַרמיי. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פֿאַרפּאָלאַריזירט דעם לאָזונג „ניט צאָלן קיין שטײַערן", ניט געבן קיין „סאָלדאַטן" און דערבײַ רופֿט זי — ניט אָפּצושטעלן זיך אַפֿן מיטן וועג און דורך באַוואָפֿנטן אופֿשטאַנד אַראָפּשלײַדערן דעם צאַרישן רעזשים, וואָס אַפֿילע אַזאַ דומע האָט ער צעטריבן און דערמיט זיך אינגאַנצן קאָמפּראָמעטירט.

עס גייט אָבער אַוועק אי יולי אי אַווגוסט — און דאָס דאָרף בלײַבט שטיל. דער סוועאַבאָרגער אופֿשטאַנד איז דערשטיקט, דעם רוף פֿון דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו שטיצן דעם אופֿשטאַנד נעמט ניט אוף אויך די פּראָלעטאַרישע מאַסע. אין „בונד" וואַקסן אָן פּעסימיסטישע שטימונגען. עס שאַפֿט זיך אַ שטרעבונג איבערצוקוקן די ריכטיקײַט פֿון דער אייגענער טאַקטישער ליניע. דער „בונד", ניט צו באַמערקן עס אַליין, גיט זיך אַ קער צום מענשעוויזם, מער נישט וואָס ער האַלט נאָך אין כאַזוערן די אַלטע רעוואָלוציאָנערע פֿראַזן.

דער זיבעטער צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד" האָט אָט דידאָזיקע נײַע שטימונגען אינגאַנצן אַנטפּלעקט.

## 2. דער זיבעטער צוזאַמענפאָר פון „בונד“.

אינעם זיבעטן צוזאַמענפאָר פון „בונד“ האָבן זיך באַטייליקט צוויי אָפּיציעלע פאָרשטייער פונעם צ.ק. פון ר.ס.ד.א.פּ., וואָס איז צו יענער צײַט געווען אַ מענשעוויסטישער. לעאָנטיעוו און מאַרטינאָוו האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די דעבאַטן וועגן פּאָליטישן מאָמענט און האָבן דערמיט — אָן שום ספק — געהאָלפן דעם צוזאַמענפאָר זעלבסט צו באַשטימען זיך.

לעכאַטכילע איז עס דעם „בונד“ אויסגעקומען מאָדנע צו הערן פון מאַרטינאָוון, אַז „איר, בונדיסטן, זײַט באַהאַלטענע מענשעוויקעס, מער נישט וואָס איר האָט נאָך באַ זיך פיל פון די באָלשעוויסטישע פאָרורטיילן“. אַף דער טריבונע זײַנען איינער נאָכן אַנדערן אַרוף רעדנער און האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס מ׳איז זיי כּוישעד אין „פראַקציאָנעלער“ אָריענטאַציע, טײַנענדיק דערבײַ, אַז דער „בונד“ האָט זײַן אייגענע, זײַן באַזונדערע אָריענטאַציע. אינעם גאַנג פון דער אַרבעט אָבער אַפן צוזאַמענפאָר גופע האָט זיך אַדורכגעריסן אַ קלאָר־מענשעוויסטישע, ליקווידאַטאָרישע (בענעגייע צו דער רעוואָליוציע) שטימונג, און אינעם סאַכאַקל האָט דער „בונד“ אַפן צוזאַמענפאָר אויסגעאַרבעט פאַר זיך אַ באַשטימט־מענשעוויסטישע אָריענטאַציע, כאָטש די אָפּיציעלע קרײַזן און די אָפּיציעלע רעוואָליוציע האָבן נאָך אַזוי ווי אײַנגעהיט רעוואָליוציאָנערן שטאַט.

צו דער צײַט פונעם זיבעטן בונדישן צוזאַמענפאָר איז די פּאָליטישע לאַגע נאָך ניט אינגאַנצן געווען באַשטימט. מ׳האָט ניט געוווּסט, צי וועט די רעגירונג צונויפרופן די צווייטע דומע. אין די רעוואָליוציאָנערע קרײַזן זײַנען געווען ספּייקעס. דער לינקער פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך אַנטשיידן אָפּגעזאָגט צו שטיצן דעם לאָזונג פון צונויפרופן די דומע, און קעגן דעם לאָזונג איז געשטעלט געוואָרן דער לאָזונג פון אַ גרינדונגפאַרזאַמלונג. בלויז די מענשעוויסטישע עלעמענטן, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר פלעכאַנאָווס לאָזונג „אַ פולמעכטיקע דומע“, האָבן געקאָנט זייער פּאָליטישע אַרבעט ענג פאַרבינדן מיט דעם לאָזונג — צונויפצורופן די דומע. דער „בונד“ איז אַזוי ווײַט ניט געגאַנגען. די לידערס פון „בונד“ האָבן פאַר זיך געשטעלט די פראַגע: 1) צי וועט די דומע זײַן אָדער ניט און 2) צי באַטייליקן זיך אין די פאָרשטייענדיקע וואַלן אָדער באָיקאָטירן זיי. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַף צו ענטפערן אַף דער ערשטער פראַגע האָט מען געמוזט האָבן אַן אַלגעמיינע אָריענטאַציע אין די אַנטוויקלונג־וועגן פון דער רוסלענדער רעוואָליוציע.

דער אָפּיציעלער פאָרטרעגער וועגן טאַקטיק איז אַפן זיבעטן צוזאַמענפאָר געווען אַבראַמאָוויטש. די פּאָזיציע זײַנע איז געווען אַזאַ *):

*) וועגן דעם זיבעטן צוזאַמענפאָר פון „בונד“ זע די קאָרעספּאָנדענצן פון באָגראָוון (זאַסלאַווסקי) אין די №№ 154-180 אינעם צענטראַלן לעגאַלן בונדישן אָרגאַן „פאָלקסצײַטונג“ 1906 יאָר.

די רעוואָליוציע ווערט אַן אַגראַרע און איז געבונדן מיטן באַפרייַען די פּויערים פון אַלע רעשטלעך פון פעאָדאַליזם, מיטן פאַרניכטן די שטאַנדן און דעם אַדל מיט זייַנע פּריווילעגיעס. אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג און אַ דעמאָקראַ־טישע רעפּובליק, אַלס אַ מיטל פאַרן ניצאָכן פון דער אַגראַרער רעוואָלוציע, דאַרפן ווערן דער גרונט־לאָזונג פון די פּויערים און פונעם צווייטן רעוואָליוצי־אָנערן קלאַס — דעם פּראָלעטאַריאַט. קיינער וועט ניט זייַן קייַן נאָווי און זאָגן, אַז אַן אַלגעמיינער אופשטאַנד איז אומעגלעך אין דער נאָענטער צוקונפט. פאַר אַלעמען אָבער איז קלאָר, אַז אַזאַ אופשטאַנד פונעם גאַנצן פאָלק קאָן מען זיך פאָרשטעלן נאָר ווי אַ צופעליקייַט. אַף וויפל מ׳קאָן זיך מעשאַער זייַן, קאָנען אין דער צוקונפט פאָרקומען בלויז טיילווייַזע אַרויסטרע־טונגען, און דאַן איז קלאָר, אַז די רעוואָליוציע וועט דאַרפן דורכגיין דורך אַ צווייטן פאַרטרעטונג־אָרגאַן. וואַלן אין דומע וועלן זייַן. מ׳קאָן ניט בלייַבן נאָר בײַ מאַקסימאַלע לאָזונגען, מ׳דאַרף זיך באַטייליקן אויך אין די וואַלן צו דער דומע.

**ליבער**, וואָס איז דעמלט געווען לינקער פון **אַבראַמאָוויטשן**, באַרעכטיקט די טאַקטיק פון באָיקאָטירן די ערשטע דומע, ער באַרעכטיקט עס דערמיט, וואָס די מאַסן האָבן נאָך דעמלט געהאַט קאָנסטיטוציאָנעלע איליו־זיעס, און דער אַנטייל פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין די וואַלן וואָלטן די איליוזיעס נאָך געווען פאַרשטאַרקט. מיטן צעטרייַבן די דומע אָבער זייַנען די קאָנסטיטוציאָנעלע איליוזיעס אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. דאָס פאָלק קוקט אַף דער דומע, ווי אַף אַ געוועזער אין קאַמף פאַר מאַכט. אָפּגעגרענעצט זיך פון די מענ־שעוויקעס, וואָס ליבער באַשולדיקט זיי אין פאַרלאַמענט-קרעטיניזם, זאָגט ער זיך פּרינציפּיעל אַרויס פאַר באַטייליקן זיך אין די וואַלן, ער לייגט אָבער פאָר אויסצוּוואַרטן מיטן קאָנקרעטן באַשלוס, ביז עס וועט קלאָר ווערן, בײַ וועלכע אויסערלעכע באַדינגונגען וועלן די קומענדיקע וואַלן פאָרקומען.

**זעלצער** (גראָסער) דער לידער פון די באָיקאָטיסטן האַלט, אַז באַטיי־ליקן זיך אין די וואַלן קאָן מען בלויז דאַן, ווען מ׳רעכנט, אַז די רעוואָליוציע ווערט ליקווידירט. קוים אָבער איז עס ניט אַזוי, דאַן איז די דומע—נאָר אַ צופעליקער מאָמענט אינעם רעוואָליוציאָנער־פּאָליטישן לעבן, און אין באַציִונג צו איר קאָן זייַן נאָר איין טאַקטיק — די טאַקטיק פון באָיקאָט.

**מעדעם** האַלט זיך בײַ אַ מין מיטל־ליניע (דער קאָרעספּאָנדענט באַמערקט, אַז דאָס איז די ליניע פון דער מערהייַט אַפן צוזאַמענפאָר). ביז דער דומע וועט קייַן אופשטאַנד, ווייַזט אויס, ניט זייַן. דעם ציל פון באָיקאָט — אָראָפּ־רייַסן די דומע — האָט מען ניט דערגרייכט. די דומע איז ניט געווען קייַן קאָנטער-רעוואָליוציאָנערער אָרגאַן, זי איז געוואָרן אַן אָרגאַניזירנדיקער פאָלקס־צענטער. בעשאַס עס איז ניטאָ די זיכערקייַט, אַז די רעוואָליוציע וועט גיין פאַר־בייַ דער דומע, דאַרפן מיר נאָכאַמאָל ניט אַרויסשטעלן דעם לאָזונג פון באָיקאָט, מיר דאַרפן באַוואָרענען פאַר זיך די מעגלעכקייַט צו האָבן אין דומע אַ פאָרשטייערשאַפט, קעדיי אויסצונוצן זי פאַר אַ טריבונע.

לעפּערעך אָט אַזאַ שאָלעם־מאַכנדיקע רעזאָליוציע איז געווען אָנגענומען אַפן זיבעטן צוזאַמענפאָר פון „בונד”, דערבײַ איז אַ גאַנצע ריי פראַגן האָט מען געלאָזט אין הינטערגרונט, מ׳האָט זיי בעקיוון אויסגעמײַדט, און דאָס האָט באַם אָפּשטימען די רעזאָליוציע אַרויסגערופן שאַרפע פּראָטעסטן. מיר זאָגן דאָ אָבער נאָכאַמאָל, וויכטיק איז ניט אַזוי די רעזאָליוציע, וויכטיק איז דער באַשטימטער איבערבראָך, וואָס האָט זיך אַפן צוזאַמענפאָר אַרויסגעוויזן, דער איבערבראָך אין דער ריכטונג צו אָריענטירן זיך ניט אַף אַ באַוואָפנטן אופשטאַנד, נאָר אַף אַ לאַנגן אָרגאַנישן פּעריאָד מיט דער גילטיקײַט פון טיילווײַזע לאָזונגען.

מיר רעכענען פאַר נייטיק צו ברענגען דאָ אינגאַנצן די רעזאָליוציע פונעם בונדישן צוזאַמענפאָר וועגן פּאַרטיזאַנישע אַקציעס:

„נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט:

אַז דער אַזויגערופענער פּאַרטיזאַנישער קאַמף איז ניט אימשטאַנד מאַמאָשעסדיק צו דעזאָרגאַניזירן דעם רעגירונג־אַפּאַראַט;

אַז דערדאָזיקער קאַמף, ווען מ׳זאָל אים אײַנשליסן אין דער סיסטעם פון די טאַקטישע מעטאָדן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פאָדערט אָנשטרענגונג פון אירע קויכעס און מיטלען און רײַסט אָפּ אירע שלאָג־עלעמענטן פונעם פּראָלעטאַרישן מאַסן־קאַמף, שטויסנדיק זיי אַפן וועג פון פּאָליטישן אַוואַנטיריזם, אַז דערדאָזיקער קאַמף דעזאָרגאַניזירט און דעמאָראַליזירט שטאַרק די פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, און מאַכמעס די גרויסע רעפּרעסיעס פון דער רעגירונג, וואָס מוזן דאָ אומפאַרמײַדלעך קומען, שאַפט ער גרויסע שטערונגען פאַר דער מאַסן־אַרבעט;

אַז די רעזולטאַטן פון אָט דעם קאַמף פאַלן מיט זייער גאַנצער לאַסט אַף די ברייטע שיכטן באַפעלקערונג און שאַפט באַ זיי אַ פײַנטלעכע באַציִונג צו די רעוואָליוציאָנערן;

אַז די אָנפאַלן אַף סאָלדאַטן, וואָס מוז טרעפן באַ אָט דער קאַמפס־פאָרם, רייצט אויף די אַרמיי קעגן דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, און אַזוי אַרום ווערן זיי די גרעסטע שטערונג פאַר אַ ברייטער רעוואָליוציאָנערער אַרבעט צווישן דער אַרמיי;

זאָגט זיך דער זיבעטער צוזאַמענפאָר אַרויס קעגן דעם, אַז דער פּאַרטיזאַנישער קאַמף זאָל אײַנגעשלאָסן ווערן אין דער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי *).

מע מוז פיל ווייניק אָפּשטעלן זיך אַף דער רעזאָליוציע. דו לייענסט זי און ניט ווילנדיק טוסטו זיך אַ קער אַף צוריק צום יאָר 1902, צו דער רעזאָליוציע פון דער פינפטער בונדישער קאָנפערענץ וועגן „אָרגאַניזירטער נעקאָמע”,— דער „בונד” האָט דעמלט אַרויסבאַוויזן אַ נייגונג צו טעראָריזם (זע דאס אַכטע קאַפּיטל), און איצטער טרעט ער אַרויס מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטישער מעסיקײַט און זאָגט זיך פּרינציפּיעל אָפּ פון פּאַרטיזאַנישע אָנפאַלן. אין

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

דער רעזאָליוציע וועגן פּאַרטיזאַנישע אַקציעס שטעלט דער ערשטער פּונקט אַרויס די אַלגעמיינע האַנאָכע, אַז „דער אַזויגערופענער פּאַרטיזאַנישער קאַמף איז ניט אימשטאַנד (?) מאַמאָשעסדיק (??) צו דעזאָרגאַניזירן דעם רעגירונג־אַפּאַראַט“, און נאָכדעם קומט די צווייטע בּאַוווסטע האַנאָכע, אַז אַזאַ קאַמף ציט אָפּ די קרעפטן פון דער מאַסן־אַרבעט. דידאָזיקע בּיידע טעזיסן זיינען אָן שום סאָפעק ריכטיק פאַר אַזוינע צייַטן, ווען ס'איז נאָך ניטאָ קיין רעוואָליוציאָנערע סיטואַציע, ווען מ'לעבט איבער אַ צוגרייטונג־עטאַפּ צו אַ רעוואָליוציאָנערן אופשטאַנד, וואָס וועט קומען נאָך שפּעטער — דאַן דעזאָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנישע אַרויסטרעטונגען די פּראָלעטאַרישע בּאַוועגונג. אָבער אויך די אַלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט קיינמאָל ניט געלייקנט דערינען, אַז מע קאָן אָנווענדן טעראָר און אַנדערע פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, מ'קאָן אַפילע עקספּראָפּריִרן מעלוכע־פאַרמעגן אין אַ צייַט פון אופשטאַנד אָדער בּעשאַס גרייטן זיך צום אופשטאַנד. וועגן דעם האָט די רעזאָליוציע פאַרגעסן. אַרויסגעשטעלט אָט די צוויי הוילע האַנאָכעס, אָפּגעוואָרפן פּרינציפּיעל פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, האָט דער צוזאַמענפאָר בּלויז אונטערגעשטרייַכט, אַז זייַן אַלגעמיינע פּאָליטישע אָריענטאַציע — איז ניט אַף קיין אופשטאַנד.

## 3. די וואַלן אין דער צווייטער דומע.

אין אָקטיאַבּער הייבּט דער „בּונד“ אָן צוגרייטן אָרגאַניזאַציאָנעל און פּאָליטיש די וואַל־קאַמפּאַניע. דאָס טוט אויך די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די אַלטע כעלוקע־דייעס צווישן די „בּאָלשעוויקעס“ און „מענשעוויקעס“ גייען איצט — און זייער פאַרשאַרפט — אַרום אַ נייַער פראַגע: וועגן דער טאַקטיק אַף די וואַלן, וועגן די אופגאַבּן פון דער וואַל־קאַמפּאַניע, וועגן בּלאָקן און אָפּמאַכן. אַף נאָיאַבּער 1906 יאָר ווערט בּאַשטימט אַן אַלרוסלענדישע פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וואָס וועט דאַרפן דערלייזן אָט די פראַגע. דאָ ווייַזט זיך אַרויס, אַז מאַרטינאָוו האָט ריכטיק כאַראַקטעריזירט דעם „בּונד“: אין דער גרונט־פראַגע האַלט דער „בּונד“ מיט די מענשעוויקעס.

לויטן מאָדוס פון די וואַלן — 1 דעלעגאַט אַף 5000 מיטגלידער — האָט דער „בּונד“ אַף דער קאָנפערענץ בּאַקומען זיבּן ערטער (אינגאַנצן זייַנען געווען 32) און מיט זייַנע שטימען (אַלע אָן אויסנאַם) האָט ער געשאַפן אַ מערהייַט פאַר די מענשעוויקעס. די לעטן און פּוילן זייַנען דאָ געגאַנגען צוזאַמען מיט די „בּאָלשעוויקעס“, דערדאָזיקער בּלאָק איז געווען אין דער מינדערהייַט.

וועגן דער פּאָזיציע פון די בּיידע קעמפנדיקע גרופּעס אַף דער קאָנפערענץ ווערט אין „פאָלקסצייַטונג“ (№ 209) געזאָגט:

„די גרופּע 18 האָט גערעכנט, אַז די גרונט־סיבּע, וועלכע האָט געשאַפן דעם פאַרלאַנגזאַמטן כאַראַקטער פון דער רעוואָליוציע, איז די אָפּגעשטאַנענקייַט פון די בּירגערלעכע מאַסן און בּיכלאַל פונעם פאָלק, אָבער ניט די פּאָליטיק פון די קאַדעטן. דער רוסישער ליבּעראַליזם טראָגט טאַקע אין זיך די

טענדענץ פון באַנקראָט, ווי יעדער ליבעראַליזם, דערוויַיל איז עס אָבער בלויז אַ טענדענץ. דער רוסישער ליבעראַליזם וועט באַנקראָטירן ערשט דאַן, ווען ער וועט אַריַינעמען די מאַכט אין זיַינע הענט, ד. ה. נאָכן אונטערגייין פון דער זעלבסטהערשאַפט. פאַרשטייט זיך, מ'דאַרף קעמפן קעגן די קאַדעטן, מ'קאָן אָבער ניט אַפן אָרט פון קאַמף קעגן דער רעאַקציע שטעלן דעם קאַמף קעגן ק. ד. דער באַשטאַנד פון דער דומע האָט אַ גרויסע באַדייַטונג פאַר דער וויַיטער־דיקער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציע. עס איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז אין דומע וועלן דורכגיין שוואַרצמייעניקעס. אויסמיַידן די געפאַר קאָן מען נאָר דורך וואַל־אָפּמאַכן מיט רעוואָליוציאָנערע און אָפּאָזיציאָנעל־דעמאָקראַטישע פאַר־טייען. אין די איבעריקע פאַלן טרעט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַרויס אינגאַנצן זעלבשטענדיק. וואָס באַלאַנגט בלאָקן, וואָס דאָרט מוז מען אַרויסשטעלן אַן אַל־געמיינע פּלאַטפאָרם, קאָן עס ניט דערלאָזט ווערן.

„די גרופּע 14 האָט איַינגעזעען די סיבּע פון דער מאַפּאָלע פון דער רוסי־שער רעוואָליוציע אין דעם פאַראַט פון דער בורזשואַזיע, און איינע פון די גרונט־אויפגאַבן, וואָס שטייט פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער וואַל־קאַמפּאַניע איז — דערקלערן די מאַסן, וואָס פאַר אַ געפאַר און שאָדן פאַר דער רעוואָליוציע עס ליגט אין דער אָנפירנדיקער ראָליע פון דער פאַרטיי ק. ד. *). קיינע שום אָפּמאַכן מיט די ק. ד. און מיט די אַנדערע בורזשואַז־דעמאָקראַטי־שע אָפּאָזיציאָנעלע גרופּעס,—נאָר מיט די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע פאַר־טייען, וואָס אַנערקענען אַ באַוואָפנטן אופשטאַנד און אַ דעמאָקראַטישע רע־פובליק" **).

דער „בונד" האָט זיך געהאַלטן באַ דער ערשטער פּאָזיציע. גופא אין דער פאָרמולירונג, וואָס מיר זעען דאָ אין דעם בונדישן אָרגאַן, איז גרינג צו באַ־מערקן אַן אַנטוישונג אין די קרעפטן פון דער רעוואָליוציע — דאָס איז דער יעסאָד פונעם בונדישן קער צום מענשעוויזם. דערזעלבער לייטאַרטיקל באַ־מערקט, אַז אויך אַף אָט דער פאַרטיי־קאָנפערענץ איז דער „בונד" ניט געווען „פראַקציאָנעריש". צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס האָט ער אַריַינגעטראָגן אַ ריי אויסבעסערונגען אינעם פּלאַטפאָרם־פּראָעקט מיט דער קאַוואָנע אונטער־צושטריַיכן די קלאַסן־פּאָזיציע און די רעוואָליוציאָנערע אופגאַבן.

מ'דאַרף דאָ באַצייכענען, אַז אַף דער קאָנפערענץ האָט דער „בונד" שטאַרק געשטיצט דעם פאָרשלאַג פון די פוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן צו פאַרווירטיילן די קאַמפּאַניע פאַר „אַן אַרבעטער־צוזאַמענפאָר", וואָס די מענשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן פירן. דער „בונד" איז דאָ געבליבן געטריַי זיך און זיַין אַלגעמיין־אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאָזיציע, אַז עס מוז עקזיסטירן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

דער „בונד" האָט די וואַל־קאַמפּאַניע אין זיַין ראַיאָן אָנגעפירט זעלבשטענ־דיק. ער האָט געהאַט זיַין צענטראַלן וואַל־קאָמיטעט, האָט געגעבן זיַינע דער־

*) דער פּראָעקט פון דער באָלשעוויסטישער רעזאָליוציע רעדט קלאָר וועגן דער ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישער פּאַרטיי פון די קאַדעטן.

**) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

קלערונגען אַף די פראַגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוועלט פון די קאַמפּס־אייגנאַר־טיקײַטן אין מײַרעוו־קאַנט, אין פּוילן און טײַלווײַז אויך אַף דאָרעם.

די קלאַסן־באַציִונגען זײַנען דאָ אומעטום געווען איבערגעפלאָכטן מיט באַ־ציִונגען נאַציאָנאַלע. די פּאָליטישע גרופּירונגען האָבן דאָ פּאַרלאָרן זייער קלאָר־קײַט און שאַרפקײַט איבער דער אידייע פון נאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקײַט, וואָס די בורזשואַזיע האָט ארויסגעשטעלט, און אויסגענוצט עס אַף אונטערצו־טעניקן פּאָליטיש די ברייטע פּאָלקס־מאַסן. די אידייע פון אַ נאַציאָנאַלן בלאָק האָבן אַרויסגערוקט די בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן סײַ די פּוילישע, סײַ די ייִדישע. די בורזשואַזיע האָט געפירט די וואַל־קאַמפּאַניע אונטער דער פאָן פון נאַציאָנאַלער געשלאָסנקײַט צוליב קאַמף קעגן נאַציאָנאַלער רעכטלאָזיקײַט און צוליב צווישן־נאַציאָנאַלע רײַסערײַען. „אויסקלײַבן אַ ייִדן", קעדיי צו האָבן אין דומע אַ ייִדישע גרופּע דעפּוטאַטן. „אויסקלײַבן אַ פּויל", קעדיי צו שאַפן אין דומע אַ פּוילישע קאָלאָ.

קעגן אָט דער האָריזאָנטאַלער טיילונג לויט נאַציאָנאַליטעטן האָט די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע געמוזט אַרויסשטעלן די ווערטיקאַלע טיילונג לויט קלאַסן. דערינען איז אײַגנטלעך געלעגן די הויפּט־אופגאַבע פון דעם בונדס ערשטער וואַל־קאַמפּאַניע. די פּאָליטישע לאָזונגען פונעם וואַל־קאַמף האָבן געדאַרפט אַנטשפּרעכן דערדאָזיקער אופגאַבע.

געוויס וואָלט אַן אײַנהײַטלעכע, געשלאָסענע און צווישן די פּראָלעטאַריער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן שטאַרקע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס וואָלט אַרויס־געטראָטן מיט שאַרפע רעוואָליוציאָנערע קלאַסן־לאָזונגען, געוויס וואָלט אַזאַ סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דורכגעפירט טיפערע קלאַסן־גרענעצן, איידער דאָס האָט באַוויזן צו טון דער „בונד" אין דער ערשטער וואַל־קאַמפּאַניע. די פּאָק־טישע אָפּגעזונדערקײַט און נאַציאָנאַלע פּאַנאַנדערגעגרענעצטקײַט גופא אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געוויס געשטערט דער אַרבעט. פּאָרט אָבער דאַרף מען זאָגן, אַז דעם בונדס אַרויסטרעטן אַף די ערשטע וואַלן האָט אינעם ייִדישן לעבן געשפּילט אַ וויכטיקע רעוואָליוציאָנערע ראָליע. אינעווייניק אין די ייִדישע פּאַרהעלטעניש איז דער „בונד" געווען אַן אומגעהייער־רעוואָליוציאָ־נערער פּאַקטאָר.

אָנהייב 1905 י. איז אַף אַ צוזאַמענפּאָר אין ווילנע געווען געשאַפן דער אַזוי־גערופענער „פּאַרבאַנד צו דערגרייכן פולבאַרעכטיקונג פאַר די ייִדן אין רוסלאַנד". דער עצעם נאָמען ווײַזט שוין אָן אַף די גרונט־אידייען פון זײַנע שעפער און אַף זייער פּאָליטישער בלוטלאָזיקײַט. „פּאַרבאַנד", און ניט קײַן פּאַרטיי, וואָרעם ער האָט אין זיך פּאַרייניקט פּאַרשיידענע גרופּירונגען: קאַ־דעטן, ציאָניסטן, „דעמאָקראַטן", נאַציאָנאַליסטן, טרודאָוויקעס. דערבײַ איז יעדע גרופּע געבליבן פרײַ, אײַנהײַטלעכקײַט האָט דאָ געדאַרפט זײַן נאָר אינעם „דערגרייכן" רעכט פאַר ייִדן. „דערגרייכן" און ניט „אויסקעמפן" — אַפן צוזאַ־מענפּאָר פון „פּאַרבאַנד" איז אָט די פראַגע ספּעציעל באַהאַנדלט געוואָרן. די ייִדישע בורזשאַזיע האָט געטראַכט ניט וועגן קאַמף, נאָר וועגן „דערגרייכן" דורך צונויפרײדן זיך מיט דער רעגירונג און מיט די פּאַרטייען פון דער רוסי־

שער בורזשואַזיע. „פּולבאַרעכטיקונג“ און ניט גלײַכבאַרעכטיקונג — דאָס האָבן די ייִדישע קאַדעטן געמאַכט אַ האַנאָכע די נאַציאָנאַליסטן און ציאָניסטן, וואָס האָבן זיך ניט באַפרידיקט בלויז מיט בירגערלעכער גלײַכבאַרעכטיקונג, און האָבן געוואָלט פולע רעכט פאַר די ייִדן אַלס נאַציע.

די גאַנצע צײַט ביזן 17 אָקטיאַבער 1905 יאָר האָט דער „פאַרבאַנד“ זיך לאַכלוטן ניט געלאָזט הערן — דעמלט האָט זיך געפּאָדערט קאַמף און נאָר קאַמף. די וואַלן אין דומע — אָט דאָ איז געווען זײַן סטיכיע. דער „פאַרבאַנד“ איז, אין גרונט גענומען, געווען אַן אָרגאַניזאַציע אַף צו פאַנגען שטימען פאַר דער ליבעראַל־מאָנאַרכיסטישער פאַרטיי, פאַר די קאַדעטן, וואָס האָבן זיך אַזוי גוט געפּאַסט פאַר די פּאָליטישע באַדערפענישן פון דער ייִדישער מיטל־און קליין־בורזשואַזיע. די ייִדישע „טרודאָוויקעס“ האָבן אין דער צײַט פון דער ערשטער דומע צומאָל אויך אויסגענוצט און עקספּלואַטירט צוליב די אייגענע אינטערעסן דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע פון נאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקײַט און האָבן מיט איר הילף דורכגעפירט אין דומע דעם און יענעם דעפּוטאַט (בראַמסאָן און אַנדערע).

אינעם וואַל־קאַמף האָט דידאָזיקע קאָליסראָעל־אָרגאַניזאַציע אויסגענוצט פאַר אַ געווער די שול, די ייִדישע קעהילע, איר, דער קעהילעס, געשלאָסנקײַט און אײַנפלוס אַף דער ייִדישער מאַסע. דער גאַנצער אַפּאַראַט פון די פילע ייִדישע באָטעמעדראָשים האָט זיך אײַנגעשפּאַנט אין יאָך אַף צו באַדינען די בורזשואַזיע: ער האָט צוזאַמענגענומען די אַנקעטע־בויגנס פון די וויילער, האָט צעטראָגן ביולעטענעס און נאָך. מ'האָט אויך אויסגענוצט די „פאַרבינדונגען“ פון דער „ייִדישער קעהילע“ מיט דער פּאָליצײַ, מ'האָט געלאָזט אין קאָן אַלע גוטע געוווינהײַטן פון אונטערקויפן און געבן כאַבאַר. בײַ דער וואַל־אַריפמעטיק און וואַל־געאָגראַפיע, וואָס עס האָבן געשאַפן די סענאַט־דערקלערונגען, איז די ערשטע טעכנישע אופגאַבע געווען — „ניט צו פאַרלירן קײַן איין ייִדישן וויילער“.

מיט אָט דער אופגאַבע זײַנען די ייִדישע וואַל־קאָמיטעטן פאַרטיק געוואָרן אַמבעסטן. מ'דאַרף זאָגן, אַז אין דעם פּראַט האָבן זיי אויך געדינט דעם „בונד“, וואָס מיט זײַן אַפּאַראַט פון ניט־לעגאַליזירטע וואַל־קאָמיטעטן האָט ער ניט געקאָנט אַרײַנטראָגן אין די צעטלען זײַנע וויילער. אַזוינע טעכנישע אָפּמאַכן זײַנען צווישן „בונד“ און די ייִדישע קאָמיטעטן אומעטום געווען. די וואַלן אין דער אַרבעטער־קוריע האָבן פאַרן „בונד“ קײַן באַדײַטונג ניט געהאַט, מאַכמעס אין גאַנצן און גרויסן האָבן די ייִדישע אַרבעטער־האַנטווערקער געאַרבעט אין די קליינע אונטערנעמונגען און זײַנען אין דער אַרבעטער־קוריע ניט אַרײַן.

קעגן די נאַציאָנאַלע קאַנדידאַטורן האָט דער „בונד“ אַרויסגעשטעלט זײַנע פאַרטיייִשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע קאַנדידאַטורן. און אַזוי אַרום האָט ער אַרײַנגעבראַכט רעוואָליוציאָנערע און קלאַסן־דיפערענצירונג אינעם יודנטום. קעגן די לאָזונגען די ליבעראַלע, „דערגרייכערישע“, האָט ער אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון גרינדונג־פאַרזאַמלונג און האָט אַוועקגעריסן פונעם „בעסמעדרעש“ און זײַנע פּאָליטישע אָרגאַנען ניט בלויז די אַרבעטער, נאָר אויך יענע שיכטן פון דער ניט־פאַרמעגלעכער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס שטייען

נאָענט צום אַרבעטער־קלאַס. דער קאַמף איז געווען אַ שווערער: פֿאַר די היפּשע הונדערטער יאָרן פֿון רעכטלאָזיקײַט און געטאָ האָט די ייִדישע פּלוטאָקראַטיע מיט דער הילף פֿונעם בעסמעדרעש און צדאָקע־כעוורעס אײַנגעוווינט די שטעטלשע ייִדן צו קוקן אַף איר, ווי אַף זייערע פֿאָרשטייער. און באַ די וואַלן האָט מען געלאָזט גיין אַ גאַנג דעם אַלטן לאָזונג פֿון נאַציאָנאַלער אייניקײַט, וואָס דעם בירגערטום איז עס שוין געוואָרן אַזוי צום האַרצן. אינעם קאַמף פֿאַר דער ווירקונג אַף אָט דעם שטעטלשן בירגערטום האָט דעם „בונד" געדינט זײַן נאַציאָנאַלע פּראָגראַם און רעוואָליוציאָנערע פֿאַרדינסטן, אַלס ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטיי. דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער ספּעציעלער אופֿרוף־פּלאַטפֿאָרם, וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעלאָזט צו די וואַלן.

ווי געזאָגט, איז דער „בונד" אין באַשטאַנד פֿון אָט די וואַל־קאָמיטעטן ניט אַרײַן און האָט געפֿירט קעגן זיי אַ האַרטנעקיקן קאַמף. צו דערזעלבער צײַט אָבער האָט דער „בונד", מאַכמעס זײַן אַלגעמיינער מענשעוויסטישער פּאָזיציע געמוזט שליסן מיט זיי אָפּמאַכן: דער צ. ק. פֿון „בונד" האָט אָנגענומען אַזוינע אָפּמאַכן, אָפּהענגיק פֿון די קאַנדידאַטורן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשטעלט, מאַכמעס פֿאַר קאַנדידאַטן האָבן געקאָנט אַרויסגעשטעלט ווערן אי קאַדעטן, אי טרודאָוויקעס, אי „דעמאָקראַטן".

נאָר איין אויסנאַם האָט דאָ דער „בונד" געמאַכט: מיט די ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען איז יעדער אָפּמאַך געווען פֿאַרבאָטן, דאָס האָט זיך אָבער ניט געקלעפּט מיט זײַן אַלגעמיינער פּאָליטישער פּאָזיציע. צו יענער צײַט האָבן דידאָזיקע גרופּירונגען זיך באַטייליקט אין רעוואָליוציאָנערן קאַמף, און לויט זייער פּאָליטישער פּאָזיציע זײַנען זיי אַלנפֿאַלס ניט געווען ערגער פֿון פּ. פּ. ס., און זיי האָט עס דער „בונד" געשטעלט אַף רעכטס נאָך די ק. ד. די ציאָניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָבן אָנגענומען די לאָזונגען פֿון אַ גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג און דעמאָקראַטישער רעפּובליק. אויב דאָס איז געווען ניט לאָגיש פֿון שטאַנדפּונקט פֿון זייער אייגענער ציאָניסטישער קאָנצעפּציע, רײַסט דאָך עס זיי אַליין אונטער. אַנשטאָט אַרײַנצוציִען זיי ווײַטער אינעם אַלגעמיינעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף, האָט דער „בונד" מיט זײַן טאַקטיק פּאָליטיש זיי צו איזאָלירן בלויז מער זיי צוזאַמענגעשלאָסן און פֿאַרלענגערט דער־מיט דעם גאַנג פֿון זייער ווײַטערדיקער דיפֿערענצירונג. מ׳דאַרף אָבער זאָגן, אַז דידאָזיקע גרופּעס האָבן געהאַט אַ ווייניקע ווירקונג, און טיילווײַז איז טאַקע דאָס געווען די סיבע, וואָס דער „בונד" האָט זיי אַזוי גרינג אַראָפּגענומען פֿונעם כעשבן אין פּאָליטישן קאַמף.

אָט די ווייניקע פֿאָרבאַמערקונגען זײַנען גענוג אַף צו באַקומען אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם „בונדס" ליניע אין די וואַלן. אָן אַן אײַנפֿלוסרײַכער אַרבעטער־קוריע און ביכלאַל אָן אַ באַדײַטנדיקער צאָל ווילער־אַרבעטער, איז דער נערוו פֿון דער גאַנצער וואַל־קאַמפּאַניע געווען דער קאַמף פֿאַר אײַנפֿלוס אַף דעם ייִדישן שטעטלשן בירגערטום. דער „בונד" וואָלט לעכאַטכילע געקאָנט האָבן אין אויג זײַן אומפֿאַרמײַדלעכע מאַפּאָלע באַ אַזאַ אומגינסטיקער סיטואַציע און האַלטן זיך בלויז באַ די אופֿגאַבן פֿון אַגיטאַציע אין דער וואַל־

קאַמפּאַניע, און דאָס וואָלט אים אין אַ גרויסער מאָס איינגעהיט פון צו מאַכ־אָפּאָרטוניסטישע טריט. דער „בונד" איז אָבער געווען אַ זעלבשטענדיקע ייִדישע פּאַרטיי, דער זיג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין גאַנצן לאַנד — דאָס איז פאַר אים געווען ניט גענוג, ער האָט גערעכנט פאַר אַ מוז אום יעדן פּרייז צו האָבן אין דומע זיין אייגענעם פאָרשטייער, וואָס זאָל אַריין אין באַשטאַנד פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע. אָט דאָס יאָגן זיך נאָך פּראַקטישע רעזולטאַטן און דערצו נאָך די מענשעוויסטישע מוירע פאַר „שוואַרצ־מייִשער סאַקאָנע", האָט געבראַכט דערצו, אַז די עצעם בונדישע וואַלן זיינען געווען היפּש הינטערשטעליק קעגן זיינע אייגענע פריִער־אָנגענומענע רעזאָליר־ציעס. דערביי איז די „שוואַרצמייִשע סאַקאָנע" אַלע מאָל געקומען אונטער אַ נאַציאָנאַלן, אַנטיסעמיטישן שלייער. די אָפּמאַכן באַ די וואַלן—און נאָך בעשאַס דער רעוואָליוציאָנערער איינפלוס אין דער ניט־ייִדישער סוויווע איז געווען אַ שוואַכער—האָבן נאָך שוואַכער געמאַכט די קלאַסן־ליניע פון „בונד".

די טאַקטיק פון אַ לינקן בלאָק איז געווען דורכגעפירט— און מיט דערפאָלג— בלויז אין מינסק, ווו עס איז געווען גרויס דער איינפלוס פון די פּאָלקיסטישע גרופּעס. דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט האָט אַף די וואַלן געליטן אַ מאַפּאָלע. דאָ אָבער האָט דער בלאָק אַזוי דערנענטערט די פּאַרטייִשע גרו־פּעס, אַז עס איז אַפילע געוואָרן באַגרענעצט די פרייהייט פון אַגיטאַציע. דער צ. ק. פון דער פּאַרטיי, וואָס איז געבליבן אומצופרידן מיט דער אויסבעסע־רונג פון „בונד" — פאַר אַ לינקן בלאָק קעגן די קאַדעטן דאָרט, ווו עס איז ניטאָ קיין שוואַרצמייִשע סאַקאָנע—האָט דערוף אָנגעוויזן אין זיין אַלגעמיינעם צירקוליאַר. די פּאַרטייִשע בונדישע פּרעסע האָט פאַרטיידיקט דאָס רעכט פון „בונד" צוצופּאַסן די אַלגעמיינע טאַקטיק צו די לעבנס־באַדינגונגען פון ראַיאָן.

אין פּוילן איז דער „בונד" געצוווּנגען אָנצונעמען די טאַקטיק פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אַף די אַלגעמיין־שטאָטישע קאָנפערענצן פון וואַרשעווער און לאָדזער אָרגאַניזאַציעס האָט די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָק־ראַטיע באַקומען אַ מערהייט, כאָטש דער „בונד" האָט קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט די פּינקטלעכקייט פון אָט דער מערהייט. די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיך געהאַלטן באַ דער טאַקטיק פון אויסנוצן די וואַלן בלויז צוליב אַגיטאַציע און צוליב פעסטן צוזאַמענשלוס פון פּראָלעטאַריאַט. צו דער אַלגעמיין־שטאָטי־שער קוריע האָט די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קיין שום אינטערעס ניט אַרויסבאַוויזן, אינגאַנצן איר אַרבעט האָט זי קאָנצענטרירט אַף דער אַרבעטער־קוריע, און דאָ האָט זי אָפּגעהאַלטן גרויסע ניצכוינעס.

דער „בונד" האָט געפאָדערט געוויסע אויפמערקזאַמקייט צו די פּראַקטיש־רעוואָליוציאָנערע אויפגאַבן פון טאָג — צו דעם קאַמף פאַר אַ לינקער דומע. דערוף האָט די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געענטפערט מיט ריין־באָיקאָ־טיסטישע טיינעס. דער „בונד" האָט צוליב אָט די פּראַקטיש־רעוואָליוציאָנערע צוועקן פאָרגעלייגט... אַן אָפּמאַך מיטן ייִדישן קאָמיטעט און מיט דער פּוילי־שער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער גרופּע; די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן, פאַרשטייט זיך, אַזאַ פאָרשלאַג ניט געקאָנט אָנעמען. ווי געזאָגט, אויסגעפירט

האָבן דאָ די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן—דער „בונד" האָט געפירט די וואַל־קאַמפּאַניע אונטער די טאַקטישע לאָזונגען, וואָס מ׳האָט אַף אים אַרופגעצוווּנגען פון „דרויסן". ער האָט דעריבער קיין גרויסע אַרבעט ניט צעוויקלט, דערפאַר איז ער אָבער אין פוילן פאַרהיט געוואָרן פון צו מאַכן אָפּאָרטוניסטישע טריט.

אין דעם איבעריקן ראַיאָן פון „בונד" איז אָנגעגאַנגען איבערהויפּט די ליניע פון שליסן אָפּמאַכן מיט די יידישע קאָמיטעטן, אָפּמאַכן וועגן אַרויסשטעלן אַלגעמיינע צעטלען און פאַרטיילן אַף אַ געוויסן אויפן די צאָל ערטער פון וואַל־מענער. דאָס איז געווען אַן אָנגעצייכנטע ליניע, דאָס הייסט אָבער ניט, אַז דעם „בונד" איז עס געלונגען דידאָזיקע ליניע דורכצופירן: די יידישע קאָמיטעטן האָבן דידאָזיקע אָפּמאַכן אָפטמאָל אָפּגעוואָרפן. אין ווילנע, דער צענטער פון בונדישן איינפלוס, האָט געאַרבעט אַ פאַרייניקטער קאָמיטעט פון „בונד", פון דער ליטווישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פון דער ר.ס.ד.א.פ. פונעם מענשעוויסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָרט געוויס געווען אַ שוואַרצמייִשע געפאַר: עס האָבן צווישן זיך געקעמפט די צעטלען — דער פויליש־אָקטיאַבריסטישער און דער יידישער, וואָס האָט אַרויסגעשטעלט פאַר אַ דעפּוטאַט דעם לינקן קאַדעט גרוזענבערגן. די פאַרייניקטע אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געפאָדערט אַן אָפּמאַך, האָט אַפּעלירט צו די וויילער און זיי אויפגעפאָדערט צו דריקן און וירקן אַפן יידישן קאָמיטעט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דאָ געגאַנגען אַף געוויסע האַנאָכעס אינעם פאַרטיילן די צאָל ערטער פון די וואַל־מענער. דער יידישער קאָמיטעט איז אָבער צו ווייט פאַרגאַנגען אין זיינע פּאָליטישע פאָדערונגען: ער האָט געוואָלט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע וואַל־מענער זאָלן זיך מוזן אונטערוואַרפן דער גאַנצער קאָלעגיע וואַל־מענער פון ביידע צעטלען די גאַנצע צייט, וואָס די דומע וועט עקזיסטירן; ער האָט, הייסט עס, געוואָלט אַוועקנעמען בא די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע וואַל־מענער יעדן מין פּאָליטישע זעלבשטענדיקייט. געזיגט האָט דאָ דער פוילישער קלעריקאַליזם. פאַר דעם עצם גאַנג פון דער פּאָליטישער קאַמפּאַניע איז אָט דער איינריים געווען נאָר נוצלעך, ער האָט געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ ברייטע אַגיטאַציע פאַר אַן אַרבעטער־צעטל, און דערצו נאָך אַ אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־צעטל, קעגן די צווישן זיך קעמפנדיקע נאַציאָנאַל־בורזשואַזע צעטלען.

די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון די וואַלן זיינען פאַרן „בונד" געווען נישטיקקליינע. אין די ראַיאָנען, ווו ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זיגן (אין קאָוונער, גראָדנער, וויטעבסקער גוב.), האָט די פּאָליציי אָן שום טיינעס די בונדישע קאַנדידאַטן פונעם צעטל אויסגעמעקט. דער סאַך איז געווען, אַז דער „בונד" איז אַרויס פון די וואַלן מיט עטלעכע צענדליק וואַל־מענער, צעשפּרייט איבער צענדליקער ניט־גרויסע פונקטן. די אייגענע אַרבעטער־באַזע איז, ווי מ׳האָט עס פריער געקאָנט אַרויסזען, געווען ניט קיין ברייטע, און אינעם צוזאַמענשטויס פון די נאַציאָנאַלע גרופּירונגען איז דער „בונד" אַזוי ווי צעריבן געוואָרן. אי דאָס יידישע, אי דאָס פּוילישע שטאָטישע בירגערטום האָט זיך געלאָזט פירן פון זייערע נאַציאָנאַל־בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס.

באַ די וואַלן האָט זיך דער „בונד" צוזאַמענגעטראָפן פּאָליטיש מיטן ייִדישן שטעטלשן בירגערטום, און פון די וואַלן איז ער אַוועק מיט פאַרשטאַרקטע נאַציאָנאַליסטישע און אָפּאָרטוניסטישע שטימונגען. באַלד נאָך די וואַלן האָט זיך אַפן גרונט פון די באַקומענע רעזולטאַטן אין דער בונדישער פּרעסע געשטעלט די פראַגע וועגן אויסקעמפן און געווינען פאַר זיך די ייִדישע קעהילע, אָט דאָס מעכטיקע געווער, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן באַ די וואַלן, צו ווירקן אַפן ייִדישן בירגערטום.

מיר וועלן זיך ניט אָפּשטעלן מער אויספירלעך אַף דעם אַרבעט־פּעריאָד פון דער צווייטער דומע. מיר וועלן נאָר באַמערקן, אַז די טיילווייַזע מיינונג־פאַרשיידנהייטן צווישן דעם „בונד" און דעם צ.ק. פון דער פּאַרטיי, וואָס האָבן זיך אָנגעמערקט באַ די וואַלן, האָבן זיך נאָך אַ צייַט געלאָזט פילן אין באַציִונג צו דער טאַקטיק אינעווייניק אין דומע: דער „בונד" איז ווידעראַמאָל געווען געניגט, עמעס, ניט קאָנסעקווענט, צו דער טאַקטיק פון אַ לינקן בלאָק. וועגן דעם ריידן קימאַט אַלע לייטאַרטיקלען אינעם פּאַרטייִשן ווילנער אָרגאַן. די לידערס פון „בונד" האָבן געהאַט אַ גרויסן איַינפלוס אַף דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע, נאָר אין דער שטענדיקער קעגנזייַטיקער ווירקונג צווישן דעם „בונד" און דער מענשעוויסטישער מערהייַט פון דער פראַקציע האָט זיך די בונדישע ליניע אויסגעגלייַכט: אַפן לאָנדאָנער פּאַרטייִשן צוזאַמענפאָר איז דער „בונד" ווידעראַמאָל געגאַנגען צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס.

מיר וועלן זיך אויך אויספירלעך ניט אָפּשטעלן אַף דעם עצעם לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון דער פּאַרטיי. אַף קלאָר צו מאַכן די „אייגנטימלעכקייַטן" אין דער פּאָזיציע פון „בונד" דאַרף מען גענוי באַלייַכטן יעדן איינציקן פּונקט פון טאָג־סיידער. דאָס איז דאָ, אין דעם בוך, ניט מעגלעך. דער לייענער דאַרף זיך דאָ ווענדן צו דער אַלגעמיינער ליטעראַטור, וואָס דאָ ניט לאַנג איז זי באַרייַכערט געוואָרן מיט נאָך עטלעכע ביכער. דאָ וועלן מיר זיך באַגרענעצן מיט אייניקע אַלגעמיינע באַמערקונגען.

אַף דער אַרבעט פונעם צוזאַמענפאָר און אויך אַף די רעזולטאַטן פונעם צוזאַמענפאָר האָט דער „בונד" אָן שום סאָפעק פיל געווירקט. אָפּגעטעמפּט אין קלייניקייַטן די שאַרפע ווינקלען, האָט ער פּאָליטיש געשטיצט די מענשעוויקעס אין אַלע גרונט־פראַגן (אויסער דער פראַגע וועגן אַרבעטער־צוזאַמענפאָר). דאָס איז געווען דער ערשטער צוזאַמענפאָר, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, און יעדערע פון זיי האָט דאָ קלאָר און באַשטימט אַרויסגעוויזן איר ראָליע אינעם אַלגעמיינעם לעבן פון דער פּאַרטיי: די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געגאַנגען שטענדיק מיט די באָלשעוויקעס, די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אינעווייניק נאָך ניט קייַן גענוג־דיפערענצירטע, האָט זיך געוואַקלט*).

די קרעפטן־פאַרהעלטעניש אַפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר איז געווען אַזאַ, אַז באַ דער קלאָר־באַשטימטער ליניע פונעם „בונד" און פון דער פּוילישער סאָ־

*) אין דער צייַט פון דער וועלט-מילכאָמע איז אין איר פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג און עס האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי פּאַרטייען לויטן רוסישן מוסטער.

ציאַל־דעמאָקראַטיע, זײַנען די באַשלוסן געווען געווענדט פון די שטימען פון דער לעטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע: באַשטימט־באָלשעוויסטישע שטימען איז געווען 121 (באָלשעוויקעס—81, פוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן 40) באַשטימט—מענשעוויסטישע 134 (מענשעוויקעס — 80, בונדיסטן — 54). די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן מערסטנטייל געשטימט צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס, איינינעם מיטן „בונד" זײַנען זיי געגאַנגען דאַן, ווען מ'האָט געדאַרפט באַוואָרענען, אַז ס'זאָל ניט פּאָרקומען קיין שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי. די „צענטער"־פּאָזיציע פון „בונד" איז אייגנטלעך באַשטאַנען אין דעם, וואָס גייענדיק צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס, האָט ער אָבער אָפּגעשוואַכט די פּראַקציאָנעלע שאַרפקייטן פון די מענשעוויקעס, און דערמיט האָט ער מיטגעווירקט, אַז עס זאָל אָפּגעלייגט ווערן אַף 4־5 יאָר די נײַע אומפּאַרמײַדלעכע און שוין ענדגילטיקע שפּאַלטונג פון דער פּאַרטיי.

* * *

דאָס בילד פונעם פּאָליטישן לעבן פון „בונד" פּאַר אָט דעם פּעריאָד וואָלט אויסגעקומען ניט אינגאַנצן פול, ווען מיר וואָלטן זיך דאָ ניט אָפּגעשטעלט אַף די אַזויגערופענע „געמישטע קאָמיסיעס", וואָס זײַנען געווען געשאַפן אַף צו רעגולירן דעם אָפּרו פון די האַנדלס־אינדוסטריעלע אָנגעשטעלטע און האַנטווערקערישע אַרבעטער. דער געזעץ פון 15 נאָיאַבער 1906 האָט געהאַט די קלאָרע קאַוואָנע די אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג אַוועקצונעמען פון די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען און אַרײַנעמען זיי אונטער דער ווירקונג פון די קאָנסערוואַטיווע און צומאָל אויך פּאָשעטע רעאַקציאָנערע קרעפטן. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער פּונקט פּאַרקערט: דער געזעץ האָט אופּגעשרויפט דידאָזיקע אינערטע מאַסע און האָט דאָ געעפנט אַ טיר פּאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט אירע רעוואָליוציאָנערע קלאַסן־לאָזונגען.

אין פּראַט פון רעאַלע פּאַרבעסערונגען האָט דער געזעץ גאָרנישט ניט געגעבן; אָפּט האָט ער נאָר סאַנקציאָנירט דאָס, וואָס מ'האָט שוין באַקומען אינעם דירעקטן קאַמף, און אָפּט — דערמיט, אַשטייגער, וואָס ער האָט לעגאַליזירט איבערשאָען, — האָט ער נאָך די לאַגע פּאַרערגערט. דעם עצעם נאָרמירן דעם אָפּרו האָט דער געזעץ איבערגעגעבן אין די הענט פון דער באַלעבאַטישער מערהײַט פון די געמישטע קאָמיסיעס (אַ גלײַכע פּאָרשטייערשאַפט פון באַלעבאַטים און פון אַרבעטער, און דיזעלביקע צאָל פון די צענז־דומעס), וואָס זייערע באַשלוסן האָבן נאָכדעם געדאַרפט באַשטעטיקן די באַלעבאַטישע דומעס און גובערנאַטאָרן. די פּאָרשטייערשאַפט אין די דומעס איז אָבער געווען אַן אויסגעוויילטע, און דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט אַרײַנצוציִען אין דער קאַמפּאַניע די סאַמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן.

אין מײַרעוו־קאַנט האָט זיך אַרום אָט די געמישטע קאָמיסיעס געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע סיטואַציע. דער נאַציאָנאַלער מאָמענט האָט, ווי שטענדיק, דאָ פּאַרטונקלט דעם גאַנצן קלאַסן־כאַראַקטער פון דער קאַמפּאַניע. די ייִדישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און האַנטווערקערישע אַרבעטער זײַנען געווען דער

סאָמע פּאָרויסגייענדיקער טייל פון אָט דעם שיכט פּראָלעטאַריאַט אינעם גאַנצן לאַנד. אין די מײַרעוו־גובערניעס האָט מען לאַנג שוין דורכן עקאָנאָמישן קאַמף דערלאַנגט דאָס אַלץ, וואָס דער געזעץ האָט געקאָנט געבן. פּאַרקערט, אין סאָ־ציאַלער הינזיכט איז דער געזעץ געווען אַ טראָט אַף צוריק, מאַכמעס דאָס אַרײַנמישן זיך פון די רעאַקציאָנערע פאַקטאָרן האָט געקאָנט ברענגען פאַרער־גערונג אין דער לאַגע פון די אָנגעשטעלטע. באַ אַזוינע אומשטענדן איז דוכט זיך קלאָר, אַז די בעסטע טאַקטיק וואָלט דאָ, אין מײַרעוו־קאַנט, געדאַרפט זײַן — אויסנוצן די קאָמיסיעס צוליב אַגיטאַציע־צוועקן, און, פאַרשטייט זיך, ניט אין דעם זינען, אַז די אַרבעטער־פאָרשטייער זאָלן זיך נאָר ווײַזן אין די קאָ־מיסיעס און באַלד טאַקע אַרויס פון זייער באַשטאַנד. דער „בונד" איז דאָ אָבער אַוועק אַף אַן אַנדער וועג: ער האָט געמיינט (דאָס באַווײַזט אַ ריי אַרטיקלען אין „פאָלקס־צײַטונג") דורך דער געמישטער קאָמיסיע צו דערשלאָגן זיך אויך פּראַקטישע פאַרבעסערונגען, און דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען בלויז אַן אוטאָפּיע; מער נישט, דאָס האָט דעם „בונד" אַרופגעפירט אָפּן וועג פון קאָמפּראָמיסן אינעווייניק אין די קאָמיסיעס.

דער שווערפּונקט אָבער פון דער גאַנצער קאַמפּאַניע, וואָס אַרום די גע־מישטע קאָמיסיעס, איז געווען געשטעלט גאָר אין אַן אַנדער שטעך: שאַבעס־רו אָדער זונטיק־רו. דער געזעץ האָט אײַנגעשטעלט אָבליגאַטאָרישע זונטיק־רו און האָט אַזוי אַרום אָפּגעשאַפט דאָס, וואָס עס האָט זיך פון לאַנג אָן פּראַק־טיקירט, אַז די ייִדישע מאַגאַזינען זאָלן אין די זונטיק־טעג זײַן אָפן אַ שאָ פינף־זעקס. שאַפן אַזאַ לאַגע, אַז פאַר די ייִדן זאָל פאַקטיש זײַן אײַנגעשטעלט צוויי טעג רו אין וואָך (שאַבעס און זונטיק), דאָס וואָלט געוויס געווען אַ באַשטימטע פּריווילעגיע פאַר די ניט־ייִדישע קרעמער. דאָס ייִדישע בירגער־טום האָט דאָס אופגענומען שיר ניט ווי אַ „גזירע", ווי אַ נאַציאָנאַלן אומ־גליק, און אָט דאָס האָט אויך געווירקט אָפן „בונד". אין דער פּאַרטייישער פּרעסע איז געווען דערקלערט, אַז די אָבליגאַטאָרישע זונטיק־רו וועט דער־לאַנגען אַ שטאַרקן קלאַפּ די ייִדישע האַנדלס־אונטערנעמונגען און דאָס איז אויך אַ קלאַפּ פאַר די אינטערעסן פון די ייִדישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס קאָנען געפינען אַרבעט נאָר באַ די ייִדישע הענדלער. דער אינטערעס פון די ייִדישע האַנדלס־אָנגעשטעלטע צו אָט דער קאַמפּאַניע האָט זיך אַזוי אַרום גע־האַלטן בלויז אין דעם איינעם נאַציאָנאַלן מאָמענט. מ'האָט פאָרמולירט אַ לאָ־זונג, אַז עס זאָלן אײַנגעשטעלט ווערן באַזונדערע אָבליגאַטאָרישע רו־טעג פאַר די ייִדן און פאַר די ניט־ייִדן. דאָס איז געוואָרן דער גרונט־לאָזונג פאַר דער גאַנצער קאַמפּאַניע, און אָט דער לאָזונג האָט נאָר געהאָלפן אָפּצושוואַכן אינעם באַוווּסטזײַן פון דעם דורכשניטלעכן מאַסן־אַרבעטער יענע פּסיכאָ־אידעאָ־לאָגישע דערגרייכונגען, וואָס דער רעוואָלוציאָנערער פּעריאָד האָט געווען געבראַכט.

* *
*

מיר האָבן דאָ געזען דאָס לעבן און קאַמף פון „בונד" פאַר דער צײַט פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע. דאָס איז דאָס העלסטע בלעטל אין

זײַן געשיכטע, און אין דערזועלבער צײַט איז עס דאָס בלעטל, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש און אַזוי כאַראַקטעריזירנדיק פאַר דערדאָזיקער רעוואָליוציאָנערער אָרגאַניזאַציע.

געוואָרן אינעם פריִערדיקן פעריאָד פון אַ קרײַזל אַ מאַסנהאַפטע אַרבעטער־פאַרטיי, האָט דער „בונד" אין די יאָרן פון דער רעוואָליוציע פאַרמערט זײַנע קרעפטן, און אין יעדן באַטרעפנדיקן מאָמענט איז ער אַרויסגעטראָטן אין דער שפּיץ פון אַרום אים קאָנסאָלידירטע ייִדישע אַרבעטער־מאַסן. אַרויסגעשיילט זיך פון דער „עקאָנאָמישער" הויט, אַריבערגעשטײַגט די שטופּע פון סאָציאַליסטישן „טרעד־יוניאָניזם", האָט דער „בונד" אין די יאָרן פון דער רעוואָליוציע מיט זײַן טעטיקײַט (פאַרשטייט זיך, אונטער דער ווירקונג פונעם אַלגעמיין־אַנטוויקלטן פּראָלעטאַרישן קאַמף אין לאַנד) פּאָליטיש דערצויגן און איבערגעאַנדערשט די גאַנצע מאַסע ייִדישע אַרבעטער און האָט רעוואָליוציאָניזירט די גאַנצע אַרומיקע קליינבירגערלעכע סוויווע. פונעם פריִערדיקן פעריאָד איז פאַרבליבן דער פעסטער צוזאַמענבונד מיט דער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, דער „בונד" אַליין אָבער איז ווירקלעך געוואָרן אַן עכטע פּאָליטישע פּאַרטיי, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון די ייִדישע אַרבעטער. דער אַלטער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל האָט געמעגט שטאָלצירן מיט אָט דער אָרגאַניזאַציע זײַנער.

אָבער נאָר דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל. דער „בונד" האָט אין אים אַרײַנגעבראַכט דאָס נײַע, וואָס די ערשטע רוסלענדישע רעוואָליוציע האָט געגעבן: רעוואָליוציאָנערן טעמפּעראַמענט, פעיִקײַט אָנצופירן די אַרבעטער־מאַסן אין זייערע פאַרשיידענע אַקציעס. אָבער שוין אין די יאָרן פון דער רעוואָליוציע האָט דער „בונד" אָנגעהויבן צו לײַדן אַף פּאַרלאַמענט־קרעטיניזם, שוין אין אָט די רעוואָליוציע־יאָרן זײַנען קענטיק געוואָרן שטריכן פון קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם אין אַלע געביטן פון זײַן לעבן. עמעס, דער „בונד" איז אָפט געגאַנגען צוזאַמען מיטן „באָלשעוויזם": ער איז געשטאַנען קעגן נייטראַלע פּראָפעסיאָנעלע פאַרייניגן (אַגעוו, אין אַ צופיל אַריבערגעכאַפּטער מאָס), ער איז באַשטאַנען אַף דער העגעמאָניע פון דער פּאַרטיייִשער אָרגאַניזאַציע, ער האָט באָיקאָטירט די וואַלן אין דער ערשטער דומע, און פון צײַט צו צײַט האָט ער זיך געהאַלטן באַ דער טאַקטיק פון אַ „לינקן בלאָק", ניט געוואָלט, הייסט עס, אָריענטירן זיך אַף דער „רעוואָליוציאָנערישקײַט" פון דער מאָנאַרכיסטיש־געשטימטער בורזשואַזיע. נאָר שוין דאָ — נאָך אין דעם ערשטן פעריאָד — זעען מיר באַ אים וואַקלונגען — פון „מענשעוויזם" צו „באָלשעוויזם", פון „באָלשעוויזם" צו „מענשעוויזם". און לעסאָף קומט דער גאַנץ דרייסטער און אַנטשלאָסענער אַריבערגאַנג אַף דער זײַט פונעם אָפּאָרטוניסטישן פליגל פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אָפּגענאַרט זיך אין זײַנע קויכעס, איבערגעשאַצט זײַן ראָליע אין דער רעוואָליוציע, האָט דער „בונד" אין 1903 יאָר געפעלשט אין זיך און אין זײַן פּראַקטישן כוש, און אין נאָמען פון נאַציאָנאַלן פּרינציפּ רײַסט ער אײַן מיט דער פּאַרטיי פונעם רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט. די אַנטוויקלונג פונעם

רעוואָליוציאָנערן קאַמף, וואָס באַשטימט געגויער דאָס געוויכט פון „בונד" און פון די ייִדישע אַרבעטער אין דער רעוואָליוציע, קערט צוריק דעם „בונד" אַפן וועג פון רעאַליסטישער פּאָליטיק: דער „בונד" קערט זיך אום אין די רייען פון ר.ס.ד.א.פּ., ער קערט זיך אָבער אום שוין ווי אַ אינגאַנצן־אויסגעשטאַלטע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס האָט אַן אייגענע פּראָגראַם אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע און וואָס איז געדיכט אַרומגעוואָקסן מיט קלייבבירגערלעכע עלעמענטן.

דער „בונד" האָט לעכאַטכילע אָנגעהויבן צו אַרבעטן צווישן די ייִדישע אַרבעטער-מאַסן אונטער די לאָזונגען פון פּראָלעטאַרישער העגעמאָניע, ביסלעכווייַז אָבער און שטיקערווייַז גיט ער אָט די פּאָזיציע אָפּ, גלידערט זיך אייַן אינעם אַלגעמיינעם קאָמפּלעקס פון די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן, און אויך אַהערצו טראָגט ער אַרייַן די מעטאָדן פון דער מענשעוויסטישער טאַקטיק. בייַשפּילן דערפון האָבן מיר געזעען אי באַ די וואַלן אין מעלוכישער דומע, אי באַם קאַמף, געפירט אַרום די „געמישטע קאָמיסיעס". אַפן שוועל פונעם נייַעם פּעריאָד — פון די רעאַקציע־יאָרן האָט שוין דער „בונד" אין היפּשע מאָסן פאַרמאָגט אָט יענע שטריכן, וואָס האָבן זיך אַזוי קלאָר אַרויסגעוויזן אין דעם פּעריאָד, וואָס צווישן די צוויי רעוואָליוציעס, און וואָס האָבן פאַטאַל באַשטימט זייַן ראָליע אין דער צווייטער רוסלענדער רעוואָליוציע.

---

קאַפּיטל זעכצן.

# די יאָרן פון רעאַקציע: 10—1908.

דער לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר פון ר.ס.ד.א.פ. אין 1907 יאָר, וואָס אַרום אים האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אָנגעשטרענגט אַלע אירע קויכעס, איז געווען א מין גרענעץ־פּונקט אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין רוסלאַנד. צעשלאָגן איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע פון דער מעלוכישער דומע, צעטריבן איז די צווייטע דומע, איינגעשטעלט—דער רעזשים פון דריטן יוני, און צוזאַמען מיט דעם הייבט זיך אָן די צעשטערונג פון דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד. די דאָזיקע צעשטערונג קומט פון די קלעפּ, וואָס סע דערלאַנגען איר—דער פּאַרטיי—די צאַרישע רעפּרעסיעס און פון דער צעפאַלונג, וואָס קומט פאָר גופע אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג.

די רעוואָליוציע האָט איבערגעלעבט דעם טיפסטן קריזיס. די רעוואָליוציאָנערע סטיכיע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איר גאַנג.

דער קאַפּיטאַל, וואָס איז שוין געקומען צו זיך נאָכן אָנגריף פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מאַסן, האָט איצט אַליין גענומען אָנגרייפן. פאַרשפּילטע שטרייקן, אַכזאָריעסדיקע לאָקאַוטן, רעגירונג-רעפּרעסיעס — דאָס אַלץ האָט געמוזט שלעכט און דעמאָראַליזירנדיק ווירקן אַף די ברייטע מאַסן, וואָס זיינען געווען אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג אין די יאָרן 1905—1906. דער פּאַרטיי־אַפּאַראַט פון דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיינע רייען א גוואַלדיק־גרויסע מאַסע רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ, האָט זיך שוין ניט געפּאַסט פאַר די באַגרענעצטע אַרבעט־מעגלעכקייטן, וואָס עס האָט איצט געקאָנט האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי. דער אַפּאַראַט פאַלט פאַנאַנדער. גאַנצע גרופּעס פון ערשט נעכטיקער רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ ווערן פון די פּאַרטיי־רייען אַרויסגעוואָרפן: אָדער עס ברענגט דערצו דער עצעם־גאַנג פון דער באַוועגונג,— אָדער זיי אַליין קערן זיך אום מיטן רוקן צו דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אָפּגעלאָזנקייט, פעלשונג, צומאָל דירעקטער פאַראַט, מאָרעשכוירע, טיפסטער פעסימיזם האָבן אַרומגעכאַפּט ברייטע שיכטן פון יענער אינטעליגענץ, וואָס ערשט נעכטן האָט זי מיט האָפענונג און גלויבן געקוקט אַף דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג.

און דעם טיפסטן קריזיס האָבן איבערגעלעבט די רעוואָליוציאָנערע פּאַרטייען און אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די שאַרפע מיינונג־פאַרשיידנקייַטן, וואָס האָבן זיך אין איר איינגעגעסן אין דעם פּעריאָד פון רעוואָליוציאָנערן אופשטייַג, זייַנען איצטער געוואָרן נאָך שאַרפער. עס האָט זיך דערנעענטערט א נייַער, איצט שוין אן ענדגילטיקער איינרייַס צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס.

אַרום וואָס איז געגאַנגען דער קאַמף? וואָס האָט פאַנאַנדערגעטיילט די „באָלשעוויקעס" און „מענשעוויקעס"?

דער מענשעוויזם האָט איצט אָנגענומען די פאָרם פון „ליקווידאַטאָרישקייַט". ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע גרונט־אידייען פון דעם רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד און אָנשטאָט דער אופגאַבע אַף א רעוואָליוציאָנערן אויפן אומצושלייַדערן די צאַרישע אָרדענונג, האָט ער זיך געשטעלט די אופגאַבע צו רעפאָרמירן זי, אַרייַנוואַקסן אין איר. די ערשטע רעוואָליוציע האָט דעם סאָציאַל־פּאָליטישן אויבערגעבוי געענדערט. דער צאַריזם האָט געזוכט פאַר זיך א מער ברייטערע באַזע,—האָט געוואָלט דערנעענטערן צו זיך די האַנדלס־אינדוסטריעלע בורזשואַזיע און באַהעפטן זי צוזאַמען מיטן אַדל, דעם אַלטן זייַל פונעם צאַריזם. די מוירע און שרעק פאַר דער רעוואָליוציע האָט געשטויסן די גאַנצע בורזשואַזיע אַפן וועג פון „אָרדענונג". עס איז אָבער אויסער דעם אויך געווען א פּאָזיטיווע פּראָגראַם, וואָס האָט געפאָדערט שאָלעם צו מאַכן מיטן צאַריזם, דאָס איז: די אימפּעריאַליסטישע באַגערן פון דער בורזשואַזיע. ווען סטאָליפּין האָט פון דער דומע־טריבונע געוואָרפן זייַן פאָרמולע: „איר דאַרפט גרויסע אופטרייסלונגען, און מיר דאַרפן א גרויס רוסלאַנד", האָט ער עס טאַקע געצילט אין דער פּאַרטיי פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, אין דער פּאַרטיי פון די קאַדעטן. שוין דעמלט אָבער איז א באַדייַטנדיקער טייל פון דערדאָזיקער בורזשואַזיע געווען מיט אים אין איין מאַכנע: דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער אויסשטאַלטונג פון א רעכטן פליגל אין דער קאַדעטישער פּאַרטיי, א פליגל, וואָס האָט פאַר זיך איינגעשטעלט נייַע וועג־צייכנס. מיט זייַן אַגראַרער רעפאָרם, וואָס האָט געשטעלט אין צענטער דעם קרעפטיקן דאָרפישן פּויער, דעם קולאַק, האָט סטאָליפּין געמאַכט א ווייַטערדיקן טראָט אַף זייַן וועג „צו אייראָפּעיִזירן" די פאַרהעלטענישן אין דאָרף און צו צעשלאָגן דאָס פּויערטום, אָט די גרונט־מאַסע פון דער רוסלענדער רעוואָליוציע, וואָס פון איר הענגט אָפּ דער גוירל פון דער רעוואָליוציע. די דומע פון דריטן יוני איז געווען יענע פּאָליטישע און מעלוכישע אָרגאַניזאַציע, פונעם נאָך־רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד, וואָס האָט געדאַרפט שאַפן דעם אויסגלייַך פון די אַנטיפּאָלקישע בורזשואַזע קרעפטן מים דעם אַלטן רעפאָרמירטן צאַריזם.

אין אָט די נייַע באַדינגונגען האָט דער פּראָלעטאַריאַט פריִער פון אַלץ געדאַרפט ענטפערן אַף דער פראַגע, צי האָבן זיך דאָ ערגעץ־ווו געענדערט זייַנע גרונט־אופגאַבן. אַף דער פראַגע האָט דער „באָלשעוויזם" געענטפערט מיט זייַן אַלטער פאָרמולע: די אופגאַבן זייַנען איצט אויך: זאַמלען קרעפטן אַף צו אומשלייַדערן די גאַנצע צאַרישע אָרדענונג, פאַרשטאַרקן די

רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריאַט, אַרײַנציִען אין קאַמף די פויערשע מאַסן אונטער דער אָנפירונג פון פּראָלעטאַריאַט, קעמפן אנטשלאָסן קעגן דעם בורזשואַז־פּריצישן בלאָק. דער צאַריזם צוזאַמען מיט דער בורזשואַ־זיע — ניט זיי וועלן קאָנען לייזן די גרונט־פּראָבלעמען פון דער רעוואָליוציע. א נײַער אופשוואונג פון רעוואָליוציע איז אומפאַרמײַדלעך, און צו דעם דאַרף מען זיך גרייטן. און דערפון דרינגען אַרויס אויך די פּראַקטישע לאָזונגען: דעמאָ־קראַטישע רעפּובליק, קאָנפיסקאַציע פון דער ערד, באַוואָפנטער אופשטאַנד; לאָזונגען, וואָס קאָנען זיך ניט צונויפפּאַסן מיט דער אידייע פון אַרײַנוואַקסן אינעם סטאָליפּין־רעזשים; לאָזונגען, וואָס עס קאָן זיי ניט אופנעמען אַפילע דער לינקער טייל בורזשואַזיע, וואָס האָבן אָבער אַלע אויסזיכטן דערויף, אַז פריִער אָדער שפּעטער זאָלן זיי אַרײַנפירן אין שלאַכט ברייטע מאַסן פונעם פּראָלעטאַריאַט און ברייטע מאַסן פונעם פּויערטום אונטער דער אָנפירונג פון פּראָלעטאַריאַט.

די מענשעוויקעס־ליקווידאַטאָרן האָבן זיך פון אָט דער רעוואָליוציאָנערער אופגאַבע אָפּגעזאָגט. ווי עס אַנערקענט אַליין מאַרטאָוו, איז באַ אייניקע מענ־שעוויקעס „דורכגעגאַנגען א געדאַנק וועגן בעהאַדראָגעדיקן „אַרײַנוואַקסן" פון אַרבעטער־קלאַס אין יענעם „געזעצלעכן" לאַנד, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן סימאָנים פון א קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים, וועגן בעהאַדראָגעדיקן פאַר־שפּרייטן די פּריווילעגיעס פון דריטן יוני, וואָס עס האָט באַקומען די בורזשואַ־זיע, אַף ברייטע קרײַזן פון דער דעמאָקראַטיע"*). מאַרטאָוו פאָרמולירט עס אַביסל צו ווייך.

ניט באַ „אייניקע" מענשעוויקעס איז „דורכגעגאַנגען א געדאַנק", נאָר די גאַנצע טאַקטיק פון אַלע מענשעוויקעס איז אָביעקטיוו געווען אָנגעווענדעט אַף ניט צו דערלאָזן, אַז די פראַגע זאָל געשטעלט ווערן רעוואָליוציאָנער. אין די אַרטיקלען און רעדעס (אין טאַקע פון פאַראַנטוואָרטלעכע מענשעווי־סטישע לידערס) איז באַשטענדיק געווען דורכגעפירט דער געדאַנק, אַז דער נײַער אופשטײַג וועט ניט זײַן ענלעך אַף דער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע פון 1905 יאָר, אַז די אַרומיקײַט האָט זיך ראַדיקאַל געביטן. און פּראַקטישע אויס־פירן האָט מען געמאַכט אין דער ריכטונג ניט פון ענדערן די אַרומיקײַט, נאָר פון צופּאַסן זיך צו איר.

אַלס ערשטער אויספיר זײַנען אַרויסגעבראַכט געוואָרן די אַזויאָנגערופענע „געקירצטע לאָזונגען": פרײַהײַט פון קאָאַליציע, אַלגעמיינע וואַלרעכט. דידאָ־זיקע לאָזונגען זײַנען עס געשטעלט געוואָרן קעגן — די אַלטע לאָזונגען, די לאָזונגען פון די „באָלשעוויקעס". דער צווייטער אויספיר איז געווען דער אַזוי־גערופענער „קאַמף פאַר לעגאַלקײַט". ניט אויסנוצן די לעגאַלע מעגלעכ־קײַטן, נאָר בעפּיירעש: קאַמף פאַר לעגאַלקײַט. אויך דער באָלשעוויזם האָט גערופן אַרײַנצודרינגען אין אַלע שפּאַלטן, וואָס דער אָנדראַנג פון דער רעוואָ־ליוציאָנערער כוואַליע האָט דורכגעשלאָגן אין דער צאַרישער אָרדענונג, האָט גערופן אויסצונוצן אַלץ אין דער גרעסטער מאָס: אי די מעלוכישע דומע, אי

*) זאַמלונג „זשיזן", נומ. 1.

דאָס שמאָלע רעכט פון פאַריינען, אי די לעגאַלע מעגלעכקייטן פון דער פרעסע. און ניט נאָר ער האָט גערופן, נאָר ער האָט עס טאַקע אַף זײַן אויפן אויסגענוצט, אַף אַן אויפן א רעוואָליוציאָנערן. און ווען גופא אינעם „באַל־שעוויזם" איז אָנגעקומען די „אָפּרוף"־שטרעמונג, וואָס האָט געפאָדערט „אָפּצו־רופן" פון דער דומע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע, האָט דער „באָלשע־וויזם" געפירט קעגן אָט דעם אָפּנויג אין זײַנע רייען דעם סאַמע אַנטשיידנסטן קאַמף. דער „מענשעוויזם" אָבער האָט גערעדט ניט וועגן אויסנוצן, ער האָט גערופן צו קעמפן פאַר לעגאַלקייט. דאָ איז געווען א פאַלשע פערספּעק־טיוו, וואָס האָט אַרײַנגעגעבן דעם אַרבעטער־קלאַס דעם געדאַנק, אַז פאַר אים איז מעגלעך שאָלעם צו מאַכן מיט דעם רעזשים פון דריטן יוני. דאָ איז אויך געווען די שטרעבונג וואָס שנעלער זיך צו „לעגאַליזירן" דורכן אָפּזאָגן זיך פון רעוואָליוציאָנערן קאַמף און פון א רעוואָליוציאָנערער פאַרטיי. די מער אופריכטיקע און קאָנסעקווענט־דענקענדיקע האָבן טאַקע פאָרמולירט אָט דעם געדאַנק, האָבן געטײַט אַף דעם לאָזונג פון „אַן אָפענער אַרבעטער־פאַרטיי" און האָבן גערופן פרינציפּיעל איינצוררײַסן מיט דער אונטערערד, מיט דער רעוואָ־ליוציאָנערער פאַרטיי. דאָס איז געווען דער דריטער פראַקטישער אויספיר, וואָס די ליקווידאַטאָרן האָבן געמאַכט.

ניט אַלע „מענשעוויקעס" האָבן מאַסקים געווען פאָשעט צו ליקווידירן די אונטערערד. אַ טייל פון זיי, די גרעסערע רעאַליסטן, האָבן פאַרשטאַנען, אַז די געוווּנשענע „אָפענע פאַרטיי" וועט קומען ניט מיטאַמאָל, אַז עס שטייט פאַר א לאַנג־דויערנדיקער קאַמף אַפילע פאַר אָט דעם געקירצטן לאָזונג, און מאַכ־מעס דעם אַליין לוינט עס ניט פון אָנהייב אָן צו ליקווידירן די אונטערערדישע פאָרם פון אָרגאַניזירן די אייגענע קרעפטן. די מײַסע איז דאָך, וואָס אַפילע די קאַדעטישע פאַרטיי האָט געהאַט איר אייגענע, זאָל זײַן ניט קיין גרויסע, אונטערערד. דידאָזיקע אונטערערד אָבער באַ די „מענשעוויקעס", פונקט ווי באַ די קאַדעטן, איז ניט געווען יענע פרינציפּיעלע אונטערערד, וואָס האָט אַרויסגעשטאַמט פונעם לאָזונג פון א באַוואָפנטן אופשטאַנד, זי איז טאַקע ווידעראַמאָל נייטיק געווען אַף צו פאַרשטאַרקן דעם „קאַמף פאַר לעגאַלקייט" און איז אַף אַזאַ אויפן דורכויס געווען אין איינקלאַנג מיטן גרונטלעכן ליקווי־דאַטאָרישן שטעלן די פראַגע וועגן דער אופגאַבע פון מאָמענט.

א ר ג אַ נ י ז אַ צ י אָ נ ע ל (אין ברייטן זינען פונעם וואָרט) איז די פראַגע פאַר דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געשטאַנען אַזוי פאָרמולירט:

א ו פ ה אַ ל ט ן ז י ך אַלס קאָנצענטרירטער צוזאַמענגעפרעסטער שטיק רע־וואָליוציאָנערער פראָלעטאַרישער געדאַנק און ווילן, אַלס צ ע נ ט ר אַ ל ע ר צ ו ז אַ מ ע נ ג ע ש ל אָ ס ע נ ע ר ק אַ ד ר, וואָס האַלט פאַרבינדונג מיט דער ברייטער אַרבעטער־מאַסע, וואָס רופט זיך אָפּ פון טאָג צו טאָג אַף אַלע אירע נויטן, וואָס האָט אין אויג די פאַרענדערלעכע שטימונג פון די מאַסן און צומאָל איז מיט איינציקע זײַנע לאָזונגען פאַסט ער זיך אַפילע צו צו אָט דער שטי־מונג פון די מאַסן מיט דער קאַוואָנע דערהייבן זיי צו זיך. א ו פ ה אַ ל ט ן ז י ך אַלס א באַזונדער איינס, אַלס געשלאָסענע פראָלעטאַרישע רעוואָליוציאָנערע

אָרגאַניזאַציע און אַזוי אַרום דורכלעבן דעם שווערן רעוואָליוציאָנערן קריזיס, וואָס האָט זיך פון אַלע זײַטן אַצינד אָנגערוקט,—דאָס איז געווען איין וועג.

„אופהאַלטן זיך" באַטײַט ניט, פאַרשטענדלעך, אַז אָט די רעוואָליוציאָנערע גרופּע איזאָלירט זיך פון די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, האָט מוירע צו־צורירן זיך צו די נײַ־אויפגעשטאַנענע אַנשטאַלטן (פּראָפּעסיאָנעלע פאַריינען, מעלוכע־דומע א. ד. גל.), באַהאַלט זיך אין די שמאָלע „דאַלעד־אַמעס" פון דער אָפּגעגרענעצטער פון דער גאַנצער וועלט פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אַזוי קינדעריש האָבן דאָס פאַרשטאַנען די אַזויגערופענע „לינקע" צווישן די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן, אזוי ווי די רעכטע ליקווידאַטאָרן, ניט געגלויבט אין רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, ניט געווען זיכער אין דער אָנקומענדער נײַער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע, ניט פאַרשטאַנען דעם קלאַסן־מעהוס פון דער באָלשעוויסטישער פּראַקציע. דערפאַר האָבן זיי דאָס געפּרוּווט אויסטײַטשן לעניִנס לאָזונגען שמאָל־סעקטאַנטיש, גערופן צו באָיקאָטירן די דומע, די פאַריינען, דאָס גאַנצע לעבן. לעניִנס צורוף איז באַשטאַנען ניט דערין, ניט אָן אַ זײַט פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אָנפירנדיק זײַן קלאַסנקאַמף אופהאַלטן זיך אַלס רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי.

אָדער—צוזאַמען מיט דעם, וואָס מ'גיט אָפּ די אַקטועלע לאָזונגען פון נעכטן, זאָל מען זיך אַליין אָפּגעבן אין אַרכיוו, צעשטויבן זיך אין דער פאָרמלאָזער אַרבעטער־מאַסע, דערטרונקען ווערן אין דערדאָזיקער מאַסע, און פאַרגעסן דערבײַ אין יענע רעוואָליוציאָנערע אויפגאַבן, וואָס פריִער אָדער שפּעטער מוזן זיי קומען פאַרן פּראָלעטאַריאַט, און וואָס פאַרווירקלעכן זיי וועט דער פּראָלעטאַריאַט קענען נאָר אין דעם פאַל, ווען בעראָש אים וועט זיך קאָנען ווידער שטעלן יענע צוזאַמענגעשלאָסענע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי וואָס האָט אָנגעפירט זײַן קאַמף אין די שטורעם־טעג פון 1905 יאָר,—דאָס איז געווען דער צווייטער וועג.

מ'האָט געדאַרפט אויסקלײַבן.

עמעס, אין דער צײַט, וואָס פון 1907 ביז נאָכן 1908 יאָר, האָבן די קעמפנדיקע שטרעמונגען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַזוי באַשטימט און שאַרף נאָך ניט פאָרמולירט דעם כילעק צווישן די ביידע אידעאָלאָגיעס. דער באָלשעוויזם האָט זיך דעמלט אונטערגעשיידט פונעם מענשעוויזם אויך דערמיט, וואָס ער האָט געגלויבט אין דער מעכטיקײַט פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דער באָלשעוויזם האָט אויסגעמיטן מאָרעשכוירע, פּעסימיזם און האָט געגלויבט אין דער נאָענטקײַט פון א נײַעם קריזיס, וואָס רוקט זיך אָט באַלד אָן. בעשאַס אַרום אָט די טיילווײַזע לאָזונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך דער שטרײַט פאַרשאַרפט, האָט עס זיך געהאַנדלט ניט בלויז וועגן פאַרשיידענער טאַקטיק. דאָ איז געגאַנגען ניט נאָר אום דעם, ווי אַזוי בעסער אַרײַנצוציִען די אַרבעטער־מאַסן אין דער באַוועגונג, צי דורך טיילווײַזע לאָזונגען אָדער דורך לאָזונגען ניט־פאַרשמעלערטע. אַזוי פאָרמולירן דעם טאָך פונעם שטרײַט האָבן געפּרוּווט די מענשעוויקעס. מיט אַן עמעס איז די שטרײַט־פראַגע געגאַנגען וועגן דעם, אין וועלכער מאָס האָבן דידאָזיקע

געגצלעכע לאָזונגען—קאָנפיסקאַציע פון דער גאַנצער ערד, דעמאָקראַטישע רע־פּובליק, באַוואָפנטער אופשטאַנד—אויסזיכטן צו פאַרווירקלעכט ווערן אין דער נאָענטער צוקונפט. דער באָלשעוויזם איז געווען געניגט צו רעכענען דידאָ־זיקע לאָזונגען פאַר ר ע אַ ל ע. דער באָלשעוויזם האָט, אַזוי צו זאָגן, פאַרגרע־סערט די נאָענטסטע רעוואָליוציאָנערע פּערספּעקטיוון. ער האָט געגלויבט, אַז גאָר נאָענט איז די צײַט, ווען עס וועט אָנקומען דער געוווּנשענער רעוואָ־ליוציאָנערער צוזאַמענשטויס. אין דעם פּראַט האָט דער באָלשעוויזם זיך אויס־געצייכנט מיט דעמזעלבן „אומגעדולד", וועלכער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש אי פאַר מאַרקסן אי פאַר ענגעלסן אין דער גאַנצער צײַט פון זייער רעוואָ־ליוציאָנערער טעטיקייט. אין דער ווירקלעכקייט האָט דאָס אָנקומען פונעם נײַעם רעוואָליוציאָנערן אופרײַס זיך אָפּגערוקט אַף גאַנצע צען יאָר. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס שוין אין 1912 יאָר, בעשאַס די באַוועגונג האָט אַרופגעשטײַגט גאָר הויך, זײַנען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג געשטאַנען ניט די אָנהענגער פון טיילווײַזע, פאַרשמעלערטע לאָזונגען, ניט די מענשעוויקעס־ליקווידאַטאָרן, נאָר ווידער טאַקע דיזעלביקע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן אַרויסגעשטעלט די געגצלעכע לאָזונגען—דאָס ליקווידירן דעם צאַריזם.

דער אַלגעמיינער מאַראַזם פונעם רעאַקציע־פּעריאָד האָט אויך אַרומגענו־מען די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון „בונד". וואָס שטאַרקער און אַנטוויקלטער עס איז געווען די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אינעם בלײַונג־פּעריאָד פון דער באַ־וועגונג, אַלץ שאַרפער און ווייטיקלעכער האָט זיך געלאָזט פילן דער קריזיס. וואָס גרעסער עס איז געווען די צאָל רעוואָליוציאָנערע אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען מיטגעריסן פון דער באַוועגונג, אַלץ שטאַרקער איז געווען די פוילונג, וואָס זי האָט געשפּרייט אַרום זיך, בעשאַס זי האָט זיך אומגעקערט מיטן רוקן צו דערדאָזיקער באַוועגונג. נאָר דאָ, אין „בונד", איז צוזאַמען מיט דעם קריזיס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פאָרגעקומען אַן אומגעהייע־רער טיפער עקאָנאָמישער קריזיס, און די ייִדישע אַרבעטער האָבן מאַסנווײַז אָנגעהויבן צו עמיגרירן פון רוסלאַנד.

אַף מאָרגן נאָכן 17 אָקטיאַבער האָט דער צאַריזם זיך צעשפּילט מיט אַן עמעסער וואַקכאַנאַליע פון ייִדישע מאַסן־פּאָגראָמען, וואָס האָבן זיך דורכגע־קײַקלט איבער גאַנץ דאָרעם-רוסלאַנד, און וואָס דורך טשערניגאָווער גובערניע האָבן זיי זיך איבערגעוואָרפן אין מאָליעווער און מינסקער גובערניעס. די פּאָגראָם־כוואַליע האָט געשאַפן א כוואַליע פון עמיגראַציע. לעכאַטכילע האָט עמיגרירט דאָס בירגערטום פון די צעשלאָגענע שטעט און שטעטלעך. די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע, וואָס איז געבליבן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַ־וועגונג נאָכן 1906 י., האָט אַזוי ווי געוואַרט. די ברייטע אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט אַף אויסצושטאַלטן די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג, דער קאַמף אַרום דער מעלוכישער דומע האָבן נאָך אופגעהאַלטן די רעוואָליוציאָנערע שטימונגען. ווען אָבער די לאַגע פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג איז געוואָרן א קריטישע, ווען די מעלוכישע דומע האָט מען צעטריבן, ווען ס'האָבן זיך אָנ־געהויבן צאַרישע מאַסן־רעפּרעסיעס קעגן דער רעוואָליוציע, ווען ס'האָט אופ־

געהויבן זײַן קאָפּ דער קאַפּיטאַל און מיט זײַנע מאַסן־לאָקאַוטן אין מײַרעװ־קאַנט (באַ די גאַרבער, באַ די בערשטער, באַ די האַנטװערקער) האָט ער זיך אָפּגערעכנט מיט דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע פֿאַר אירע ניצחונס,—דאַן האָט זי, די ייִדישע מאַסע, זיך אױסגעדרײט מיטן רוקן צו דער דעספּאָטיע, װאָס האָט געזיגט, און האָט זיך געלאָזט מאַסנװײַז, װי אַ לאַװינע, אין דער װײַטער אַמעריקע.

די דאָזיקע גװאַלדיקע עמיגראַציע־כװאַליע האָט צוגענומען באַ דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג שיר ניט איר גאַנצן אַװאַנגאַרד. עס זײַנען אַװעקגעפֿאָרן טױזנטער יענע אַרבעטער, װאָס אױפֿגעהאָדעװעט האָט זײ די צען יאָר רעװאָ־ליוציאָנערע באַװעגונג. די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז געװאָרן אױסגעליידיקט.

געװירקט האָט אױך דער עקאָנאָמישער קריזיס. נאָך ביז איצט זײַנען די דאָזיקע דערשײַנונגען סטאַטיסטיש ניט אױסגעפֿאָרשט. אַלע אױפֿמערקזאַמע באַאָבאַכטער אָבער, װאָס האָבן זיך צוגעקוקט צו אײנצלנע פּראָצעסן אינעם עקאָנאָמישן לעבן פֿון מײַרעװ־קאַנט אין יענער צײַט, קאָנען באַשטימט אײדעס זאָגן, אַז אין דעם פּעריאָד, װאָס נאָך דער רעװאָליוציע, קומט שױן אין מײַרעװ־קאַנט ניט פֿאָר קײַן װײַטערע אַנטװיקלונג פֿון דער האַנטװערקערישער פּראָדוקציע, דער האַנדלס־קאַפּיטאַל פֿאַרוקט אָט די דאָזיקע פּראָדוקציע אין הינטערגרונט. אין אַלע שטעט פֿון מײַרעװ־רוסלאַנד קומט אױף אַ גרױסע צאָל קאָמיסיאָנע קאָנטאָרן, עס װאַקסט אױך אָן דער האַנדלס־אינדוסטריעלער פּראָ־לעטאַריאַט. אײגנטלעך קײַן אַרבעטער קומען שױן מער ניט צו, און אין די פֿאַבריקן (פֿון שװעבעלעך, פּאַפּיר, פּאַפּיראָסן, טעקסטיל), װוּהין ייִדישע אַר־בעטער האָבן באַװיזן אַרײַנצודרינגען אין די פֿריִערדיקע יאָרן, קענען זײ שױן איצט מער ניט אַרײַנדרינגען, פֿאַרקערט, מ׳הײבט ענערגיש אָן זײ אַרױסצו־שטױסן פֿון דאָרט אַלס אַ מער־רעװאָליוציאָנערן עלעמענט, און פֿאַרבײַטן זײ מיט אָנגעקומענע, דאָרפֿישע, ניט־ייִדישע אַרבעטער. דאָ האָבן מיר שױן פֿאַר זיך אַ טיפּן פּראָצעס, װאָס פֿאַרכאַפּט די עצעם־עקאָנאָמישע באַזע, גופֿע דעם פּראָלעטאַריאַט אין זײַן אינעװײניקסטן באַשטאַנד.

עס פֿאַרשטײט זיך, אַז דעם קריזיס אין דער באַװעגונג פֿון אָט דעם פּעריאָד האָט דער „בונד" געמוזט איבערלעבן קרענקלעכער, שאַרפֿער, אײדער די ר. ס. ד. א. פּ. אָנהײב 1908 י. װען דער צ. ק. פֿון „בונד" האָט אונטערגע־פֿירט אַ סאַכאַקל, װאָס איז באַ דער בונדישער אָרגאַניזאַציע געבליבן נאָכן אָפּ־גאַנג פֿונעם רעװאָליוציאָנערן שטראָם, האָט ער געקאָנט אָנציילן באַ זיך קאַם אַ צענדליק ניט קײַן גרױסע פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציעס. עפּשער־עפּשער האָט דער קאַדער אַקטיװע טוער פֿון „בונד" אַריבערגעשטײַגט אין יענער צײַט אַריבער פּופֿציק מאַן. די אײגנטלעך־פּאַרטײיִשע אָרגאַניזאַציע האָט פֿאַרײניקט צו יע־נער צײַט קאַם 500 מיטגלידער, נאָר די דאָזיקע צוזאַמענגעשלאָסענע פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַרום זיך אַ געװיסע פּעריפֿעריע, װאָס האָט זיך אױס־געפֿאָרמירט אין די לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס.

שטאַנדהאַפֿטיק און אָן קײנע קאָמפּראָמיסן איז דער צענטראַל־קאָמיטעט, פֿאַר־קירצט ביז דעם מינימום, געבליבן אַף זײַן פּאָסטן, האָט אָנגעשטרענגט אַלע זײַנע

קויכעס אָפּצוהאַלטן פון פאַנאַנדערפאַל, אַרײַנברענגען אופמונטערונג אין דער פּאַרטײישער אַרבעט פון די באַזונדערע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס. די צענטראַלע גרופּע האָט ניט אופגעהערט אַרומצופאָרן און באַזוכן די פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציעס. פון צײַט צו צײַט פלעגט דערשײַנען אַן אומלעגאַלער פּאַרטײ־אָרגאַן און באַזונ־דערע פלוג־בלעטלעך. אין 1907 י., בעיס די וואַלן אין דער דריטער מעלו־כישער דומע, איז געווען געפירט אַ געוויסע וואַל־קאָמפּאַניע, וואָס האָט באַוויזן דעם אָפּגאַנג פון רעוואָלוציאָנערע שטימונגען און דאָס פאַלן פון דער פּאַר־טײ־ווירקונג. ס'איז געווען אָנגעהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַל־דעמאָק־ראַטישער פראַקציע אין דער דומע. אין אָקטיאַבער 1907 י. האָט דער „בונד" בריט געפײַערט זײַן פופצניאָריקן יובילײ, און אין פוילן האָבן זיך דערינען באַטײליקט טויזנטער אַרבעטער.

אין עקאָנאָמישן געביט האָט דער „בונד" מיט אַסאַך איניציאַטיוו און מיט גרויס אַקשאָנעס אָנגעפירט דעם פאַרטיידיקונג־קאַמף קעגן די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אין אַ געוויסער מאָס אָנגעווענדט די סיסטעם פון לאָקאַוטן. דער צ. ק. און די אָרטיקע פּאַרטײ־אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" האָבן אופמערקזאַם נאָכגעקוקט נאָך אַלע שפּראָצונגען פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. יעדן קאָנפליקט, וואָס איז אופגעקומען אין וועלכער ס'איז אונטערנעמונג, האָט מען געזעען צו פאַרטיפערן. אין וואַרשע האָבן די אונטערערדישע פראָפעסיאָנעלע פאַרײנען פונקציאָנירט, און דער „בונד" האָט ווי פריִער פאַרייניקט זיי אַרום זיך און אָנגעפירט זייער אַרבעט. פאַרשטייט זיך, דער פאַרנעם פון אָט דער גאַנצער עקאָנאָמישער אַרבעט איז אַפילו אַף קײַן האָר ניט ענלעך אַף דער ברייטער אַרבעט פונעם פאַרגאַנגענעם יאָרצענדליק. אין 1908 י. האָט מען פאַרמאַכט אויך דעם טעגלעכן אָרגאַן פון „בונד" און די רעדאַקציע האָט מען אַרעסטירט. דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער פּאַרטײישער אַרבעט. סאָף 1908 י. האָט בורצעוו אופגעדעקט אין דער צענטראַלער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אַ וויכטיקן אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר, קאַפּלינסקי *), וואָס אין מעשעך פון צוואַנציק יאָר איז ער געשטאַנען נאָענט צום צ. ק. און האָט אָנגעפירט די גאַנצע טעכ־ניק זײַנע. קאַפּלינסקי האָט באַוויזן קונציק צו פאַרקאָנספּירירן זײַן אַגענטור־אַרבעט, און ביזן סאָף איז ער געווען באַליבט אין די ברייטסטע קרײַזן, אַזוי אַז דאָס דערקלערן אים פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר אין די אומשטענדן פונעם 1908 יאָר האָט נאָך מער געפּלעפּט די קרײַזן, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער פּאַרטײ.

דער לעגאַליזם פון „בונד" האָט זיך אונטערגעשיידט פונעם לעגאַליזם פון דער רוסלענדער אַרבעטער־באַוועגונג. אַלס לעגאַלע פאָרמען פון דער אַרבע־

*) קאַפּלינסקי האָט געהערט צו דער ערשטער גרופּע ייִדישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין ווילנע אין 1897 י. און צוזאַמען מיט אייניקע אַנדערע אַרבעטער האָט ער אין ווילנע אַרויסגעלאָזט דעם ערשטן אומלעגאַלן זשורנאַל. אַרעסטירט בעשאַסן דורכפאַל אין 1898 י., האָט ער דעמלט טאַקע פאַרקויפט זיך זובאַטאָוון. נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען קאַפּלינסקין אַרעסטירט און — לויט דער באַשטימונג פון וו. טש. ק.—געשאָסן. דער אַרכיוו פון פּאָליצײ־דעפּאַרטאַמענט האָט קײַן סאָפעק ניט געלאָזט, אַז ער האָט געאַרבעט אַלס פּראָוואָקאַטאָר.

טער־באַוועגונג אין רוסלאַנד האָבן הויפּטזאַכלעך געדינט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, און אין אייניקע ערטער די אַרבעטער־אוניווערסיטעטן מיט קימאַט אַן אויסשליסלעכער אַרבעטער־אוידיטאָריע. אין „בונד" איז עס געווען גאַנץ אַנ־דערש. דאָ איז נאָכן פאַלן פון דער רעוואָליוציע קיין שום זייכער פון דער לעגאַלער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג ניט געבליבן. וועגן פוילן איז אָפּגערעדט. דאָ האָט פונעם 1905 י. געהערשט די סקאַלאָניאַדע *), וואָס האָט ניט דערלאָזט קיין סימען אַפילע פון אַ לעגאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָ זײַנען אויך אין די רעוואָליוציאָנערע יאָרן קיינע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען ניט געווען. אין ווילנע, ווו אין דעם פרײַהײַט־פּעריאָד איז ברייט געווען אַנטוויקלט די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אין לעגאַלע פאָרמען, זײַנען איצט געווען עטלעכע פאַרוואַלטונגען (בלויז פאַרוואַלטונגען) פון פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען. אַרבעטער־אוילעם איז אין דידאָזיקע פאַריינען ניט געגאַנגען. קיין לעגאַלע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז ניט געווען.

דער בונדישער לעגאַליזם האָט זיך פאַרקערפּערט אינעם שאַפן קולטור־אָרגאַניזאַציעס. אַזוינע קולטור־אָרגאַניזאַציעס זײַנען געווען צווייערליי. ערשטנס, ריין־אַרבעטערישע געזעלשאַפטן; אַזוינע זײַנען געווען אין ווילנע, אין ריגע, אין לאָדז און אַנדערע. אינגאַנצן עטלעכע. דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס זײַנען געווען קימאַט פון איין און דעמזעלבן טיפּ: לויטן באַשטאַנד אַרבעטערישע, לויטן אינ־האַלט מוזיקאַל־דראַמאַטישע. און צומאָל איז אַזאַ אינהאַלט געווען נאָר לעפּאָ־נים (אויסערלעך). דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן צו זיך צוגעצויגן די ברייטע אַרבעטער־מאַסע מיט זייערע אָוונטן, ווו עס פלעגן אַרויסטרעטן ניט נאָר אַר־בעטער, נאָר צומאָל אויך אָרטיקע פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן און דעקלאַמאַטאָרן. אָפט איז עס געווען אַזוי נאָר אויסערלעך, און אין עמעסן האָבן אַלע קרײַז־לעך געפירט אַ קולטורעלע און אַפילע אַ ריין־פּאַרטייִשע פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט. אונטערן שילד פון אַ קרײַזל פלעגט מען אָרגאַניזירן רעפעראַטן, פאַר־אַמלונגען, דאָרט פלעגן אַרויסטרעטן פּאַרטייִשע בונדישע ארומפאָרנדיקע רע־זערענטן (אָרגאַניזירט אין אַ רעפערענטן־גרופּע באַם צ. ק.) און באַלויכטן די אָדער יענע טאָג־פראַגן, דערבײַ האָט מען זיך אויך אין אַ געוויסער—און צו־מאָל אין אַ גאַנץ גרויסער— מאָס גערעכנט מיט די אויפגעוואַכטע ליטעראַריש־קינסטלערישע באַדערפעניש פונעם אויבער־שיכט אין דער ייִדישער אַרבע־טער־מאַסע. רעפעראַטן אַף ליטעראַרישע טעמעס זײַנען געגאַנגען צוזאַמען מיט רעפעראַטן ריין־פּאָליטישע, און דאָס האָט אויך געגעבן אַ מעגלעכקײַט צו פאַר־בלענדן און אָפּנאַרן דאָס אײַנגעגעסענע פּאָליצייִשע אויג. דאָס זײַנען געווען קולטור־געזעלשאַפטן פון אַרבעטער־טיפּ. צום דאָזיקן טיפּ געהערן אויך דירעקט די אָוונט־שולן פאַר אַרבעטער. די סאַמע אָרגאַניזירטסטע צווישן זיי איז גע־ווען די אָוונט־שול אין ווילנע. דידאָזיקע שול איז ביז דער רעוואָליוציע געווען אין די הענט פון אינטעליגענטן קולטור־טוער, אין דעם צײַט־מעשעך פון 10—1908 יאָר גייט זי ביסלעכווײַז אַריבער אין די הענט פון אַן אָרגאַניזירטן בונ־

*) סקאַלאָן איז געווען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער די 10 פּוילישע גובערניעס.

דישן קערנדל, וואָס אים געלינגט צו פֿאַרייניקן אַרום זיך אויך אומפּאַרטייִשע קולטורעלע קרעפֿטן. די אוידיטאָריע (פֿון מענער באַזונדער און פֿון פֿרויען באַזונדער) איז דאָ אַ ריין אַרבעטערישע. דאָ גייט אָן אַן אָרגאַניזירטע סאָציאַליסטישע קולטור־אַרבעט, דער סאָציאַליסטישער גייַסט דרינגט דאָ דורך די לימודים פֿון ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור, פֿון געשיכטע, ייִדישער געשיכטע, עקאָנאָמישער געאָגראַפֿיע און א. וו. פּעריאָדיש ווערן דאָ געלייענט לעקציעס אַף פּאָליטישע טעמעס, אין שול ווערט אָנגעהאַלטן אַן אויסגעוויילטע אינסטיטוציע, עס ווערט פֿאַרשפּרייט ליטעראַטור. אַף אַזאַ אופֿן דינט די אָוונט־שול ווי אַ מין באַזע פֿאַר דעם פּאַרטייִשן אייַנפֿלוס פֿון „בונד" אַף די אַרבעטער־מאַסן.

עס איז אויך געווען אַ צווייטער טיפּ פֿון לעגאַלע פּאָזיציעס פֿאַר דער בונדישער באַוועגונג, דאָס זייַנען געווען ריין־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס: „די געזעלשאַפֿט אַף פֿאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די ייִדן אין רוסלאַנד" און „די ייִדישע ליטעראַרישע געזעלשאַפֿט". די ליטעראַרישע געזעלשאַפֿט איז אופֿגעקומען אין פּעטערבורג, זי האָט אויך באַקומען רעכט צו עפֿענען אָפּטיילונגען אין דער פּראָווינץ, און אין פֿאַרלויף פֿון 2—1 יאָר איז זי געוואָרן אַ ברייט־פֿאַרצווייַגטע אָרגאַניזאַציע מיט אַ גאַנצער נעץ אָפּטיילונגען, צעוואָרפֿן איבער אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון מייַרעוו־און דאָרעם־רוסלאַנד און פֿון פּוילן. איין צייַט האָט די צאָל אָפּטיילונגען דערלאַנגט ביז הונדערט. דידאָזיקע ייִדישע ליטעראַרישע געזעלשאַפֿט האָט פֿאַרייניקט אין אירע רייען אַלע „ייִדישיסטן". אין דעם פּעריאָד, ווען אַלע ייִדישע סאָציאַליסטישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס זייַנען צעפֿאַלן, האָט דידאָזיקע ליטעראַרישע געזעלשאַפֿט אַזוי ווי פֿאַרביטן אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און געשאַפֿן אַף זייער אַלעמענס אָרט איין־איינציקע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפֿטלעכע ריכטונג—ייִדישיזם.

ניט איין מאָל איז אונדז שוין אויסגעקומען אין פֿאַרשיידענע קאַפּיטלעך אָפּצושטעלן זיך אַף דער באַדייַטונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר האָבן געזען, ווי גוואַלדיק־גרויס עס איז געווען די ראָליע פֿון „בונד" אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. ווען די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג האָט געהאַלטן אין בלייַען, איז די ייִדישע ליטעראַטור געווען קימאַט אויסשליסלעך אַ פּאָליטישע. די ייִדישע ליטעראַטן זייַנען קימאַט אַלע אַוועק צו פּאָליטיק, זייַנען געווען אַרייַנגעצויגן אין די פֿילע ייִדישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען.

די קאָריפֿייען פֿון דער ייִדישער קינסטלערישער ליטעראַטור זייַנען אַזוי ווי געבליבן אין שאָטן. די הערשאַפֿט פֿון דער פּאָליטישער טענדענץ און פֿון די פּאָליטישע אינטערעסן האָט אַוועקגערוקט אין הינטערגרונט די קינסטלערישע באַדערפֿענישן פֿון דער אַרבעטער־מאַסע. ווען די רעוואָליוציאָנערע כוואַליע איז אָפּגעגאַנגען און עס איז געקומען דער מאָמענט צונויפֿצורעכענען די קולטור־סאַכאַקלען פֿון דער גרויסער צעניאָריקער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, האָבן אַף דעם זאַמד־ברעג פֿון אונטער דער אָפּגעגאַנגענער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע זיך גענומען אָפּזעצן אַנדערע פֿאָרמען, וואָס אין זיי האָט זיך אַנט־

פּלעקט דערזעלביקער אָנוווּקס פון נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער קולטור. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַזוי־אָנגערופענע „רענעסאַנס״־עפּאָכע. די ייִדישע שפּראַך, וואָס אין מעשעך פון צען יאָר האָט זי געהערשט בלויז אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, האָט איצט אָנגעהויבן צו פירן אַ קאַמף פאַר הערשאַפט אויך אין דער קולטור־באַוועגונג. אינעם פעריאָד פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג איז די ייִדישע שפּראַך געווען בלויז אַ מיטל אַף אַרײַנצוציִען די ברייטע מאַסן אינעם פּאָליטישן און רעוואָליוציאָנערן קאַמף. איצט, ווען די רעוואָליוציע איז געפאַלן, ווערט די ייִדישע שפּראַך אַ ציל פאַר זיך גענומען. אופלעבן די ייִדישע קולטור, קרעפטיקן די ייִדישע שפּראַך, אַנטוויקלען די ייִדישע ליטעראַטור — אָט זײַנען נײַע לאָזונגען, וואָס נעמען אַרום די גאַנצע קלײנבירגערלעכע אינטעליגענץ און אויך יענעם גאַנצן שיכט אַרבעטער־מאַסן, וואָס דער גאַנג פון דער רעוואָליוציע האָט אים אַרײַנגעצויגן אינעם אַקטיוון געזעלשאַפטלעכן לעבן, און איצט נאָך דעם, וואָס דעם עכטן אַוואַנגאַרד פון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג האָט די עמיגראַציע־כוואַליע פאַרטראָגן אַריבער די גרענעצן פון צאַרישן רוסלאַנד, איז ער געבליבן ווי אַפן זאַמד־ברעג נאָכן אָפּפלייץ. דער אָנוווּקס פון קולטור־באַדערפעניש, דאָס אופוואַכן פון קינסטלערישע אינטערעסן — דאָס האָבן מיר די פּאָזיטיווע זײַט אין אָט דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג. דער העלער נאַציאָנאַליסטישער שטראָם און צוזאַמען דערמיט אויך אַ באַשטימטער אַפּאָליטיזם — דאָס איז געווען דער קלײנבירגערלעכער טאָך און אינהאַלט פון דער באַוועגונג.

אין 1908 יאָר איז אין טשערנאָוויץ (אין עסטרײַכישער בוקאָווינע) פּאָרגעקומען די ערשטע אַזויגערופענע ייִדישע שפּראַכקאָנפערענץ. אַף דער קאָנפערענץ האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן קולטור־טוער פון רוסלאַנד, פּוילן, גאַליציע, בוקאָווינע און אַפילע פון אַמעריקע. אַף דערדאָזיקער ייִדישער שפּראַכקאָנפערענץ ווערט דעקלאַרירט דער לאָזונג—קעמפן פאַר די רעכט פון דער ייִדישער שפּראַך. דער קאַמף דאַרף גיין אַף צוויי פראָנטן: אינעווייניק אין דער ייִדישער באַפעלקערונג — קעגן העברעיִש, פאַר וועלכן עס שטייען שטאָל און אײַזן די ציאָניסטן, די קלעריקאַלן און די ליבעראַלן; אינדרויסן — קעגן דער רעגירונג, וואָס אַנערקענט ניט דאָס רעכט פון דער ייִדישער שפּראַך אַף פאַרזאַמלונגען, אין פאַרייגען, אין דער פּרעסע.

אינעם זעלביקן 1908 יאָר דערשײַנט אין ווילנע אַ ליטעראַריש־קינסטלערישער זשורנאַל מיטן נאָמען „ליטעראַרישע מאָנאַטס־שריפטן״ אונטער דער רעדאַקציע פונעם געוועזענעם בונדיסט ווײַטער (דעווענישסקי) *), פונעם געוועזענעם ציאָניסט־סאָציאַליסט (ס.ס.) ש. ניגער (טשאַרנע) און דעם געוועזענעם ציאָניסט ש. גאָרעליק. דידאָזיקע ליטעראַרישע גרופּע טרעט אַרויס מיטן לאָזונג „קונסט צוליב קונסט״ און ציט אַרײַן אין די רייען פון דער „ייִדישיס־

*) ווײַטער איז אַרויס פון „בונד״ נאָך דעם, וואָס דער VII צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן צו פאַרייניקן זיך מיט דער ר.ס.ד.א.פּ. אינעם 1919 י. איז ער צופעליק דערהאַרגעט געוואָרן פון די ווײַסע פּאָליאַקן.

טישער" באַוועגונג נײַע שיכטן פון דער קלײנבירגערלעכער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, וואָס צו פּאָליטיק האָט זי זיך באַצויגן אויסגעשפּראָכן פײַנטלעך.

אָט דער גאַנצער געמיש, וואָס אין אים זײַנען אַרײַן ברוכשטיקער פון רעוואָליוציאָנערע גרופּעס, אופגערודערטע קלײנבירגער, ווייניק באַוווסטזיניקע אַרבעטער, וואָס עס האָט זיי דערשראָקן דער אָפּפאַל פון דער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע,—אָט דער גאַנצער געמיש איז געווען צוזאַמענגענומען אין אַ הונדערט אָפּטײלונגען פון דער „ייִדישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט". עס פאַרשטייט זיך, אַז אַף די פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט פלעגט זיך אָפּט צעפלאַקערן דער קאַמף צווישן די פּיצלעך און ברעקלעך פון די געוועזענע ייִדישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. באַ יעדער אײנציקער פראַגע האָבן זיך צעפלאַקערט „דעבאַטן וועגן די פּלאַטפאָרמען", דערבײַ פלעגט יעדער ברוכשטיק פון דער געוועזענער „לאָגיש־קאָנסעקווענטער" סאָציאַליסטישער „וועלט־אנשויונג" באַמיִען זיך צו דערווײַזן, אַז ער איז געווען גערעכט, אַז ער האָט טאַקע ריכטיק אָפּגעשאַצט די אַנטוויקלונג־טענדענצן פון דער „ייִדישער עקאָנאָמיק", פון דער „ייִדישער קולטור" און ריכטיק געשטעלט דעם פּראָגנאָז, ריכטיק אָנגעוויזן אַף די אײנציקע אַנטוויקלונג־פּראָצעסן אין דער ייִדישער קולטור, און ריכטיק איז געווען זײַן סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָגראַם. באַ אַלע שטרײַטיקײַטן אָבער צווישן אָט די פּאַרטיי־ברעקלעך, באַ דער גאַנצער לײדנשאַפט פון קאַמף אינעווייניק אין די ליטעראַרישע געזעלשאַפטן,—באַ אַלעם דעם האָט דידאָזיקע געזעלשאַפט מיטגעווירקט ניט דערצו, אַז עס זאָלן זיך אויספאָרמירן פאַנאַנדערגעגרענעצטע אינעווייניקסטע פּאַרטיי־קעמערלעך, פאַרקערט, אינעווייניק אין דערדאָזיקער „ייִדישער ליטעראַרישער געזעלשאַפט" האָט זיך קלאָר און באַשטימט אויסגעפורעמט אַן אײנהײַטלעכער קלײנבירגערלעכער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער פּאָליטישער געדאַנק.

די גאַנצע צײַט פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג אין די יאָרן 1908—10 איז פאַר דער אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון די בונדישע ברוכשטיקער (אײַנגעשלאָסן אַהער אויך דער פּאַרטיי־צענטער אין געשטאַלט פונעם צ. ק. און דער רעדאַקציע פון די בונדישע פּעריאָדישע זאַמלונגען), כאַראַקטעריסטיש דאָס באַזונדערע אונטערשטרײַכן, דאָס באַזונדערע אַרויסשטעלן די נאַציאָנאַלע פּראַגן, וואָס ציִען צו צו זיך די הויפּט־אופמערקזאַמקײַט פון דער גאַנצער ניט־גרויסער פּאַרטײיִשער גרופּע. אויב מיר וועלן נעמען דעם צעטל אַרטיקלען, וואָס זײַנען אין די יאָרן 1908—10 געווען געדרוקט אין די פּעריאָדישע זאַמלונגען, וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזט דער פּאַרטײיִשער פאַרלאַג „די וועלט", וועלן מיר דאָ געפינען אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך, וועגן דער ייִדישער קעהילע, וועגן די ייִדישע פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן, וועגן קאַמף פאַר דער ייִדישער שפּראַך, וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע, וועגן דער טאַקסע און אַז. וו.

אין אָט דער ברײטער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וואָס פאַרײניקט האָט זי דער פאָרמלאָזער ייִדישיזם, האָט דער „בונד" זיך באַטײליקט גאָר אַקטיוו. פאַר זײַנס אַ פאַרדינסט האָט דער „בונד" גערעכנט דאָס, וואָס

ער האָט געזועען אַרײַנצוטראָגן אַהער אַ פּאָליטישע אידייע, וואָס ער האָט
געזועען געבן דער באַוועגונג פּאָליטישע לאָזונגען.
און ווירקלעך, אַף אַלע רעפעראַטן, פאָרטראַגן פלעגן די בונדיסטן אַרויסטרעטן,
און זייערע אַרויסטרעטונגען האָבן פאַרמאָגט אין זיך אַ פיל טיפערן פּאָליטישן
אינהאַלט, איידער די דורכויס פאָרמלאָזע, אומבאַשטימטע אַרויסטרעטונגען פון
די אַלע ייִדישע נאַציאָנאַליסטן־דעמאָקראַטן. פאַרן „בונד" האָט דאָס באַטייליקן
זיך זײַנס אין אָט דער אַלגעמיינער ייִדישיסטישער באַוועגונג געהאַט אַ ווערט
אין פראַט פון אויסקלאָרן און באַשטימען זײַן אָרט און לאַגע אין דער אַלגע־
יינער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. דער „בונד" האָט דאָך אין זײַן פּראָגראַם גע־
האַט דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע. דאָס איז געווען
ניט קײַן ווײַטע אַבסטראַקטע פּראָגראַם, דאָס איז געווען אַ רעאַלער לאָזונג,
וואָס פאַרווירקלעכן אים האָט דער „בונד" גערעכנט פאַר זײַן דירעקטער
אופגאַבע.
בעשאַס אין ריגע און אין וואַרשע האָבן די ייִדישע קליינבירגערלעכע און
בירגערלעכע קרײַזן געשטעלט אין טאָג־סיידער די פראַגע וועגן שאַפן אַ וועל־
טלעכע ייִדישע קעהילע, אָדער ריכטיקער, אַרײַנברענגען אַ וועלטלעכן געזעל־
שאַפטלעכן עלעמענט אין דער רעליגיעזער ייִדישער קעהילע, וואָס האָט עקזי־
סטירט פאַרן צאַריזם, האָט דער „בונד", לויט דער אַלגעמיינער פּאָזיציע זײַ־
נער, ניט געקאָנט בלײַבן אינדיפערענט צו דעם איניען. אַרום דעם הייבט זיך
בּיכלאַל אָן אַ באַוועגונג. און אין 1909 יאָר ווערט צונויפגערופן אין קאָוונע
אַ צוזאַמענפאָר פון די ייִדישע קעהילעס,—אין אָט דער באַוועגונג באַטייליקט
זיך דער „בונד" אַקטיוו. אַ ייִדישע קעהילע געבויט אַפן יעסאָד פון אַלגעמיי־
נעם, גלײַכן, דירעקטן און געהיימען וואַלרעכט,—אַזוינס האָט אין דער פאָר־
שטעלונג פון „בונד" געקאָנט זײַן די באַזע פאַר דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער
מעלוכע־אָרגאַניזאַציע, וואָס דערגרייכן עס—האָט דער „בונד" גערעכנט פאַר
זײַן אופגאַבע. אַרײַנגעצויגן אין דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער
באַוועגונג, האָט דער „בונד" געזועען, אַז די באַוועגונג זאָל האָבן אַ מער דע־
מאָקראַטישן כאַראַקטער, ער האָט געזועען אַרײַנצוציִען אין אָט דער באַוועגונג
די אַרבעטער־מאַסן, בּיכדיי אַזוי אַרום דערגרייכן מאַקסימאַלע דעמאָקראַטישע
רעזולטאַטן. דער קאַמף מיט דער פּלוטאָקראַטיע, וואָס האָט געשטרעבט צו זײַן
די אָנפירערן פון דער באַוועגונג, דאָס אָנפירן דעם קאַמף פון די דעמאָקראַ־
טישע גרופעס, דער קאַמף פאַר דער ווירקונג פון די אַרבעטער אינעווייניק
אין אָט דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער באַוועגונג, דער קאַמף
פאַרן בונדישן באַנעמען דעם מעהוס פון נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע קעגן דעם
אויפן באַנעמען פון אַנדערע פאַרטייִשע גרופּירונגען אינעם ייִדנטום,—דאָס
אַלץ איז שוין אַ פּאָליטישע אופגאַבע, און אָט דעם פּאָליטישן עלעמענט האָט
דער „בונד" אַרײַנגעבראַכט אין דער אַלגעמיינער דעמאָקראַטישער באַווע־
גונג.
אין די לעגאַלע געזעלשאַפטן, סײַ פון אַרבעטער־טיפּ, סײַ פון דעמאָקראַטישן
טיפּ זײַנען אין דער ערשטער ריי געווען ניט יענע טוער, וואָס האָבן אָנגע־

האַלטן אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג מיט דער אומלעגאַלער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע,— געווען איז דאָרט צום אַלעם ערשטן יענע גרופּע, וואָס האָט די פאַרבינדונג מיט דער אומלעגאַלער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע איבערגעריסן. דער שטרייט צווישן די „ליקווידאַטאָרן" און „אַנטיליקווידאַטאָרן", וואָס האָט אין די יאָרן 1908—10 גלוטיק געבערענט אין דער אַלגעמיין־רוסלענדער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אין „בונד" אָנגענומען אַן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער. דאָ זיינען געווען קעגנגעשטעלט פון איין זייט אַ געשלאָסענע אונטערערדישע פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, און פון דער אַנדער זייט—אַ ברייטע לעגאַלע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג, און דערצו—קליינע אינזעלעך פון פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע אַרבעטער־אָר־גאַניזאַציעס.

דער שטרייט אין „בונד" צווישן דעם לעגאַליזם און דער אונטערערד האָט,—אָביעקטיוו גענומען—טיילווייז געהאַט דעמזעלביקן כאַראַקטער, וואָס אין דער אַלגעמיין־רוסלענדער באַוועגונג, דאָס הייסט עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם ווערט און דער ווירקונג פון די אומלעגאַלע פאַרטייישע אַפּאַראַטן, וואָס האָבן נאַטירלעך פּרעטענדירט אָנצופירן די גאַנצע באַוועגונג. און טייל־ווייז איז דאָ דער שטרייט געגאַנגען אום דעם, צו פאַרנעמען זיך מיט שמאָ־לער ריין־פאַרטייישער אַרבעט אָדער באַטייליקן זיך אין דער ברייטער נאַציאָ־נאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וואָס דאָ איז דער „בונד" בלויז געווען דער לינקער פליגל אירער. אַזוי איז עס געווען אָביעקטיוו. די בונדיסטישע אָנ־הענגער פון לעגאַליזם האָבן דאַן אַזוי די פראַגע ניט געשטעלט. אַזוי האָבן די פראַגע אויך ניט געשטעלט די בונדישע „באָלשעוויקעס": אי די אי יענע האָבן ניט גערעכנט פאַר קיין כיסאָרן דאָס באַטייליקן זיך פון „בונד" אין דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. אי די אי יענע האָבן צו יענער צייט ניט גערעכנט, אַז אין אָט דער באַוועגונג פאַרנעמט דער „בונד" דאָס אָרט פון אַ נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישן לינקן פליגל. אַלע זיינען זיי גע־ווען זיכער אין דעם, אַז אָט דאָס באַטייליקן זיך באַטייט—פּראָלעטאַרישער קלאַסנקאַמף. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אַ טייל לידערס פון די וואָס אָנגע־הערן צו די אַמערסטן אויסגעשפּראָכענע פאָרשטייער פון נאַציאָנאַליסטישע באַשטרעבונגען אין „בונד", זיינען צו דערזעלבער צייט געווען אָנהענגער פון דעם, אַז אין דער אַלגעמיינער בונדישער באַוועגונג דאַרף אין דער גרעסטער מאָס הערשן די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע.

באַ דעם אַלעם אָבער, באַ די אַלע אייגנאַרטיקייטן פונעם בונדישן לע־גאַליזם און פונעם בונדישן באָלשעוויזם איז דער קאַמף אין „בונד" וועגן אָט דער פראַגע אין אַלגעמיין געגאַנגען אַף דעמזעלבן אופן, ווי אין דער אַלגע־מיינער פאַרטיי. די פראַגע איז געשטאַנען אַזוי: אָדער גרייטן זיך צו אַ נייעם באַוואָפנטן אופשטאַנד און זאַמלען צוליב דעם אַלע רעוואָלוציאָנערע קרעפטן אַרום דער אומלעגאַלער רעוואָלוציאָנערער פּראָלעטאַרישער פאַרטיי, אָדער אַוועקוואַרפן אין אַ זייט אָט די רעוואָלוציאָנערע פּערספּעקטיוון און שאַפן אַ לעגאַלע סטאָליפּינישע „אַרבעטער־פאַרטיי", אַריינוואַקסן אינעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן רעזשים, ווי זיינער אַ באַשטאַנד־טייל. אין יידישן

געבן האָט דאָס לעצטע באַטײַט — אַרײַנ־אָקסן אין דער ייִדישער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג: דאָס איז אייגנטלעך געווען די בונדישע טאַקטיק, האַגאַם דורגעפירט איז זי געווען ניט קאָנסעקווענט. דער צ. ק. פון „בונד" האָט אין אָט דעם פעריאָד איבערגעלעבט אַ טיפן קריזיס, ווײַל די שטאַרקסטע לידערס זײַנע, אַזוינע ווי ליבער, אַבראַמאָוויטש, זײַנען געשטאַנען אין דער שפּיץ פון די לעגאַליסטן. דער צ. ק. פון „בונד", וואָס האָט געהאַלטן מיט די מענשעוויקעס — פאַרטייער, האָט געקעמפט קעגן די ליקווידאַטאָרישע טענדענצן, האָט גאַנץ אָפט דאָ אַרויסבאַוויזן אַן אַנטשלאָסענעם ענערגישן ווידערשטאַנד, און אין גאַנצן און גרויסן האָט ער אַף דער לענג פון די סאַמע פינצטערע יאָרן פון רעאַקציע אַף זײַנע פלייצעס דורכגעטראָגן די בונדישע אָרגאַניזאַציע, איר צוזאַמענגעשלאָסענעם קאַדר, כאָטש אָפט איז אים אַף דער פעריפעריע פון דער אַמאָליקער ברייטער בונדישער אָרגאַניזאַציע אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט אַ העכסט־פײַנטלעכער און צומאָל אַפילע פאַראַכטלעכער באַציִונג צו זיך. ער האָט באַוואָרנט די פאַרטייִיש־בונדישע אָרגאַניזאַציע, ער האָט אָבער ניט באַשיצט דעם קלאַסן־אינהאַלט פון איר אַרבעט.

אין אָט דעם צײַט־פעריאָד מאַכט דער „בונד" אַ גאַנצע ריי פרווון אופצושטעלן דעם צעפאַלענעם צ.ק. פון ר.ס.ד.א.פ. האָבנדיק באַ זיך אינעם אייגענעם צ.ק. פאָרשטייער פון ביידע שטרעמונגען, אי ליקווידאַטאָרן אי פאַרטייער, האָט דער „בונד" דאָ געקאָנט נעמען אַף זיך די ראָליע בלויז פון „אַן ערלעכן מעקלער" צווישן די צוויי צדאָדים, וואָס האָבן געקעמפט אין דער פאַרטיי. מע דאַרף באַמערקן, אַז קײַן עקסקרעמע ליקווידאַטאָרן, אַזוינע וואָס זאָלן פּאָשעט האָבן פאָרגעלייגט פאַנאַנדערצולאָזן די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, ווי עטוואָס אַזוינס, וואָס איז „רעאַקציאָנער" און „שעדלעך" פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, אַזוינע עקסטרעמע ליקווידאַטאָרן זײַנען אין „בונד" ניט געווען. אַזעלכע זײַנען שוין לאַנג אַוועק פון זײַנע רייען, האָבן זיך אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן און מיט זייער מיינונג האָט זיך די פאַרטיי, אַלס פאַרטיי, אינגאַנצן ניט גערעכנט. דעריבער האָט צו יענער צײַט דער צ.ק. פון „בונד", בעשאַסן אַרויסטרעטן אַף די אָדער יענע באַראַטונגען, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום די רעשטלעך פונעם צ.ק. פון ר.ס.ד.א.פ., גאַנץ אָפט געשטיצט די באָלשעוויקעס. אָבער מאַכמעס זײַן צווישנלאַגע, מאַכמעס זײַן ניט האָבן קײַן אויסגעהאַלטענע ליניע איז ער נאָך אָפטער געווען מיט די מענשעוויקעס *).

* * *

סאָף 1910 יאָר איז שוין דער שאַרפער פעריאָד פון צעפאַלונג און רעאַקציע אין „בונד" געווען אַזוי ווי פאַריבער. דער פאַנאַנדערפאַל האָט זיך אָפגעשטעלט. דער פאַרטייִישער צענטער און די באַזונדערע ניט גרויסע גרופעס, וואָס

*) אַגעוו וועלן מיר דאָ באַמערקן, אַז דער לידער פונעם בונדישן „באָלשעוויזם" יודין (אײַזנשטאַט) איז אינעם פעריאָד פון דער פעווראַל־אָקטיאַבער־רעוואָליוציע געווען קלאַל ניט קײַן באָלשעוויק, און איצטער פאַרטרעט ער אין אויסלאַנד צוזאַמען מיט אבראַמאָוויטשן דעם ניט עקזיסטירנדיקן צ. ק. פונעם ניט עקזיסטירנדיקן „בונד".

זײַנען געווען צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע שטעט, האָבן זיך — נאָך די אומגעהייערע קלעפּ — ביסלעכווײַז אויסגעגלײַכט און זײַנען געקומען צו זיך. זיי האָבן איבערגעלעבט אַ טיפן אינווייניקסטן קריזיס, נאָר קוים שוין דורכגעלעבט, האָבן זיי זיך אויסגעפּאָרמיט, אויסגעשטאַלט, האָבן באַנומען זייער לאַגע אין דער באַוועגונג, וואָס אַרום זיי, האָבן אַף קלאָר באַשטימט זייער באַציִונג צו די לעגאַלע פאָרמען און צו דער ליקווידאַטאָרישקײַט. דער קריזיס איז אַוועק, דער צ. ק. פון „בונד" האָט פאַר אַלע בונדישע ניט גרויסע אָרגאַניזאַציעס געשטעלט די פראַגע וועגן צונויפרופן אַן אַלגעמיין־בונדישע פאַרטיי־קאָנפערענץ — די אַכטע בונדישע קאָנפערענץ.

די אַכטע קאָנפערענץ פון „בונד", וואָס איז פאָרגעקומען אָנהייב אָקטיאַבער 1910 י. איז, ווי מיר זעען, אַ איבערבראָך, — פון קריזיס צו ווידער־אויפלעבונג פון דער פאַרטיי־אַרבעט. צונויפגערופן איז געווען די קאָנפערענץ אַפן גרונט פון צווייענדיקע פאָרשטייערשאַפט; עס זײַנען געווען פאָרטראָטן ניט בלויז די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, נאָר אויך יענע לעגאַלע פאַרטייִשע גרופּן, וואָס האָבן געפירט אַן אַרבעט אין לעגאַלע אָרגאַניזאַציעס און דערבײַ אָנגעהאַלטן פאַרבינדונג מיט דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אַזאַ דערגאַנצונג־פאָרשטייערשאַפט האָבן באַקומען בלויז פיר שטעט: וואַרשע, לאָדז, ווילנע און ריגע. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין לוואָוו, באַטייליקט אין איר האָבן זיך 21 מאַן, אַרײַנגערעכנט שוין אין דער צאָל אי דעם גאַנצן באַשטאַנד פון צ. ק. אי דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד".

אינעם טאָג־סיידער פון דער אַכטער קאָנפערענץ זײַנען געווען די־דאָזיקע פראַגן:

1) וועגן די לויפנדיקע פּאָליטישע אויפגאַבן. 2) די אָרגאַניזאַציאָנעלע פראַגע. די ביידע פראַגן זײַנען געווען פאַרייניקט אין איין פּונקט: אונדזער אַרבעט. 3) וועגן דער ייִדישער קעהילע. 4) דער קאַמף פאַר גלײַכבאַרעכטיקונג פון דער ייִדישער שפּראַך. 5) וועגן שאַבעס־רו. 6) די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דומע־פראַקציע.

פון דעם געבראַכטן טאָג־סיידער קאָן מען זען, וואָסערע פראַגן האָבן אין יענער צײַט אַמערסטן אויפגערירט די אָנפירנדיקע קרײַזן פון „בונד". שפּעטער וועלן מיר זיך אָפּשטעלן עטוואָס גענויער אַף די דעבאַטן אַרום אָט די פראַגן, מאַכמעס די־דאָזיקע דעבאַטן זײַנען גאַנץ כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלסטיקע שטימונגען אין „בונד". צו דער צײַט פון דער אַכטער קאָנפערענץ זײַנען די שאַרפע טאַקטישע שטרײַטיקײַטן אין בונד צום טייל שוין אויסגעוועפּט געוואָרן. דאָס איז טיילווײַז פאָרגעקומען מאַכמעס דעם, וואָס מיט אַ האַלב יאָר פריִער פאַר דער קאָנפערענץ האָט די רעאַקציע צעשלאָגן אַלע לעגאַלע פאָרמען פון דער בונדישער פאַרטיי־אַרבעט. ליקווידירט זײַנען געוואָרן די מוזיקאַל־דראַמאַטישע געזעלשאַפטן, פאַרמאַכט האָט מען „די ייִדישע ליטעראַרישע געזעלשאַפט" מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען, אומעטום זײַנען פאָרגעקומען אַרעסטן, אַרויסשיקונגען, דערבײַ זײַנען אויך פאַרשיקט געוואָרן די צוויי וויכטיקסטע לידערס פונעם קאָנסעקווענטן בונדישן מענשעוויזם — ליבער און

אַבראַמאָוויטש. ליקווידירט די לעגאַלע פאָרמען פון אַרבעט — איז אויך אין אַ געוויסער מאָס שוין געווען ליקווידירט דער עצעם שטרײַט וועגן לעגאַליזם. דער שטרײַט האָט שוין געהאַט מער אַ טעאָרעטישן כאַראַקטער, און אַלנפאַלס איז צווישן די בונדישע אַקטיווע לעגאַלע טוער שטאַרק געוואָרן די טענדענץ צו דערנעענטערן זיך צו דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

אַף דער קאָנפערענץ זעען מיר פאָרשטייער פון אַלע שאַטירונגען, ניואַנסן, אויסער די עקסטרעמע פליגלען פון ליקווידאַטאָרישקײַט און באָלשעוויזם. פאַרן „בונד״ איז דאָס טיפּיש אין אַלע צײַטן. אינעם גאַנג פון דער אַרבעט אַרום די אַלגעמיין־פּאָליטישע פראַגן האָט זיך אָנגעצייכנט אַ שטרעבונג צו אייניקײַט, ניט בלויז צו פאָרמעלער אייניקײַט, מע האָט געשטרעבט אויסצוגעפינען אַזאַ פאָרמולירונג, וואָס זאָל ווירקלעך פאַרייניקן אַלע שטרעמונגען, די פאָרמול זאָל אין זיך אײַנהאַלטן אי די לעגאַלע פאָרמען פון דער באַוועגונג אי די פּאַרטייישע אָנפירונג מיצאַד דעם פעסטגעשלאָסענעם פּאַרטייישן אומלעגאַלן קערנדל.

די רעזאָליוציע „וועגן אונדזער אַרבעט״ מיינט גאָר ניט צו ענטפערן אַף דער גרויסער פראַגע וועגן דעם ווײַטערדיקן גורל פון דער רוסישער רעוואָ־ליוציע. און צוזאַמענגעשטעלט איז זי אַזוי, אַז זי קאָן אינגאַנצן באַפרידיקן די מענשעוויקעס און אַפילע די „ליקווידאַטאָרן״. וועגן דעם איצטיקן היסטאָרישן מאָמענט זאָגט די רעזאָליוציע:

„מיר לעבן איבער אַ מאָמענט פון דויערנדער רעאַקציע, וועלכער כאַראַק־טעריזירט זיך, צווישן אַנדערע, מיט דעם, וואָס די רעגירונג, פאַרשמעלערנדיק וואָס ווײַטער אַלץ מער און מער די זאָגעזאַנטע קאָנסטיטוציע, פאַרבײַטנדיק רעכט אַף ווילקיר, שטרעבנדיק צו פאַרוואַנדלען די צענטראַלע דעראָבערונג פון דער רעוואָליוציע, די דומע, אין אַ פיקציע, מאַכן פון איר פאַקטיש אַ גע־זעץ-באַראַטנדע אײַנריכטונג, — גיט זי דאָך די הערשנדע קלאַסן גענוג מעג־לעכקײַט ברייט צו אָרגאַניזירן זייערע קרעפטן; באַם פּראָלעטאַריאַט אָבער שטרעבט זי אָפּצונעמען אָדער מאַכן צו גאָרנישט די אַזוי אויך באַגרענעצטע מעגלעכקײַט פון אָרגאַניזאַציע, די לעצטע פרוכט פון רעוואָליוציע, אַזוי אַז קעגן די אָרגאַניזירטע קרעפטן פון דער בורזשואַזיע און פינצטערער מאַכט פון דער רעאַקציע זאָל דער פּראָלעטאַריאַט שטיין אינגאַנצן אומבאַוואָפנט, צעשטויבט, דעזאָרגאַניזירט. דערבײַ האָבן דער עקאָנאָמישער קריזיס, דער גע־זעלשאַפטלעכער ייִעש און די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג און העצע, וועלכע די רעגירונג און די הערשנדע קלאַסן בלאָזן אוף און האַלטן אונטער אין לאַנד, געבראַכט דערצו, אַז פון איין זײַט נוצן די אַרבעטער שוואַך אויס אַפילע די באַגרענעצטע מעגלעכקײַט פון אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיי האָבן; פון דער אַנ־דער זײַט, באַשאַפט זיך פאַר די אַרבעטער אַ געפאַר, זי זאָל ווערן צעברעקלט, זי זאָל פאַרקלענערן איר שווונג, פאַרשמעלערן אירע אופגאַבן״.

דאָ איז סטאַם אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער געפאַר פון „פאַרקלענערן דעם שווונג״ און „פאַרשמעלערן די אופגאַבן״ פון דער באַוועגונג. נאָר די עצעם כאַראַקטעריסטיק פונעם מאָמענט פירט אַרויף אַפן געדאַנק, אַז די הויפּט־אויפ־

גאַבע, וואָס שטייט דאָ פאַרן פּראָלעטאַריאַט, איז—זען דערשלאָגן זיך צו באַקומען זײַן געזעצלעכן כיילעק באַם באַטייליקן זיך אינעם נאָך־רעוואָליוציאָנערן סאָציאַל־פּאָליטישן רעזשים, וואָס דער הויפּט־געווינס זײַנער איז די מעלוכישע דומע און אייניקע „פרײַהייַטן".

אַזוי אויך פאַרשמעלערט קומען אויס די אויספירן. דער וויכטיקסטער פון זיי איז פאָלגנדיקער:

„אין דעם מאָמענט איז די אופגאַבע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי — צו זאַמלען די קויכעס פונעם פּראָלעטאַריאַט אַפן באָדן פון באַפרידיקן זײַנע לעבנס־אינטערעסן אין אַלע געביטן פון זײַן קאַמף, וועקן דעם אינטערעס צו ברייטע פּאָליטישע אופגאַבן, אויסשמידן פון די אַרבעטער־מאַסן אַ פעסטגעשלאָסענע אַרמיי, וועלכע זאָל, אָרגאַניזירנדיק זיך, פאַרברייטערן די מעגלעכקײַט פון אָרגאַניזאַציע, פירנדיק דעם אַלטעגלעכן קאַמף, אונטערגראָבן די יעסוידעס פון דער רעאַקציע און זיך צוגרייטן צו שטירצן דעם הײַנטיקן פּאָליטישן רעזשים, קעדיי צו באַשאַפן גינסטיקע באַדינגונגען פרײַ צו אָרגאַניזירן זיך צום קאַמף פאַרן ענדציל.

„אין אַזאַ מאָמענט איז באַזונדערס נייטיק אײַנצופלאַנצן אין די מאַסן די אידייע וועגן דער אייניקײַט פון אַלע פאָרמען פון פּראָלעטאַרישן קאַמף, די אידייע פונעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קלאַסנקאַמף".

און דאָ זעען מיר אַ דערנעענטערונג צו די פאָרמולעס פון די ליקווידאַטאָרן: „אָרגאַניזירנדיק זיך, פאַרברייטערן די מעגלעכקײַט פון אָרגאַניזאַציע", „אונטערגראָבן די יעסוידעס פון דער רעאַקציע", צוזאַמען מיט דעם קומט דער רוף „זיך צו גרייטן צו שטירצן דעם הײַנטיקן פּאָליטישן רעזשים". דאָ האָבן מיר אַ געוויסע אומקלאָרקײַט. דאָס ווערט אָבער אויסגעקלאָרט אינעם נײַעם פונקט פון דער רעזאָליוציע:

„די פּאָליטישע אַרבעט פון אונדזערע אָרגאַניזאַציעס דאַרף זיך הויפּט־זאַכלעך קאָנצענטרירן אַרום די פראַגן, וועלכע ווערן באַהאַנדלט אין דומע.

„אופדעקנדיק די שטעלונג פון דער רעגירונג און פון די פּאַרטייען אין דומע און זייער קלאַסן־אינהאַלט, דאַרף מען אָנווענדן די אופמערקזאַמקײַט פון די מאַסן אַף די אַרויסטרעטונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע, פּאָפּולאַריזירן ברייט אירע געזעץ־פּראָעקטן, ווירקן אַף אירע באַפאָרשטייענדע טריט, שאַפנדיק איר דורך דעם אַ שטענדיקע אונטערשטיצע.

„אַ באַדײַטנדן אינהאַלט פאַר אונדזער אַרבעט קאָן, אַכוץ דער אַרבעט אַרום דער דומע, שאַפן אויך די אַגיטאַציע אַפן באָדן פון פאַרשיידענע וויכטיקע דערשײַנונגען פון געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן לעבן: די טעטיקײַט פון דער רעגירונג, פון דער שטאָטישער און פּראָווינציעלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, פאַרשיידענע זעלבשטענדיקע אַרויסטרעטונגען און צוזאַמענפאָרן פון געזעלשאַפטלעכע גרופּן און אָרגאַניזאַציעס.

„אַ וויכטיקן אָרט אין אונדזער פּאָליטישער אַרבעט דאַרף פאַרנעמען די פּאָפּולאַריזירונג פון אונדזערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען און דער קאַמף פאַר

זייער פאַרווירקלעכונג, וואָס וועט אויך זײַן דער בעסטער מיטל צו פאַרהיטן די מאַסן פון דעם אײַנפלוס פון פאַרשיידענע בורזשואַזע פאַרטייען".

אָט דאָס איז אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דער רעזאָליוציע וועגן דער פּאָליטישער אַרבעט. די דאַמאָלסטיקע מענשעוויקעס — פּאַרטייער וואָלטן בעסער געקאָנט פאַרדעקן זייער מיטגעפיל צו די פּאָליטישע פאָרמולעס פון די ליקווידאַטאָרן. דער שטרײַט צווישן די „לעגאַליסטן" און די „אונטערערד־אָנהענגער" איז געלייזט געוואָרן אַזוי, אַז די העגעמאָניע דאַרף האָבן די אונטער־ערדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

„די גאַנצע אַרבעט אַף אַלע געביטן ווערט פאַראייניקט און אָנגעפירט דורך די אָרטיקע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס.

„אום בעסער דורכצופירן די אַרבעט, מוז זי אומעטום, ווו אונדזערע מיט־גלידער גייען אַרײַן צוזאַמען מיט אַנדערע, בילדן באַזונדערע פּאַרטיי־גרופּן.

„די קאָנפערענץ שטרײַכט באַזונדער אונטער די נייטיקײַט אומעטום צו אָרגאַניזירן פּאָליטישע קאַסעס, ווו מ׳דאַרף צוציִען אויך די כאַוויירים, וואָס נעמען ניט קיין שטענדיקן אַנטייל אין דער אַרבעט פון דער אָרגאַ־ניזאַציע" *).

סאַנקציאָנירנדיק דאָס באַטייליקן זיך פון די אַרבעטער אין פאַרשיידענע ול טור־געזעלשאַפטן, פאָדערט די רעזאָליוציע בלויז דאָס, אַז

„אין די געזעלשאַפטן, ווו די אַרבעטער גייען אַרײַן צוזאַמען מיט אַנדערע שיכטן, מוז מען קעמפן דערפאַר, דיזע געזעלשאַפטן זאָלן וואָס בעסער צו־פרידן שטעלן די קולטורעלע נויטן פון די אַרבעטער. מע מוז קעגנשטעלן אונד־זער וועלט־אַנשויונג דער וועלט־אַנשויונג פון דעם בורזשואַזן טייל און אַף אַזאַ אופן פאַרהיטן די אַרבעטער פון זײַן אײַנפלוס"

צו לעצט ווערט אינווייניק אין צ. ק. ליקווידירט דער שטרײַט צווישן זײַן גרונט־קערנדל און די לעגאַליסטן. ער ווערט אַף דער קאָנפערענץ אופגע־לייזט דורך אַ קאָמפּראָמיס, אָבער ווידער צום גונסטן פונעם גרונט־קערנדל:

„רעכענענדיק פאַר געוווּנשן און נייטיק באַ די איצטיקע אָביעקטיווע באַדינ־גונגען, אַז אין דער קאָלעגיע פון צ. ק. זאָלן צוזאַמען מיט די כאַוויירים, וואָס בלײַבן אינגאַנצן אין זײַן רעשוס, אַרײַנגייען אויך אַזוינע, וואָס האָבן ניט קיין מעגלעכקײַט שטענדיק צו באַטייליקן זיך אין זײַן פּראַקטישער אַרבעט, — געפינט אָבער די קאָנפערענץ פאַר נייטיק אײַנצושטעלן אין דער קאָלעגיע אַזאַ מין סיידער פון אַרבעט, אַז דאָס מאַקסימאַלע אויסנוצן אירע קויכעס זאָל ניט אָפּהאַלטן דאָס אויספירן צו דער צײַט די לויפנדיקע אַרבעט פון צ. ק." **).

אויבן האָבן מיר אינעם טאָג־סיידער פון דער קאָנפערענץ אָנגעמערקט דרײַ פונקטן, וואָס זײַנען שײַעך צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין וואָס זײַנען באַ־שטאַנען די הויפּט־כעלוקע־דייעס אַרום אָט די פראַגן?

---

*) דער לעצטער אָפּזאַץ איז געבראַכט פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

**) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם, מיט וועלכער דער „בונד“ איז לעבאַטכילע אַרופּ־געקומען אַף דער אַרענע פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר פּאָזיציע פון „נייטראַליזם“, ווי דאָס האָט פאָרמולירט דער ערשטער שעפער פון דער בונדישער פּראָגראַם — וולאַדימיר מעדעם *).

די בונדישע טוער האָבן געשטעלט פאַר זיך די פראַגע, צי גייט די אַנטוויקלונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט אין דער ריכטונג פון אַסימילירן זיך מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, אַזוי, אַז די שטאַרקערע קולטור פון דער נאַציע, וואָס זי איז די מערהייט, וועט אַרויסשטויסן די יידישע שפּראַך און קולטור, אָדער די אַנטוויקלונג־טענדענץ גייט אין דער ריכטונג פון פאַרשטאַרקן די יידישע נאַציאָנאַלע קולטור, די יידישע שפּראַך, די יידישע שול, ליטעראַטור, פּרעסע און ד. ג. אַף דערדאָזיקער פראַגע האָבן די בונדישע טעאָרעטיקער די ערשטע צייט מיט אַ קיוון קיין ענטפער ניט געגעבן. זיי האָבן געזאָגט, אַז אין קאַמף מערקן זיך אָן צוויי טענדענצן, וואָס איינס מיטן צווייטן קאָנקורירן, איינס דעם צווייטן וויל גויווער זיין. די בונדיסטן זעען איין אָט די ביידע טענדענצן, און דערמיט שיידן זיי זיך אונטער פון די „איסקראָוועס“ — אין יענער צייט — וואָס האָבן פעסט און קאַטעגאָריש אָנגעוויזן, ווי אַף אַן אייזערנעם געזעץ, אַף דער אומפאַרמיידלעכקייט פון אַסימילאַציע פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, און פון די יידישע בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן, וואָס האָבן געוווסט אויך בלויז פון איין טענדענץ — פון דער טענדענץ צו נאַציאָנאַליזירן.

די צווייטע פראַגע, וואָס די בונדיסטן האָבן געשטעלט פאַר זיך, קאָן פאָרמולירט ווערן אַזוי: צי דאַרף די פּאַרטיי זיין אַקטיוו אינעם פאַרשטאַרקן די אָדער יענע טענדענץ, צי איז זי פאַרינטערעסירט צו פאַרשטאַרקן די טענדענץ פון אָנוווקס פון דער נאַציאָנאַלער קולטור אָדער פאַרקערט? אָט אַף דערדאָזיקער צווייטער פראַגע האָט געענטפערט די טעאָריע פונעם בונדישן „נייטראַליזם“. דידאָזיקע טעאָריע זאָגט אָט־וואָס:

מיר ווייסן ניט אַקוראַט, וווהין עס פירט די געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונג. ס'איז ניט אונדזער אופגאַבע אַריינצומישן זיך אינעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, ניט אין דער ריכטונג פון פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע קולטור, ניט אין דער ריכטונג פון ליקווידירן די נאַציאָנאַלע קולטור. נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע — די ביידע זיינען פּראָגראַמען נאַציאָנאַליסטישע, בורזשואַזע, וואָס אין זיי שפּיגלען זיך אָפּ די אינטערעסן פון די הערשנדיקע קלאַסן פון דער אָדער יענער נאַציע. מיר, בונדיסטן, זיינען אין דעם פּראַט „נייטראַליסטן“. אונדז איז וויכטיק פעסטצושטעלן, אַז אין די נאָענטסטע יאָרצענדלי־

*) וול. מעדעם איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין יאַנוואַר 1923. ביזן סאָף איז ער געבליבן אַף זיין מענשעוויסטישער און נאַציאָנאַליסטישער פּאָזיציע. אין 1920 י. פאַרלאָזט ער פוילן. די לעצטע כאַדאָשים פון זיין לעבן איז ער געווען דער לידער פון דער אַנטיסאָוועטישער קאַמפּאַניע אין אַמעריקע מיט דעם לאָזונג, אי פאַרברעכערישן אי אומגעלומפּערטן, צו קעמפן קעגן יידישע פּאָגראָמען... אין ראַטנרוסלאַנד.

קער וועט די ייִדישע שפּראַך, אַלס די רייד־שפּראַך פון די ברייטע מאַסן, עקזיסטירן, די נאַציאָנאַלע קולטור וועט וואַקסן. מיר שטעלן פאַר זיך די אויפגאַבע צו באַוואָרענען איר פרייַע אַנטוויקלונג און צו זיכערן פאַר איר פרייַהייט פון אַנטוויקלונג, גאַראַנטירן געוויסע מעלוכע־רעכטלעכע באַדינגונגען פאַר איר אַנטוויקלונג — און גענוג. וואָס וועט זייַן ווייַטער — דאָס וועט שוין דער אָביעקטיווער גאַנג באַווייַזן. רעגולירן אָט דעם גאַנג, זען אים פאַרגיכערן אָדער פאַרלאַנגזאַמען — דאָס איז ניט אונדזער אויפגאַבע.

אָט דאָס איז געווען די בונדישע קאָנצעפּציע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע אינעם ערשטן עקזיסטענץ־פּעריאָד פון „בונד". דידאָזיקע „נייטראַליסטישע" פּאָזיציע פון בונד האָט אַזוי ווי איינגעשטעלט אַ געוויסע גרענעץ צווישן זייַן באַנעמען די נאַציאָנאַלע פראַגע און דעם ייִדישן בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם — פון איין זייַט, און דער רעוואָלוציאָנערער „אַסימיליאַטאָרישקייַט" (אַזוי האָט מען באַצייכנט דעם קוק פון „איסקראַ")—פון דער אַנדער זייַט. פאַרן ייִדישן נאַציאָנאַליזם האָט געהאַט אַ ווערט דאָס, וואָס דער „בונד" האָט געלייקנט אין אַ שוין באַשטימטער אומפאַרמייַדלעכקייַט פון דער ייִדישער אַסימיליאַציע אין צוקונפט. דאָס איז אָבער פאַר אים, פאַרן ייִדישן נאַציאָנאַליזם, געווען ווייניק. ער האָט געפאָדערט, דער „בונד" זאָל קאַטעגאָריש אַנערקענען, אַז אינעם געשיכטלעכן גאַנג ווערט די ייִדישע קולטור אַלץ מער פאַרשטאַרקט. ער האָט געפאָדערט נאָך מערער: דער „בונד" זאָל זיך ניט באַנוגענען דערמיט, וואָס ער וועט קעמפן פאַר די רעכט פון פרייַער אַנטוויקלונג פאַר דער ייִדישער קולטור, וואָס ער וועט קעמפן פאַר באַשטימטע מעלוכע־גאַראַנטיעס אין געשטאַלט פון נאַציאָנאַל־קולטערלער אַווטאָנאָמיע, -- נאָר אין זייַן טעטיקייַט זאָל ער האָבן אין אויג צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע קולטור, קעמפן קעגן די אַסימילירנדיקע טענדענצן.

פאַרבלייַבן אַף דער „נייטראַליסטישער", אַף אָט דער צווישנדיקער פּאָזיציע איז, ווירקלעך, געווען אַ שווערע זאַך. מעגלעך איז עס געווען קאָלזמאַן דער „בונד" האָט זיך געווען פאַרנומען בלויז מיט רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, מיט אַגיטאַציע, מיט אַרייַנציִען די מאַסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין רעאַקציע־פּעריאָד האָט דער „בונד" (ריכטיקער—די בונדיסטן) זיך דירעקט גענומען פאַר באַשטימטער קולטור־אַרבעט. און דאָ האָט ער שוין געמוזט געבן אַ קלאָרן ענטפער, וועלכע צילן האָט ער פאַר זיך אין זייַן קולטור־טעטיקייַט. און דאַן מאַכט דער „בונד" גאָר אַ היפּשן טראָט אַף צו קומען אַנטקעגן דעם נאַציאָנאַליזם, אַנטשלאָסן און אָן שום טייַנעס זאָגט ער זיך אָפּ פון זייַן אַמאָליקער „נייטראַליסטישער" פּאָזיציע; און אָפּגעגעבן דעם „נייטראַליזם" אין אַרכיוו אַרייַן, איז ער אַוועק ניט אַפן וועג פון פאַרשטאַרקן די אַסימיליאַציע־טענדענצן אין דער אָביעקטיווער ווירקלעכקייַט, נאָר פאַרקערט — אַפן וועג פון מיטהעלפן די טענדענצן צו פאַרשטאַרקן די נאַציאָנאַלע קולטור אַף דער ייִדישער שפּראַך. אין זייַן ווארפן די אַמאָליקע פּאָזיציעס איז דער אָנהייב געווען— דאָס באַטייליקן זיך אין דער אויבנדערמאָנטער טשערנאָוויצער ייִדישער שפּראַך־קאָנפערענץ. דער ווייַטערדיקער וועג איז געווען — די אָפענע דיסקוסיע צווישן

מעדעמען און זעלצערן (גראָסער)*), וועלכער איז ביזן סאָף געבליבן באַ דער „נייטראַליסטישער" פּאָזיציע.

פריִער, פאַר דער אַכטער קאָנפערענץ, האָט מען אין דער בונדישער לי־טעראַטור געקאָנט געפינען נאָך מער ווײַטגייענדיקע פאָרשלאָגן. אין דער פראַגע וועגן דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער שפּראַך, וואָס באַם „בונד" איז עס איצט געוועזן אַן אַקטועלער פּאָליטישער לאָזונג, זײַנען געוועזן אָנהענגער דער־פון, אַז די אָרגאַנען פון דער קומענדיקער יִדישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע זאָלן אויך באַשיצן און פאַרטיידיקן די רעכט פון דער יִדישער שפּראַך פאַר די אַלגעמיין־מעלוכישע אײַנריכטונגען,—דאָס באַטײַט—אָרגאַניזירן אַ נאַציאָנאַלן קאַמף.

צו דער צײַט פון דער אַכטער קאָנפערענץ זײַנען אָט די שטרײַטיקײַטן אַרום דער שפּראַך־פראַגע, וואָס פאַרן קאָנסאָלידירן דעם בונדישן נאַציאָנאַליזם האָבן זיי געהאַט אַ גרויסע, ערנסטע באַדײַטונג, קימאַט ווי שוין ניט געווען. קײַן אָנהענגער פונעם אַלטן „נייטראַליזם" האָבן זיך קימאַט ווי ניט געפונען. אַזוינע האָבן זיך געפילט אינגאַנצן איזאָלירט און זיי האָבן קלאָר פאַרשטאַנען, אַז באַשיצן דידאָזיקע פּאָזיציע איז אין „בונד" אומעגלעך, און די, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר פאַרברייטערן די קאָמפּעטענץ פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע, פאַרברייטערן אין דער דערמאָנטער ריכטונג פון באַשיצן די רעכט פון דער שפּראַך,— די זײַנען צו דער צײַט פון דער קאָנפערענץ אויך געבליבן איזאָלירט. אַף אַזאַ אויפן זײַנען אַרום דער שפּראַך־פראַגע קײַן שום דעבאַטן אַף דער אַכטער קאָנפערענץ ניט פאָרגעקומען. די אַכטע קאָנפערענץ האָט זיך פון לעכאַטכילע באַגנוגנט מיט אַ שפּראַכלעכער נאַציאָנאַלער דעמאָנסטראַציע. אָן קיינע דעבאַטן איז פון אָנהייב אָן געווען באַשלאָסן, אַז די קאָנפערענץ פון „בונד" וועט זײַן געפירט אַף דער יִדישער שפּראַך, אַז יִדיש וועט זײַן די אָפיציעלע שפּראַך פון דער קאָנפערענץ. אָט דאָס איז געווען אַ נײַס. די פרי־ערדיקע בונדישע צוזאַמענפאָרן האָבן זיך געפירט סײַ אַף יִדיש, סײַ אַף רוסיש. דעם פּרעזידיִום פלעגט עס ניט אַרן און קײַן „פּרינציפּעלע" פראַגן האָט אין דעם פּראַט דער פּרעזידיום קיינמאָל ניט געשטעלט.

נאָכדעם האָט די אַכטע קאָנפערענץ אָנגענומען אַ דעקלאַראַטיווע רעזאָליו־ציע וועגן דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דער יִדישער שפּראַך. וויכטיק איז אָבער געווען ניט די רעזאָליוציע גופע, נאָר אָט דער אידעאָלאָגישער אָטעם, אָט די אידעאָלאָגישע קאָנצעפּציע, וואָס האָט דידאָזיקע רעזאָליוציע אופגענומען פאַר אַזאַ וויכטיקער, פאַר אַזאַ נייטיקער. וויכטיק איז געווען אָט דער טעמפּעראַ־מענט, אָט דער בײַגעשמאַק, וואָס אַרום דערדאָזיקער רעזאָליוציע.

אויך אין באַציִונג צו דער קאָמפּעטענץ פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַיוטאָנאָמיע האָט דער „בונד" פאַר די יאָרן פון רעאַקציע דורכגעמאַכט אַ היפּשן מעהאַלעך. דאָ איז צווישן דעם „בונד" און די אַנדערע יִדישע פּאַרטיי־ען געווען געלעגן אַ געוויסע גרענעץ. דער זעקסטער צוזאַמענפאָר פון „בונד"

*) זעלצער (גראָסער) איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע בונדישע לידערס אין פּוילן, אַ מין פּוילישער מעדעם, ער איז געשטאָרבן אין 1912 יאָר פון טיפוס.

אין אָקטיאַבער 1905 יאָר האָט פּינקטלעך פאָרמולירט די בונדישע פּאָזיציע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. מיר ברענגען דאָ אינגאַנצן דידאָזיקע גרונט־רעזאָליוציע:

„נעמענדיק אין אנבאַטראַכט, אַז די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אין אַלע אירע פאָרמען, פאַרטונקלענדיק דעם קלאַסנבאַוווסטזייַן פון דעם פּראָלעטאַריאַט, רופט זיך אָפּ אַף דעם שעדלעכסטן אויפן אַף די אינטערעסן פון באַפרייַונגס־קאַמף פון דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט פון דער מעלוכע און פאַלט מיט איר גאַנצער מאַסע אַף דעם אַרבעטער־קלאַס פון דער אונטערדריקטער נאַציע מיט דעם, וואָס זי פאַרהאַלט די אַנטוויקלונג פון זייַנע קרעפטן אין אַלע געביטן פון זייַן לעבן און פירט אַראָפּ זייַן קלאַסנקאַמף פון ריכטיקן וועג — איז דער כויוו פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קעמפן קעגן יעדער נאַציאָנאַלער אונטער־דריקונג, סייַ דירעקטע, סייַ אומדירעקטע.

„אַנערקענענדיק, אַז נאָר דער סאָציאַליזם, וועלכער וועט אויסוואָרצלען אַלע פאָרמען פון קלאַסנהערשאַפט, וועט אויך ברענגען די פולקאָמע באַפרייַונג פון יעדער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, מוז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין די גרענעצן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג שטרעבן צו דערקעמפן יענעם מאַקסימום פאַרזיכערונג קעגן נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן, וועלכע איז מעגלעך צו דערגרייכן אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

„נעמענדיק ווייַטער אין אנבאטראַכט, אַז אַלס אַזאַ פאַרזיכערונג קען דינען — אויסער דער אַלגעמיינער דעמאָקראַטיזירונג פון דער מעלוכע־אָרדענונג און די געוויינלעכע גאַראַנטיעס פון דער בירגערלעכער און פּאָליטישער גלייַכבאַרעכ־טיקונג, ווי אויך די גלייַכבאַרעכטיקונג פון דער שפּראַך — נאָר די באַשאַפונג פון אַזעלכע מעלוכע־רעכטלעכע אייַנריכטונגען, וועלכע מאַכן מעגלעך פאַר יע־דער נאַציע אַ פרייַע קולטורעלע אַנטוויקלונג, אַז צוליב דעם, וואָס רוסלאַנד איז באַוווינט פון פאַרשיידענע פעלקער, וועלכע ווערן אַלץ מער און מער צו־נויפגעמישט באַ דער אַנטוויקלונג פון דער הייַנטיקער קאַפּיטאַליסטישער ווירט־שאַפט, איז אומעגלעך זיי טעריטאָריאַליש פאַנאַנדערצוגרענעצן, קענען די אויבנ־דערמאָנטע מעלוכע־רעכטלעכע אייַנריכטונגען זיך אויסגיסן נאָר אין אַ אויסער־טעריטאָריאַלער פאָרם, אין אַ פאָרם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָ־נאָמיע.

„נעמענדיק דאָס אַלץ אין אנבאטראכט, פאָרמולירט דער זעקסטער צוזאַ־מענפאָר פון „בונד", זייַענדיק ביכלאַל אייַנשטימיק מיט דער פּאָזיציע, אַף וועלכער דער פערטער צוזאַמענפאָר האָט זיך געשטעלט מיט דער רעזאָליוציע וועגן דערדאָזיקער פראַגע, די פּראָגראַם פון „בונד" אין דער ייִדישער נאַציאָ־נאַלער פראַגע אין פאָלגנדע פּונקטן:

1) פולע בירגערלעכע און פּאָליטישע גלייַכבאַרעכטיקונג פאַר ייִדן.

2) אַ מעגלעכקייַט פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג, גאַראַנטירט דורכן געזעץ, צו באַנוצן די אייגענע שפּראַך אין די אופטראַגן מיט דעם געריכט און מיט די אייַנריכטונגען, ווי פון דער מעלוכע אַזוי אויך אָרטיקער און טעריטאָרי־אַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג.

3) נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע: אויסשליסן פון דעם רעשוס פון דער אָרטיקער און טעריטאָריאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג די פונקציעס, וועלכע זייַנען פאַרבונדן מיט קולטור־פראַגן (פאָלקס־בילדונג און אַנדערע) און איבערגעבן זיי דער נאַציע זעלבסט, אין דער געשטאַלט פון באַזונדערע איינריכטונגען, ווי אָרטיקע אַזוי אויך צענטראַלע, געוויילט פון אַלע מיטגלידער אַפן גרונט פון אַלגעמיינער, גלייַכער, דירעקטער און געהיימער אָפּשטימונג.

אָנמערקונג: די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע נעמט ניט אָפּ פון דער צענטראַלער געזעצגעבנדער מאַכט דאָס רעכט אייַנצושטעלן געוויסע נאָרמען, וועלכע אַלע זייַנען מעכויעוו אָנצונעמען, אין פראַגן, וואָס האָבן אַן אַלגעמיינע באַדייַטונג פאַר אַלע נאַציעס פון רוסלאַנד, ווי צום בייַשפּיל, אַז אַלע מוזן באַקומען אָנפאַנגס־בילדונג, אַז די לימודים מוזן טראָגן אַ ריין־וועלטלעכן כאַראַקטער און אַזוי ווייַטער, און דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן, אַז די אַלע נאָרמען זאָלן אָפּגעהיט ווערן".

נאָר איין געביט, דעם געביט פון גייַסטיקער קולטור, האָט דער „בונד" גערעכנט פאַר מעגלעך אויסצושליסן פון דעם רעשוס פון די אַלגעמיינע מעלוכע־אָרגאַנען און איבערגעבן עס אין רעשוס פון דער פּאָליטיש־אָרגאַניזירטער זיך זעלבסטפאַרוואַלטנדיקער יידישער נאַציע. דאָס האָט באַטייַט נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע, זעלבסטפאַרוואַלטונג אין געביט פון קולטור, אין געביט פון ריין־קולטורעלער אַרבעט.

נאָר דער „בונד" האָט זיך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, האָט פאַרלאָרן די קלאַסן־גרענעצן,—און דאָס האָט געשטויסן דעם „בונד" צו ווייַטערע טריט.

פון דער פריערדיקער רעוואָליוציאָנערער פאָרמולע אינגאַנצן צו פאַרניכטן די יידישע געטאָ און אופבויען — אין געביט פון קולטור — אַ נייַע זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַ דורכויס נייַע, וואָס זאָל ניט זייַן פאַרבונדן מיט די פריערדיקע, מיט די אַלטע פאָרמען,—פון אָט דער רעוואָליוציאָנערער פאָרמולע איז דער „בונד" אַריבער אַף אַ שטאַנדפּונקט פון עוואָליוציע. פונעם קאַמף פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע, וואָס איז געבונדן מיט אַראָפּשלייַדערן די זעלבסטהערשונג און אייַנשטעלן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, איז דער „בונד" אַריבער צום „אַרייַנוואַקסן" אינעם עקזיסטירנדיקן מעלוכע־סיידער. געפונען אינעם אַרומיקן לעבן אָרגאַנען פון דער אַלטער יידישער רעליגיעזער קעהילע, אָרגאַנען, וואָס „האָבן נאָך אין זיך כּיעס", וויל דער „בונד" זיך אָנכאַפּן פאַר אָט די רעשטלעך, פון אינווייניק זיי רעאָרגאַניזירן און פאַרוואַנדלען זיי אין דעמאָקראַטישע אָרטיקע און צענטראַלע אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער יידישער אַווטאָנאָמיע. אָנגעכאַפּט זיך אָבער פאַר די טויטע רעשטלעך פון אַלטוואַרג, איז דער „בונד" אַרייַן אין פלען פון אַלטוואַרג. ס'האָבן זיך געלאָזט הערן שטימען, אַז שאַפן באַזונדערע יידישע שפּיטאָלן — דערינען איז קייַן שום בייז ניטאָ. מע האָט גערעדט און געשריבן און געדרוקט אין די בונדישע אָרגאַנען, אַז אַזוינס איז אַפילע נייטיק, דורכויס באַקוועם, מאַכמעס (ווי עס האָט געשריבן דער באַוווסטער בונדישער ליטעראַטאָר פון יענער צייַט אַ. ליטוואַק) דער

קראַנקער ייִד, מיט אַ געדריקטער שטימונג, וועט זיך בעסער פֿילן, ווען זײַן שאָכן, נאָך אַ קראַנקער, וועט זײַן אַ ייִד, וואָס וועט מיט אים ריידן אַף דער אייגענער שפּראַך, וועט מיט אים ריידן ייִדיש, און ניט פֿאַר אים אַ פֿרעמדער, פֿון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט, מיט אַ שפּראַך, וואָס ער פֿאַרשטייט ניט. דער פּריִערדיקער בונדישער גרויסער פֿאַכעד פֿאַר פֿאַרברייטערן די קאָמפּעטענץ פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע איז ביסלעכווײַז אַוועק. וועגן דער פֿראַגע האָט מען אָנגעהויבן צו דיסקוסירן, און ניט פּרינציפּיעל, נאָר „זאַכלעך”. מ'האָט אַרײַנגעטראָגן פֿאַרשיידענע פֿאָרשלאָגן אַף צו דערגאַנצן די קאָמפּעטענץ פֿון דער ייִדישער נאַציאָנאַל-קולטורעלער אַווטאָנאָמיע. די פּרינציפּיעלע גרענעץ צווישן דעם „בונד” און דעם לינקן, דעם סאָציאַליסטישן פֿליגל פֿון ציאָניזם איז פֿאַרווישט געוואָרן.

דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַף דער אַכטער קאָנפֿערענץ בעשאַסן באַהאַנדלען די פֿראַגע וועגן דער ייִדישער קעהילע. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז דער „בונד” האָט גערעדט ניט וועגן אַ רעליגיעזער קעהילע, נאָר וועגן אַ קעהילע אַ וועלטלעכער. די קאָנפֿערענץ האָט, פֿאַרשטייט זיך, אַרויסגעשטעלט די פֿאָדערונג פֿון אַלגעמיינעם, גלײַכן, דירעקטן און געהיימען וואַלרעכט. טראַכטן מיר זיך אָבער אַרײַן אין דער רעזאָליוציע וועגן דער ייִדישער קעהילע און פֿאַרגלײַכן מיר זי מיט די רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראַטישע פֿאָדערונגען, וואָס דער „בונד” האָט פֿאָרמולירט אַף זײַן זעקסטן צוזאַמענפֿאָר, אין די אָקטיאַבער-טעג — 1905 י. — דאַן קאָנען מיר גאַנץ קאַטעגאָריש זאָגן, אַז פֿון דעם רעוואָליוציאָנערן גײַסט איז דאָ שוין קײַן זייכער ניט געבליבן. דער „בונד” האָט זיך דאָ אַ קערעווע געטון צום פֿאַרשימלטן ייִדישן נאַציאָנאַליזם.

דעם גרונט-געדאַנק פֿון דערדאָזיקער רעזאָלוציע איז צו זען פֿון פֿאָלגנדיקן פּונקט:

„קעמפֿנדיק דערפֿאַר, אַז די ייִדישע קעהילע זאָל רעפֿאָרמירט ווערן, זאָל אַף אַ געזעצגעבערישן אויפֿן פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וועלטלעכער אײַנריכטונג, דעמאָקראַטיש אָרגאַניזירט אַפֿן יעסאָד פֿון אַלגעמיינעם, גלײַכן, געהיימען, דירעקטן וואַלרעכט, מיט אַ סיסטעם פֿון פּראָגרעסיווע האַכנאָסע-שטייערן פֿאַר די פֿאַרמעגלעכע שיכטן, אַנשטאָט דער איצטיקער טאַקסע, וואָס דאַרף אָפּגעשאַפֿט ווערן,—געפֿינט די קאָנפֿערענץ, אַז אויך די איצטיקע אָליגאַרכישע קעהילע, וויבאַלד אין איר קאָמפּעטענץ גייען אַרײַן אַזוינע פֿונקציעס, וואָס זײַנען זייער וויכטיק פֿאַר די לעבנס-אינטערעסן פֿון די ברייטע מאַסן, וויבאַלד זי גיט אַרויס באַשטימונגען, וואָס פֿאַקטיש זײַנען זיי אָבליגאַטאָריש, באַלאַסטעט די מאַסן מיט אומדירעקטע שטײַערן אַף זאַכן פֿון ערשטער נייטיקײַט און צו דערזעלבער צײַט דינט זי אַף צו פֿאַרשטאַרקן דעם אײַנפֿלוס פֿון די רעדלפֿירער אַף די ברייטע ייִדישע מאַסן,—דאַרף זײַן אַ געביט פֿון אונדזער טעטיקײַט *).

נאָך אינטערעסאַנטער זײַנען אין דעם פּראַט געוועזן די דעבאַטן אַרום דער פֿראַגע וועגן שאַבעס-רו. דידאָזיקע פֿראַגע האָט זיך פֿאַרן „בונד” געשטעלט

*) פֿון אַ רוסישער איבערזעצונג.

הויפּטזאַכלעך אין פּוילן. וועגן דער באַדײַטונג פון דער פראַגע האָבן מיר שוין גערעדט. צו דער צײַט פון דער קאָנפערענץ האָט די פראַגע באַקומען אַ באַשטימטע אַקטועלע פּאָליטישע באַדײַטונג. די רעגירונג האָט אין דומע אַרײַנגעטראָגן אַ געזעץ־פּראָעקט וועגן רעגולירן דעם אַרבעט־טאָג פון די האַנדלס־אינדוסטריעלע אָנגעשטעלטע און פון די האַנטווערקערישע אַרבעטער. די פראַגע וועגן דעם רו־טאָג איז אַזוי אַרום געוואָרן אַקטועל. די פּוילישע בורזשואַזיע איז דאָ געקומען מיט אַ באַשטימטער פאָדערונג, אײַנצושטעלן איין רו־טאָג פאַר דער גאַנצער באפעלקערונג, אַז דער אָבליגאַטאָרישער רו־טאָג זאָל זײַן זונטיק. די פּוילישע בורזשואַזיע האָט גוט געוווּסט, אַז די ייִדישע הענדלער אין פּוילן מיט זייערע רעליגיעזע געוווינהײַטן און פאַרורטיילן וועלן זיך בעשומויפן ניט אָפּזאָגן פון צו רוען שאַבעס, און איז דעריבער אויסן געווען מיט איר פאָדערונג דערלאַנגען אַ קלאַפּ די ייִדישע סאָכרים, וואָס וועלן אַזוי אַרום ניט קאָנען האַנדלען גאַנצע צוויי טעג אין וואָך, געצוווּנגען צו האַלטן אי שאַבעס אי זונטיק. אין אַ גרויסער מאָס האָט אָט דער רעאַקציאָנערער געזעץ אין זיך געהאַט אַן עלעמענט פון איגנאָרירן און אַפילו פון פאַרפאָלגן אַ באַשטימטע רעליגיעזע גרופּע. אַף אַזאַ אויפן איז אין אַ געוויסער מאָס געווען באַרעכטיקט די פאַרינטערעסירטקײַט, וואָס עס האָבן דאָ אַרויסגעוויזן ייִדישע אַרבעטער, האַנדלס־אָנגעשטעלטע און פאַרטייִשע רייען אין „בונד“. מע האָט געדאַרפט רעאַגירן. די פראַגע האָט זיך באַהאַנדלט אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציע און זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטיצן די בונדישע פּאָזיציע. די אַכטע קאָנפערענץ פון „בונד“ איז פאַרגעקומען ערעוו אַ נײַעם באַהאַנדלען די פראַגע אין דומע. דער „בונד“ האָט דאָ געדאַרפט קלאָר פאָרמולירן זײַן פּאָליטישע פּאָזיציע, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין „בונד“ זײַנען אין אָט דער פראַגע דאָ געוויסע מיינונג־פאַרשיידנקײַטן.

ווידער איז דאָ געגאַנגען דער שטרײַט וועגן די אַנטוויקלונג־טענדענצן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, צי דאַרף דער „בונד“ מיט זײַן טעטיקײַט ביכלאַל מיטווירקן דער אָדער יענער נאַציאָנאַליזירנדיקער אָדער אַסימילירנדיקער טענדענץ, און אויב יאָ—איז גראָד וועלכער טענדענץ דאַרף מיטווירקן אַ פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי. ווי אַזוי האָט דער „בונד“ אַף דער פראַגע געענטפערט? איינע האָבן געזאָגט, אַז די טענדענץ פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פירט באַשטימט דערצו, אַז עס זאָל פאַרשווינדן דער איצטיקער נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער אונטערשייד בענעגייע צום רו־טאָג, און עס זאָל אײַנגעשטעלט ווערן איין רו־טאָג פאַר אַלעמען. דעריבער איז, פאַרטיידיקנדיק די אינטערעסן פון די וואָס היטן שאַבעס, מוז מען אָבער זען די פאָדערונג פאָרמולירן,—ניט אַף צו צו פאַרפעסטיקן דעם שאַבעס, נאָר געבן די מעגלעכקײַט דער ייִדישער באַפעלקערונג אויסצוקלײַבן און אַליין באַשטימען פאַר זיך דעם רו־טאָג. דער ייִדישער אָפּשטאַם פון דעם אָדער יענעם האַנדלס־אָנגעשטעלטן באַטײַט נאָך ניט, אַז ער דאַרף אַרבעטן זונטיק און רוען שאַבעס. מ'דאַרף פאָדערן פון יעדן האַנדלס־אָנגעשטעלטן, ער זאָל אַליין מעלדן, וועלכן טאָג וויל ער רוען—שאַבעס אָדער זונטיק. צווישן אָט דער גרופּע זײַנען נאָך געווען אַזוינע, אָבער בלויז יעכידים,

וואָס האָבן דערצו צוגעגעבן: און מיר פון אונדזער זײַט, אַלס פּאַרטיי, דאַרפֿן מיט אונדזער אַגיטאַציע זען אופֿווירקן אַף דער ברייטער מאַסע האַנדלס־אָנגעשטעלטע און האַנטווערקערישע אַרבעטער, אַז פֿאַר זייער רו־טאָג זאָלן זיי נעמען נ י ט ש אַ ב ע ס, נ אָ ר ז ו נ ט י ק. לייזן אַזוי די פֿראַגע, האָבן זיי אָנגעוויזן,—דאָס דיקטירט דער גאַנג פֿון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, וועלכער פֿאַרמישפּעט דעם באַזונדערן שאַבעס־רו אַף אומקום, און דאָס באַפֿעלן אויך די אינטערעסן פֿון פּראָלעטאַרישער אייניקייַט.

די צווייטע גרופּע האָט ניט געזאָגט באַשטימט, אַז אונדזער אופֿגאַבע איז צו פֿאַרפֿעסטיקן שאַבעס־רו אין דער ייִדישער מאַסע. איר שטאַנדפּונקט האָט זי פֿאָרמולירט אַזוי, אַז קלוימערשט האָט זי אין אויג בלויז די רעאַלע אינטערעסן פֿון אַרבעט־שוץ. זיי האָבן געזאָגט—מיר דאַרפֿן זיך רעכענען מיט די איצטיקע פֿאַרהעלטענישן. מיר האָבן פֿאַר זיך אַ פֿאַקט: די ייִדישע מאַסע אַרבעט זונטיק און רוט שאַבעס. איז אַזוי דאַרף עס אויך אָנגעצייכנט ווערן אין געזעץ. ייִדן האַלטן שאַבעס, מוסולמענער—פֿרײַטיק, קריסטן—זונטיק. אויב אָבער וועלכע ס'איז איינציקע גרופּעס פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג ווילן אַרבעטן שאַבעס און רוען זונטיק, דאַרפֿן זיי אַליין וועגן דעם מעלדן. דאָ איז בעפּיירעש איגנאָרירט געוואָרן די אַנטוויקלונג־טענדענץ; אָביעקטיוו גענומען, האָבן מיר דאָ די שטרעבונג צו פֿאַרהאַלטן די אַנטוויקלונג, פֿאַרפֿעסטיקן דעם פֿאַקט, וואָס די מערהײַט ייִדן פֿײַערן שאַבעס, ניט שאַפֿן קײַן נייטיקייַט פֿאַר יעדערן זעלבסט צו באַשטימען זיך, און דערמיט גופֿע אַראָפּנעמען פֿון דער פּאַרטיי די היסכייַוועס מיטצוהעלפֿן די אַרבעטער ריכטיק אויסצוקלײַבן פֿאַר זיך אַ רו־טאָג. די דיסקוסיע אַרום אָט דער פֿראַגע—וועגן מיטווירקן דער אָדער יענער טענדענץ—איז געוועז געפֿירט זייער לעבהאַפֿט אי פֿאַר דער קאָנפֿערענץ אי בעשאַס דער קאָנפֿערענץ.

אַף דער אַכטער קאָנפֿערענץ איז די פֿראַגע ניט געלייזט געוואָרן ניט אין דער איינער און ניט אין דער צווייטער ריכטונג, וואָרעם די שטימען האָבן זיך צעטיילט גלײַך אַף גלײַך.

די רעזאָלוציע פֿון דער קאָנפֿערענץ זאָגט:

„נעמענדיק אין אַכט, אַז אין דער ערשטער לייזונג פֿונעם געזעץ־פּראָעקט, שטעלט די גאָסוד. דומע אײַן זונטיק אַלס אַן אָבליגאַטאָרישן רו־טאָג פֿאַר דער גאַנצער מעלוכע, אַז אַזאַ אײַנשטעלונג אין רוסלאַנד, ווו ס'איז פֿאַראַן אַ קריסט־לעכער, ייִדישער און מאַכמעדאַנישער האַנדל־פּראָלעטאַריאַט דריקט די געוויסנס־פֿרײַהײַט פֿון די ייִדישע און מאַכמעדאַנישע האַנדל־אָנגעשטעלטע, נעמט אָפּ בײַ זיי די נאָרמאַלע רו אין די יאָנטעוו־טעג, וואָס זײַנען היסטאָריש אײַנגעשטעלט אין זייער סוויווע, און שטערט זיי אינעם באַפֿרידיקן זייערע קולטור־רעלע באַדערפֿענישן,—

„רופֿט אויף די אַכטע קאָנפֿערענץ פֿון „בונד” די ייִדישע האַנדלס־אַנגעשטעלטע אמענערגישסטן צו קעמפֿן קעגן דעם באַשלוס פֿון דער גאָסוד. דומע, אין וועלכן מיר זען אײַן אַן אויסדרוק פֿון פּאָליטיק פֿון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, וואָס ס'פֿירט די רעגירונג און די דומע־מערהײַט.

„די קאָנפערענץ מאַכט אָבער אופמערקזאַם די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דומע־פראַקציע, אַז אויך די פּאָזיציע, וועלכע זי האָט פאַרנומען אין דיזער פראַגע, באַפרידיקט ניט די אינטערעסן פונעם האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט, ווייל דאָס איינשטעלן אַן אָבליגאַטאָרישן רו־טאָג פאַר יעדער באַזונדערער שטאָט ברענגט אָביעקטיוו דיזעלבע רעזולטאַטן, ווי דער באַשלוס פון דער דומע־מערהייט, פירנדיק צו דער אונטערדריקונג פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין יעדער באַזונדערער שטאָט.

„אינגאַנצן אונטערשטיצנדיק די אַלגעמיינע פאָדערונגען אין דער פראַגע וועגן נאָרמאַלער רו פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע האָט אַרויסגעשטעלט, האַלט די קאָנפערענץ פאַר אומבאַדינגט נייטיק אַזאַ לייזונג פון דער פראַגע וועגן רו־טאָג, וועלכע זאָל באַפרידיקן די פּאָליטישע באַדערפענישן פון דעם האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט, און זעט אַזאַ לייזונג אין איינשטעלן דורכן געזעץ דריי טעג פון וועכנטלעכער רו: זונטיק, פרייטיק, שאַבעס, און אַפּן געזעצלעכן אויפן גאַראַנטירן דעם יידישן פּראָלעטאַרישן דאָס רעכט צו פייערן שאַבעס, באַזייטנדיק דעם צוואַנג צו פייערן אויך אַן אַנדער טאָג".

מיר האָבן זיך גענוי אָפּגעשטעלט אַף דידאָזיקע דריי נאַציאָנאַלע פראַגן, קעדיי עס זאָל די לייענער קלאָר ווערן, אַף וואָס פאַר אַ אידעאָלאָגישן באָדן איז געוואַקסן דער דעמאָלסטיקער בונדישער פאַרטייִשער געדאַנק.

מאַכמעס דער באַזונדערער שעפע פון נאַציאָנאַלע פראַגן, מאַכמעס דער היפּערטראָפיע פון נאַציאָנאַליזם האָבן דאָ די אַנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ, די סאַמע אַקטיווע טוער פון „בונד", דערפילט אַן עקלהאַפטע איבערגעזעטיקטקייט. און ווי אַ מין רעאַקציע אַף אָט דער היפּערטראָפיע פון נאַציאָנאַליזם, האָט די קאָנפערענץ אין איינער פון אירע רעזאָלוציעס רעקאָמענדירט דעם צ. ק. און דער אָנפירנדיקער ליטעראַרישער גרופּע, וואָס מער אופמערקזאַמקייט שענקען די פראַגן פון סאָציאַלן כאַראַקטער—צו דער פאַרמינערונג פון די נאַציאָנאַלע פראַגן. די עצעם מעגלעכקייט פון אַזאַ רעזאָלוציע באַווייזט, אַז אין דעמדאָזיקן פּעריאָד האָט ווירקלעך אין „בונד" געהערשט די פולע היפּערטראָפיע פון נאַציאָנאַליזם.

---

קאַפּיטל זיבעצן

# דער בלאָק מיט די מענשעוויקעס

פאַרזיגלט אין די רעזאָליוציעס פון דער אַכטער קאָנפערענץ זײַנען אידעאָ־לאָגיע, אין דער געשטאַלט, וואָס זי האָט באַקומען אין די יאָרן פון דער רעאַק־ציע, אינעם גאַנג פון זײַן באַטייליקן זיך אין דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַל־דע־מאָקראַטישער באַוועגונג, האָט דער „בונד״,—ניט אײַנרײַסנדיק דערבײַ מיט דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער באַוועגונג,— אַף די נאָענטסטע עטלעכע יאָר זיך אַזוי ווי צוריקגעקערט צו זיך אַהיים, אין דער יידישער אַרבעטער־מאַסע, אינעם געביט פון סאָציאַלע פראַגן און סאָציאַלן קאַמף. די אַרבעטער־מאַסע קומט ביס־לעכווײַז צו זיך נאָך די קלעפּ פון דער רעאַקציע. ערגעץ־ווו קומען ווידער אוף שטרײַקן. די אָרטיקע פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציעס הייבן אָן אַרומצוואַקסן מיט אַרבעטער־יוגנט. עס קומען פאָר אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען, און עס באַ־טייליקן זיך אין זיי הונדערטער אַרבעטער. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פאַרברייטערט זיך און ווערט קרעפטיקער. דאָ איז פאָרגעקומען, אין אַ קורצער צײַט נאָך דער קאָנפערענץ, די ערשטע פּאָליטישע באַגעגעניש פונעם „בונד״ מיט די מענשעוויקעס־ליקווידאַטאָרן, און עס ווערט קלאָר, אַז די ביידע האָבן איינע פּאָליטישע אַנזיכטן.

אינעם שטרײַט צווישן די ליקווידאַטאָרן און די באָלשעוויקעס אַרום דער פראַגע וועגן אײַנהיטן אָדער ליקווידירן די פּאַרטיי, איז די אָרגאַניזאַציע פון „בונד״, ווי מיר האָבן פריִער געזאָגט, געווען געשטימט אַנטיליקווידאַטאָריש. ווען עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן די פּאָליטישע אַלטעגלעכע אופגאַבן, איז דער „בונד״ געגאַנגען צוזאַמען מיט די דעמאָלסטיקע מענשעוויקעס־ליק־ווידאַטאָרן. דאָס האָבן שוין באַוויזן די רעזאָליוציעס פון דער אַכטער קאָנ־פערענץ.

די באַגעגעניש, וועגן וועלכער מיר רעדן, איז פאָרגעקומען אַפן האַנטווער־קער־צוזאַמענפאָר אין יאַנוואַר 1911 יאָר אין פּעטערבורג. די אַכטע קאָנפערענץ — פאָרגעקומען אין אָקטיאַבער 1910 יאָר — האָט אָנגענומען אַ ספּעציעלן באַשלוס אַרײַנצוציִען די ברייטע מאַסע האַנטווערקערישע אַרבעטער אין דער קאַמפּאַניע אַרום דעם צוזאַמענפאָר פון די האַנטווערקער. באַלד, טאַקע נאָך דער אַכטער קאָנפערענץ, האָט די קאַמפּאַניע זיך אָנגעהויבן. זי איז געווען געפירט אין עטלעכע צענטערן און אין אַ געוויסן זינען האָט זי געהאַט אַ פּאָ־זיטיווע באַדײַטונג. אין ווילנע, לאָדז, ביאַליסטאָק זײַנען געמאַכט געוואָרן— און מיט אַ געוויסן ערפאָלג—פּרוּוון אופצולעבן די קימאַט שוין טויטע לעגאַלע

פּראָפעסיאָנעלע פֿאַריינען, וואָס צו דער צײַט פֿונעם האַנטווערקער־צוזאַמענפֿאָר איז פֿון זיי געבליבן קימאַט נאָר די סטאַטוטן אָן פֿאַרוואַלטונגען און אָן מיט־גלידער־רעגיסטראַציע.

אין ווילנע זײַנען אופֿגעשטעלט געוואָרן דרײַ פּראָפעסיאָנעלע פֿאַריינען. מ׳האָט אָרגאַניזירט גרופּעס אַרבעטער, וואָס זײַנען אַוועק צום שטאָטישן הויפּט (גאָלאָוואַ) און האָבן פֿון אים געפֿאָדערט צוניפֿרופֿן וואַל־פֿאַרזאַמלונגען אַף אויסצוווילן דעלעגאַטן אַפֿן האַנטווערקער־צוזאַמענפֿאָר. ס׳זײַנען געוואָרן אָרגאַניזירט פּאָרוואַל־פֿאַרזאַמלונגען, מ׳האָט געפֿירט אַ געוויסע פּאָרוואַל־אַגיטאַציע. די לאָזונגען זײַנען דאָ געווען בלויז טיילווײַזע, לויט דער פֿאָרמול: „אָרגאַניזירנדיק זיך, פֿאַרברייטערן די מעגלעכקײַטן פֿון אָרגאַניזאַציע״.

די דעלעגאַציע פֿון די פּראָפֿאַריינען אַפֿן האַנטווערקער־צוזאַמענפֿאָר איז געווען אָרגאַניזירט אַפֿן פּאַרטייִשן אויפֿן. און ווירקלעך, אַפֿן צוזאַמענפֿאָר זײַנען אינעם באַשטאַנד פֿון דער אַלגעמיינער דעלעגאַציע אויך געווען אייניקע פֿאַראַנט־וואָרטלעכע בונדישע פּאַרטיי־טוער, בעסויכאָם אויך אַ מיטגליד פֿון צ. ק. פֿון „בונד״. אין די געמיינזאַמע זיצונגען פֿון דערדאָזיקער דעלעגאַציע מיט די פֿאָרשטייער פֿון מאָסקווער און פּעטערבורגער לעגאַלע פּראָפֿאַריינען האָט זיך אָנגעמערקט די פֿולע אייניקײַט אין פּאָליטישע אנזיכטן: די בונדיסטן האָבן באַוויליקט די פּעטיציע־קאַמפּאַניע פֿון יענער צײַט און האָבן אויך מיטגעפֿילט דער גאַנצער פּאָליטישער קאָנצעפּציע פֿון די דעמאָלסטיקע ליקווידאַטאָרן. פֿון דעמאָלס אָן פֿירט אַרײַן דער „בונד״ אויך אין זײַן פּראַקטיק די אַזויגערופֿענע פּעטיציעס — דאָס זאַמלען אונטערשריפֿטן אַף געוויסע רעזאָליוציעס (אַ פּעטיציע־קאַמפּאַניע אַרום דעם געזעץ וועגן דער שטאָטישער זעלבספֿאַרוואַלטונג אין פּוילן, אַרום דעם געזעץ וועגן דעם אַרבעט־טאָג פֿון די האַנטווערקער). עמעס, געוויסע אינווייניקסטע מיינונג־פֿאַרשיידנקײַטן האָבן געצווונגען דעם „בונד״ אין אַ געוויסער מאָס וויכער צו מאַכן די פֿאָרמולעס פֿון די ליקווידאַטאָרן. דער „בונד״ האָט אין זײַנע פֿאָרמולירונגען זיך ניט באַנוגנט מיט בלויזע טייל־ווײַזע לאָזונגען, ער האָט דערצו נאָך פֿאָרמולירט, וועלכע באַדינגונגען זײַנען נייטיק אַף צו דערגרייכן די פֿאַרווירקלעכונג פֿון די טיילווײַזע לאָזונגען, אַלנפֿאַלס האָט זיך אָבער אין אַ מער פֿאַרבאַהאַלטענער פֿאָרם אָנגעמערקט אַ באַשטימטע אייניקײַט מיט די דעמאָלסטיקע מענשעוויקעס.

די אַרבעט פֿון צ. ק. פֿון „בונד״ האָט זיך געקרעפֿטיקט, די פֿאַרבינדונג מיט די שטעט האָט זיך פֿאַרשטאַרקט. אין 1911ג יאָר איז אַרויף אַפֿן טאָג־סיידער די פֿראַגע וועגן אופֿשטעלן אַ לעגאַלע פּאַרטייִשע צײַטונג. מ׳האָט אָרגאַניזירט זאַמלונגען, הויפּטזאַכלעך צווישן דער אינעם „בונד״ אָנגעשלאָסענער אינטעליגענץ, צווישן יענע גרופּעס געוועזענע פּאַרטייִשע טוער, וואָס זייער צאָל איז געווען באַזונדערס גרויס אין פּעטערבורג, מאָסקווע, ריגע, אָדעס, קיעוו, כאַרקאָוו, קאַטערינאָסלאַוו. צווישן דער אַרבעטער־מאַסע זײַנען די זאַמלונגען ניט געווען ברייט אָרגאַניזירט. ס׳איז געוואָרן אָנגעמערקט, אַז דער ערשטער נומער פֿון דער בונדישער, דערוויַיל וועכנטלעכער, צײַטונג זאָל דערשײַנען אָנהייב 1912 יאָר.

* * *

איידער מיר ווילן איבערגיין צו די געשעענישן אין דער צייט פון לענער בלוט־באָד, ווילן מיר נאָך דאָ פּיל־ווייניק רעדן וועגן פּוילן און די דאָרטיקע פּאַרהעלטענישן. ניט געקוקט אַף דער מאַסן־עמיגראַציע אין די יאָרן 1908—1907, איז דער „בונד" דאָ דאָך געווען טיף פאַרוואָרצלט אין דער ברייטער מאַסע יידישער אַרבעטער־באַפעלקערונג. אין וואַרשע איז, ווי פריער, געווען אַ גאַנצער צענדליק אומלעגאַלע יידישע פראָפאַריינען מיט אויסגעוויילטע פאַרוואַלטונגען, מיט דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן צומאָל אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן פאַך. אַזוינע אומלעגאַלע פראָפאַריינען האָבן געהאַט די גאַרבער, די סטאָליערס, די שניַידער, די שוסטער,—קימאַט אַלע מער־ווייניקער גרויסע פאַכן. קיַין לעגאַלע פאַריינען זיַינען אין וואַרשע ניט געווען. אין די פאַריינען מיט א געמישטער אַרבעטער־באַפעלקערונג, באַזונדערס אַף די לעדער־און אַף די שוסטער־פאַבריקן, איז דעם „בונד" אָפּט אויסגעקומען זיך צוזאַמענשטויסן מיט גרופּעס אַרבעטער פון פּ. ס. ד. עס זיַינען אַפילע געווען צוויי פאַריינען. איין פאַריין, וואָס האָט פּאַקטיש פאַרייניקט די קריסטלעכע אַרבעטער און אָנגעפירט האָט אים די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דער צווייטער—דער פאַריין פון די יידישע אַרבעטער, וואָס זיַין אַרבעט איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט דער אַרבעט פונעם ערשטן. אין דעם וואָס עס האָבן עקזיסטירט באַזונדערע נאַציאָנאַלע פאַריינען, קאָן מען ניט איַינזען דעם בייזן ווילן ניט פון די בונדיסטן, ניט פון די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דאָס איז געווען אַן אומפאַרמיַידלעכער רעזולטאַט פון דער נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקיַיט, וואָס האָט געהערשט צווישן די יידישע און פּוילישע אַרבעטער און אויך פון דעם, וואָס עס האָבן עקזיסטירט באַזונדערע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס פון „בונד" און פון פּ. ס. ד. אין אַ גרויסער מאָס האָט זיך עס גענומען פון דער *אומלעגאַלער* באַוועגונג, וואָס האָט אויך פון איר זיַיט אָפּגעזונדערט די אַרבעטער און האָט פאַרשוועריקט די אופגאַבע איַינצואָרדענען אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער. צומאָל זיַינען אַזוינע פאַרזאַמלונגען פאָרגעקומען; די אַרבעטער זיַינען אָבער געווען שוואַך אָרגאַניזירט, אַ שטענדיקע רעגולערע אופווירקונג אַף זיי מיצאַד איין איינהיַיטלעכער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע האָט דאָ געפעלט,—דעריבער האָבן אַזוינע פאַרזאַמלונגען געבראַכט צו סיכסוכים און אַפילע צו נאָך פאַרשטאַרקטער נאַציאָנאַלער צעריסנקיַיט.

אין לאָדז האָבן זיך נאָך איַינגעהיט לעגאַלע פראָפאַריינען, אָבער אויך דידאָזיקע לעגאַלע פאַריינען זיַינען געווען באַזונדערע. עס זיַינען געווען צוויי פאַריינען פון טעקסטיל־אַרבעטער—אַ יידישער און אַ פּוילישער, עס זיַינען געווען צוויי פאַריינען פון אַרבעטער־שניַידער,. און די ביידע פאַריינען, דאַרף מען זאָגן, האָבן זיך אַנטוויקלט דורכויס זעלבשטענדיק. זיי איז ניט אויסגעקומען אַפילע צו באַגעגענען זיך אום צו רעגולירן איניאָנים פון עקאָנאָמישן קאַמף. דער פאַריין פון די יידישע טעקסטיל־אַרבעטער האָט אין זיך אַריַינגענומען די פון אַמאָל איבערגעבליבענע ניט גרויסע גרופּעס האַנט־וועבער פון די קליינע אונטערנעמונגען. דער הויפּט־פאַריין פון די טעקסטיל־אַרבעטער האָט באַ זיך

געהאַט די מאַסע פּוילישע אַרבעטער פון דער גרויסער טעקסטיל־פּראָדוקציע. די שנײַדער־וואַרשטאַטן זײַנען אויך געווען פאַנאַנדערגעגרענעצט לויט דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פון די אַרבעטער. קײַן אויסגעשפּראָכענע געמײנזאַמקײַט פון אַלטעגלעכע אינטערעסן איז ניט געווען.

אין דעם ארומיקן אופגעבראויזטן ווילדעוועז פון אַנטיסעמיטיזם צווישן די פּוילן און פון נאַציאָנאַליזם צווישן די ייִדן,—און דערבײַ נאָך דאָס פעלן פון וועלכע עס איז לעגאַלע פאָרמען פון אַרבעט,—אין אַזאַ אַטמאָספער האָבן די פּאַרטייִשע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס ניט געהאַט דעם מוט און קראַפט אַוועקצושטעלן אין טאָג־סיידער די פראַגע וועגן שאַפן איינהײַטלעכע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און אַפילע וועגן דערנעענטערן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. די מעגלעכקײַט צו דערנעענטערן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס—איז געווען אינגאַנצן אויסגעשלאָסן, מאַכמעס צווישן די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פון „בונד" איז דאָך געווען אַ קלאָר־באַשטימטער פּאָליטישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער אײַנרײַס: די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן זײַנען געווען באָלשעוויקעס און דער „בונד"— נאַציאָנאַל־מענשעוויקעס. אין לאָדז האָבן דער „בונד" און די „לעוויצע" פון פּ. פּ. ס. געהאַלטן צווישן זיך אַ געוויסן קאָנטאַקט. צו פּראַקטישע אויספירן האָט אָבער דער קאָנטאַקט ניט געבראַכט ביז צו דער צײַט פון דער פערטער גאָסודאַרסטווו. דומע דאָס יאָר 1912.

* *
*

דאָס יאָר 1912, דעם 17—14 אַפּרעל זײַנען פאָרגעקומען די באַוווּסטע לענער פאַסירונגען—דאָס צעשיסן די אַרבעטער אַף די לענער גאָלדגרובן, וואָס האָבן אופגעטרייסלט דאָס גאַנצע לאַנד. דערדאָזיקער מאָמענט באַצייכנט די אופלעבונג פון אַ רעוואָליוציאָנערער מאַסן־באַוועגונג אין רוסלאַנד. נאָך אַ פינפיאָריקן צײַט־פּאָרלויף זינט עס האָט געזיגט די רעאַקציע פון 3־טן יוני האָט דער אַרבעטער־קלאַס ווידער געלאָזט פון זיך וויסן מיט זײַן שטרײַק און אַרויסטרעטונג אינעם ווײַטן באָדײַבאָ. דאָס צעשיסן פרידלעכע שטרײַקער האָט אופגעדעקט פאַר די ברייטע מאַסן דעם עמעסן טאָך פון דער דריט־יונישער רעאַקציע. די ווײַטערדיקע אופרודערונג, דער אויפן רעאַגירן אַף די לענער פאַסירונגען אין דער מעלוכע־דומע, אין די פּראָפּ. פאַריינען, אַף אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, אין פלוג־בלעטלעך,—דאָס אַלץ האָט געוויזן, אַז די רעגירונג גופע האָט דאָ אָנגעצייכנט אַ גרענעץ־פונקט פאַר אַן אָנהייב פון אַ נײַעם אופברויז פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אַלגעמיינע אופלעבונג, וואָס צוגעגרייט זי האָט געוויס די אומדערמידלעכע אונטערערדישע אַרבעט פון די רעוואָליוציאָנערן אין פאַרלויף פון די יאָרן 11—1908 האָט אופגערירט אויך די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע, אַרײַנגיסנדיק אַ שטראָם מוטיקער ענערגיע אין דער אַלגעמיין־פּאַרטייִשער טעטיקײַט.

די יעדיִע וועגן לענער בלוט־באָד האָט דער צ. ק. פון „בונד" אופגענומען. ווי אַ יעדיִע וועגן דעם, אַז עס הייבט ווידער אָן אופלעבן די מאַסנהאַפטע

רעוואָליוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס האָט אָבער ניט געצווּוּנגען דעם „בונד" אַ קער צו טאָן זיך אַף לינקס, אָפּזאָגן זיך פון איבערשאַצן זײַן אַלגעמײנע שוין אויסגעפורעמטע פּאָליטישע קאָנצעפּציע. די יעדיע האָט בלויז אַרײַנגעגאָסן מונטערקייט, האָט געשאַפן אַן אַנדער טעמפּ אין זײַן אַרבעט.

אָנהייב מײַ 1912 יאָר איז אין וואַרשע אַרויס נאָך אַ לאַנגיאָריקן איבערײַס דער ערשטער נומער פון דער לעגאַלער בונדישער צײַטונג „לעבנס־פראַגן". דער נומער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט טײלווײַז אין ווין, ווו עס איז געזעסן די רעדאַקציע, וואָס האָט געהאַלטן רעגולערע פאַרבינדונג מיט וואַרשע, טייל־ווײַז אין וואַרשע פונעם אָרטיקן מאַטעריאַל, וואָס האָט אין זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס אַרבעטער־לעבן אין די באַזונדערע צענטרען,—קאָרעספּאָנדענצן, וואָס די פּאַרטייִשע קאָרעספּאָנדענטן האָבן נאָך פון פריִער געהאַט צוגעגרייט פאַר דעם דערוואַרטן וואַרשעווער צענטראַלן בונדישן אָרגאַן.

עס האָט דערשײַנט דערדאָזיקער העלער פּאָליטישער אָרגאַן, און דער רײַנ־דרוק איז געווען, ווי פון אַן אופגעריסענער באָמבע. די וואַרשעווער פּאָליציי האָט ערשט מיט עפּעס העכער אַ יאָר צוריק פאַרענדיקט איר קאַמף מיט דער פּוילישער לעגאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּרעסע—פאַרמאַכט איינס נאָך אַנ־דערן די וואָכנבלעטער פון פּ. ס. ד., אַרעסטירט די רעדאַקטאָרן און פאַרמאַכט די דרוקערײַען. די וואַרשעווער פּאָליציי האָט, הייסט עס, ערשט שטום גע־מאַכט די פּוילישע אַרבעטער־פּרעסע,—און אָט, פּלוצלינג, גאָר אומגעריכט גייט אַרויס אַ ייִדישער אַרבעטער-אָרגאַן און נאָך אַזאַ העלער, מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון דער רעוואָליוציאָנערער פראַזעאָלאָגיע, קימאַט ניט צו באַנוצן זיך מיט דער עזאָפּישער שפּראַך.

דאָס איז געווען אַן אָרגאַן ניט קײַן אָרטיקער. ער איז לעכאַטכילע געשטעלט געוואָרן אַלס צענטראַלער אָרגאַן, וואָס דאַרף באַדינען די גאַנצע בונדישע פּע־ריפעריע, און לויט דעם איז עס אַלץ געווען אָרגאַניזירט. דער ערשטער נומער איז געווען קאָנפיסקירט אין צוויי טעג אַרום. אין צען טעג אַרום איז אַרויס דער צווייטער נומער. באַלד נאָכדעם האָט די וואַרשעווער פּאָליציי באַוויזן עס איינגאַנצן כּאָרעוו צו מאַכן. מ'האָט אַרעסטירט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַק־טאָר, דעם אַדמיניסטראַטאָר פון דער צײַטונג, דעם קאָנטאָר־פאַרוואַלטער, דעם רעדאַקטאָרס גאַנצע פאַמיליע און דעם אַרויסגעבער. אין פאַרשיידענע שטעט האָט מען אויך אַרעסטירט קאָרעספּאָנדענטן פון דער צײַטונג. מ'האָט געשאַפן אַ פּראָצעס ניט וועגן אַרויסגעבן אַ פּרעסע־אָרגאַן, נאָר וועגן אָנגעהעריקייט צו דער אָרגאַניזאַציע פון „בונד". דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן זייער לאַנג צום פּראָצעס האָט מען אויך צוגעטשעפּעט מעדעמען; מיט פאַלשקייט האָט מען אים אַרײַנגענאַרט פון אויסלאַנד קײַן רוסלאַנד און דאָ האָט מען אים אַרעסטירט. דער אורטייל איבער די אַלע געמישפּטע איז געווען—פאַרשיקן אַף שטענדיק קײַן סיביר. אַ טייל אַרעסטירטע זײַנען באַפרײַט געוואָרן פון טורמע אין 1915 יאָר, בעשאַס וואַרשע איז געווען אָקופּירט פון די דײַטשן. אייניקע זײַנען געשטאָרבן אין טורמע, די איבעריקע האָט די רוסישע רע־וואָליוציע פון 1917 יאָר באַפרײַט.

נאָך אַמאָל אופשטעלן אַף ס'נײַ אין װאַרשע אַ לעגאַלע פּאַרטײ־פּרעסע האָט שוין דער „בונד" מער ניט געקענט. דער „בונד" האָט שפּעטער געפּרוּװט אָנהײבן אַרויסגעבן זײַן צענטראַלע צײַטונג אין אָדעס, אָבער אויך דאָ האָט זיך עס סאָף 1912 יאָר פאַרענדיקט דערמיט, װאָס מ'האָט אַרעסטירט די גאַנצע רעדאַקציע. ערשט װען דער צענטער איז אַריבער קײַן פּעטערבורג, האָט עס דעם „בונד" געלונגען אין מעשעך פון אָנדערהאַלבן יאָר אַרויסצוגעבן אין פּעטראָגראַד פריִער אײנמאָל אין װאָך און שפּעטער צװײ מאָל אין װאָך זײַן צענטראַלע לעגאַלע ייִדישע צײַטונג. דאָס איז געװען „צײַט" און „נײַע־צײַט", װאָס האָבן געהאַלטן אַ ענגן קאָנטאַקט מיט דער מענשעװיסטישער צײַטונג „לוטש" (שטראַל)

* * *

דאָס יאָר 1912 איז אַן איבערבראָך־יאָר אין דער פּאָליטיק פון „בונד" אין באַציִונג צו באַזונדערע פראַקציעס פון ר.ס.ד.א.פּ. ביז אָט דער צײַט האָט זיך דער „בונד" אַזוי װי געשטעלט אויסער פראַקציעס. העיוס, װי אין די אײגענע רײען האָט דער „בונד" פאַרײניקט פאַרשײדענע שטרעמונגען און האָט לאַװירט צװישן „ליקװידאַטאָרישקײַט" און „באָלשעװיזם", האָט דער „בונד", װי מיר האָבן עס שוין אויבן אָנגעװיזן, געזועען מיט אַלע מעגלעכקײַטן מיטצװירקן אַף אופצושטעלן די אײנהײַטלעכקײַט פון ר.ס.ד.א.פּ. און פריִער פון אַלץ — אופצושטעלן דעם צ.ק., װאָס איז געװען אויסגעװײלט אַפן לאָנדאָנער צוזאַמענפאָר. דידאָזיקע פרוּװן האָבן, װי באַװוסט, אָנהײב 1912 יאָר, אינגאַנצן געפּלאַצט. דער נײַער אופשטײַג פון דער רעװאָליוציאָנערער כװאַליע, װאָס האָט זיך שוין געלאָזט פילן, האָט — נאַטירלעך — אַלץ טיפער געמאַכט די מײנונג־פאַרשײדנקײַטן צװישן די באַזונדערע פראַקציעס, און די פאַרײניקונג איז געװאָרן אומעגלעך.

מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַז אין מעשעך 1911 יאָר איז דער „בונד" פּאָליטיש װאָס װײַטער אַלץ מער נעענטער געװאָרן מיט דער מענשעװיסטיש־ליקװידאַטאָרישער שטרעמונג און אין זײַן פראַקטיק האָט ער זיך געהאַלטן באַ דערזעלביקער פּאָליטישער ליניע, װאָס די אָנגערופענע שטרעמונג. מאַכמעס דער צװישנפראַקציאָנערישער לאַגע זײַנער איז דער „בונד" זיך צעגאַנגען מיט די מענשעװיקעס אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּאָליטיק. די בונדיסטן האָבן ביז דער לעצטער מינוט זיך „ניט מעיאַעש געװען" און האָבן אַלץ געמײנט, אַז עס װעט זיך אײַנגעבן באַהעפטן דאָס, װאָס די געשיכטע האָט שוין געהאַט פאַרמישפּעט אַף ענדגילטיקער שפּאַלטונג. אַלע האָפענונגען אופצושטעלן די אײנהײַטלעכקײַט האָבן אין יאַנוואַר 1912 יאָר שוין אינגאַנצן געפּלאַצט. עס איז פאָרגעקומען אַ פאָרמעלער אײַנרײַס, און דער באָלשעװיסטישער צענטער האָט — לויט זײַן רעכט פון נאָכפאָלג — זיך פראָקלאַמירט אַלס צענטראַלער קאָמיטעט פון ר. ס. ד. א. פּ., און זאָלן די מענשעװיקעס־ליקװידאַטאָרן אַלײן זוכן פאַר זיך אַן אויסװעג פון דער געשאַפענער לאַגע. דער „בונד" האָט שוין דאָ געמוזט מאַכן אַן אויסװאַל און צושטײן צו

דעם אָדער יענעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן צענטער. און עס פאַרשטייט זיך, אַז דער „בונד", וואָס פּאָליטיש האָט ער אָנגעהערט צו די מענשעוויקעס־ליקווי־דאַטאָרן, איז צוגעשטאַנען צום אָרגאַניזאַציאָנעלן צענטער פון די מענשעוויקעס. נאָך מער — דער „בונד" האָט אַף זיך גענומען די אופגאַבע מיטצווווירקן אַף צו שאַפן דעמדאָזיקן מענשעוויסטישן פּאַרטיי־צענטער.

אין דעם גאַנצן צײַט־מעשעך, וואָס צווישן 1907 אין 1912, האָט דער „בונד" אָנגעהאַלטן פאַרבינדונג מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע פון דער מעלוכע־דומע. די טעטיקײַט פון דעדאָזיקער דומע־פראַקציע פלעגט באַ־האַנדלט ווערן אַף פּאַרטייִשע פאַרזאַמלונגען, באַראַטונגען, קאָנפערענצן. אין 1910 און 1911 יאָר זײַנען אייניקע אַרויסטרעטונגען פון דער סאָציאַל־דעמאָק־ראַטישער פראַקציע באַהאַנדלט געוואָרן אַפילע אַף מאַסן־פאַרזאַמלונגען פון אַרבעטער. אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע פלעגן די בונדישע פאַרזאַמלונגען שיקן זייערע אָנזאָגן. דעם „בונד" איז קײן איין מאָל ניט געלונגען, אַז די פראַקציע זאָל אין דומע אַרויסטרעטן מיט א וועלכער ס׳איז דעקלאַראַציע, וואָס זאָל כאָטש אין דער קלענסטער מאָס זיך סאָלידאַריזירן מיט זײַן, דעם בונדס, ספּעציעלער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר פּאָזיציע. בעיס די דומע פלעגט באַהאַנדלען דעם ביודזשעט, בעיס עס פלעגן אין דומע אַרײַנגע־טראָגן ווערן אָנפראַגן, פלעגן די פאָרשטייער פון „בונד" וועקן אינציאַטיוו, פלעגן אַרײַנטראָגן אייגענע פּראָעקטן, פלעגן ביכלאַל אַקטיוו זיך באַטייליקן אין דער אַרבעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע. ניט באַפרידיקט פון דער אַרבעט פון דער דומע־פראַקציע, האָט דער „בונד" גערעכנט, אַז גופע אין דער פראַקציע האָט ער געדאַרפט האָבן כאָטש איין „אייגענעם" מיטגליד, אַזאַ וואָס זאָל שטיין אַפן שטאַנדפונקט פון „בונד", וואָס זאָל, ווי די בונדיסטן פלעגן זיך אויסדריקן, „אַרויסקומען גופע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג" און אין געוויסע מאָמענטן זאָל ער קאָנען פון דער דומע־טריבונע אַרויס־טרעטן אין נאָמען פון די יידישע אַרבעטער, קעגנגעשטעלט צו די יידישע בורזשואַזע דעפּוטאַטן. די אַרויסטרעטונגען אָבער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פראַקציע אינגאַנצן גענומען אינעם נאָמען פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט האָט דעם „בונד" ניט באַפרידיקט. דאָס האָט אויך אַרויסגעשטאַמט פון דער בונדישער נאַציאָנאַלער פּאָזיציע.

עס האָט זיך דערנעענטערט די צײַט פון די וואַלן אין דער פערטער גאָסוד. דומע. די פראַגע וועגן פּלאַטפאָרם אַף די וואַלן, וועגן די קאַנדידאַטן, וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער וואַל־קאַמפּאַניע און פריִער פאַר אַלץ די פראַגע וועגן אָט דעם פּאַרטיי־צענטער, וואָס ער וועט דאַרפן אָנפירן די גאַנצע וואַל־קאַמפּאַניע אין לאַנד און שפּעטער אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע אין דער דומע, — די פראַגע איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַלץ מער און מער געוואָרן אַקטועל. דער „בונד" האָט אָנגעהויבן דירעקט פירן אונטערהאַנדלונ־גען מיט די פּעטערבורגער גרופּעס סאָציאַל־דעמאָקראַטן — מענשעוויקעס, מיט די גרופּעס — פּאַרטייער און מיט די קאַווקאַזער סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן שאַפן אַן איינהײַטלעכן צענטראַלן אָרגאַן אַף צו פאַ־

רייניקן די מענשעוויסטישע קרעפטן און זיי קעגנשטעלן צום פּאַרטיי־צענטער פון די באָלשעוויקעס — צום צ. ק. פון ר.ס.ד.א.פּ.

אין יוני 1912 יאָר האָט זיך אין ווין צוזאַמענגעקליבן די נײַנטע קאָנפערענץ פון „בונד" אָפּ צו באַטראַכטן דרײַ אַקטועלע פּאָליטישע פראַגן: 1) די פּאָליטישע פּלאַטפאָרם פון „בונד" אַף די וואַלן אין גאָסוד. דומע, 2) די באַציִונג צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צענטרען און 3) די באַציִונג צו פּ.פּ.ס. („לעוויצע").

מיר וועלן זיך פיל־ווייניק אָפּשטעלן אַף דער לעצטער פראַגע. טרעפן זיך אין דער פּראַקטישער פּאָליטישער אַרבעט מיט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז דעם „בונד" אויסגעקומען אין צענטער — באַ דער אַרבעט אַרום דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע. צוזאַמענטרעפן זיך אין דער אַרבעט אַף די ערטער — דאָס איז געווען נאָר אין פּוילן, מאַכמעס אין די אַנדערע בונדישע ראַיאָנען (אין מײַרעוו־און דאָרעם־מײַרעוו־קאַנט), ווו די בונדישע אָרגאַניזאַציע איז ווי־דער געווען אופגעשטעלט, איז די אַלגעמיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַני־זאַציע געווען אַ שוואַכע, און דער „בונד" האָט זיך מיט איר ווייניק אָנגע־קערט. די פראַגע וועגן די קעגנזײַטיקע באַציִונגען מיט די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין די רייען פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט האָט אַזוי אַרום פאַרן „בונד" געהאַט די גרעסטע פּאָליטישע באַדײַטונג און איז געשטאַנען זייער אַקטועל. וואָס גרעסער עס זײַנען געוואָרן די כעלוקע־דייעס צווישן דעם מענ־שעוויזם און באָלשעוויזם, אַלץ טיפער איז געוואָרן דער טהאָם צווישן „בונד" און דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אין אָרגאַניזאַציאָנעלער הינזיכט איז טראָגן אלע פריִערדיקע באַשטימונגען און באַשלוסן, וואָס עס האָבן אָנגענומען די צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן פון ר.ס.ד.א.פּ., טראָץ אַלעם דעם איז אַלץ געבליבן ווי געווען, קיין שום איינהײַטלעכע אָרגאַניזאַציע איז אין פּוילן ניט געשאַפן געוואָרן. אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָבן זיך אויך די שטרײַט־פראַגן פאַרטיפערט, דערבײַ זײַנען דאָ ניט ווייניק שולדיק געווען די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, שולדיק מיט זייער אַבסאָליוט ניט ריכטיקער טאַקטישער ליניע, שולדיק מיט זייער ביז גאָר גרינגשאַצנדיקער באַציִונג צו דער ייִדישער שפּראַך, אַ באַציִונג, וואָס האָט באַליידיקט די ייִדישע אַרבעטער.

און פּאַסירט האָט, אַז דער טייל פּ.פּ.ס., וואָס האָט זיך אין 1906 יאָר אָפּגעשפּאָלטן פון דער גאַנצער פּאַרטיי — די „לעוויצע", האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צום מענשעוויזם, אין דער ליטעראַטור האָט זי אָנגעהויבן דורכ־פירן די אידייע פון טיילווײַזע לאָזונגען, די פּוילישע פראַגע איז שוין באַ איר געווען ניט שטענדיק אַרויסגערוקט פאָרויס, ביסלעכווײַז זײַנען באַ איר אַוועק די פריִעריקע אומאָפּהענגיקייט־שטימונגען. עס האָט זיך געשאַפן אַ באָדן פאַר דער דערנעענטערונג פון דעם מענשעוויסטיש־געשטימטן „בונד" און דער מענ־שעוויסטיש־געשטימטער „לעוויצע". אויך אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָבן די מיטגלידער פון דער „לעוויצע" געהאַלטן באַ „איבערשאַצן" זייער פּאָזיציע. עמעס, די בונדישע קולטורעלע אַווטאָנאָמיע האָבן זיי ניט אַנערקענט, דעם לאָזונג פון שאַבעס־רו האָבן זיי אופנעמען בעשומויפן ניט געקענט; די אידייע

אָבער פון אַנערקענען און באַשיצן די רעכט פון דער נאַציאָנאַלער מינדער־הייט אַף דער טעריטאָריע פון פוילן, די אידייען פון אַנערקענען די רעכט פון דער ייִדישער שפּראַך אין דער שול און אינעם מעלוכע־לעבן, — די אידייע האָט אין די רייען פון דער „לעוויצע" אַלץ מער און מער אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען. אין פוילן האָט דערווײַל געווילדעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, די סאַמע פינצטערע רעאַקציע, און זייער צוציִענדיק איז געווען דער געדאַנק צו שאַפן אַ בלאָק פון דער פוילישער און ייִדישער אַרבעטער־פּאַרטייען און אים קעגנשטעלן דער נאַציאָנאַלער העצע און ראַסערײַען — אין די רייען פון דעם בירגערטום, אין די רייען פון דער בורזשואַזיע. עס איז דעריבער ניטאָ זיך וואָס צו כידעשן, וואָס אי דער „בונד" אי פּ.פּ.ס. — „לעוויצע" האָבן גע־זוכט וועגן אַף צו דערנעענטערן זיך, און האָבן אַלץ געטון, ביכדיי דעמדאָ־זיקן בלאָק צו פאַרווירקלעכן.

די פּ.פּ.ס. — „לעוויצע" איז אָבער ניט געווען אין די רייען פון ר.ס.ד.א.פּ. די פּ.ס.ד., פאַרקערט, איז געווען אַ פאָרמעלער באַשטאַנדטייל פון ר.ס.ד.א.פּ., פּונקט אַזוי ווי דער „בונד". דידאָזיקע פאָרמעלע טײַמים האָבן אָבער פאַר־לאָרן זייער וויכטיקייט אין פאַרגלײַך מיט דעם גרונט־מאָמענט: אי דער „בונד" אי פּ.פּ.ס. זײַנען דאַן געווען מענשעוויסטישע גרופּעס —ביידע האָבן זיך גע־האַלטן באַ איין פּאָליטישער קאָנצעפּציע, זייער שטרעבן צו דערנעענטערונג און אַפילע צו פאַרייניקונג איז דעריבער געווען זייער אַ נאַטירלעכע.

ניט לאַנג נאָך דער בונדישער נײַנטער קאָנפערענץ אין אַווגוסט 1912 יאָר האָט אין ווין זיך צונױפגערופן אַ „אַלגעמיין־רוסלענדישע קאָנפערענץ פון אַלע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס". צום באַטייליקן זיך אין דערדאָ־זיקער קאָנפערענץ איז געשאַפן געוואָרן דער אַזויגערופענער „אַווגוסט־בלאָק" פון אַלע ניט באָלשעוויסטישע און אַנטי־באָלשעוויסטישע שטרעמונגען אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. מ'האָט דאָרט אויסגעוויילט אַן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט (אָקא), וואָס נאָכדעם האָט ער אין פאַרלויף פון זיבן יאָר — ביז דער פעוורואַל־רעוואָליוציע — זיך גערעכנט פאַר דעם אָפיציעלן צענטער פון דער מענ־שעוויסטישער פּאַרטיי. אַף דערדאָזיקער אַווגוסט־קאָנפערענץ איז פאָרמולירט געוואָרן די פּאָליטישע פּלאַטפאָרם פון מענשעוויזם. דידאָזיקע פּלאַטפאָרם האָט אין גאַנצן און גרויסן מיטגעשטימט מיט דער פּאָליטישער פּאָזיציע, וואָס עס האָט פאָרמולירט די נײַנטע קאָנפערענץ פון „בונד" (אין ווין).

פון בונדישן שטאַנדפּונקט האָט די אַווגוסט־קאָנפערענץ געהאַט נאָך אַ פאַר־דינסט. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט דער „בונד" באַקומען אַן אַלגעמיינע רוסלענדישע סאַנקציע פאַר זײַן לאָזונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע. דאָ איז אויך פאָר־געקומען דער ערשטער גרונט־כעט פון די גרוזינער מענשעוויקעס אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ביז צו יענער צײַט האָבן די גרוזינער מענשעוויקעס, ווי באַוווסט, קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן דעם לאָזונג פון פאַנאַנדערגרענעצן די באַפעלקערונג לויט דעם נאַציאָנאַלן סימען. דער „בונד" האָט געהאַט די פולע רעכט צו בלײַבן צופרידן מיט דערדאָזיקער אַווגוסט־קאָנפערענץ.

מירן זיך ניט אָפּשטעלן מער אויספירלעך אַף דערדאָזיקער קאָנפערענץ, דאָס וואָלט שוין אַריבערגעשפּרייזט די גרענעצן פון אונדזער דירעקטער טעמע. מיר וועלן דאָ נאָר באַצייכענען, אַז אין די וויכטערדיקע פינף יאָר האָט דער „בונד" די גאַנצע צייט געהאַלטן פאַרבינדונג מיטן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, און אין יענע מאָמענטן, ווען דער קאָמיטעט איז געווען אָפּגעשוואַכט, האָט אים דער „בונד" מיט זיין אַקטיוון באַטייליקן זיך געשטאַרקט. די פעווראַל־רעוואָליוציע האָט נאָך געטראָפן די פאָרשטייער פון בונדישן צ.ק. אינעם באַשטאַנד פון דעמדאָזיקן אָרגאַניזיר־קאָמיטעט. מ'דאַרף זאָגן, אַז אַנדערע גרופּעס און איינציקע לידערס, וואָס זיינען אויך געווען אַריין אינעם אַווגוסט־בלאָק, זיינען פון דאָרט גיך אַוועק, דערנעענטערנדיק זיך ביסלעכווייז פון דאָס נייצום באָלשעוויזם.

גלייך נאָך דער אַווגוסט־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג צווישן דער דעלעגאַציע פון בונדישן צ. ק. און דער דעלעגאַציע פון פּ. פּ. ס. — „לעוויצע", און די באַראַטונג האָט אויסגעאַרבעט דעם פּאָליטישן אָפּמאַך פון די ביידע פּאַרטייען וועגן די וואַלן אין דער מעלוכע־דומע. עס איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַן איינהייטלעכע פּאָליטישע פּלאַטפאָרם, עס זיינען אויך געווען אָנגעמערקט די אָרגאַניזאַציאָנעלע באַציִונגען אַף דער צייט פון די וואַלן.

דער „בונד" האָט געפירט זיין וואַל־קאַמפּאַניע אין זייער א באַגרענעצטער צאָל שטעט. זיין באַזע האָט זיך אַף אַסאַך פארשמעלערט. די מעגלעכקייטן ארויסצושטעלן קאנדידאטן זיינען בא אים געווען גאַנץ קליינע. מ'האָט זיך געמוזט קאָנצענטרירן אַרום זייער אַ קליינער צאָל פונקטן. דאָס זיינען געווען: ווילנע, מינסק, ביאַליסטאָק, דווינסק, בריסק, באַרדיטשעוו, זשיטאָמיר, אייניקע גאנץ קליינע אויעזד־שטעט און ביידע הויפּשטעט פון פוילן—ווארשע און לאָדז. אין סאַמע לעצטן מאָמענט פון דער וואַל־קאַמפּאַניע האָט דער „בונד" גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין די וואלן פון דער שטאָט אָדעס. דאָס איז געווען, קאָן מען זאָגן, אינגאַנצן צופעליק, וואָרעם אייגנטלעך איז דאָ די בונדישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אינגאַנצן באַשטאַנען פון ניט קיין גרויס קרייזל, וואָס האָט געהאט א גאַנץ וויניקן איינפלוס. גראַד האָט אָבער געטראָפן, אַז דאָ האָט זיך צו יענער צייט געפונען ניט קיין גרויסע פּאַרטייִשע צענטראַלע גרופּע, וואָס איז געווען באַופטראַגט אַרויסצוגעבן דאָ א צענטראלן לעגאלן אָרגאַן פון „בונד". דאָס האָט מיטגעבראַכט, אז די בונדישע אָרגאַניזאַציע זאָל זיך אַקטיוו באַטייליקן אין דער אָרטיקער וואַל־קאַמפּאַניע. די וואַל־קאמפּאַניע אין אָדעס האָט אָנגעפירט אַ פאַרייניקטע (די וואלן זיינען דאָ געגאַנגען געמיינזאַם מיט די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס) ניט קיין גרויסע פּאַרטייִשע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געהאַלטן פעסט אַרום דעם אַרבעטער־קאַנדידאַט ראָמאַנאָווסקי, וועלכער איז געשטאַנען נעענטער צו די באָלשעוויקעס.

וואָס באַלאַנגט די וויכטיקער באַדייטנדיקע פונקטן, אַזוינע ווי דווינסק, ביאַליסטאָק, בריסק, איז דאָ דער איינפלוס פונעם „בונד" אין דער

וואל־קאַמפּאַניע געווען נישטיק־קליין. דער גאַנצער אײַנפלוס האָט זיך אויס־געדריקט אין דעם, וואָס דער „בונד" האָט אײַנגעאָרדנט עטלעכע וואל־פאַר־זאַמלונגען און האָט באַקומען עטלעכע הונדערט ווײלער־שטימען. מער ערפאָלג האָט געהאט די וואל־קאַמפאניע פון „בונד" אין ווילנע, ווו דער „בונד" איז געווען אסאַך טיפער פאַרוואָרצלט. אין דער ווילנער ייִדישער קוריע, וואָס איז געווען אויסגעטײלט לויט דער פאַראָרדענונג פון דער אַדמיניסטראַציע, האָט דער „בונד" באַקומען אַ דריט כיילעק פון אַלע שטימען, דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ גרויסער ניצאָכן, ווען מיר נעמען אין אכט די באַדינגונגען פון דער וואל־קאַמפּאַניע, און ביכלאל דעם רעזשים פון דריטן יוני.

אַ גרויסע פּאָליטישע באַדײַטונג און פאַרנעם האָט געהאַט די וואַל־קאַמ־פּאַניע אַף דער טעריטאָריע פון פּוילן. די אָרגאַניזאַציע פון פּ. ס. ד., וואָס האָט געהאַט א קנאפערע פאַרבינדונג מיט די קרײַזן פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וואָס מער פון אַלע איז זי געווען פאַריאָגט אין דער אונטערערד, האָט זיך אין דער וואַל־קאַמפּאַניע באַגרענעצט בלויז מיט דער אַרבעטער־קוריִע, און אין דער אַרבעטער־קוריִע האָט זי אין וואַרשע ווירקלעך אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן ניצאָכן, זי האָט צוזאַמענגענומען אַ מערהײַט באַפולמעכטיקטע, און שפּעטער אויך א מערהײַט וואל־מענער פון דער אַרבעטער־קוריִע אין דער שטאָטישער וואל־פארזאַמלונג.

דער געמיינזאַמער קאַנדידאַט־צעטל פון „בונד", פּ. פּ. ס. אין וואַרשע און אין לאָדז האָט געהאַט א געוויסע פּאָליטישע באַדײַטונג אין פראט פון קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם און נאַציאָנאַליזם פון די פּוילישע און ייִדישע מאַסן,— דער צעטל האָט אין א געוויסן זינען געדינט פאַר א פּראָטעסט קעגן די נאַ־ציאָנאַליסטישע העצערײַען. אַ באזונדער ערנסטע באַדײַטונג האָט דער בלאָק געהאט דערמיט, וואָס ער האָט געוווּנען די סימפּאַטיִעס פונעם דערשלאָגענעם, פאַריאָגטן, פאַרפאָלגטן ייִדישן שטאָטישן בירגערטום, אַף וועלכן די ווילדע העצערײַ פונעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט פאַרנומען דעם גאַנצן פאָדערגרונט פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן, האָט אָנגעוואָרפן שטענדיקע שרעקן. און דאָס ייִדישע בירגערטום האָט באַלוינט דעמדאָזיקן בלאָק. ער האָט אים ניצאָכן געבראכט: די פאַרזאַמלונג פון די שטאָטישע וואל־מענער האָבן אויס־געווײלט פאַר אַ דעפּוטאַט אין דער גאָס. דומע יאַגעלאָן, דעם וואל־מאן פון פּ. פּ. ס.—„לעוויצע" און „בונד".

דער קאַמף האָט אין וואַרשע צעשלאָגן די גאַנצע מאסע שטאָטישע וואל־מענער אַף פיר קאַטעגאָריִעס: וואַל־מענער פון דער אַרבעטער־קוריִע (פּ. ס. ד. און פּ. פּ. ס. — „לעוויצע" מיט דער מערהײַט פון דער פּוילישער סאָציִאַל־דע־מאָקראַטיִע); וואל־מענער פון דער אַלגעמיינער שטאָטישער קוריִע, צעשלאָגן אַף צוויי לאגערן—פּוילישער און ייִדישער. דער זעלבשטענדיקער אַרויסטריט פון דער פּוילישער סאָצ. דעמ. און איר ניצאָכן אין דער אַרבעטער־קוריע — דאָס איז געווען די וויכטיקסטע דערשײַנונג אין יענע וואַלן, באַווײַזנדיק, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז געבליבן טרײַ דער רעוואָליוציע און איז גרייט צו אַ נײַעם רעוואָליוציאָנערן אַרויסטריט. ניט געקוקט דערוף, וואָס אין גאַנג פון

דער וואַל־קאַמפּאַניע האָבן די באַזונדערע פּוילישע בורזשואַזע שטערעמונגען צווישן זיך געקעמפּט, זייַנע אָבער דידאָזיקע שטרייטיקייַטן פאַרווישט געוואָרן באַם ווילן דעם דעפּוטאַט פון וואַרשע. דאָ האָבן זיך אַלע בורזשואַזע פּוילישע גרופּירונגען געהאַלטן איינס, און האָבן געפּאָדערט באַ די וואַל־מענער פון דער ייִדישער בורזשואַזיע, זיי זאָלן אום יעדן פּרייַז אויסקלייַבן אַ פּויל, דראָענדיק מיט אַלדאָס בייז אין פאַל, ווען זיי וועלן זיך דערוועגן אויסצוקלייַבן פון דער שטאָט וואַרשע אַ דעפּוטאַט אַ ייִדן. די וואַל־מענער פונעם ייִדישן ביר־גערטום, אַליין אין דער מינדערהייַט, וואָלטן ניט געווען אימשטאַנד, דורכצו־פירן זייער אייגענעם דעפּוטאַט. זיי האָבן עס אויך ניט געוואָלט: זיי האָבן מוירע געהאַט, אַז די דראָונגען פון דער פּוילישער בורזשואַזיע זאָלן טאַקע ניט אויסגעפירט ווערן. די ייִדישע בורזשואַזיע האָט געפונען אַן אויסוועג פון דער לאַגע, — פאַר איר זייער אַ געוואגטן, — זי האָט אָפּגעגעבן אירע שטימען פאַר דעם קאַנדידאַט, וואָס איז געקומען פון דער אַרבעטער־קוריע. די פּראָלע־טאַרישע דיסציפּלין האָט דאָ געפּאָדערט, אַז אַלע אַרבעטער־קאַנדידאַטן זאָלן זיך האַלטן איינס און צווינגען די ייִדישע בורזשואַזיע אָפּצוגעבן איר שטים דעם קאַנדידאַט, וועלכער אַנטשפּרעכט דעם ווילן פון פּראָלעטאַריאַט. די פּאַר־שטייער פון „בונד“ און דער לעוויצע פּ. פּ. ס. האָבן אָבער אַרויסגעשטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט. ניט צופעליק, פאַרשטייט זיך, איז געווען דאָס, וואָס אויסגעקליבן האָט די ייִדישע בורזשואַזיע ניט אַ פּוילישן סאָציאַל־דע־מאָקראַט, נאָר איינעם פון דער פּאַרטיי פּ. פּ. ס. — „לעוויצע“. דידאָזיקע פּאַרטיי איז זיי געווען אַזוי ווי נעענטער אי אין איר מעסיקייַט, אין פאַרגלייַך מיט דער ס. ד., אי מיט איר נאַציאָנאַלער פּלאַטפאָרם. דערדאָזיקער אויסוואַל פון דער ייִדישער בורזשואַזיע רעקאָמענדירט ניט גאָר גוט דעם פּעפּעס־יש־בונדישן בלאָק. ווי אַזוי אָבער דאָס זאָל ניט זייַן, יאַגעלאָ איז דערווייַל אויס־געקליבן געוואָרן פאַר אַ דעפּוטאַט אין דער מעלוכע־דומע.

מ'האָט אויסגעוויילט יאַגעלאָן — און דאָס האָט אַרויסבאַוויזן דער באַנקראָט פונעם גאַנצן בורזשואַזן לאַגער, די פּאַנאַנדערפאַלונג, וואָס דאָרט איז, די כאַיעשע אינסטינקטן, וואָס הערשן אין אָט דעם לאַגער, די אומפּעיִקייַט צו־צונויפרעדן זיך. דעם באַנקראָט פון דער בורזשואַזיע האָט שאַרף אָנגעצייכנט און אונטערגעשטראָכט דער פאַקט, וואָס איין טייל אירער, דער ייִדישער טייל, איז געווען געצוווּנגען צו זוכן זייַן פאַרשטייער צווישן די אויסגעוויילטע פון דער אַרבעטער־קוריע. צו דערזעלבער צייַט איז אָט דער פאַקט, וואָס מ'האָט אויסגעוויילט אַ פאַרשטייער פון „בונד“ און פּ. פּ. ס. — „לעוויצע“, טראָץ די פּראָטעסטן פון די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אָט דער פאַקט האָט באַטייַט, אַז ר. ס. ד. א. פּ., אַלס איינהייַטלעכע פּאַרטיי, עקזיסטירט שוין פּאַקטיש ניט.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע פון דער פערטער מעלוכע־דומע האָט זיך צונויפגענומען אַף איר ערשטער אָרגאַניזיר־פאַרזאמלונג, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מאַכמעס דעם זיג פון די מענשעוויקעס אַף די וואַלן אין גרוזיע איז אַ מערהייַט אין דער פראַקציע האָבן ניט די באָלשעוויקעס, נאָר

די מענשעוויקעס. דערצו נאָך איז אין איינצלנע שטעט און גובערניִעס פון רוסלאַנד זײַנען די דעפּוטאַטן דורכגעגאַנגען אין מעלוכע־דומע לויט אַלגעמיינע צעטלען, און ניט אין גאַנג פון קאַמף צווישן די באַזונדערע פראַקציִעס פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיִע. עס האָט זיך אין אַ געוויסן זינען געשאַפן אַ מעשׂה־נעדיקע לאַגע: בעשאַס די פּאַרטיי־צענטערן זײַנען באַזונדערע, בעשאַס פּאַקטיש עקזיסטירן צוויי פּאַרטייען—באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, איז די פראַקציִע אין מעלוכע־דומע אָן איינהײַטלעכע.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן דעם באָלשעוויסטישן און מענשע־וויסטישן טייל פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציִע איז פאָרגעקומען אַרום דער פראַגע וועגן דעם דעפּוטאַט יאַגעלאָ: צי זאָל מען אים אײַנשליסן אינעם באַשטאַנד פון דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציִע, אָדער ער זאָל בלײַבן אויסער איר. דער שטרײַט האָט געהאַט ניט נאָר א פאָרמעלע באַדײַ־טונג. דאָס איז געווען א שטרײַט אַן עכט פּאָליטישער. ווען מ׳זאָל אײַנשליסן דעם דעפּוטאַט יאַגעלאָ אין דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציִע, וואָלט דאָס באַטײַט, אַז די פראַקציִע שטעלט זיך אַף דער פּלאַטפאָרם פון דעם אַוו־גוסט־בלאָק, אַף דער פּלאַטפאָרם פון מענשעוויקעס־ליקווידאַטאָרן. די פראַקציִע האָט אין איר מערהײַט די שטרײַט־פראַגע געלייזט יאַגעלאָ צום גונסטן, זי האָט אים אַרײַנגענומען אין איר באַשטאַנד, עמעס, נאָר מיט באַראַטונג־רעכט און דערמיט גופע האָט זי זיך סאָלידאַריזירט מיט די ליקווידאַטאָרן.

נאָכדעם האָבן זיך אין דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציִע גופע אויסגעבילדעט צוויי באַשטימטע אָרגאַניזירטע פראַקציִעס, יעדערע פון זיי האָט געהאַט איר ביוראָ, איר לעגאַלן עפנטלעכן צענטער, אין געשטאַלט פון דער אַרבעטער־פּרעסע: „פּראַוודאַ״ (עמעס) באַ די באָלשעוויקעס און „לוטש״—באַ די מענשעוויקעס. אין מיטן יאָר 1913 זײַנען דידאָזיקע פראַקציִעס אויך פאָרמעל געוואָרן יעדערע פאַר זיך. פאַרן „בונד״ האָט זיך געשטעלט די פראַגע, מיט וועמען זאָל ער גיין. קײַן ברייִרע האָט ער ניט געהאַט, דער „בונד״ האָט דאָ געמוזט זײַן צוזאַמען מיט דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער פראַק־ציִע פון די מענשעוויקעס, מיט טשכעידזען, טשכענקעלין און די אַנדערע: אין דערדאָזיקער גרופּע איז דאָך אויך געבליבן דער דעפּוטאַט יאַגעלאָ, וואָס אינעם אויסוויילן אים האָט זיך דירעקט באַטייליקט דער „בונד״. מיר האָבן אופגע־וויזן, אַז צו אָט דער מענשעוויסטישער דומע־פראַקציִע איז דער „בונד״ געווען אויך פּאָליטיש נאָענט.

די אַנערקענונג פונעם לאָזונג „נאַציִאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע״, וואָס דער „בונד״ האָט אַף דער אַווגוסט־קאָנפערענץ זיך דערשלאָגן פונעם אַווגוסט־בלאָק, דידאָזיקע אנערקענונג האָט פאַרפעסטיקט דער דעפּוטאַט טשכענקעלי אויך פון דער דומע־טריבונע: אין זײַן דעקלאַראַציִע אין נאָמען פון דער פראַקציִע האָט ער פּראָקלאַמירט דעם לאָזונג פון „שאַפן די נייטיקע אײַנריכ־טונגען פאַר דער פרײַער אַנטוויקלונג פון יעדער נאַציִאָנאַליטעט״. אין דער דאָזיקער פאָרמול איז געווען אויסגעדריקט די בונדישע פאָדערונג פון נאַציאָ־נאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיִע.

די פראַגע וועגן „בונד״ איז אַזוי אַרום סאָף 1912 און אָנהייב 1913 יאָר געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס א שטרייט־פּונקט צווישן דעם באָלשעוויזם און מענשעוויזם. דאָס האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין די דאָקומענטן פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי *).

ניט געלייגט קיין שום האָפענונגען אַף דער מעגלעכקייט צו מאַכן די גאַנצע בונדישע אָרגאַניזאַציִע פאר אַ באָלשעוויסטישער, האָט די באָלשעוויס־טישע פּאַרטיי פאָרגענומען געוויסע שריט אַף אַריבערצונעמען פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציִע אין די באָלשעוויסטישע רייען איינצלנע עלעמענטן, וואָס זיינען געווען נעענטער צום באָלשעוויזם. מ׳האָט געקאָנט רעכענען, אַז אַזוינע זיינען פאַראַן אין דער אָרגאַניזאַציִע פון „בונד״. אין יאַנוואַר 1912 יאָר איז אַף דער אלרוסלענדער קאָנפערענץ געווען אָנגענומען אַ ספּעציִעלע רעזאָ־ליוציע „וועגן דער אָפּוועזנהייט פון דעלעגאַטן פון די נאַציאָנאַלע צענטרען אַף דער אלגעמיינפּאַרטייִשער קאָנפערענץ״, ווו ס׳איז געווען אַרויסגעזאָגט א באַדויערונג דערוף, וואָס אַף דער קאָנפערענץ זיינען ניט געקומען קיין דעלע־גאַטן פון די לעטן, פון דער פּוילישער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע און פון דעם „בונד״, דערביי איז וועגן דעם „בונד״ געווען געזאָגט, אַז ער איז „איינער פון די נאַציאָנאַלע צענטרען, וואָס האָט פאַרן לעצטן יאָר אָפן מיטגעוווירקט די ליקווידאַטאָרן און האָט געפּרוּווט צו אָרגאַניזירן אַ שפּאַלטונג אין ר. ס. ד. א. פּ.״ עס איז אויך געווען אָנגעוויזן, אַז „די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן ניט קומען פון די נאַציאָנאַלן לייגט די קאָנפערענץ אַרוף אַף זייערע צענטרען, און באַופטראַגט דעם צ. ק. פון ר. ס. ד. א. פּ. ניט אופהערן צו דערשלאָגן זיך איינצושטעלן נאָרמאלע באַציִונגען מיט די נאַציאָנאַלע אָרגאַ־ניזאַציִעס, וואָס גייען אַריין אין ר. ס. א. פּ.״, און צולעצט איז אויך געווען אָנגעוויזן, אַז „די קאָנפערענץ דריקט אויס איר זיכערקייט, אַז אַף ווייטער וועלן אַלע אַרבעטער סאָציִאַל־דעמאָקראַטן פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון רוס־לאַנד אייניק און האַנט באַ האַנט קעמפן פאַר דער פּראָלעטאַרישער זאַך און קעגן אַלע סאָנים פונעם אַרבעטער־קלאַס״.

די באָלשעוויקעס האָבן דאָ געוואָלט אונטערשטרייכן זייער ווילן צו געפינען אַן אלגעמיינע שפּראַך מיט אַ געוויסן טייל פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציִע. און ווירקלעך: אין די רייען פון „בונד״, אין זיינע אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס, זיינען געווען גרופּעס, וואָס האָבן זיך געפילט נאָענט צו די באָלשעוויקעס. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער ריי באַגריסונגען דער „פּראַוודא״, אינעם זאמלען געלט־מיטלען פאַר איר, אין דער רעזאָליוציע פון דער ווילנער אָרגאַניזאַציע.

אין דעקאַבער 1912 יאָר איז די פראַגע וועגן „בונד״ געווען געשטעלט אי אין דער רעזאָליוציע וועגן דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציע און אויך אין דער ספּעציִעלער רעזאָליוציע וועגן די נאַציאָנאַלע סאָציִאַל־דעמאָק־ראַטישע אָרגאַניזאַציעס. מיר ברענגען דאָ אייניקע זאַצן:

---

*) זע די רעזאָליוציעס פון דער פּאַרטיי־קאָנפערענץ פון 1912 י. און די אַרטיקלען פון די כ. כ. ענין און סטאַלין.

## פון דער רעזאָליוציִע „וועגן דער סאָצ.־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציע".

„4. די באַראַטונג קאָן ניט אײַנזען אין דער רעזאָליוציע וועגן יאַגעלאָן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פראַקציע האָט דירעקט געבראָכן איר כויוו. דידאָזיקע רעזאָליוציע שטיצט אונטער די צעשפּאַלטערישע אַקציע פון „בונד", וועלכער איז אַרײַן אין אַן אָפּמאַך מיט דער נאַציאָנאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.) קעגן די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און האָט דורכגעפירט דעם ניט סאָציאַל־דעמאָקראַט יאַגעלאָ קעגן אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע וואַל־מענער, וואָס זײַנען געווען די מערהײַט אין דער קאָלעגיע פון די אַרבעטער־וואַל־מענער. די פראַקציע האָט אַף אַזאַ אופן פאַרטיפט די שפּאַלטונג צווישן די אַרבעטער אין פּוילן און האָט פאַרשווערט די זאַך פון אײנהײַט אין דער פּאַרטיי.

5. דער כ' טשכענקעלי האָט אין נאָמען פון דער דומע־פראַקציע פאַרטיידיקט די קולטור־נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע אין דער פאָרמולע פון „שאַפן די נייטיקע אײַנריכטונגען פאַר דער פרײַער אַנטוויקלונג פון יעדער נאַציאָנאַליטעט",—און דאָס באַטײַט אַן עכטע אונטערברעכונג פון דער פּאַרטיי־פּראָגראַם. פונקט אַזאַ פאָרמולירונג לויטן טאָן איז דורך אַ ספּעציעלער אָפּשטימונג געווען אָפּגעוואָרפן אַפן צווייטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, וועלכער האָט אײַנגעשטעלט די פּאַרטיי־פּראָגראַם. מאַכן א האַנאָכע פאַר נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, און זאָל עס אַפילע זײַן אין אַזאַ פאַרבאַהאַלטענער פאָרם, איז ניט צו דערלאָזן אין אַ פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי".

## די רעזאָליוציע „וועגן די נאַציאָנאַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס".

„1. די דערפאַרונג פון 1912 יאָר האָט פולשטענדיק באַשטעטיקט, אַז דער באַשלוס פון דער יאַנוואַר־קאָנפערענץ (1912) פון דער ר. ס. ד. א. פּ. וועגן דערדאָזיקער פראַגע איז געווען אַ ריכטיקער. דעם בונדס אונטערשטיצן די קאַנדידאַטור פון דעם ניט סאָציאַל־דעמאָקראַט יאַגעלאָ קעגן די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן און דאָס ברעכן די פּאַרטיי־פּראָגראַם צום גונסטן פון נאַציאָנאַליזם דורך דער אַווגוסט (1912)־קאָנפערענץ פון די ליקווידאַטאָרן, „בונד" און לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן באַזונדער בולעט אַרויסגעוויזן דעם פולשטענדיקן באַנקראָט פון די פעדעראַליסטישע יעסוידעס אין דעם געבוי פון דער ס. ד. פּאַרטיי און דעם טיפן שאָדן, וואָס די אָפּגעזונדערטקײַט פון די „נאַציאָנאַלע" סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס ברענגט פאַר דער פּראָלעטאַרישער זאַך.

2. די באַראַטונג רופט דעריבער דרינגענד די אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון רוסלאַנד צום ווידערשטאַנד—אַף אַן אַנטשיידנסטן אופן—קעגן דעם קריגערישן נאַציאָנאַליזם פון דער רעאַקציע, צום קאַמף קעגן אַלע און

אלערלייִקע דערשײַנונגען פון נאַציאָנאַליסטישן גײַסט צווישן די האָראָפּאַשנע מאַסן און צו דער ענגסטער פאַרייניקונג און צונויפגיסונג פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער אין די ערטער אין איינהײַטלעכע אָרגאַניזאַציעס פון ר.ס.ד.א.פּ., וועלכע פירן די אַרבעט אַף יעטווידער פון די שפּראַכן פון דעם אָרטיקן פּראָלעטאַריאַט, און פאַרווירקלעכן בעפּויעל די איינהײַט פון אונטן, ווי דאָס פירט זיך פון לאַנג אַף קאַווקאַז.

3. די באַראַטונג באַטאָנט באַזונדערס דעם עקסטן אָפּאָרטוניזם און ליקווי־דאַטאָרישקײַט אין די באַשלוסן פון דער לעצטער (9־טער) קאָנפערענץ פון „בונד", וועלכע האָט באַזײַטיקט דעם לאָזונג פון רעפּובליק, אָוועקגעשטעלט די אומלעגאַלע אַרבעט אַפן הינטערשטן פּלאַן און באַוויזן, אַז זי האָט פאַר־געסן די רעוואָליוציאָנערע אויפגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט. עס דאַרף אויך פאַרור־טיילט ווערן דער ווידערשטאַנד פון „בונד" קעגן דער פאַרייניקונג פון אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע ארבעטער אַף די ערטער (אין וואַרשע, לאָדז, ווילנע, און אַזוי ווײַטער), קעגן דער פאַרייניקונג, וועלכע די ר. ס. ד. א. פּ. האָט פון 1906 יאָר אָן דורך אירע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן אַסאַך מאָל גע־פאָדערט.

4. די באַראַטונג דריקט אויס איר פעסטע זיכערקײַט, אַז דער רעוואָליור־ציאָנערער אופשטײַג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאַסן־שטרײַקן, די גאַסן־דעמאָנסטראַציעס און די אַנדערע פאָרמען פון אָפענעם רעוואָליוציאָנערן מאַסן־קאַמף וועלן מיטווירקן, אַז עס זאָלן זיך צוזאַמענשליסן און צונויפגיסן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער אַף די ערטער אָן שום אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעטן, און דערמיט זאָל פאַרשטאַרקט ווערן דער אָנדראַנג אַפן צאַריזם, וואָס דריקט אַלע פעלקער פון רוסלאַנד, און אַף דער בורזשואַזיִע, וואָס פאַרייניקט אַלע בורזשואַ פון אַלע נאַציִעס אין רוסלאַנד".

אין יולי 1913 יאָר נעמט אָן די באַראטונג פונעם באָלשעוויס־טישן צ.ק. מיט די פאַרטיי־טוער פּאָלגנדיקע רעזאָליוציִע וועגן דער נאַציאָנאַ־לער פראַגע:

„דאָס ווילדעוועןן פונעם שוואַרצמײיִקן נאַציאָנאַליזם, דער ווּוקס פון די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן צווישן דער ליבעראַלער בורזשואַזיִע, די פאַר־שטאַרקונג פון די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן צווישן די אייבערשטע שיכטן פון די אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן רוקן אַרויס אינעם איצטיקן מאָמענט די נאַציאָנאַלע פראגע אַף אַן אָנגעזעענעם אָרט.

„די זאַכלאַגע אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גופע (די פּרווון פון די קאַוו־קאַזער סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פון „בונד" און פון די ליקווידאַטאָרן אָפּצושאַפן די פּראָגראַם פון דער פּאַטיי א.אַז.וו.) צווינגט די פּאַרטיי צו לייגן מער אַכט אַף דערדאָזיקער פּראַגע.

„קעדיי ריכטיק אַוועקצושטעלן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַגיטאַציִע אין דער נאַציאָנאַלער פּראַגע, רוקט די באַראַטונג אַרויס, שטיצנדיק זיך דערבײַ אַף דער פּראָגראַם פון ר.ס.ד.אַ.פּ., פּאָלגנדיקע האַנאָכעס:

1) אַף וויפל ס'איז מעגלעך נאַציאָנאַלער פרידן אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וועלכע איז געגרינדעט אַף עקספּלואַטאַציע, רויבערײַ און רײַסעניש, קאָן מען עס דערגרייכן בלויז בײַ אַ ביזן סאַך אויסגעהאַלטענער דעמאָקראַטישער רעפּובליקאַנישער מעלוכע־אָרדענונג, ווו עס איז פאַרזיכערט די פולע גלײַכבאַרעכטיקונג פאַר אַלע נאַציעס און שפּראַכן, ווו עס איז ניטאָ קיין אָבליגאַטאָרישע מוטער־שפּראַך, ווו די באַפעלקערונג איז באַזאָרגט מיט שולן, מיט אונטעריכט אַף אַלע אָרטיקע שפּראַכן, און ווו ס'איז אײַנגעשלאָסן אין דער קאָנסטיטוציע אַ גרונט־געזעץ, וואָס דערקלערט פאַר אומגילטיק אַלערליי נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס און אַלערליי מינים באַגרענעצן די רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן. באַזונדערס איז נייטיק דערצו אַ ברייטע געגנט־אַווטאָנאָמיע און אַ פולע דעמאָקראַטישע זעלבסטפאַרוואַלטונג, דערבײַ זאָלן די גרענעצן פון די זעלבסטפאַרוואַלטנדיקע און אַווטאָנאָמע געגענטן ווערן באַשטימט אַפן יעסאָד פון די יעדיעס, וואָס עס וועט געבן די באַפעלקערונג גופע וועגן זייערעווירטשאַפטלעכע און לעבנשטייגערישע באַדינגונגען, נאַציאָנאַלן באַשטאַנד א. אַז. וו.

2) דאָס צעטיילן דעם שולוועזן לויט די נאַציאָנאַליטעטן אין די גרענעצן פון איין מעלוכע איז דורכויס שעדלעך פאַר די אינטערעסן אי פון דעמאָקראַטיע ביכלאַל אי פון פּראָלעטאַרישן קלאַסנקאַמף ביפּראַט. און גראָד צו אָט אַזאַ צעטיילונג ברענגט דער פּלאַן פון דער אַזויגערופענער „קולטור־נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע”, אָדער דאָס „באַשאַפן אײַנריכטונגען, וואָס זאָלן גאַראַנטירן די פרײַהײַט פון נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג”, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין רוסלאַנד פון אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען פון ייִדנטום און פון די בירגערלעך־אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן פון פאַרשיידענע נאַציעס.

3) די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס פאָדערן, אַז די אַרבעטער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן פון דער גאַנצער מעלוכע זאָלן זיך צונויפגיסן אין אייניײַטלעכע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס: פּאָליטישע, פּראָפעסיאָנעלע, קאָאָפּעראַטיוו־בילדונג־אָרגאַניזאַציעס א. אַז. וו. בלויז אַזאַ צונויפגיסונג פון די אַרבעטער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אין אייניײַטלעכע אָרגאַניזאַציעס גיט די מעגלעכקײַט דעם פּראָלעטאַריאַט צו פירן אַ זיגפולן קאַמף קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל און רעאַקציע, און גלײַכצײַטיק אויך קעגן די דראָשעס און שטרעבונגען פון די פּריצים, גאַלאָכים און בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן פון אַלע נאַציעס, וואָס פירן געוויינלעך דורך זייערע אַנטיפּראָלעטאַרישע שטרעבונגען אונטער דער פאָן פון „נאַציאָנאַלער קולטור”. די אַלוועלטלעכע אַרבעטער־באַוועגונג שאַפט און אַנטוויקלט מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער די „אינטערנאַציאָנאַלע קולטור פון פּראָלעטאַריאַט” *).

---

*) די ווײַטערדיקע פּונקטן פון דער רעזאָלוציע רעדן וועגן „רעכט פון דער נאַציע אַף זעלבסטבאַשטימונג”—אין זין פון אָפּטיילן זיך פון רוסלאַנד” (זע „די ר. ק. פּ. אין רעזאָלוציעס...” ז. 160—159).

* * *

בּיכדיי נישט צו פאַרהאַלטן זיך לענגער אַף דעם גאַנג פון דער בונדישער באַוועגונג אין די יאָרן 1912—14, וועלן מיר דאָ זיך אָפּשטעלן בלויז אַף אייניקע פּונקטן.

אין דער פאַרזיכערונג־קאַמפּאַניע (אָנהייב 1913 יאָר) האָט דער אָנפירנדיקער טייל פון „בונד" קיינע וואַקלונגען נישט געהאַט. זײַן עצעם פּאָזיציִע פון טיילוויַיזע לאָזונגען, זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג מיטן מענשעוויסטישן אָ. ק. האָבּן אים דאָ בּאַלד געפירט אַף דער וועג, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט דער מענשעוויסטישער אָרגאַן „לוטש". אין די באַזונדערע בּראָשורן, וואָס דער „בונד" האָט אַרויסגעלאָזט וועגן אָט דעם איניען, אויך אינעם בונדישן צענטראַלן אָרגאַן „די צײַט" האָט זיך די גאַנצע פאַרזיכערונג־קאַמפּאַניִע געפירט אין גײַסט פון די מענשעוויקעס־ליקווידאַטאָרן.

אין 1913 יאָר האָט דער בּיילִיס־פּראָצעס פאַרנומען א גרויס אָרט אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבּן און אינעם פּאָליטישן קאַמף קעגן דעם דריט־יונישן רעזשים. פאַר דעם יִידישן יאָנטעוו פּייסעך איז אין קיעוו דערמאָרדעט געוואָרן א קריסטלעך יִינגל אַנדריי יושצינסקי, און אַרום אָט דעם מאָרד האָט די דריט־יונישע רעאַקציע און די אָפיציעלע יוסטיץ געשאַפן א פּראָצעס וועגן א ריטואַלן מאָרד. מ׳האָט בּאַשולדיקט די יִידן, אז זיי האָבּן עס דערמאָרדעט דאָס יִינגל אום צו פאַרנוצן זײַן בּלוט פאַר די פּייסעך־מאַצעס — איינע פון די געוויינלעכע מיטלאַלטערלעכע בּאַשולדיקונגען קעגן די יִידן. די גאַנצע רעכטע פּרעסע האָט אָנדערהאַלבּן יאָר נאָכאַנאַנד אַלץ צוגעגרייט דעמדאָזיקן פּראָצעס. מיטגעהאָלפן דערצו האָבּן אויך פון דער טריבּונע פון דער מעלוכע־דומע „דער פאַריין פון רוסישן פאָלק" און די אָקטיאַבּריסטן. די יִידישע מאַסן האָט דערדאָזיקער פּראָצעס אופגערייצט און בּיז גאָר אופגעבּראַכט; ס׳האָבּן אין זיי אופגעשטײַגט נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, און דאָס גאַנצע יִידישע בּירגערטום האָט זיך צוזאַמענגעשלאָסן אַרום דער יִידישער נאַציאָנאַלער פאָרשטייערשאַפט, אַרום דער גרופּע יִידישע קאַדעטישע דעפּוטאַטן אין דער מעלוכע־דומע. בּרייטערע קרײַזן האָבּן דערפילט די קאַטעגאָרישע נייטיקײַט דערפון, אַז די יִידישע אַרבּעטער זאָלן ענטפערן אַף אָט דער אומגעהערט־פּרעכער פּראָוואָקאַציע מיט א וואָגיקן מאַסן־פּראָטעסט. דער „בונד" האָט אַף זיך גענומען די איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן דעמדאָזיקן פּראָטעסט. נאָך אין אָנהייבּ 1912 יאָר האָט דער „בונד" פאָרמולירט אַ „טיילוויַיזע" רעזאָליוציע און אין פאַרשיידענע שטעט האָט מען געזאַמלט אונטערשריפטן אף דער רעזאָליוציע, געזאַמלט אף אַרבּעטער־פאַרזאַמלונגען, אין די וואַרשטאַטן, אַף די פאַבּריקן, אין די אַרבּעטער־רעסטאָראַנען און קאַפע־הײַזער אין וואַרשע. דאָס האָט געדאַרפט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ פּעטיציע, מאַכמעס צו יענער צײַט האָט דער „בונד" זייער געהאַלטן פון פּעטיציע־קאַמפּאַניעס און איז אין דעם געווען שטאַרק פאַרטון. צו דער צײַט, וואָס מ׳האָט אַראנזשירט דעם בּייליס־פּראָצעס (זומער 1913 יאָר), איז דער „בונד" שוין ווידער געווען א מאַסן־אָרגאַניזאַציע מיט א גאַנץ בּרייטער פּעריפעריע. ער האָט זיך געשטיצט אַף א פאַרצווײַגטער נעץ אומלעגאַלע פּראָ־

פעסיאָנעלע פּאַריינען אין וואַרשע, האָט אופגעשטעלט דעם צענטראַל־פּאַריין פון די אַרבעטער־בערשטער, האָט געהאַט עטלעכע לעגאַלע פּראָפעס. פּאַריינען אין ווילנע און אין לאָדז, האָט געהאַט אַ לעגאַלן אָרגאַן אין פּעטערבורג. דער אָנוווקס פון רעוואָליוציאָנערער שטימונג אין צוזאַמענהאַנג מיט די לענער פּאַ־סירונגען און שפּעטער דאָס אופוואַכן פון פּאָליטישער אַקטיווקייט בעשאַס דער וואַל־קאַמפּאַניע אין דער מעלוכע־דומע,— דאָס אַלץ האָט אופגערודערט און צעוויגט די יידישע אַרבעטער־מאַסע אויך.

אין דעם טאָג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן בייליסעס מישפּעט האָבן די יידישע ראַבאָנים „גויזער־טאָנעס געוואָן". אין יענעם טאָג, הייסט עס, דאַרפן אַלע „יידישע קינדער" פאַסטן און גאָט בעטן. דאָס איז געווען אזוי ווי נאָכגעטון דער פּוילישער בורזשואַזיע, וואָס אף דעם געזעץ פון דריטן יולי וועגן אויסטיילן כעלמער קאַנט האָט זי געענטפערט מיט דער „גזיירע"— אָפּצוזאָגן זיך פון טאַנצן. אָט דעמדאָזיקן לאָזונג פון אָפּגעלאָזנקייט און פּאַ־סיווקייט, וואָס איז אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בורזשואַזער אָפּאָזיציע, האָט דער „בונד" קעגנגעשטעלט די אידייע פון אַן אַרבעטער־שטרייק, אַלס פּראָ־טעסט קעגן דעם בייליס־פּראָצעס. די פראַגע וועגן שטרייק האָט דער צ. ק. פון „בונד" באַהאַנדלט אף אַ ניט קיין גרויסער באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון די גרעסטע אָרגאַניזאַציעס און נאָכדעם האָט ער דעם שטרייק פּראָקלאַ־מירט אף אייגענער אַכראַיעס אָן דעם אנטייל פון דער אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. אף א ברייטער באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע, אף אַ באַראַטונג, ווו עס האָבן זיך באַ־טייליקט פּופציק פאָרשטייער פון אלע פּאָליטישע פּראָפעסיאָנעלע „סכאָדקעס", האָט דער פאָרשלאַג וועגן א באַזונדערער יידישער ארויסטרעטונג זיך אָנגע־שלאָגן אף גרויסע דערווידערונגען פון די אַרבעטער. מ׳האָט אָנגעוויזן, אַז דערוף וועלן זיך ווונדערן די פּוילישע אַרבעטער, וואָס זיינען צוזאַמען און אַרבעטן צוזאַמען מיט די יידישע אַרבעטער, אָפט אפילע אין איינע און די־זעלבע וואַרשטאַטן. די באַראַטונג פון דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע האָט באַ־שטימט צו ווענדן זיך צו די פּוילישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פּ. ס. ד. און פּ. פּ. ס. (לעוויצע) מיט דעם פאָרשלאַג צו אָרגאַניזירן צוזאַמען א שטרייק, אָדער רופן די פּוילישע אַרבעטער אַף וועלכן עס איז אַנדער אויפן צו רעאַגירן אַף דעם בייליס־פּראָצעס. געוויסע פּרווון אַף אַריינציען די פּוילישע סאָציאַלי־סטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געמאַכט געוואָרן. עס איז אַפילע איינמאָל פאָר־געקומען אַ באַראַטונג מיט די פאָרשטייער פון דער פּוילישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע; די פּוילישע כאַווירים האָבן זיך אָבער אַפּן פארשלאַג ניט אָפּגערופן. צו אַזאַ פּאָליטישער אַרויסטרעטונג איז נאָך ניט געווען צוגעגרייט אַפילע די שמאָלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

דער רוף פון „בונד" צום שטרייק האָט געהאַט ערפאָלג. אין וואַרשע האָבן געשטרייקט עטלעכע טויזנט יידישע אַרבעטער, דערביי איז אינעם באַריכט וועגן דעם שטרייק האָבן די אַרבעטער אָנגעוויזן, אַז אין א גאַנצער ריי פאַבריקן האָבן די פּוילישע אַרבעטער אַרויסגעוויזן גרויס מיטגעפיל צו אָט דעם שטרייק

און האָבן געוואַרט אַף אַן אַנטשפּרעכיקן לאָזונג פון יענע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, נאָך וועלכע זיי זײַנען געווינט געווען נאָכצוגיין. אַ געוויסן ערפאָלג האָט דער שטרײַק געהאַט אויך אין ווילנע, אין מינסק, אין ביאַליסטאָק און אין אייניקע אַנדערע שטעט. צוליב דער אַלגעמיינער פּאָליטישער פּאָזיציע פון „בונד“ איז דערדאָזיקער שטרײַק ניט געווען אויסגענוצט אַף אַ געהעריקן אויפן, צוליב אַ טיפערער רעוואָליוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע.

מיר האָבן ניט, צום באַדויערן, אונטער דער האַנט די אומלעגאַלע אויסגאַבן פון „בונד“ פאַר די יאָרן 1913—1914, און קאָנען דעריבער ניט ציטירן די פּאַרטיי־דאָקומענטן, וואָס אין זיי איז געבליבן ווי פּאַרזיגלט די פּאָזיציע פון „בונד“ אין צוזאַמענהאַנג מיט דער שפּאַלטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דומע־פראַקציע און מיט אייניקע מאָמענטן פון דעם אַלגעמיין־פּאָליטישן לעבן. אויך דאָס אָבער, וואָס מיר האָבן ביז אַצינד געזאָגט, איז גענוג אַף צו כאַראַק־טעריזירן די גאַנצע פּאָליטישע פּאָזיציע פון „בונד“. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, אין דער מאָס וואָס עס איז געוואָרן אופגערירט דאָס פּאָליטישע לעבן פון לאַנד, האָט זיך אַלץ צעוואַקסן און אַנטוויקלט. דער צענטראַלער לעגאַלער אָרגאַן האָט געדינט פאַר אַן אָרגאַניזיר־צענטער, פאַר אַ צענטער, אַרום וועלכן עס האָבן זיך געקליבן און געשלאָסן די יִדישע אַרבעטער־מאַסן. נאָר דער „בונד“ האָט אויסגענוצט אָט די וואַקסנדע אופלעבונג, קעדיי צו פאַרשפּרייטן אין די מאַסן ליקווידאַטאָרישע און נאַציאָנאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

אָנהייב 1914 יאָר איז דידאָזיקע נעץ פון פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אַזוי פאַר־פעסטיקט געוואָרן, און דאָס פּאַרטיי־לעבן האָט זיך אַזוי אַנטוויקלט, אַז דער „בונד“ האָט גערעכנט פאַר רעכטצײַטיק צו שטעלן אָפן טאָג־סיידער די פראַגע וועגן צונויפרופן דעם אַכטן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. די אופגאַבע פון דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר איז געווען—פון איין זײַט פאַרפעסטיקן די פּאָליטישע פּאָזיציע פון „בונד“, דערלייזן אייניקע פּרינציפּיעלע פראַגן, און פון דער צווייטער זײַט—שאַפן אַן אַווטאָריטעטן צ.ק., ווײַל דער צ.ק. איז געוואָרן אָפּגעשוואַכט דורך אַ גאַנצער ריי אַרעסטן. דער צוזאַמענפאָר פון „בונד“ איז געוואָרן באַשטימט אַף אַווגוסט 1914 י. אין ווין. די אָרגאַניזיר־אַרבעט אַרום אָט דעם צוזאַמענפאָר האָט שוין געהאַלטן אין רעכטן ברען, די דעלעגאַטן האָבן שוין געוווּסט די פונקטן, וווּהין זיי דאַרפן זיך ווײַזן, ווער פון די דעלעגאַטן, איבערהויפּט פון צ.ק., זײַנען שוין געווען אַף יענער זײַט גרענעץ. און מיטאַמאָל, גאָר אומגעריכט, האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מילכאָמע, און וועגן דעם, אַז עס זאָל פּאָרקומען דער צוזאַמענפאָר, האָט שוין קײַן רייד ניט געקאָנט זײַן. אַף אַזאַ אויפן איז די פּאָליטישע געשטאַלט פון „בונד“ צו דער צײַט, וואָס איז אופגעקומען די וועלט־מילכאָמע, ניט געבליבן פאַרזיגלט אין אָפיציעלע, פון דער גאַנצער פּאַרטיי דורכגעטראַכטע, פּאָליטישע דאָקומענטן. אינעם צענטראַלן אָרגאַן זײַנען געווען אָפּגעדרוקט בלויז אייניציקע פּראָגראַם־אַרטיקלען, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטע שײַכעס צום דערוואַרטן צוזאַמענפאָר. די אַרטיקלען זײַנען כאַראַק־טעריסטיש דערמיט, וואָס זיי ווײַזן אַזוי ווי אָן אַף דעם באַגער פון דער אָרגאַ־ניזאַציע צו באַפרײַען זיך פון דעם צו געדיכטן נאַציאָנאַליסטישן אָנשוים, וואָס

עס האָט מיט זיך געבראַכט דער פּעריאָד פון 1910—1907 יאָר. מיר מיינען דאָ די אַרטיקלען, וואָס האָבן גערעדט קעגן דעם לאָזונג פון שאַבעס־רו, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר אַן ענגערן אָרגאַנישן צוזאַמענבונד מיט דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכער פּועל־יוצא פון דער אויפלעבונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג ביכלאַל און פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג ביפראַט. אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט דער דרוק פון די מאַסן וועמען עס איז שוין דערעסן געוואָרן דער נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער אינהאַלט פון דער באַוועגונג.

---

## קאַפּיטל אַכצן.

# די יאָרן פון מילכאָמע

די וועלט־מילכאָמע האָט אַף אַ צײַט איבערגעריסן יענעם מאַסנהאַפטן רעװאָליוציאָנערן פּראָצעס אין דער רוסלענדישער רעװאָליוציאָנערער באַװעגונג, װעלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט די לענער פּאַסירונגען און האָט זיך האַרט פאַר דער װעלט־מילכאָמע געענדיקט מיט מאַסן־שטרײַקן און מאַסן־אומרוען אין פּעטערבורג. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט באַלד פאַרלאָרן אַלע אירע לעגאַלע פּאָזיציעס. די צײַטונגען האָט מען פאַרמאַכט,—און דאָס האָט פאַר איר פאַרשטעלט אַלע אָפענע װעגן, זי האָט געמוזט אַרײַן אין דער אונטערערד. דאָסזעלבע איז אויך געװען מיטן „בונד". אינעם ערשטן כוידעש מילכאָמע איז ליקװידירט געװאָרן די צענטראַלע לעגאַלע בונדישע צײַטונג „צײַט" אין פּעטראָגראַד. עס האָט אויך געפעלט דער צ.ק., טײלװײַז איבער דער פריִעריקן אָפּפאַל און טײלװײַז איבערן אַרויספאָרן קײַן אויסלאַנד אַף דעם געפּלאַנטן צוזאַמענפאָר,— און דאָס האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אומרו און װירװואַר.

דאָ װעט זײַן ניט איבעריק אָפּצושטעלן זיך אַף איין עפּיזאָד אין די ערשטע טעג פון דער װעלט־מילכאָמע. מיר מיינען דאָ די פּראָקלאַמאַציע, װאָס עס האָבן געמיינזאַם אַרויסגעלאָזט אין װאַרשע דער צ. ק. פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון פּױלן און ליטע, דער צ.ק. פון פּ.פּ.ס. (לעװיצע) און דער צ.ק. פון „בונד". דידאָזיקע פּראָקלאַמאַציע גיט די אָפּשאַצונג פון דער װעלט־מילכאָמע און מאַכט קלאָרע, באַשטימטע אויספירן פאַר דער טאַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די מילכאָמע איז דאָ געװען אָפּגעשאַצט, אַלס ערשטער טריט אַפן װעג צום אומפאַרמײַדלעכן קראַך פון דעם אימפּעריאַליזם. אינעם לעצטן אַבזאַץ פון דער פּראָקלאַמאַציע, װאָס ביכלאַל איז זי געװען אָנגעשריבן קלאָר, אַנטשיידן און מיט שטאַרקן רעװאָליוציאָנערן טעמפּעראַמענט,—אינעם לעצטן אַבזאַץ האָט זיך גערעדט װעגן דעם, אַז „הינטער די שרעקלעכע קלעפּ פון דער װעלט־מילכאָמע הערט זיך דער דראָענדיקער גערויש פון די אַרבעטער־באַטאַליאָנען, װעלכע אַטאַקירן די טראַנשייען פון דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג". דער לאָזונג פון דערדאָזיקער פּראָקלאַמאַציע איז געװען:

„זאָל לעבן די סאָציאַלע רעװאָליוציע".

מ'דאַרף זאָגן, אַז די אונטערשריפט פון בונדישן צ.ק. אונטער אָט דעם אופרוף איז אין אַ געװיסער מאָס געװען אומפאַראַנטװאָרטלעך. צו יענעם מאָ־

מענט האָט דער „בונד״ אין רוסלאַנד קײַן שום צ.ק. ניט געהאַט. נאָר װען די װײַטערדיקע אופירונג פונעם „בונד״ װאָלט װירקלעך געװען אַ העמשעך פון יענער ליניע, װאָס עס האָט געהאַט אָנגעצײכנט דער אופרוף פון די דרײַ פּאַר־טײען, אָדער װען אָט די פּערזאָן, װאָס האָט אין נאָמען פונעם בונדישן צ. ק. אונטערגעשריבן דעמדאָזיקן אופרוף, װאָלט אַף װײַטער געבליבן אַף דערזעל־ביקער פּאָזיציע, אַף דער פּאָזיציע, דער דורכויס באַלשעװיסטישער, װאָלט מען געקאָנט לאָזן אָן אַ זײַט די אײנצלנע אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראַגן. געװעזן איז עס אָבער ניט אַזוי. דער מיטגליד פון צ.ק. פון „בונד״, װאָס האָט אונטער־געשריבן דעם אופרוף, דער באַװוסטער מיכאַלעװיטש (ביינישׁ), איז שפּעטער (בלײַבנדיק אַף דער גאַנצער צײַט פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע אין װילנע און נאָכדעם אין װאַרשע) געװען *) אַ קאָנסעקװענטער לידער פונעם רעכטן פליגל פון „בונד״, איז דער פּאַרביסנסטער קעגנער דערפון, אַז די אופגאַבן פון פּראָלעטאַריאַט זאָלן געשטעלט װערן אַף אַ רעװאָליוציאָנערן אופן. איבער־דעם אַלעם דאַרף מען דידאָזיקע פּראָקלאַמאַציע אַראָפּנעמען פונעם בונדישן צ. ק.׳ס רעכענונג, און די גאַנצע זאַך דאַרף באַטראַכט װערן װי אַ צופעליקער עפּיזאָד. די גאַנצע װײַטערדיקע אָריענטאַציע האָט קײַן שום שײַכעס ניט צו אָט דער געבראַכטער פאָרמולירונג.

אינעם ערשטן פּעריאָד פון דער מילכאָמע האָט דער „בונד״ איבערגעלעבט עטװאָס ענלעכעס צו דעם, װאָס ער האָט איבערגעלעבט אין די יאָרן 1907—1910. ער האָט געזוכט פאַר זיך אַ לעגאַלן אָנהאַלט, און האָט אויך געװאָלט גײן צוזאַמען מיט דעם נײַעם שטראָם נאַציאָנאַלער דעמאָקראַטישער באַװעגונג, װאָס האָט אַזוי װי אַרויסגעקװעלט פון דעם, װאָס די מילכאָמע האָט מיט זיך געבראַכט. די מילכאָמע האָט זיך צעבושעװעט אַף דער טעריטאָריע פון מײַרעװ־קאַנט און האָט געבראַכט פאַר דער דאָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג די אומדערבאַ־רעמיקסטע גװאַלדטאַטן פון דעם צאַריזם. מיט אַכזאָריעס האָט מען פאַרטריבן די ייִדן פון די גרענעץ־פּונקטן, װוהין עס פלעג נאָר אָנקומען די צאַרישע אַרמײ. די גײרושים און נאָכדעם דאָס נאַטירלעכע אַנטלויפן און לויפן, װוהין די אויגן טראָגן, האָבן אין דער ייִדישער געזעלשאַפט געשאַפן אַ גאַנצע נעץ פאַרשײדנאַרטיקע אָרגאַניזאַציעס, װאָס זײער אופגאַבע איז געװען צו באַדינען דידאָזיקע הײמלאָזע, פון דער מעלוכע געלאָזענע אַף העפקער. און װידעראַמאָל האָבן די נאַציאָנאַלע רעדיפעס פאַרשטאַרקט די נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע. די גאַנצע דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ האָט זיך מיט אינװײניקסטן אימפּעט גענומען צו אָט דער אַרבעט. דאָס איז געװען אַ מין אײגנאַרטיקע „באַשיצלערישע״ פּאָזיציע. דער ייִדישיזם האָט דאָ פאַר זיך באַקומען נײַע שפּײַז. עס װערן געשאַפן קינדער־הײַזער, קינדער־שולן, די דעמאָקראַטישע אינטעליגענץ שאַפט זיי אַף דער אײגענער, אַף דער ייִדישער שפּראַך. עס קומען אוף קיכן פאַר די הײמלאָזע און אויך (װי אַן אָפּשטאַם פון אָט די קיכן), קיכן פאַר די אַרבעטסלאָזע, װאָס האָבן געליטן פון דער מילכאָמע. די בונדישע גרופּעס באַ־

*) מיכאַלעװיטש איז געשטאָרבן אין 1928 יאָר אין װאַרשע.

טיילן זיך אין דערדאָזיקער באַוועגונג, פּונקט אַזוי, ווי זיי האָבן זיך באַטיי־ליקט אין דער באַוועגונג פון די יאָרן 1910—1908.

די פריַיע עקאָנאָמישע געזעלשאַפט—איינער פון די זיַילן פון דער ליבעראַ־לער רוסישער בורזשואַזיע—טרעט ארויס אַף דער אַרענע און קומט מיט דעם לאָזונג פון מאַסן־הילף פאַר די געליטענע פון דער מילכאָמע. אויך זי שאַפט אין דער פּראָווינץ אַ נעץ פון עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס. די בונדיסטן באַטיי־ליקן זיך אויך אין דערדאָזיקער אַרבעט. דאָ קומט אוף אַ געוויסע מיינונג־פאַרשיידנקיַיט: צי דאַרפן די הילפס־אָרגאַניזאַציעס זיַין ריין־נאַציאָנאַלע אָדער אַלגעמיינע. אַ געוויסע ציַיט ווערט אַרום אָט דער פראַגע געפירט אַ דיסקוסיע. יעדערע פון די דערמאָנטע הילפס־פאָרמען האָט אירע אָנהענגער. דאָס אַלץ זיַינען אָבער מעטאָדן פון בורזשואַז־דעמאָקראַטישער לעגאַליסטישער באַוועגונג, וואָס מ׳וויל אַהער אויך אַריַינציִען קליינע גרופּעס אַרבעטער. דידאָזיקע גאַנצע „באַוועגונג" איז אין עצעם אַן אַפּאָליטישע. ערשט שפּעטער, אָנהייב 1915 יאָר, הייבן באַזונדערע בונדישע גרופּעס אָן צונויפנעמען זיך. זיי קומען צו־זיך און הייבן אָן צו פאָרמולירן זייער פּאָליטישן געדאַנק. לעפּיערעך פאַלט עס צוזאַמען מיט דעם מאָמענט, ווען וואַנדערוועלדע קומט דאָס ערשטע מאָל צו־פאָרן אין רוסלאַנד. די ערשטע—פאַר דער ציַיט פון מילכאָמע—באַראַטונג פון די בונדישע גרופּעס אין רוסלאַנד שטעלט אַרויס געוויסע טעזיסן, וואָס אין גאַנצן און גרויסן גייען זיי צו צו דער באַשיצלער־פּאָזיציע, וואָס עס האָט צו יענער ציַיט פאָרמולירט דער אָ. ק., אַלס ענטפער אַף דעם אופרוף פון וואַנדערוועלדען צו די רוסישע סאָציאַליסטן.

דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" נעמט אַ מער טיכטיקן און אַק־טיוון אַנטייל אין דער צווישנפעלקערלעכער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך צעפלאַ־קערט אַרום דער קאַטאַסטראָפע פון דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. דאָ האָבן זיך אין דער בונדישער מאַכנע אויסגעבילדעט דריַי שטרעמונגען: אַ גערמאַנאָ־פילישע, אַ פראַנקאָפילישע און א דריטע שטרעמונג, וואָס האָט געמיינט צו בליַיבן אויסער קיין אָריענטאַציע. שפּעטער האָט אָט די דריטע ניט־גרויסע גרופּע ריינע אינטערנאַציאָנאַליסטן—פון מאַרטאָווס טיפּ און לינקער—זיך אַלץ מער אויסגעשטאַלט, באַזונדערס אין דער פעריפעריע פון דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע אין ציוריך, ווו עס האָבן זיך דאַן געפונען די רוסישע מענשעווי־קעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן. דער אויסלענדישער אָרגאַן פון „בונד", דאָס „אינ־פאָרמיר־בלעטל" האָט אַף זיַינע שפּאַלטן געלאָזט פירן ווי א מין דיסקוסיע וועגן אָט די פראַגן, און דאָ האָבן זיך אַנטפּלעקט אַלע פאָרמען פון באַשיצלעריַי ביז דער רוסישער „רעוואָליוציאָנערער באַשיצלעריַי". די לעצטע שטרעמונג, וואָס פאָרמולירט האָט זי אין דעם אָרגאַן פונעם אויסלענ־דישן בונדישן קאָמיטעט איינער פון די ליטעראַטן נאָך אין אָקטיאַבער 1914 י. האָט גערעדט וועגן דעם; אז אַף דעם באָדן פון דער צאַרישער אומפעיִקיַיט צו באַשיצן די אינטערעסן פון רוסלאַנד אין דער צווישנפעלקערלעכער מילכאָמע קאָן אויסברעכן אַ רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אין רוסלאַנד. די אינטערנאַציאָ־נאַליסטישע ריכטונג אין „בונד" האָט פאַר זיך ניט געפונען קיין אָרט אין די

אָרגאַנען פונעם אויסלענדישן קאָמיטעט. אף דעם באַדן איז שיר ניט פאָרגע־קומען א שפאַלטונג אין דער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע פון „בונד"; נאָר דאָס איז געווען שוין היפש־שפּעטער.

דערווייל האבן זיך אין רוסלאַנד אין 1915 יאָר אָנגעהויבן אויסבילדן מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן, און פאַר די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס האט זיך געשטעלט די פראגע וועגן זייער באַטייליקן זיך אין דידאָזיקע קאָמיטעטן. ווי באַוווּסט, זיינען דאָ אופגעקומען פארשיידענע שטעלונגען: 1) א שאַרף־נעגאַטיווע באַציִונג מיצאַד די באָלשעוויקעס; 2) א קלאָר־פּאָזיטיווע באַציִונג מיצאַד די באשיצלער. מ׳מוז אין די מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן זיך באַטייליקן, האָבן זיי געטענהט; מאַכמעס דער ארבעטער־קלאַס מוז מיטהעלפן צו מאָבּיליזירן די אינדוסטריע צוליבן באשיצן דאס לאַנד און פאַרהיטן עס פון אַ מאַפּאָלע. און צו לעצט 3) די מענשעוויקעס־אינטערנאַציאָנאַליסטן (צוזאַמען מיט זייער „סאַמאַרער שטימע"), וואָס זיינען געשטאַנען דערפאר, אז די מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן דארפן אויסגענוצט ווערן בלויז צוליב לעגאַלקייט, אָט י פּאָזיציע פון די „אינטערנאַציאָנאַליסטן" איז, פארשטייט זיך, געווען א צווישן־פּאָזיציע, און לאַנג האַלטן זיך אף איר איז געווען אומעגלעך. קלאָר איז, אז אלס אָנפירנדיקע עלעמענטן אין די מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן האָבן געקאָנט זיין ניט די אינטערנאציאָנאַליסטן, נאָר די עמעסע באשיצלער, וואָס קומען אין די מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן ניט צוליב פירן געשפּרעכן נאָר טאקע קעדיי ווירקלעך צו טון די ארבעט. און אזוי איז עס פאָרגעקומע אין דער ווירקלעכקייט. דער לידער פון די ארבעטער־גרופּעס אין די מיליטע־ריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן איז געווען גוואָזדיעוו.

די פראַגע וועגן באַטייליקן זיך אין די מיליטעריש־אינדוסטריעלע קאָמיטעטן איז אויך געשטאַנען פארן „בונד" אין דער מאָס, וואָס אזוינע קאָמיטעטן זיינען אופגעקומען אין די דאָרעם־שטעט.

אין 1915 יאָר איז אין קיעוו פאָרגעקומען ניט קיין גרויסע באַראַטונג. עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט אייניקע אומלעגאַלע בונדישע פּאַרטיי־גרופּעס (קיעוו, אָדעס, קאַטערינאָסלאַוו, כאַרקאָוו, באַרדיטשעוו, זשיטאָמיר). די באַראַ־טונג האָט אויך אָט די פראַגע באַהאַנדלט. מיר האָבן איצט ניט אונטער דער האַנט די רעזאָליוציִעס פון אָט דער באַראַטונג און עס קומט אונדז דאָ אויס צו פארלאָזן זיך נאָר אַפן זיקאָרן. אַף דער באַראַטונג זיינען געווען פאָרגע־שטעלט אַלע דריי שטרעמונגען, צווישן זיי אויך אַ האַלב־באָלשעוויסטישע, וואָס האָט זיך באַצויגן אינגאַנצן נעגאַטיוו צו אַלץ, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אומיטלבאַרע שייכעס צו דער דירעקטער רעוואָליוציאָנערער אַגיטאַציִע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מילכאָמע. אַזוינע באָלשעוויקעס זיינען אויך געווען אין מינסקער אָרגאַניזאַציִע און אין אַנדערע אָרגאַניזאַציִעס, זיי האָט אָבער געפעלט אָנפירונג.

צו יענער צייט זיינען די מאַפּאָלעס—די ערשטע—אַפן פראָנט שוין געווען אַ קלאָרער פאַקט. די צארישע אַרמיי איז געווען אָפּגעשלײַדערט פון וואַרשע און ווילנע. לויט אָט דער „אָביעקטיווער לאַגע", האָבן אויך אין „בונד" אָנגע־

הויבן אָנוואַקסן באשיצלערישע שטימונגען. אָבער אַף אָט דער ערשטער פּאַרטיי־באַראַטונג פון 1915 י. האָבן די פאָרשטייער פון די אָרטיקע אָרגאַניזאציִעס ניט געשטיצט די „באשיצלעריי", און זי, די באשיצלעריַי, איז געבליבן אינגאַנצן איזאָלירט. דידאָזיקע באַראַטונג האָט אויך באַהאנדלט די פראַגן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דעם אנטייל פון די בונדישע גרופּעס אין דער הילף פאר די ייִדישע היימלאָזע. די באַראַטונג האָט רעקאָמענדירט די אָרטיקע אָרגאניזאַציִעס אויסטיילן די אַרבעטער־עלעמענטן און פאַרייניקן זיי אַרום די אַרבעטער־צענטרען.

די מאַפּאָלעס פון דער צארישער אַרמיי אפן פראָנט פון דער וועלט־מילכאָמע האָבן געבראַכט דערצו, אז די דײַטשישע מיליטער האָט אָקופּירט גאַנץ ליטע און פּוילן. דער גרונט־טייל פונעם בונדישן ראַיאָן מיט די גרעסטע צענטרען, אַזוינע ווי וואַרשע, לאָדז, ביאַליסטאָק, איז געבליבן אַף יענער זײַט גרענעץ. אין די פראגן פון מילכאָמע־טאַקטיק האָט דערדאָזיקער טייל שוין ניט געקאָנט האָבן קײַן שום אופוירקונג אף דער אופירונג פון די בונדישע אָרגאַניזאַציִעס אַף דער זײַט פראָנט. אָן אָט דעם געזונטן טייל זײַנעם איז דער „בונד" אין רוסלאַנד, פאַרשטייט זיך, נאָך מער געוואָרן מעסוגל אופצונעמען די פאַרשיידענע האשפּאָעס פון דער אַרומיקער קליינבירגערלעכער סוויווע; ביפראט נאָך, אז אף דאָרעם־רוסלאַנד האָט דער „בונד" קיין אָרגאַנישע פאַרבינדונגען מיט דער אָרטיקער ארבעטער־באַוועגונג קיינמאָל ניט געהאט, ער האָט ניט באַוויזן עס צו באַקומען. ווי און אַף וואָס פאַר א וועג וואָלט געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון „בונד" פאַר דער צײַט פון דער וועלט־מילכאָמע און רעוואָליוציִע, ווען די פאַרבינדונג צווישן וואַרשע און צווישן די אַלע איבעריקע ראַיאָנען פון „בונד" וואָלט ניט איבערגעריסן געוואָרן,— איז איצט שווער צו זאָגן; מ׳דאַרף אָבער באמערקן, אז אויך אין פּוילן איז דער „בונד" (אין די יאָרן, ווען פּוילן איז געווען אָקופּירט פון די דײַטשן און אויך אין די יאָרן, וואָס זי איז געווען זעלבשטענדיק) קיין רעוואָליוציִאָנערער פאַקטאָר ניט געוועזן, און מיט דער פּוילישער רעוואָליוציִאָנערער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיִע האָט ער קײַן קאָנטאַקט ניט געקאָנט שאַפן. אינעם ערשטן פעריִאָד איז אין פּוילן גופע געווען געשאַפן איין פאַראייניקטער צענטער פון אַלע דרײַ סאָציִאַליסטישע פאַרטייען, שפּעטער איז ער אָבער צעפאַלן געוואָרן, ווײַל די פּ. ס. ד. האָט געהאלטן פאַר אומעגלעך צו אַרבעטן אין איין אָרגאַניזאַציִע מיט די גרופּעס, וואָס זייער פּאָליטישע ליניִע איז אַזוי אָפט געווען ניט אײַנגעפּאַסט מיט די אופגאַבן רעוואָליוציִאָנער צו דערציִען די אַרבעטער־מאַסן.

צעשניטן פון דער פראָנט־ליניִע אַף צוויי טיילן, מיט אן אויסלענדישן קאָמיטעט אין זשענעווע אויסער דידאָזיקע טיילן, אָן אן אייגענער רעוואָליוציִאָנערער אָריִענטאַציִע,— האָט דער „בונד" אין דער עפּאָכע פון דער וועלט־מילכאָמע אַזוי ווי געשוואומען אַף די כוואַליעס פון סאָציִאַל־פּאַטריִאָטיזם פון אַלערליי שאטירונגען. דער „בונד" האָט פאָרגעשטעלט אן אייגנאַרטיקע געשטאַלט פון אן אָרגאַניזאַציִע, וואָס פאַרייניקט אין זיך אַלע שאטירונגען פון סאָציִאַל־פּאַטריִאָטיזם. דידאָזיקע אייגנשאַפט פון „בונד" האָבן זייער טרעפלעך

כאראקטעריזירט אינעם אויסלענדישן „סאָציאַל־דעמאָקראַט” די כאַוויירים לענין און זינאָוויעוו *).

דעם אויסלענדישן קאָמיטעט פון „בונד” האָט זיך די גאַנצע צײַט ניט אײַנגעגעבן צו פאַרנעמען א געוויסע באַשטימטע פּאָזיציע אין די פראַגן וועגן אופשטעלן דעם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכער איז כאָרעוו געוואָרן אין דער צײַט פון דער מילכאָמע. ער האָט זיך ניט באַטייליקט אין דער לאָנדאָנער באַראַטונג, וואָס עס האָבן געהאַט די סאָציאַליסטן פון די אנטאַנט־לענדער אין 1915 יאָר. ער האָט זיך אויך ניט באטייליקט אין דער ערשטער צימערוואַלדער קאָנפערענץ, געשיקט אהין אַ פאָרשטייער בלויז מיט א באַראַטונג־שטים און פארעפנטלעכט נאָכדעם אַ דעקלאראַציע מיט אַ מעשונע־מאָדנעם אינהאַלט.

שפּעטער איז אונטערן דרוק פון די אינטערנאַציאָנאַליסטישע קרײַזן אין דער אויסלענדישער פעריפעריע האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד” זיך באטייליקט אין דער קיענטאלער קאָנפערענץ, מאַכנדיק דערבײַ ווידער אַמאָל פאַרשיידענע אויסריידן. אָט אזוי האָט דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד” זיך געוואקלט—אין דער גאַנצער צײַט פון דער וועלט־מילכאָמע—צווישן אינטערנאַציאָנאַליזם פון איין זײַט, און אַנדערע פאַרשיידענע אָריענטאַציעס פון דער אַנדער זײַט.

און אין רוסלאנד האָט זיך דערווײַל אין די אָנפירנדיקע קרײַזן פונעם „בונד” אַלץ מער און מער אויסגעפורעמט די באשיצלער־שטרעמונג. די בונדיסטן האָבן זיך אַפּן אַקטיווסטן אויפן באַטייליקט אין דער אַרבעט פון דער פּעטראָגראַדער און פון דער צענטראַלער אַרבעטער־גרופּע אינעם מיליטעריש־אינדוסטריעלן קאָמיטעט. דערדאָזיקער אנטייל האָט שוין מעכאַיעוו געווען צו אַ באַשטימטער פּאָזיציע. די בונדיסטן האָבן זיך באַטייליקט אינעם צענטראַלן און אין די אָרטיקע קאָמיטעטן אף צו העלפן די היימלאָזע, און דאָס האָט ווידער אמאָל געפאָדערט אויסצופורעמען אַ באשטימטע פּאָזיציע, אויסצוקלאָרן די באַציונג צו די אַלע פראַגן, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקײַט,— צו די פראַגן וועגן קעהילע, אַווטאָנאָמיע און אזוי ווײַטער. אין מײַ 1916 יאָר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע פּאַרטיי־באַראַטונג, וואָס אין „בונד” איז זי באַוווסט מיטן נאָמען: „די כאַרקאָווער באַראַטונג”. אף דערדאָזיקער באראַטונג האָבן צווישן זיך געקעמפט די אָנפירנדיקע קלאָר אויסגעשפּראָכענע באשיצלער־גרופּע, וואָס האָט געהאַט פאַר זיך די מערהײַט, און א קליינע, אומאַנטשלאָסענע „אינטערנאַציאָנאליסטישע” מינדערהײַט. אַף דער באַראַטונג האָט אָפּגעהאַלטן קימאַט א פולן ניצאָכן די „רעוואָליוציאָנערע באַשיצלערײַ”, כאָטש די רעזאָליוציע איז צוזאַמענגעשטעלט עקלעקטיש. מיר ברענגען דאָ די וועזנטלעכע טיילן פון דערדאָזיקער רעזאָליוציע:

„די גאַנצע טאַקטיק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דארף באַם איצטיקן צושטאַנד (!) פון דער מילכאָמע זײַן אָנגעווענדט אף וואָס גיכער

*) זע די זאַמלונג: ג. זינאָוויעוו און נ. לענין. „קעגן דעם שטראָם”, צווייטע אויסגאַבע ז. 75—74, 85 און 379—375.

אופצושטעלן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען צווישן אַלע סאָציאַליסטישע פאַרטייען.

„דער פראָלעטאַריאַט קאָן זיך אין איצטיקער מילכאָמע ניט שטעלן קיינע פּאָזיטיווע צילן. ער האָט קיין מילכאָמע ניט געוואָלט און ער האָט זיך באמיט מיט אלע קויכעס אויסצומײַדן זי. דעריבער ווארפט ער פון זיך אָפּ יעטווידע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר דער מילכאָמע. די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר איר פאלט אף אַלע רעגירונגען און בורזשואַזע פאַרטייען, וועלכע האָבן געשטיצט די אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק און דעם מיליטאַריזם.

„אָבער ווען די מילכאָמע האָט אויסגעבראָכן און ס'האָט זיך געשאַפן א גרויסע סאַקאָנע פאַר אלע לענדער, וועלכע זײַנען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין בלוטיקן געראנגל, איז דער אַרבעטער־קלאַס, ניט זײַענדיק בעקויעך אָפּצושטעלן די מילכאָמע, בעייס זי איז אַנטשטאנען, געצווונגען געווען אין אַלע לענדער צו נעמען אן אנטייל אין באַשיצן דאָס לאַנד, אין וועלכן ער האָט געפירט זײַן רעוואָליוציאָנערן קאַמף פאר פּאָליטישער באַפרײַונג און פּאָליטישער מאַכט. (דאָס איז קאַוטסקיס גאַנג.—מ. ר.).

„ערשט ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, וועט אָנקומען דער מאָמענט צו באַשליסן די פראגע וועגן דעם, אין וועלכער מאָס זײַנען געווען ריכטיק די טאַקטישע שריט פון די באַזונדערע סעקציעס פון אַרבעטער־אינטערנאַציאָנאַל. דידאָזיקע טאַקטיק אָבער דאַרף ניט זײַן קיין שטער אַף טייקעף אופצושטעלן די באַציונגען צווישן אַלע סעקציעס פונעם אינטערנאַציאָנאַל („אַלגעמיינע אַמניסטיע".—מ. ר.).

„די באַראַטונג באַגריסט דעריבער די טעטיקײַט פון אויספיר־קאָמיטעט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ און ביפראט זײַן סעקרעטאַר כאַווער גיויסמאנס, וועלכער האָט די גאַנצע צײַט פון דער מילכאָמע ניט אופגעהערט צו אַרבעטן אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. צוזאַמען מיטן אויס־פיר־קאָמיטעט רעכנט די באַראַטונג, אז דער אינטערנאַציאָנאל דאַרף באַנײַען זײַן טעטיקײַט דאַפקע אין דער אלטער אָרגאַניזיר־פאָרם, וועלכע האָט פאַריי־ניקט די אָרגאַניזירטע ארבעטער פון אלע ציוויליזירטע לענדער; די באַראטונג באַדויערט טיף, וואָס ניט אַלע סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַל שטיצן אונטער דעם אויספיר־קאָמיטעט אין זײַן שטרעבונג צונויפצורופן אַ זיצונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער ביוראָ, וועלכע וואָלט שוין איצט געהאַט א קאָלאָסאַלע ווירקונג אַף דער באַוועגונג פאר אָפּשטעלן די מילכאָמע*).

„גלײַכצײַטיק אַנערקענט די באַראַטונג, אז די צימערוואַלדער פאַרייניקונג האָט אסאַך מיטגעווירקט און קאָן אויך ווײַטער מיטווירקן**) דער פאַרווירק־לעכונג פון די אויבנאָנגעוויזענע אופגאַבן, צונויפבינדנדיק די אַלע יענע טיילן פון אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע שטייען שוין איצט אַפן שטאַנדפונקט פון קאַמף פאַר שאָלעם און שטרעבן אופצושטעלן די אינטערנאַציאָנאַלע באַציונגען. די באַראַטונג וועט דעריבער אונטערשטיצן דידאָזיקע באוועגונג און פאַרייניקונג.

*) וואָס פאַר אַ מין אומשולדיקײַט אין דידאָזיקער ווערטער.— מ. ר.

**) אַ מוסטער פון עקלעקטיק.— מ. ר.

זי האלט אָבער פאר נייטיק צו באַטאָנען, אז זי פּראָטעסטירט קעגן דער שטרעבונג פון אייניקע עלעמענטן פון צימערוואַלדער פאַרייניקונג צו פאַרוואַנדלען דידאָזיקע צײַטווײַליקע פאַרייניקונג אין א שטענדיקע אינסטיטוציִע, אַוועקשטעלנדיק זי אפן אָרט פון דעם דורכן גאַנצן פּראָלעטאַריִאַט אַנערקענטן סאָציִאַליסטישן אינטערנאַציִאָנאַל מיטן אויספיר־קאָמיטעט אין האאג".

ווענדנדיק זיך צו די אופגאבן, וואָס שטייען פאַר דער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיִע אין רוסלאַנד, לאָזט זיך די רעזאָליוציִע פלינק און גיך אַראָפּ צו באַשיצלערײַ.

„די באַראַטונג רעכנט, אז אויך אין רוסלאנד דאַרף די גאַנצע טאַקטיק פון אַרבעטער־קלאַס זײַן אין איצטיקן מאָמענט דורכגעדרונגען מיט די אידייען פון שאָלעם און ניט מילכאָמע. פאַרפעסטיקן דעם ווילן צו שאָלעם, פאַרייניקן די באַוועגונג פון שאָלעם אין רוסלאנד מיט דער אַנטשפּרעכנדיקער באַוועגונג פון אַרבעטער־קלאַס אין דער גאַנצער וועלט—אָט דאָס איז איצט די דרינגענדסטע אופגאבע פון דער רוסלענדישער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיִע.

„דער רוסלענדישער אַרבעטער־קלאַס, בעסויכאם אויך די ייִדישע ארבעטער, וועלכע האָבן אין פּראָצעס פון זייער רעוואָליוציִאָנערן קלאסנקאַמף צונויפגעבונדן זייער צוקונפט מיט דער צוקונפט פונעם גאַנצן אַרבעטער־קלאס פון לאנד,— קאָן ניט זײַן גלײַכגילטיק צו דעם, צי עס וועט זיך אײַנגעבן אויסצומײַדן די אַלע שרעקלעכע פאָלגן, וועלכע עס דאַרף ברענגען מיט זיך פאַרן לאַנד א מאַפּאָלע אין דער הײַנטיקער מילכאָמע.

„דער ארבעטער־קלאס פון רוסלאנד קאָן אָבער בא די איצטיקע פאַרהעלטענישן ניט נעמען אף זיך קײַן שום פאַראנטוואָרטלעכקײַט פאַר שיצן דאָס לאנד... דער איינציקער מיטל צו ראטעווען דאָס לאנד פון כורבן, וואָס קומט פון דרויסן, און אויך צו ברענגען אים א דעמאָקראטישן שאָלעם, איז דער אַלטער אויסגעפּרוּווטער וועג פון זעלבשטענדיקן אָרגאַניזירן די קויכעס פון אַרבעטער־קלאס פאַרן קאמף פאַר דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פונעם איצטיקן רעזשים".

און אַלס לאָגישער אויספיר פון דערדאָזיקער גרונט־פּאָזיציע קומט שוין ווײַטער: ניט אָפּזאָגן זיך פון „אונטערשיצן דעם פּראָגרעסיוון בלאָק אי יענע זעלטענע פאלן, ווען ער טרעט ארויס אָפן קעגן דער רעגירונג" (כאָטש דאָ טאַקע אַפן אָרט ווערט אנערקענט, אַז דער פּראָגרעסיווער בלאָק איז געווען געבילדעט דעריקער פאַר מיליטערישע צוועקן און אז ער האָט אַנטפּלעקט זײַן פולשטענדיקע הילפלאָזיקײַט. און אומפעיִקײַט); די אַרבעטער מוזן אומבאַדינגט באַטייליקן זיך אין די מיליטעריש־אינדוסטריִעלע קאָמיטען און אַזוי ווײַטער.

דעם אָנוווקס פון באשיצלערישע שטימונגען האָט אויך אַנטשפּרעכט דער נײַער אופשטײַג פון נאַציִאָנאַליסטישע שטימונגען, דער אופשטייג, וואָס איז געקומען אלס רעאקציִע אַף דער פּאָגראָם־פּאָליטיק פונעם צאַריזם. די רעזאָליוציע רופט צו אָרגאַניזירן אַ ברייטן קאַמף פאַר בירגערלעכער און נאַציִאָנאַלער גלײַכבאַרעכטיקונג, ווײַזט דערבײַ אָן אַף דער צווישנפעלקערלעכער באַדײַטונג (!

פון דער ייִדן־פּראַגע, און שטעלט צום באַהאַנדלען די פּראַגע וועגן דער באַציִונג צו דער אידייע פון אַן אַלוועלטלעכן (!) ייִדישן קאָנגרעס און אז. וו.

אָט דאָס איז געווען די פּאָזיציע פון די בונדישע אָנפירנדיקע קרײַזן אינעם לעצטן יאָר פונעם צאַריזם, קימאַט ערעוו דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. מ׳מוז אָבער דאָ זאָגן, אַז אין דער פּעריפעריע פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און אַפילו צווישן די אָרטיקע אָנפירנדיקע עלעמענטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן אויסגעשפּראָכן־באָלשעוויסטישע שטימונגען. אַסאַך אַרבעטער זײַנען געווען שטאַרק ניט צופרידן מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטישער אופירונג פון דער פּאַרטיי, זײַנען זייער שאַרף אַרויסגעטראָטן אַף די פּאַרטיי־פאַזאַמלונגען. דערבײַ זײַנען זיי אָבער פּאָרט געבליבן אין די רייען פון דער איינהײַטלעכער בונדי־שער אָרגאַניזאַציע. פאַרוואָס זײַנען זיי פון דאָרט ניט אַוועק? פאַרוואָס האָט זיך באַ אזוינע שאַרפע כעלוקע־דייעס ניט געשטעלט די פּראַגע וועגן שפּאַלטונג? די זאַך איז, וואָס די אַלע ניטצופרידענע, באָלשעוויסטיש־געשטימטע עלע־מענטן זײַנען צו דערזעלבער צײַט געווען בונדיסטן לויט זייער פאַרגאַנגענהײַט און איבערגעגעבנקײַט. די בונדישע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע האָט זיי צוזאַמענ־געבונדן מיט דער גאַנצער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. די שטרײַטיקײַטן אין פראַגן פון טאַקטיק האָבן זיי אופגענומען, ווי שטרײַטיקײַטן צופעליקע. איין אַלגעמיינע, גאַנצע און איינהײַטלעכע ייִדישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע — אָט וואָס עס איז אין זייערע אויגן געווען דאָס סאַמע וויכטיקסטע, און דער קאַמף פאַר נאַציאָ־נאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע איז פאַר זיי געווען די ערנסטע פּאָליטישע אופ־גאַבע וואָס פאָדערט אײַנהייטלעכקײַט, און זאָלן דערבײַ אַפילו זײַן אַלגעמיינ־פּאָליטישע כעלוקע־דייעס.

די פּאָזיציע פון „רעוואָלוציאָנערער באַשיצלערײַ״ איז נאָך מער פאַרפעס־טיקט געוואָרן סאָף 1916 און אָנהייב 1917 יאָר, פאַרפעסטיקט געוואָרן אין דער מאַס, וואָס עס האָט אופגעלעבט דאָס אַלגעמיין־פּאָליטישע לעבן אין לאַנד. אַף דעם צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־גרופּן אין די מיליטעריש־אינדוסטריִעלע קאָמיטעטן (יאַנוואַר 1917 יאָר), אַף דעם צוזאַמענפאָר, ווו עס האָט זיך אויך באַטייליקט אַן אָפיציִעלע פאָרשטייערשאַפט פון דעם אָ. ק. און צ. ק. פון „בונד״, איז געווען פאָרמולירט אַ רעזאָליוציע (אַגעוו — פאָרמולירט האָט זי אַ בונדיסט), אַז מ׳מוז דירעקט איבערגיין צו אַ מאַסן-קאַמף קעגן דעם צאַריזם, און דער לאָזונג דאַרף זײַן — אויסבילדן אַ צײַטווײַליקע רעגירונג. דערדאָזיקער קאַמף זאָל זיך געדאַרפט האָבן אַנטוויקלען אין ענגן צוזאַמענהאַנג מיט דעם קאַמף פון דעם „פּראָגרעסיוון בלאָק״ אינעווייניק אין דער דומע. מיטן אַנטייל פון די פאָרשטייער פון „בונד״ איז אַף דער לעצטער זיצונג פון דער פּעטראָגראַדער גרופּע אינעם מיליטעריש־אינדוסטריִעלן קאָמיטעט — איידער מ׳האָט אים אַרעס־טירט — געווען באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטער באַ דער געביידע פון טאַווּרישן פּאַלאַץ צו דער צײַט, ווען עס וועט זיך עפע־נען די סעסיע פון דער גאָס. דומע *).

*) מער גענוי וועגן אָט דעם פּעריאָד אין דער טעטיקײַט פון „בונד״ זע: מ. ראַפעס. „זיכ־רוינעס״ אין № 19 „בילאָיע״, 1922 יאָר.

פינפטער טייל

(1917—1922)

# דער „בונד" אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע

קאַפּיטל נײַנצן.

# דער „בונד“ אין די רעוואָליוציִעס דאָס יאָר 1917. קעגן אָקטיאַבער.

די פּאָזיציִע פון „בונד“ אין די ערשטע צוויי יאָר רעוואָליוציִע האָט מיט קײַן זאַך זיך ניט אָפּגעטיילט פון דער פּאָזיציִע פון דער מענשעוויסטישער פּאַרטיי. דעריבער איז אָפּשטעלן זיך מער גענוי און אויספירלעך אַף די באַזונדערע מאָמענטן אין דער טעטיקײַט פון „בונד“ פאַר אָט דער צײַט, באַזונדער גענוי אָפּצייכענען די דעטאַלן פון זײַן פּאָליטישער פּאָזיציִע — איז ניט נייטיק. אַזוי אַז אַף אָט דעם פּעריִאָד וועלן מיר זיך אָפּשטעלן בלויז אין אַלגעמיינע שטריכן *).

צו דער צײַט, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די רעוואָליוציִע דאָס יאָר 1917, איז די אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציִע פון „בונד“ באַשטאַנען ניט מער, ווי פון 10 — 8 ניט־גרויסע אײַנגעשלאָסענע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציִעס אין מײַרעוו־און דאָרעם־מײַרעוו־קאַנט פון רוסלאַנד, טיילווײַז אין מזרעך־אוקראַיִנע (כאַרקאָוו, קאַטערינאָסלאַוו). ווי אָבער ס׳האָבן זיך נאָר אופגעדעקט מעגלעכקײַטן פאַר פרײַער אָרגאַניזאַציִע, אַזוי האָבן באַלד אופגעוואַכט אַלע אײַנגעשטילטע פעיִקײַטן פון די בונדישע טוער און אין פאַרלויף פון אַ כוידעש, צוויי האָט אַ נעץ פון בונדישע אָרגאַניזאַציִעס באַדעקט דעם גאַנצן אַלטן יידישן „טכום“. שפּעטער זײַנען איינציקע בונדישע אָרגאַניזאַציִעס אופגעקומען אויך אין צענטראַל־רוסלאַנד און אַפּילע אינעם ווײַטן סיביר און אַף קאַווקאַז. פון אַלע רעוואָליוציִאָנערע גרופּן אין רוסלאַנד — האָט דער „בונד“ דער ערשטער צונויפגערופן אַן אַלרוסלענדער קאָנפערענץ. זי איז פאָרגעקומען דעם 10 אַפּרעל אין פּעטערבורג.

ווי מיר האָבן פריִער געזעען, איז דער צ. ק. פון „בונד“ געווען צעשלאָגן מאַכמעס די רעפּרעסיִעס פון דער צאַרישער „אָכראַנקע“. ס׳האָט אָבער פּאַסירט אַזוי, אז ניט קײַן גרויס קערנדל פון דעמדאָזיקן צ. ק. האָט זיך פון גאָר די ערשטע טעג רעוואָליוציִע, אַדאַנק די פאַרבינדונגען מיט די צענטראַלע אָרגאַנען פונעם פּאָליטישן לעבן, געפונען אין סאַמע צענטער פון די פּאָליטישע

*) זע וועגן דעם אין דער בראָשור פונעם זעלבן אַווטאָר: „צוויי יאָר רעוואָליוציִע אַף אופּראַיִנע, די שפּאַלטונג פון בונד“. מעלוכע־פאַרלאַג 1920.

געשעענישן. שוין אַף דער ערשטער זיצונג פונעם פּעטראָגראַדער ראַט זײַנען די מיטגלידער פון אָט דעם צ. ק. פון „בונד" געווען צווישן די אַקטיווע אָר־גאַניזאַטאָרן פונעם ראַט און זײַנען אַרײַן אינעם באַשטאַנד פונעם ערשטן אויס־פיר־קאָמיטעט פון פּעטראָגראַדער ראַט.

די עצעס פעווראַל־רעוואָליוציע איז געווען ניט אינגאַנצן אומדערוואַרט פאַר אָט דעם קערנדל פון צ. ק. נאָך מיט אַ כוידעש פריִער פאַר דער רעוואָליוציע איז אין באַזונדערע שמועסן און אַפילע אין אָפיציעלע באַראַטונגען קלאָר גע־ווען פאַרמולירט דער געדאַנק, אַז אָט־אָט דאַרף קומען אַ רעוואָליוציאָנערער אופרײַס. אַפילע אין די מענשעוויסטישע קרײַזן איז געווען אַנערקענט, אַז דער לאָזונג פון אַ צײַטווײַליקער רעגירונג איז איצט צו דער צײַט. דער „בונד" האָט דאָ אַזוי ווי צוגעגרייט פון פריִער אַ פּאָליטישע פּאָזיציע אַף דעם פאַל פון רעוואָליוציאָנערן אויסברוך. די פּאָליטישע פּאָזיציע איז געווען — „רעוואָליוציאָנערע באַשיצלערײַ".

1 מאַרט איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פונעם אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, אָט דעם צענט־ראַלן אָרגאַן פון די מענשעוויקעס. די ערשטע זיצונג נאָך דער איבערקערעניש. ס'האָט דאַן געהאַלטן באַם בילדן אַ צײַטווײַליקע רעגירונג. באַם באַהאַנדלען די פראַגע, צי דאַרף זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַטייליקן אין דער צײַט־ווײַליקער רעגירונג, איז איינער פון די צוויי מיטגלידער פון בונדישן צ. ק. האָט זיך באַשטימט אַרויסגעזאָגט פאַר באַטייליקן זיך, און דער צווייטער איז אויך צוגעשטאַנען צו אָט דער פּאָזיציע. דעם 10 אַפּרעל איז פאָרגעקומען די אַלרוסלענדער קאָנפערענץ פון „בונד" — די צענטע קאָנפערענץ, — און צווישן די אַנטיילנעמער פון אָט דער קאָנפערענץ האָט זיך ניט געפונען קײַן איין עכטער „אינטערנאַציאָנאַליסט", קימאַט אַלע האָבן אַנערקענט די נייטיקייט פון „רעוואָליוציאָנערן באַשיצן" דאָס באַפרײַטע לאַנד. איינע האָבן עס פאָרמולירט מיט גרעסערן טעמפּעראַמענט, די צווייטע מיט ווייניקערן.

אַף אָט דער קאָנפערענץ האָט זיך אַרויסגעוויזן דער עכט באַלעבעסלדיקער מעהוס פון דער באַשיצלערײַ. איין פליגל פון דער קאָנפערענץ, עמעס, אַ פליגל זייער אַ קליינער, האָט פאַר דער באַשיצלערײַ געגעבן אַ ריין־„יִדישע" באַגרינ־דונג. עס האָט געדאַרפט באַטײַטן, אַז דאָס „באַשיצן דאָס פאָטערלאַנד" קוועלט אַרויס פון דער גאַנצער בונדישער פּאָזיציע אין זײַן קאַמף קעגן דעם ציאָניזם: דער „בונד" האָט, הייסט עס, שטענדיק געקעמפט קעגן דער געטאָ־פּסיכאָלאָגיע, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן רעכטלאָזן יִדישן בירגערטום. איצט, ווען די יִדישע גלײַכבאַרעכטיקונג איז שוין אַ פאַקט, מוז קומען דאָס דירעקטע באַטייליקן פון דער יִדישער „דעמאָקראַטיע" אינעם באַשיצן דאָס לאַנד. מיר זאָגן נאָכאַמאָל, דאָס איז געווען אַ גרופּע — ניט קײַן גרויסע, מעגלעך אַפילע, אַז דאָס זײַנען געווען בלויז יעכידים. די גרונט־מערהײַט פון די קאָנפערענץ־מיטגלידער האָט דעם לאָזונג — באַשיצן דאָס לאַנד — אָנגענומען מיט אַסאַך אויס־ריידן, מיט געוויסע באַשרענקונגען. דער האַס צו דער מילכאָמע, דאָס סאָציאַליסטישע געוויסן האָט דאָ ניט דערלאָזן קײַן ענטוזיאַזם. וואָס איז שײַעך צום אַנטייל נעמען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין דער צײַטווײַליקער רע־

גירונג, האָט אָט דער פאָרשלאָג פון די מער קאָנסעקווענטע באַשיצלער קיין מיטגעפיל אַף דער קאָנפערענץ ניט באַגעגנט.

זיין ווייטערדיקן וועג איז דער „בונד" געגאַנגען צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס. דער 6 מיי איז געווען דער ערשטער קריזיס פון דער ציַיטווייַליקער רעגירונג. דער „בונד", וואָס אָט ערשט איז ער געווען קעגן באַטייליקן זיך אין דער צײַטוויַי־ליקער רעגירונג, האָט איצט צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס באַגיטיקט דאָס באַטייליקן זיך און האָט גענומען אַף זיך דעם אַכראַיעס פאַר דער טעטיקייט פון צערע־טעלין און סקאָבעלעוון, וואָס די מענשעוויסטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זיי דעלעגירט אינעם באַשטאַנד פון דער רעגירונג.

פון דעם מאָמענט אָן הייבט אָן אינעווייניק אין „בונד" אַ גרופּע אינטער־נאַציאָנאַליסטן אַ קאַמף קעגן דער באַשיצלערישער פּאָזיציע, בא וועלכער עס האַלט זיך דער „בונד" אין זיין טעטיקייט. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס לעכאַט־כילע האָט דידאָזיקע שטרעמונג פאַרייניקט אַ קליינע גרופּע עמיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען פון אויסלאַנד צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס. דער צ. ק. פון „בונד" האָט אַף דערדאָזיקער גרופּע געקוקט קרום, און זי, די גרופּע, האָט זיך געקלאָגט — און מיט רעכט—דערויף, וואָס מ'לאָזט זי ניט צו צו קיינע פאַראַנט־וואָרטלעכע פּאָסטנס. דאָך אָבער האָט זי דורך אָרגאַניזירטן אָנדראַנג און מאַכ־מעסן אלגעמיינעם לינק ווערן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אין אלע אָרגאַניזאַציעס פון „בונד". פון יוני אָן געפינען מיר שוין אין אלע גרויסע אָרטיקע אָרגאַניזאַ־ציעס אַ אינטערנאַציאָנאַליסטיש קערנדל. אָביעקטיוו האָט אָבער אָט די „אינ־טערנאַציאָנאַליסטישע" גרופּע געשפּילט אַ נעגאַטיווע ראָליע. זי האָט מיט איר לינקער פראַזע איינגעהאַלטן אין דער אָרגאַניזאַציע פיל יידישע אַרבעטער, וועלכע וואָלטן מיט אַ גרעסערער דרייסטקייט אַריבערגעגאַנגען צו דער באָל־שעוויסטישער פּאַרטיי.

די פּאָזיציע פונעם צ. ק. פון „בונד" און די ביידע געגנט־קאָמיטעטן — (דער צאָפן־מייַרעווודיקער — אין מינסק און דער דאָרעמדיקער געגנט־קאָמיטעט אין קיִעוו) איז געבליבן — די באַשיצלערישע. בעיס דער דעמאָנסטראַציע פון 18 יוני האָט די פּעטראָגראַדער גרופּע פון „בונד" דעמאָנסטרירט (דער צ. ק. האָט עס איר ניט פאַרווערט) אונטער דער פאָן פון צוטרוי דער צײַטווייַליקער רעגירונג, און האָט דערביי געהאט אַ צוזאַמענשטויס מיט די פּעטראָגראַדער אַרבעטער, וואָס האָבן צעריסן דידאָזיקע פאָן איניינעם מיט דער קאָזאַקישער. דאָסזעלבע אויך אין קיִעוו — האָט די אָרטיקע בונדישע אָרגאַניזאַציע אונ־טער דער אָנפירונג פון דאָרעמדיקן געגנט־קאָמיטעט דעמאָנסטרירט אונטער דעם לאָזונג פון פולן צוטרוי דער צייַטווייַליקער רעגירונג. פּראָטעסטירט קעגן דעם האָט די דאמאָלס נאָך ניט־גרויסע גרופּע אינטערנאַציאָנאַליסטן. דעם יולי־אָנ־גריף האָט די בונדישע פּרעסע באַגיטיקט.

אין די קאָרנילאָוו־טעג האָבן די בונדישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אלע מענשע־וויסטישע אָרגאַניזאַציעס, געקעמפט, פאַרשטייט זיך, קעגן קאָרנילאָוון, געקעמפט פאַר דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע קעגן דער רעאַקציע. נאָר פון אָט דעם מאָמענט הייבט זיך אייגנטלעך אָן אַ באַשטימטער איבערבראָך אין דער

פּאָזיציִע פון „בונד". פון דער פאָרמולע—קאָאַליציִע אום יעדן פּרײַז צו דעם לאָזונג — אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג.

אָנהייב אַווגוסט איז אין קיִעוו פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון די בונדישע דאָרעם־אָרגאַניזאַציִעס, און אויף דער קאָנפערענץ האָט דער אינטערנאַציאָנאַליס־טישער פליגל אָפּגעהאַלטן אַ ניצאָכן איבער די באַשיצלער. דער לידער פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן איז געווען אַבראַמאָוויטש. זײַן אינטערנאַציאָנאַליזם האָט אַבראַמאָוויטש הויפּטזאַכלעך געבויט דערויף, וואָס ס'איז פּאַשעט אומעגלעך צו פירן ווײַטער די מילכאָמע, רוסלאַנד וועט דערבײַ מוזן לײַדן אַ מאַפּאָלע, און מ אַ כ מ ע ס אָ ט ד י ט ײַ מ י ם האָט ער געפאָדערט אמגיכסטן די מילכאָמע אופ־הערן, אָבער ניט איבער טײַמים פון אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער טאַקטיק. נאָך די יולי־געשעענישן איז פאַרן „בונד" אַלץ קלאָרער געוואָרן די האָפענונגלאָזיקײַט פון דער באַשיצלערישער פּאָזיציִע. בריוו פון פראָנט, באַזונדערע אַרטיקלען אינעם בונדישן צענטראַלן אָרגאַן האָבן צוגעגרייט אַ באָדן, אַז פּ ר אַ ק ט י ש זאָל געשטעלט ווערן די פראַגע וועגן מאַכן אַ סאָף צו דער מילכאָמע.

און אין פראַט פון קאָאַליציִע מיט דער בורזשואַזיִע — אויך דאָ האָט זיך אַלץ מער און מער אָנגעמערקט, אז דער „בונד" גייט אָפּ פון די מענשעוויקעס. דער „בונד" האָט אויך איצט געמיינט צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס, אז די ב ע ס ט ע קאָמבינאַציִע פון די פּאָליטישע קרעפטן, ד י ב ע ס ט ע פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציִע, וואָלט געווען דאָס באַטייליקן זיך פון דער בורזשואַזיִע אינעם פאַרפעסטיקן די דעראָבערונגען פון דער רעוואָליוציִע. דער „בונד" האָט דעריבער געוואָלט אַ קאָאַליציִע און איז געווען גענויגט צוליב אָט דער קאָאַליציִע פאַרלאַנגזאַמען אויף אַ געוויסן אויפן דעם אַנטוויקלונג־טעמפּ פון די רעוואָליוציִאָנערע געשעענישן. וואָס קלאָרער ס'איז אָבער גע־וואָרן די עצעם־ראָליע פון דער בורזשואַזיִע: איר שרעק פאַר דער רעוואָליוציִע, איר ניט וועלן קומען אַנטקעגן די געזעצלעכע סאָציאַלע פאָדערונגען פון דער פּויערים־און אַרבעטער־מאַסע, אַלץ באַשטימטער און אויסגעשפּראָכענער איז געוואָרן די נײַע שטימונג, וואָס פאָרמולירן קאָן מען זי אַזוי: ד י ז ע ל ב ע צ י ל ן פ ו ן ד ע ר ר ע וו אָ ל י ו צ י ִ ע, נאָר אָן דעם אַנטייל פון דער בורזשו־אַזיִע, און אין אַ געוויסער מאָס אַפילע קעגן איר ווילן. אָבער נאָכאַמאָל: ד י־ז ע ל ב ע צ י ל ן פ ו ן ד ע ר ר ע וו אָ ל י ו צ י ִ ע. אז די רעוואָליוציִע איז אַ בור־זשואַזע, אז אירע גרענעצן קאָנען ניט אַריבערשפּאַנען איבער די ריין־דעמאָק־ראַטישע דערגרייכונגען — דאָס האָט דער „בונד" אופגענומען, ווי אַן אַקסיאָמע, און די ערשטע צוויי יאָר רעוואָליוציִע זײַנען אינעוויינִיק אין „בונד" ניט געווען קײַן יעכידים אַפילע—שוין צו ניט ריידן פון גרופּעס,—וואָס זאָלן שטיין אויף דעם שטאַנדפּונקט, אז מ'מוז צוגעבן דער רעוואָליוציִע אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער.

נאָר אויך צו אָט דער נײַער פּאָזיציִע איז דער „בונד" געקומען ניט מיט איין מאָל. נעמען מיר אַן אויבנדערמאָנטע רעזאָליוציִע פון דער בונדישער דאָרעם־קאָנפערענץ (אָנהייב אַווגוסט 1917 יאָר), דאַן זעען מיר, אז זי איז זייער פאָרזיכטיק פאָרמולירט,— אַ מין קאָמפּראָמיס צווישן די באַשיצלער און אינטער־נאַציאָנאַליסטן. שוין צו סענטיאַבער אָבער, צו דער צײַט, וואָס ס'האָט אָנגע־

הייבן אַרבעטן דער אַלרוסלענדישער פאָרפּאַרלאַמענט, איז דער „בונד“ שוין געשטאַנען פעסט פאַר דעם, אַז מ׳מוז זיך אָפּזאָגן פון אַ קאָאַליציע מיט דער גרויס־בורזשואַזיע. דערמיט אַליין קאָן נאָר דער „בונד“ אײַנהאַלטן די גאַנצקײַט פון זײַן אָרגאַניזאַציע און באַפרידיקן די אומצופרידענע אַרבעטער־מיטגלידער.

דאָ וועלן מיר זיך פיל־ווייניק אָפּשטעלן נאָך אַף אַ דערגאַנצונג־מאָמענט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם פּאָליטישן גאַנג פון „בונד“, אַף אַ מאָמענט, וואָס האָט אין דער אָדער יענער מאָס געווירקט אויך אַף דער אַלגעמיין־פּאָליטישער פּאָזיציע. מיר האָבן דאָ אין אויג די נאַציאָנאַלע און ביפראַט די אוקראַיִנישע פראַגע.

ס׳איז דאָך איבעריק גענוי צו באַגרינדן, פאַרוואָס דער „בונד“ האָט אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו די באַזונדערע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען אין רוסלאַנד. די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון „בונד“ און אויך זײַן גאַנצע פאַרגאַנגענהײַט איז אַ גענוגע דערקלערונג פאַר אָט דעם אינטערעס זײַנעם צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

די בונדישע אָרגאַניזאַציעס אַף אוקראַיִנע האָבן אין אַלגעמיין אין זיך אײַנגעשלאָסן די גרעסטע העלפט פון דער גאַנצער בונדישער אָרגאַניזאַציע. באַם סאַמע אָנהייב פון רעוואָלוציע אָרגאַניזירט זיך אַף אוקראַיִנע די צענטראַלע אוקראַיִנישע ראַדע; באַלד הייבט זי אָן צו פירן אַ קאַמף קעגן דער צײַטווײַליקער רעגירונג און איר לאָזונג איז דערבײַ — אַווטאָנאָמיע פאַר אוקראַיִנע. אין דערדאָזיקער פראַגע זײַנען באַם „בונד“ ניט געווען קיינע ספּייקעס קיינע וואַקלונגען. דער „בונד“ האָט קלאָר באַנומען דעם קליינבירגערלעכן כאַראַקטער פון דער גאַנצער אוקראַיִנישער באַוועגונג; די אוקראַיִנישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע „אַרבעטער“־פּאַרטיי האָט ער ניט גערעכנט פאַר אַן עכטער אַרבעטער־פּאַרטיי פון סאָציאַל־דעמאָקראַטן. אַף דער אוקראַיִנישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג האָט דער „בונד“ געקוקט, ווי אַף אַ באַוועגונג אַ קליינבירגערלעכער. ער האָט אָבער גערעכנט פאַר זײַן כויוו אָפן און קלאָר אונטערשטיצן דידאָזיקע באַוועגונג. דער קאַמף צווישן דער צענטראַלער ראַדע און צײַטווײַליקער רעגירונג האָט אויך דעם „בונד“ אַף אוקראַיִנע אַרײַנגעצויגן אין קאַמף קעגן דער צײַטווײַליקער רעגירונג, דערבײַ איז אויפגעדעקט געוואָרן די גאַנצע נישטיקײַט פונעם דעמאָקראַטיזם פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג. דער „בונד“ זעט אײַן די סאַקאָנע, וואָס ס׳טראָגט מיט זיך דער קאַמף צווישן דער צענטראַלער ראַדע און דער צײַטווײַליקער רעגירונג און נעמט אַף זיך די איניציאַטיוו צו מאַכן אַ שאָלעם צווישן דער אוקראַיִנישער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע און די צענטרען פון דער אַלגעמיין־רוסלענדער „רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע“. דער „בונד“ רוקט דערבײַ אַרויס דעם לאָזונג — צונויפרופן אַ טעריטאָריאַלן צוזאַמענפאָר אַפן יעסאָד פון אַלגעמיינער און אַזוי ווײַטער וואַלרעכט, — דעם לאָזונג, הייסט עס, פון טעריטאָריאַלער אַווטאָנאָמיע.

דער „בונד“ מיינט דאָ צו שטויסן די רעגירונג צו באַשטימטע דעמ. גענג. אין קיִעוו ווערט געשריבן דער טעקסט פון אַן אָפּמאַך צווישן דער דעלעגאַציע פון

דער ציַיטווײַליקער רעגירונג״ און דער צענטראַלער ראַדע. צערעטעלי פֿאַרזי־כערט די צענטראַלע ראַדע, אַז דער אָפּמאַך וועט דורכגעפֿירט ווערן אַפֿילע קעגן די פּראָטעסטן און אומצופֿרידנקייט פֿון דער קאַדעטישער פּאַרטיי. ס׳לאָזט זיך אָבער אויס, אַז איבער דערדאָזיקער פֿראַגע שאַפֿט די קאַדעטישע פּאַרטיי (דעם 3 יולי) אַ רעגירונג־קריזיס. אין צוויי וואָכן אַרום גייען די קאַדעטן — מיט דער בראָכע פֿון די מענשעוויקעס און עס־ערן — צוריק אַרײַן אין דער רעגירונג, און דער סאָף פֿון דעם אַלעם איז, אַז אוקראַיִנע באַקומט, אַנשטאָט אַוטאָנאָמיִע, אַ קורצע „אינסטרוקציִע״, וואָס רעכנט אַרײַן אין אוקראַיִנע בלויז פֿינף גובערניִעס און אָט דער אוקראַיִנע גיט זי עס אַן אייגנאַרטיקע אַוטאָנאָמיִע מיט אַ פֿאַרקירצטער קאָמפּעטענץ, מיט אַ קאָמפּעטענץ אַ קלענערער, איידער ס׳האָט געהאַט דער קיִעווער צאַרישער גענעראַל־גובערנאַטאָר.

די צענטראַלע ראַדע פֿון אוקראַיִנע, אָט דערדאָזיקער טיפּישער אָרגאַן פֿונעם אוקראַיִנישן דאָרפֿישן און שטאָטישן קליינבירגערטום. האָט דאָ געמוזט אַרויף אַפֿן וועג פֿון קאַמף קעגן אַ קאָאַליציִע מיט דער בורזשואַזיִע, קעגן דער ציַיט־ווײַליקער רעגירונג. צו דעם האָט זי געשטויסן די ציַיטווײַליקע רעגירונג. דער „בונד״, וואָס צו יענער ציַיט איז ער שוין געווען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון דער צענטראַלער ראַדע און פֿון איר רעגירונג, איז אויך איבער דיזעלבע טײַמים אַרויף אַף דעמזעלבן וועג פֿון אָפּוואַרפֿן אַ קאָאַליציִע מיט דער בור־זשואַזיִע.

אַף אוקראַיִנע האָט דער „בונד״ נאָך אין יולי־אַווגוסט זיך געשטעלט אַף דעם שטאַנדפּונקט, אַז ס׳דאַרף געשאַפֿן ווערן אַ קאָאַליציִע פֿון די דעמאָקראַ־טישע קרעפֿטן. קוקנדיק ניכטער אַף די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן פֿון דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע, איז ער באַוווסטזיניק געגאַנגען דערויף, אַז ער זאָל זיך פֿאַרבינדן מיט דער אוקראַיִנער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיִע,—און אַזוי אַרום איז ער פּראַקטיש צוגעקומען צו דער פֿאָרמולע פֿון „אַ לינקן בלאָק״, וואָס שפּעטער איז עס אויך טעאָרעטיש געוואָרן זײַן פּאָליטישע פּאָזיציִע.

דידאָזיקע פֿאָרמולע, דאַרף מען אָבער זאָגן, האָט זיך אונטערגעשיידט פֿון דער אַלטער באָלשעוויסטישער פֿאָרמולע דערמיט, וואָס דאָ, אין דער בונדישער פֿאָרמולע, האָט געפֿעלט דער איקער: די שטרעבונג צו דער העגעמאָניִע פֿו־נעם פּראָלעטאַריִאַט אינעם „לינקן בלאָק״. די העגעמאָניע האָט דאָ געהערט צו די פּאַרטייען פֿון דאָרפֿישן קולאַק. דער פּראָלעטאַריאַט האָט אינגאַנצן געפֿעלט און אַזוי אַרום האָט זיך די אוקראַיִנישע צענטראַלע ראַדע פֿאַרוואַנדלט אין אַן אָנפֿירנדן צענטער פֿון קליינבירגערלעכער קאָנטר־רעוואָליוציע.

דאָ איז נייטיק צו באַמערקן, אַז שוין פֿון די ערשטע טעג רעוואָליו־ציע האָט דער „בונד״ געטון זײַן אַרבעט, ווי אַ באַזונדערע פּאָליטישע אָר־גאַניזאַציע. עמעס, זײַנע פֿאָרשטייער זײַנען אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון אַלגעמיי־נעם צ.ק. פֿון דער מענשעוויסטישער פּאַרטיי. עמעס איז, אַז ווען עס פֿלעגן פֿאָרקומען אַלגעמיינע באַראַטונגען און בעשאַס די צוזאַמענפֿאָרן פֿון די ראַטן פֿלעגן די פֿאָרשטייער פֿון „בונד״ אַרײַן אין באַשטאַנד פֿון דער איינהײַטלע־כער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿראַקציע, דאָס אַלץ איז אָבער געווען בלויז אין

צענטער און נאָר דאַן, ווען די פּאָזיציע פון „בונד", וואָס פאָרמולירט האָט ער זי אויך זעלבשטענדיק, איז גראָד צוזאַמענגעפאלן מיט דער פּאָזיציע פון די מענשעוויקעס. ווען אָבער און ווו דאָס האָט ניט געטראָפן, האָט דער „בונד", אלס אָרגאַניזאציע, גערעכנט פאר זײַן רעכט און אַפילע פּאַר זײַן כויוו אַרויסצוטרעטן אינגאנצן זעלבשטענדיק. בא די וואַל־קאמפּאניעס אין די אָר־טיקע אָרגאַנען פון דער שטאָטישער זעלבסטפאַרוואַלטונג איז דער „בונד" געגאַנגען אין בלאָק פון דרײַ פּאָליטישע גרופּירונגען: „בונד", מענשעוויקעס און עס־ערן. אַזוי איז עס געווען אין מײַרעוור־קאַנט און אין גאַנץ אוקראַיִנע. די זעלבשטענדיקײַט פון דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" איז אויך געווען באַטאָנט בעשאַס דער רעאָרגאַניזאציע פון דער צענטראַלער אוקראַיִ־נער ראַדע, ווען אינעם באשטאַנד פון אָט־דער צענטראַלער ראַדע און פון איר גענעראַל־סעקרעטאַריאַט זײַנען געווען אַרײַנגעבראַכט פאָרשטייער פון ר.ס.ד.א.פּ. (מענשעוויקעס) און פאָרשטייער פון „בונד".

אין סענטיאַבער ווײַזן זיך אַרויס צווישן דעם „בונד" און די מענשעוויקעס פּאָליטישע כעלוקע־דייעס: די מערהײַט מענשעוויסטישע אָרגאַניזאַציעס אויף אוק־ראַיִנע האָט נאָך געהאַלטן פּאַר אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע, און דער „בונד" איז שוין קימאט אינגאַנצן אָפּגעגאַנגען פון דערדאָזיקער פּאָזיציע. אוי־סער דעם האָבן זיך צווישן דעם „בונד" און די מענשעוויקעס אָנגעהויבן שטרײַ־טיקײַטן אין דער פראַגע וועגן דער באַציִונג צו דער אוקראַיִנישער באַוועגונג. מאַכמעס אָט די פּאָליטישע שטרײַטיקײַטן ווערן די זעלבשטענדיקע אַרויסטרעט־טונגען פון „בונד" אַן אַלץ מער אָפּטערע דערשײַנונג. ענדלעך, איז בעייס די וואַלן אין דער אַלרוסלענדישער גרינדונג־פאַרזאַמלונג טרעט דער „בונד" אַרויס אויף די וואלן פון קיִעווער, פּאָדאָלער און קאַטערינאָסלאַווער גובערניעס מיט אן אייגענעם ריין־בונדישן צעטל, קעגן דעם צעטל פון ר.ס.ד.א.פּ., און טרעפן האָט עס געטראָפן דערפאַר, ווײַל דער „בונד" און די ר.ס.ד.א.פּ. זײַנען צווישן זיך ניט מוסקעם געוואָרן וועגן דעם אָרט פון די בונדישע קאַנדידאַטן אין דעם איינהײַטלעכן קאַנדידאַטן־צעטל, וואָס מ׳האָט פריִער געווען גערעכנט אַרויסשטעלן צוזאמען.

וועלכע עלעמענטן האָט אין זיך אײַנגעשלאָסן די אָרגאַניזאַציע פון „בונד" אין דעם צײַט־מעשעך, וואָס צווישן דער פעוורואַלער און אָקטיאַברישער רע־וואָלוציע? אין אזוינע צענטרען, ווי מינסק, וויטעבסק, האָמעל, זשיטאָמיר, באַר־דיטשעוו און אין גאַנץ פּאָדאָלער, קיִעווער און וואָלינער גובערניִעס, האָט דער „בונד" אָן שוס סאָפּעק פאַרייניקט אין זיך די גאַנצע ייִדישע ארבעטער־באַפעלקערונג. אין אזוינע צענטרען, ווי קיִעוו, אָדעס און קאַטערינאָסלאַוו, איז די ייִדישע אַרבעטער־באַפעלקערונג, וואָס רעדט גאַנץ פרײַ רוסיש, גאָר ווײ־ניק אַרײַן אין דער אָרגאַניזאַציע „בונד". דאָ איז אינעווייניק אין דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע פאָרגעקומען אַ באַשטימטער קאַמף צווישן באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, דערזעלבער קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער רוסישער מאַסע פון דיזעלבע צענטרען. אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט זיך א לאָז געטון אַ גרויסע מאַסע קליינבירגערלעכע ייִדישע אינטעליגענץ און האַלב אינ-

טעליגענץ, וואָס פֿאַר איר איז דער „בונד“ געווען די איינציקע פּאַרטיי, וואָס האָט געזיגט אין דער רעוואָלוציע, און וואָס זײַן — דעם „בונדס“—פּאָליטישע פּאָזיציע האָט זי ניט אָפּגעשראָקן, מאַכמעס די פּאָזיציע איז געווען אַ בורזשואזע. אין גאָר אַ גרויסער צאָל זײַנען אָט די קלייןבירגערלעכע עלעמענטן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און ארום איר געווען אױף אוקראַינע, וואָס דאָרט האָט דער „בונד“ קיינמאָל קיין ערנסטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע ניט געהאַט.

שפּעטער וועלן מיר זיך אין אַ באַזונדער קאַפּיטל גענוי אָפּשטעלן און באַהאַנדלען די פּאָזיציע פֿון „בונד“ אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, זײַן קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע. דאָ וועלן מיר נאָר באמערקן, אַז מיט אָט דעם נאַציאָנאַלן לאָזונג האָט דער „בונד“ נאָך מער פֿאַרפֿעסטיקט די פֿאַרבינדונג צווישן אים און אַ טייל ייִדישן קלייןבירגערטום.

דאָס, וואָס צו דער צײַט פֿון דער פֿעוורואַל־רעוואָלוציע איז פֿונעם „בונד“ אין רוסלאַנד געווען אָפּגעשניטן אַ גרויסער טייל טעריטאָריע פֿון ליטע און גאַנץ פּוילן מיט זייערע גרויסע אַרבעטער־צענטרען, ווי וואַרשע, ביאַליסטאָק, לאָדז און ווילנע,— אָט דאָס האָט געהאַט אַ פֿאַטאַלע באַדײַטונג פֿאַר דער גאַנצער פּאָזיציע פֿון „בונד“ און פֿאַר דער ראָליע זײַנער אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע. דער פּאַרטייִשער בונדישער אַפּאַראַט האָט אױף זיך ניט געפֿילט דעם מעכטיקן דרוק פֿון דער סטיכישער באַוועגונג פֿון די אַרבעטער־מאַסן. דעם ־טהאָם צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דעם קלייןבירגערטום איז אין דער טעטיקייט פֿון „בונד“ ניט געווען צו זען. די אידעאָלאָגישע קאַנטן זײַנען געווען אָפּגעטעמפּט.

אינעווייניק אין „בונד“ האָט געצײַטיקט אין דער טיף אַן אומצופֿרידנקייט, וואָס צום מאָמענט פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט זי זיך פֿאַרשטאַרקט. אויך אָבער דידאָזיקע עלעמענטן זײַנען געווען אויסגעשולט דורך דער לאַנגער בונדישער טראַדיציע, עס האָט זיך צוגעפֿעסטיקט צום „בונד“ די נאַציאָנאַלע איינהײַט, דער לאָזונג פֿון קאַמף פֿאַר דער ייִדישער נאַציאָנאַלער גלײַכבערעכטיקונג. זיי זײַנען געבליבן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, האָבן נאָר „געמורמלט“ פֿון צײַט צו צײַט, זײַנען געווען ניט צופֿרידן, פֿון קיין אָפֿענעם „בונט“ אָבער איז קיין רייד ניט געווען, קיין באָלשעוויסטישע לידערן האָבן זיי גופֿע אין „בונד“ געפֿינען ניט געקענט. בעשאַס עס איז פֿאַר זיי געשטאַנען דעם אויסוואַל: אָדער אינגאַנצן אָוועק פֿון „בונד“, אלס באָלשעוויקעס, אָדער בלײַבן, כאָטש אומצופֿרידענע, אין די רייען פֿון „בונד“, האָבן זיי, איבער נאַציאָנאַלע טײַמים, אויסגעקליבן פֿאַר זיך דאָס לעצטע, און זײַנען אױף אזא אויפֿן אױף אַ צײַט געבליבן אויסער די גרענעצן פֿון דער עכטער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אין רוסלאַנד.

פֿאַר דער גאַנצער צײַט ביז דער שפּאַלטונג (1919) האָט דער „בונד“ געפֿירט אַ קאַמף קעגן דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע, קעגן דער ראַטן־מאַכט. דער „בונד“ האָט זיך געפֿונען צוזאַמען מיט די מענשעוויקעס אין לאַגער פֿון דער קאָנטער־רעוואָלוציע.

און ס׳איז אָנגעקומען די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע.

ווי איז געווען די פּאָזיציע פון „בונד" אין די באַשליסנדיקע אַנטשיידנ־דיקע אָקטיאַבער־טעג? דער „בונד" האָט „וויקזשעלעוועט"*) אי אין צענטער אי אַף די ערטער.

אין צענטער איז דער דעמאָלסטיקער לידער פון „בונד" אַבראַמאָוויטש גע־ווען אייגנטלעך דער שעפער און אַווטאָר פון דער וויקזשעל־פּאָליטיק. דאָס האָט ער, אַבראַמאָוויטש, געמיינט אײַנצוהאַלטן די באָלשעוויקעס פון „עקס־טרעמען" און ווייכער צו מאַכן דעם צאָרן פון די מענשעוויקעס־באַשיצלער, און האָט געשטרעבט אַזוי אַרום אופצושטעלן די אײנהײַט פון דער „רעוואָליו־ציאָנערער דעמאָקראַטיע", און דער לאָזונג איז דערבײַ געווען — א סאָציאַליס־טישע מיניסטעריום.

דאָס איז געווען די פּאָזיציע פון „בונד" אויך אין פּראָווינץ. אי אין מינסק, אי אין קיִעוו, אי אין כאַרקאָוו, אי אין קאַטערינאָסלאַוו, אי אין אָדעס — האָט דער „בונד" „וויקזשעלעוועט" און האָט מיט זײַן טאַקטיק אַנטוואָפנט די אָנ־הענגער פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג. אין אַנדערע ערטער, אַשטייגער, אין קיִעוו און אין מינסק, האָט דער „בונד" פּאַשעט ניט דערלאָזן (אָדער מיטגע־ווירקט ניט צו דערלאָזן) אַרויסצושיקן באַוואָפנטע קרעפטן אַף צו פאַרשטאַרקן די צײַטווײַליקע רעגירונג.

אמשאַרפסטן האָט זיך די ליניע געפירט אַף אוקראַאינע, ווו דער קאַמף איז געווען א מער קאָמפּליצירטער. פאַר די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער אַנ־טוויקלונג פון דער רעוואָליוציע אַף אוקראַאינע, ווײַזן מיר אָן דעם שוין דער־מאָנטן בוך „צוויי יאָר רעוואָליוציע אַף אוקראַאינע",— דאָ וועלן מיר נאָר ברענ־גען צוויי דאָקומענטן און דערמיט וועלן מיר זיך באַנוגענען.

אין קיִעוו און איבער גאַנץ אוקראַאינע האָט זיך דער קאַמף געפירט צווישן דרײַ קרעפטן: 1) דעם פּראָלעטאַריאַט, 2) די בורזשואַזע קרעפטן, וואָס זײַנען געווען געזאַמלט אַרום דער צײַטווײַליקער רעגירונג און ארום שטאַב פון איר מיליטער אין קיִעוו, 3) דעם קליינבירגערטום (ארײַנגערעכנט אַהער דאָס דאָר־פישע קולאַקנטום), וואָס האָט זיך אין זײַן גרויסער מערהײַט גרופּירט אַרום דער צענטראַלער אוקראַאינער ראַדע. די אַרבעטער פון קיעוו און פון אַנדערע שטעט האָבן אופגעהויבן אן אופשטאַנד אַף צו אונטערשטיצן דעם פּעטראָגראַדער פּראָלעטאַרישן אופשטאַנד. די ייִדישע אַרבעטער האָבן זיך געשלאָגן צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס קעגן קערענסקין. די באַוואָפנטע אוקראַאינישע מיליטער־טײלן, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום דער צענטראַלער ראַדע, איז אָביעקטיוו זײַנען זיי געגאַנגען צוזאַמען מיטן אַרבעטער־קלאַס קעגן די קרעפטן פון דער צײַטווײַלי־קער רעגירונג. זיי האָבן אָבער געקעמפט ניט פאַר די אינטערעסן פונעם אַר־בעטער־קלאַס, נאָר פאַר דעם זיג פון קליינבירגערטום, וואָס איז אין אוקראַאינע

*) „וויקזשעל" — אַלרוסלענדער אויספיר־קאָמיטעט פונעם אײַזנבאַנער־פאַריין. (Всероссийский исполнительный комитет союза железнодорожников) אין די אָקטיאַבער־טעג האָט דער פאַריין גענומען אַף זיך די ראָליע פון א פשרה־מאַכער — מיט דעם לאָזונג פון אַן אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער מאַכט. דיזאָזיקע פּאָליטיק האָט מען אָנגערופן „וויקזשעל", „וויקזשעלעווען".

צו יענער צײַט געווען פעסט צוזאַמענגעשלאָסן, אָרגאַניזירט און אפילע באַוואָפנט. די קיִכעס־פאַרהעלטענישן זײַנען דאָ אין די אָקטיאַבער-טעג געווען ניט גינסטיק פאַרן פּראָלעטאַריאַט, און מאַכמעס דעם האָט זיך באַקומען אַזאַ רעזולטאַט: די מאַכט פון דער צײַטווײַליקער קאָאַליציע־רעגירונג איז דאָ אף אוקראַיִנע געווען ליקווידירט, נאָר אף איר אָרט האָט זיך פאַרפעסטיקט די מאַכט פון דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע.

אין עטלעכע טעג ארום נאָך אָט דעם זיג פון דער צענטראַלאַר אוקראַיִנער ראַדע האָט דער דאָרעם־קאָמיטעט פון „בונד" פאָרמולירט זײַן פּאָליטישע פּאָזיציע אין פאָלגנדיקער צירקוליאַר-טעלעגראַמע, וואָס איז געווען צעשיקט צו אַלע אָרגאַניזאציעס פון „בונד":

„ס'איז נייטיק אפן אַנטשיידנסטן אויפן אָפּצוגרענעצן זיך פון דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור אין צענטער און אף די ערטער. אין צענטער דאַרף די מאַכט זײַן א רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע און דאַרף באַשטיין פון די פאָרשטייער פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען — פון די פאָלקס־סאָציאַליסטן ביז די באָלשעוויקעס — אָן קיין קאָאַליציע מיט די ק.ד. און מיט דער גרויס־בורזשואַזיע. אף אוקראַיִנע איז נייטיק צו שטיצן דעם גענעראַל־סעקרעטאַריאַט פון דער צענטראַלער ראַדע, וועלכער איז אויך געבויט אף אָט דעם יעסאָד און וועט שטרעבן צו אנערקענט ווערן פון דער צענטראַלער מאַכט, ווי נאָר אזא מאַכט וועט אָרגאַניזירט ווערן.

„אין יעדער שטאָט דאַרף די מאַכט אריבערגיין צו דער שטאָט־דומע, וועלכע דאַרף גרינדן ספּעציעלע רעוואָליוציאָנערע קאָמיטעטן אין העסקעם מיט אַלע רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציִעס.

„מ'דאַרף אָן קײַן שום איבערײַס ווײַטער גרייטן זיך צו די וואַלן אין דער גרינדונג-פאַרזאַמלונג, וואָס זײַנען באַשטימט אַפן צוועלפטן נאָיאַבער".

די פּאָליטישע פּאָזיציִע איז דאָ פאָרמולירט מיט דער פולסטער קלאָרקײַט. דער „בונד" באַגריסט דאָס פאַלן פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג, באַגריסט דעם נײַעם פעריאָד, וואָס קומט איצט אָן אין דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָליוציִע אף אוקראַיִנע. די נײַע רעגירונג פון אוקראַיִנע האַלט ער פאַר זײַן רעגירונג, און שיקט אין באַשטאַנד פון אָט דער רעגירונג זײַנע דירעקטע פאָרשטייער. דער „בונד" וואָלט אַזאַ רעגירונג געוואָלט האָבן אויך אין אַלרוסלענדער מאַסשטאַב און איז דעריבער אופגעבראַכט אף די באָלשעוויקעס, וואָס ווילן ניט באַגרענעצן זיך מיט דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישן כאַראַקטער פון דער רעוואָליוציִע און האָבן פּראָקלאַמירט „די מאַכט פון די ראַטן", זיי שטויסן, הייסט עס, די רעוואָליוציע אַפן וועג פון סאָציאַליסטישער איבערקערעניש.

דער „בונד" איז געווען א קעגנער פון ראַטנמאַכט, און פון מינוט צו מינוט האָט ער זיך געריכט אף איר פאַלן, ער איז אָבער געווען קעגן דעם, אַז קעגן איר זאָל געפירט ווערן א באַוואָפנטער קאַמף: דער „בונד" האָט גערעכנט, אז די אָקטיאַבער־רעוואָליוציִע — דאָס איז דער טאָעס, דאָס בלאָנדזען פונעם פּראָלעטאַריאַט.

דידאָזיקע פּאָזיציִע איז אויך געווען פאָרמולירט פון בונדישן צ.ק. אַף זײַן פאַרברייטערטער באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין א וואָך אַרום נאָך דער אָקטיאַבער־איבערקערעניש. די רעזאָליוציִע אַנערקענט, אַז די אָקטיאַבער־איבער־קערעניש האָט זיך אײַנגעגעבן דערפאַר, ווײַל די בורזשואַזיע האָט זיך קעגנגעשטעלט דער פאַרווירקלעכונג פון די סאָציאַלע און פּאָליטישע אופגאַבן פון דער „דעמאָקראַטישער רעוואָליוציִע", ווײַל עס האָבן פאַרלאָרן זייער אַווטאָריטעט די צײַטווײַליקע רעגירונג און דער צענטראַלער אויספיר־קאָמיטעט פון די ראַטן.

ווײַטער ווערט אין דער רעזאָליוציִע געזאָגט:

„דער טעראָר פון די באָלשעוויקעס, וואָס שפּאַרט זיך אָן אַף דער מיליטערישער דיקטאַטור פון באַוואָפנטע סאָלדאַטן, איז די גרעסטע געפאַר פאַר דער רעוואָליוציִע,— דאָס עפנט דעם וועג פאַר דער הערשאַפט פון דער מיליטערישער דיקטאַטור פון דער קאָנטער־רעוואָליוציִע.

„די קריטישע לאַגע פון דער רוסלענדישער רעוואָליוציִע לייגט אַרוף אַף דעם ווירקלעך־מאַרקסיסטישן טייל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאָלגנדיקע אופגאַבן:

„1) מאָביליזירן די קויכעס פונעם אַרבעטער־קלאַס אַרום דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, קעמפנדיק קעגן די אַנאַרכישע טענדענצן און קעגן ארופצווינגען אַפן פּראָלעטאַריאַט אַזוינע אופגאַבן, וואָס אין דעם מאָמענט קאָנען זיי ניט פאַרווירקלעכט ווערן און מוזן אים ברענגען צו אַנטוישונג, פאַרצווייפלונג, צו כורבן, מאַכמעס ער ווערט איזאָלירט פון דער גאַנצער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע, מוזן אויך ברענגען דערצו, אַז אין די אויגן פון די מאַסן זאָל פאַלן דער צוטרוי צו דער אידייע פון סאָציאַליזם.

„2) מיטווירקן, אַז עס זאָל זיך אויסבילדן א קאָאַליציִע פון אַלע רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטישע קרעפטן.

„3) אויסבילדן אין צענטער אַן אַווטאָריטעטן אָרגאַן פון דער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג־מאַכט, וועלכער זאָל זײַן אימשטאַנד צו ליקווידירן דעם בירגער־קריג אָן רעפּרעסיעס קעגן די קעמפנדיקע צדאָדים פון דער דעמאָקראַטיע.

„דער קריזיס פון דער צענטראַלער מאַכט דאַרף דערלייזט ווערן דורך דעם, וואָס עס זאָל זיך אויסבילדן אַן אײנהײַטלעכע דעמאָקראַטישע מאַכט, מיטן אַנטייל פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ניט אויסגעשלאָסן אויך די באָלשעוויקעס.

„4) אופהיטן די אָרגאַנען פון רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע, אַזוינע ווי— די ראַטן פון די אַרבעטער־און־סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן, די מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס און אַנדערע, וואָס זײַנען, אָן שום ספק, נייטיק אַף צו אָרגאַניזירן אירע קרעפטן, נאָר אין דערזעלבער צײַט אויך פאַרשטאַרקן דעם אַווטאָריטעט פון די דעמאָקראַטישע אָרגאַנען פון דער איצטיקער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אַלס פולמעכטיקע אָרגאַנען פון דער אָרטיקער מאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„קאָלזמאַן די באָלשעוויקעס, וואָס שטייען באַ דער מאַכט, וועלן זיך אָפּזאָגן פון אַן אָפּמאַך מיט דעם איבעריקן טייל רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיע און וועלן זיך האַרטנעקיק האַלטן פאַר דער מאַכט, איז אונדזער אופגאַבע צו

קאָנצענטרירן די גאַנצע רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטיִע ארום דער אידייע ניט צו אַנערקענען דידאָזיקע מאַכט און איזאָלירן זי, קעדיי אַזוי אַרום צו־גרייטן איר אומפאַלן און דאָס איבערגיין פון דער מאַכט צו דער גאַנצער רע־וואָליוציאָנערער דעמאָקראַטיִע"*).

עס איז געווען אין „בונד" אויך א מער לינקע גרופּע (קאַטערינאָסלאַוו מיט אַלטערן און כייפּעצן אין דער שפּיץ**).

דידאָזיקע גרופּע האָט אָבער ניט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכן־קאָנסעק־ווענטע ליניִע, מער נישט, וואָס פון צײַט צו צײַט האָט זי אַרויסבאַוויזן סימ־פּאַטיִעס צום „באָלשעוויזם".

נאָך אַף אָט דער אַנטי־אַקטיוויסטישער פּאָזיציִע זײַנער האָט דער „בונד" לאַנג האַלטן זיך ניט געקאָנט. דער קאַמף האָט זיך פאַרשאַרפט אַלץ מער, די אופשטאַנדן האָבן געצווונגען די ראַטנמאַכט אָנצווווענדן טעראָריסטישע קאַמף־מיטלען. די קליינבירגערלעכע עלעמענטן אין „בונד" האָבן דאָס ניט געקאָנט פאַרטראָגן, די בונדישע פּרעסע איז געווען פול מיט העסלעכע אַרטיקלען קעגן דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. דער מינסקער „וועקער" איז געווען אָפּ־געשטעלט דורך דער ראַטנמאַכט. אויך אין וויטעבסק האָט די בונדישע אָנפי־רונג געבראַכט צו אַן אָפענעם קאָנפליקט מיט דער ראַטנמאַכט. נאָך שאַרפער איז געווען די לאַגע אַף אוקראַינע. דאָ איז צווישן דער צענטראַלער אוקראַינער ראַדע און די אַרבעטער־מאַסן פון אוקראַינע פון אָנהייב אָן געגאַנ־גען א שווערער קאַמף, וואָס אָפט האָט ער זיך אנטפלעקט אין פולשטענדיק אָפענע באַוואָפנטע אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער. די רעגירונג פון דער צענטראַלער אוקראַינער ראַדע פלעגט די באַוואָפנטע ארויסטרעטונגען דער־שטיקן. דער „בונד" האָט ביז דעם לעצטן מאָמענט געהאַט זײַן פאָרשטייער אינעם באַשטאַנד פון דער אוקראַינישער רעגירונג און אף אַזאַ אויפן האָט ער געטראָגן די פאַראנטוואָרטלעכקײַט פאַר אָט די אקציִעס קעגן די קאָמוניסטיש־געשטימטע עלעמענטן פונעם ארבעטער־קלאַס און פון דער ארמיי. אין דע־קאַבער, נאָך דעם אכטן צוזאַמענפאָר, רעקאָמענדירט דער צ. ק. פון „בונד" אין א באַזונדער רעזאָליוציִע דעם געגנט־קאָמיטעט פון „בונד" שאָלעם צו מאכן צווישן די קעמפנדיקע צדאָדים, און אין פאַל, ווען א שאָלעם איז או־מעגלעך, זאָל ער אַרויס פונעם באַשטאַנד פון דער רעגירונג. דעם פאָרשלאַג טײַקעף אַרויסצוגיין פונעם באַשטאַנד פון גענעראַל־סעקרעטאַריאַט וואַרפט דער צ. ק. אָפּ. די מיטגלידער פון „בונד" זײַנען אַרויס פונעם באַשטאַנד פון דער אוקראַיִנישער רעגירונג אָנהייב יאַנוואַר 1918 יאָר, באַ דער פראַגע וועגן דער צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק פון דער צענטראַלער ראַדע, אָפּן באַדן פון איר פאַרעטערישער אופירונג באַם שליסן דעם ברעסקער שאָלעם און נאָך

*) פון א רוסישער איבערזעצונג.

**) פון די אַלע לידערס, וואָס אָט דער לינקער פליגל האָט געהאַט, איז די מערהײַט, אוי־סער כ׳ כייפעץ, ביז הײַנטיקן טאָג געבליבן אין מארטאָווס לאַגער. דער דאָ דערמאָנטער אַלטער שטייט איצט אין דער שפּיץ פונעם רעכטן פליגל פון דעם „בונד" אין פוילן.

דעם פראָקלאַמירן א „סאַמאָסטינע" (זעלבשטענדיקע) אוקראַיִנע, וואָס האָט באַצייכנט אַ פאַרבאַנד פון דער ראַדע מיטן דײַטשישן אימפּעריִאַליזם.

די פּאָזיציע פון „בונד" אין דערדאָזיקער פראַגע איז אָן שום סאָפעק אַ ליכטיק פינטעלע אין דער טעטיקייַט פון „בונד" צו יענער צײַט.

אינעם קאַמף קעגן דעם אַלץ מער צעפלאַקערטן אופשטאַנד אַף אוקראַיִנע האָט די רעגירונג פון דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע אַלץ מער אַרויסגע־וויזן איר עכטן קליינבירגערלעכן קאָנטער־רעוואָליוציאָנערן מעהוס. דער נאַציאָ־נאַליסטישער אָפּנויג האָט זיך אויך אַלץ מער און מער געלאָזט פילן. אַלץ אָפטער און אָפטער האָט זיך אַנטפּלעקט דער אַנטיסעמיטיזם פון דער אוקראַיִ־נישער קליינבורזשואַזיע. די רעגירונג פון דער אוקראַיִנער צענטראַלער ראַדע איז ניט פאַרבליבן אַף דעם שטאַנדפּונקט פונעם דריטן אוקראַיִנישן אוניווער־סאַל, וואָס האָט פּראָקלאַמירט א באַזונדערע אוקראַיִנער פאָלקס־רעפּובליק, אַלס טייל פון דער קומענדיקער פעדעראַציִע פון אַלע פעלקער אין רוסלאַנד. עס איז באַ קיינעם גאָר קיין שום סאָפעק ניט געווען, אַז די צענטראַלע אוק־ראַיִנער ראַדע פירט הינטער די קוליסן אונטערהאַנדלונגען מיט דער דײַטשי־שער רעגירונג. צו יענער צײַט האָבן זיך אין בריסק אָנגעהויבן די ערשטע אונטערהאַנדלונגען פון דער ראַטן־דעלעגאַציִע מיט דער דײַטשישער רעגירונג וועגן שאָלעם. די צענטראַלע ראַדע האָט געהאַט אין בריסק איר אייגענע באַזונדערע דעלעגאַציִע און האָט בעשאַס די אונטערהאַנדלונגען געשפּילט א קלאָר־פאַרעטערישע ראָליע. אַנשטאָט צו פירן צוזאַמען מיט דער ראַטן־דעלעגאַ־ציִע אַ קאַמף קעגן דעם דײַטשישן אימפּעריִאַליזם און זען געווינען דעם מעג־לעכן מאַקסימום פאַר רוסלאַנד און אוקראַיִנע, וואָס האָבן געליטן א מאַפּאָלע אין דער מילכאָמע,—אַנשטאָט דעם האָט די אוקראַיִנישע דעלעגאַציִע געהאַלטן פאַר בעסער צו שליסן אַ סעפּאַראַטן אָפּמאַך, א הינטער־קוליסן־אָפּמאַך מיט דער דײַטשישער דעלעגאַציִע, און האָט אַף אַזאַ אויפן געשטעלט די ראַטן־דעלעגאַציִע אין א לאַגע אָן אַן אויסגאַנג. ווען עס איז אינגאַנצן קלאָר גע־וואָרן דידאָזיקע פאַרעטערישע ראָליע פון דער אוקראַיִנישער דעלעגאַציִע, האָט דער פאָרשטייער פון „בונד" אין דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע געהאַלטן א שאַרפע רעדע, פול מיט פּראָטעסט קעגן דער פּאָליטיק פון דער צענטראַלער ראַדע אין בריסק, אַרויסטרעטנדיק דערבײַ מיט פאַרשיידענע אויסריידן קעגן דער גאַנצער שאָלעם־טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס, און האָט פאַרמישפּעט די פּאָליטיק פון דער ראַדע, אַלס פאַרעטערישע, אָנמערקנדיק צו דערזעלבער צײַט דעם רעוואָליוציאָנערן כאַראַקטער, וואָס עס האָט די אַרויסטרעטונג פון דער רוסלענדער דעלעגאַציִע אין בריסק, וועלכע שטייט פעסט פאַר די רעכט פון די אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס דער דײַטשישער אימפּעריִאַליזם האָט זיי פאַר־שקלאַפט.

ניט געקוקט אָבער אַף די אלע שאַרפע אַרויסטרעטונגען סײַ קעגן דער אופירונג פון דער צענטראַלער ראַדע אין בריסק, סײַ קעגן דעם פערטן אוני־ווערסאַל, וואָס האָט אין יאַנוואַר 1918 יאָר פּראָקלאַמירט די זעלבשטענדיקייַט פון אוקראַיִנע, — טראָץ דעם אַלעם איז בעשאַס פאַרן „בונד" איז געשטאַנען

די ברײרע — אויסצוקלײַבן אָדער די צענטראַלע אוקראַיִנער ראַדע אָדער די ראַטנמאַכט, האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דער ראַטנמאַכט. אָט אזוי איז זיך באַגאַנגען דער „בונד", ווען סאָף יאַנוואַר 1918 יאָר האָט אין קיעוו אויסגעבראָכן א באַוואָפנטער קאַמף, ווען די ארבעטער פון אַרסענאַל האָבן אופגעהויבן אַן אָפענעם אופשטאַנד, און צו קיעוו זײַנען צוגעקומען די ערשטע מאַכנעס רויטער מיליטער, — בעיס אָט דעם אופשטאַנד האָבן זיך פיל יידישע אַרבעטער־מיטגלידער פון „בונד" געשלאָגן צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס, אַפן רוף צו פאַרשטאַרקן האָבן זיך אָפגערופן אַלע יידישע אַרבעטער. אַנדערש איז געווען די שטעלונג פון דער בונדישער אָנפירונג. אַנשטאָט צו שטיצן דעם אופשטאַנד, האָט דער „בונד" אין אַ ספּעציעלן אופרוף, וואָס עס האָט ארויסגעלאָזט דער דאָרעמדיקער געגנט־קאָמיטעט, אופגעפאָדערט די ארבעטער צו פאַרלאָזן די רייען פון די אופשטאנדלער און שטיצן די צענטראַלע אוקראַיִנער ראַדע, וואָס לויט די ווערטער פון אָט דעם אופרוף, פאַרקערפּערט זי דאָס געווינס פון דער רעוואָלוציע און פאַרמאָגט „אַן עכטע דעמאָקראַטישע רעגירונג". דערדאָזיקער אופרוף האָט אַרויסגערופן אַזאַ שאַרפן פּראָטעסט מיצאַד דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע. אַז פילע האָבן זיך אָפּגעזאָגט איינגאַנצן אים צו פאַרשפּרייטן. דער „בונד" איז פאַרבליבן בא זײַן נעגאטיווער פּאָזיציע צו דער ראַטנמאַכט אויך נאָך דעם ניצאָכן פונעם ראַטן־מיליטער און שאַרף אָפּאָזיציאָנעל זײַנען געווען זײַנע אַרויסטרעטונגען קעגן די באָלשעוויקעס סײַ אין דער פּרעסע, סײַ אין דער קיעווער שטאָט־דומע.

אין מארט 1918 יאָר האָט דאָס מיליטער פונעם דײַטשישן אימפּעריאַליזם אָקופּירט גאַנץ ווײַסרוסלאַנד און גאַנץ אוקראַיִנע, דערבײַ איז אף אוקראַיִנע דאָס מיליטער געקומען אף דעם דירעקטן רוף פון דער צענטראַלער ראַדע. לעכאַטכילע ווערט די הערשאַפט פון די דײַטשן אף אוקראַיִנע צוגעדעקט מיטן פײַגנבלאַט פון דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע, דערדאָזיקער צודעק, די דאָזיקע מאַסקירונג, הייבט אָבער אָן וואָס ווײַטער אלץ מער אראָפּצופאַלן. 28־טן אַפּרעל ווערט די צענטראַלע אוקראַיִנער ראדע צעטריבן דורך די דײַטשישע באַגנעטן. דאָס קומט פאָר גראָד אין דעם מאָמענט, ווען די ראַדע באַהאַנדלט דעם פּראָעקט פון א דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע פאַר דער אוקראַיִנער פאָלקס־רעפּובליק. אין קיעוו, אַפן פּלאַץ פון באָגדאַן כמעלניצקי, ווערט אונטער דער שוץ פון די דײַטשישע באַגנעטן „אויסגערופן", פּראָקלאַמירט אלס אוקראַיִנער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, א געוועזענער גענעראַל פון דעם צאַרניקאָלײַ דעם צווייטנס סוויטע. אף אוקראַיִנע ווערט אײַנגעשטעלט די הערשאַפט פון „פּראָטאָפּיס" און „סאָוזיף", פון די צוויי אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן פאַרייניקט דעם פּריצישן ערדבאַזיץ, דעם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל און דעם האַנדל-און באַנק־קאַפּיטאַל.

אין יוני — אַווגוסט אין שוין די הערשאַפט פונעם דײַטשישן שטיוול אין ווײַסרוסלאַנד און אף אוקראַיִנע פולשטענדיק געוועזן אײַנגעשטעלט. אינעם ארבעטער־קלאַס צײַטיקט זיך אלץ מער און מער דאָס געפיל פון פּראָטעסט קעגן אָט דעם אָפענעם ליקווידירן אלע רעוואָלוציאָנערע געווינסן פאַר א גאַנץ

יאָר רוסלענדישער רעוואָליוציִע, עס וואַקסן אָן רעוואָליוציאָנערע שטימונגען, עס וואקסט אויך צוזאמען מיט דעם דער אײַנפלוס פונעם באָלשעוויזם. פאַר דער פשאָרע־פּאָליטיק פון „בונד" איז שוין געשטעלט א באשטימטע גרענעץ. ער פאלט ווידער אַרײַן אין דער לאגע פון דער פאַר־רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע, און ווידער ווערט זײַן גרונט־אופגאַבע דער קאמף קעגן דער פּריציש־קאַפּיטאליסטישער מאָנארכיִע. מיט וועלכן לאָזונג אָבער גיין אין קאמף קעגן אָט דער דיקטאטור: מיט דעם לאָזונג פון דעמאָקראטיִע, מיט דעם לאָזונג, הייסט עס, פון א גרינדונג־פארזאמלונג, אָדער מיט דעם באָלשעוויסטישן לאָזונג „די גאנצע מאַכט די ראַטן"? פאַר דער גאַנצער ווײַטערדיקער אנט־וויקלונג פון דער בונדישער טאקטיק איז דאָס געווען א גרונט־פראַגע. אין מיט 1918 יאָר נאָך כאַדאָשים־לאנג פאַרן אופרײַס פון דער דײַטשישער רעוואָ־ליוציִע האָט זיך אין „בונד" אלץ מער אויסגעפורעמט א לינקער פליגל, עס איז אלץ מער געוואקסן דאָס מיטגעפיל צום לאָזונג „די גאנצע מאַכט די ראַטן". ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די דײַטשישע רעוואָליוציִע, האָט דער „בונד" בלויז געדארפט ביזן סאָף דורכטראכטן, לאָגיש פאָרמולירן אלע אויספירן און קאָנסעקווענצן פון דער דערפאַרונג פאַר די צוויי יאָר רוסלענ־דישער רעוואָליוציִע. די דײַטשישע רעוואָליוציִע האָט געשטויסן די גרעסטע מערהײַט פונעם „בונד" אף די וועגן פון דער פּראָלעטאַרישער סאָציִאַליסטישער רעוואָליוציִע.

אויבּ אין אוקראַינע און אין ווײַסרוסלאַנד אונטערן דרוק פון דער דײַטש־עסטרײַכישער אָקופּאַציע שטאַרקן זיך אין „בונד" די לינקע שטימונגען, איז גאָר אַנדערש די לאַגע איז ראַטנרוסלאַנד, דאָ גייט דער דיפערענצירונג־פּראָ־צעס פיל שנעלער. די זיגרײַכע פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פון „בונד" שפּאַלטן זיך אָפּ די אַרבעטער־גרופּן. אין דער אָנפירונג אין „בונד" פאַרבלײַבן אויסגעשפּראָכן־קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן. זייער שטעלונג צו דער ראַטנמאַכט איז אַ נעגאַטיוו־אַקטיוויסטישע, וואָס שטויסט נאָך מער אָפּ פון זיך די ייִדישע אַרבעטער.

קאַפּיטל צוואַנציק.

# דער קאַמף פון „בונד" פאַר נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע.

ווי אַזוי האָט דער „בונד" זיך פאָרגעשטעלט דעם קאַמף אף צו דערגרייכן נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע? פון שטעלן, וואָס מיר האָבן נעבראַכט, פון רעדעס און דאָקומענטן פון אין מיטן די נײַנציקער יאָרן, האָבן מיר שוין געהאַט די מעגלעכקײַט צו זען, אַז דאָס עצעם באַשאפן א באזונדערע ייִדישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט דעם צוועק צוזאַמענצושליסן און פאַריי־ניקן אלע קרעפטן פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג צוליבן פאַרשנעלערן דעם גאַנג פון דער נאַציאָנאַלער באפרײַונג. און שוין דעמאָלסט טאַקע איז געווען געמאַכט דער ערשטער שריט אף אויסצופורעמען א ספּעציִעלע נאַציאָנאַלע טאַקטיק. יאָרן־לאַנג האָט זיך אָבער דער „בונד" אויך ניט אָפּגעזאָגט פון זײַן טעאָרעטישער גרונט־האַנאָכע, וואָס האָט געזאָגט, אז דער קאַמף פאַר נאַציאָנאַ־לער גלײַכבארעכטיקונג, פאַר נאַציאָנאַל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע איז א טייל פונעם אַלגעמיינעם קלאַסנקאַמף פונעם ייִדישן און פון גאַנצן רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט; אז אין קאַמף זוכט דער „בונד" ניט קיין פאַרבינדונג און קאָנטאַקט מיט אַנדערע שיכטן, מיט דער ייִדישער בורזשואַזיע אָדער מיט דעם ייִדישן קליינבירגערטום; אז די פאַרווירקלעכונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאנאָמיע דערוואַרט ער פונעם רעוואָליוציאָנערן קאַמף פונעם גאַנצן רוסלענ־דישן פּראָלעטאַריאַט, דערינען אויך דעם ייִדישן. שפּעטער אָבער איז אויך אָט דער טאַקטישער פּרינציפּ אזוי ווי אינגאַנצן באָטל געוואָרן. אלס סוביעקט פון אַן אלגעמיין־נאַציאָנאַלער באוועגונג, ווערט דער „בונד" אַלץ מער פאַרינטערע־סירט אין דעם, אַז דידאָזיקע נאַציאָנאַלע פּראָגראַם זײַנע זאָל וואָס גיכער פאַרווירקלעכט ווערן. ער האָט אָנגעהויבן זוכן דערנעענטערונג און קאָנטאַקט מיט אַנדערע סאָציאַל־פּאָליטישע קרעפטן אינעם ייִדנטום, מיט יענע קרעפטן, וואָס אין דער אָדער יענער פאָרם האָבן זיי זיך דערנעענטערט צו זײַן אויפן לייזן די נאַציאָנאַלע פראגע. דאָ דאַרף קומען ניט בלויז דער קלאסנקאַמף פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט (דערינען אויך דעם ייִדישן) קעגן אלע שיכטן פון דער גרויס־און קליין־בורזשואַזיע (דערינען אויך דער ייִדישער), ניין, צוזאמען מיט דער אלץ מער ווײַט־גייענדיקער אָפּזונדערונג פון דער ייִדישער ארבעטער־באַוועגונג און פונעם גאַנצן „בונד", מיט זייער אַלץ ווײַטערן אָפּזונדערן זיך

פון דער אַלגעמיין־רוסלענדישער רעוואָליוציאָנערער ארבעטער־אָרגאַניזאַציִע, הייבט דער „בונד" אָן שאַפן אויסגלײַכן און פאַרבינדונגען מיט אַנדערע עלע־מענטן פונעם ייִדישן קליינבירגערטום, און אין געוויסע פאַלן — אויך פון דער גרויס־בורזשואַזיִע, צוליב געמיינזאַמען נאַציאָנאַלן בויען, וואָס דערפון דאַרפן זיך אויסבילדן די אָרגאַנען פון דער קומענדיקער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווי־נאָמיִע. דידאָזיקע טענדענץ, געוויס א נאַציאָנאַליסטישע און אָפּאָרטוניסטישע, האָט זיך אמשארפסטן אַרויסגעוויזן אין די יאָרן 1909 — 1908, און נאָכדעם איז זי ברייט אָנגעווענדט געוואָרן אויך אין די ערשטע צוויי יאָר רוסלענדישער רעוואָליוציִע.

אף דער צענטער קאָנפערענץ פון „בונד", פאָרגעקומען אין אַפּרעל 1917 י., איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדיקע רעזאָליוציִע וועגן דער נאַציאָנאַל־קולטורע־לער אַווטאָנאָמיִע:

„1. אין פולן העסקעם מיט דער פּראָגראַם אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, וואָס עס האָט אײַנגעשטעלט דער זעקסטער צוזאַמענפאָר פון „בונד", רוקט די צענטע קאָנפערענץ ארויס די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע פאַרן ייִדישן פאָלק, אלס אַקטועלן פּאָליטישן לאָזונג פון טאָג.

2. די גרינדונג־פאַרזאמלונג דאַרף דורך א באַזונדערן געזעץ אײַנשטעלן עפנטלעך־רעכטלעכע אײַנריכטונגען, אָרטיקע, געגנטלעכע און אלגעמיין־מעלו־כישע, אויסגעוויילטע אפן גרונט פון אלגעמיינעם, גלײַכן, דירעקטן און געהיי־מען וואלרעכט, אָן אונטערשייד פון געשלעכט, אף צו אָרגאַניזירן און אָנ־פירן דאָס גאַנצע קולטורעלע לעבן פון דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט אין רוס־לאַנד אף פּאָלגנדיקע יעסוידעס:

א) פּאַר א מיטגליד פון דערדאָזיקער עפנטלעך־רעכטלעכער אָרגאַניזאציִע רעכנט זיך יעדער איינער, וואָס מעלדעט וועגן זײַן אָנגעהעריקײַט צו דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט;

ב) אין דער קאָמפּעטענץ־ספערע פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרגאַני־זאַציִע ווערט ארײַנגענומען דער גאַנצער געביט פונעם קולטור־לעבן פון דער נאַציִע: דער בילדונג־שול־וועזן, די אנטוויקלונג פון ליטעראַטור, פון קונסט, פון ויסנשאַפטלעכע און טעכנישע יעדיִעס.

ג) אלע אײַנריכטונגען פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרגאַניזאַציִע, דערינען אויך די שולן, וואָס זי שאַפט, דאַרפן האָבן אויסשליסלעך א וועלט־לעכן כאַראַקטער.

באַמערקונג. דער גאַנצער געביט פון רעליגיִעזן און רעליגיִעז־שטייגערישן לעבן גייט ניט אַרײַן אין רעשוס פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרגאַניזאציִע. אף צו באַפרידיקן די רעליגיִעזע באַדערפע־נישן קאָן דער טייל פון דער ייִדישער נאַציִע, וואָס נייטיקט זיך דערי־נען, בויען זײַן רעליגיִעזע קהילע, אלס פּריוואט־רעכטלעכן אינסטיטוט, וואָס געפינט זיך אונטערן שוץ פון די אַלגעמיינע געזעצן פון דער רוס־לענדער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

3. די שפּראַך פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרגאַניזאַציע איז די יידישע.

4. די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אָרגאַניזאַציע באַקומט פון די אַלגעמיין־מעלוכישע און אָרטיקע מיטלען אַן אַנטשפּרעכיקן טייל פונעם ביודזשעט, זי באַקומט אויך דאָס רעכט פון צוואַנג־מאַכט בענעגייע צו אירע מיטגלידער אין די גרענעצן פון איר קאָמפּעטענץ, באַזונדערס גענומען—דאָס רעכט פון א הויסאָפּע־באַשטייערונג.

באַמערקונג: די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אָרגאַניזאַציע באַוואָרנט מיט איר ביודזשעט דאָס רעכט פון דער מינדערהייט פון דער אָרגאַניזאַציע צו האָבן א וועלטלעכע שול אויף אַן אַנדערער, ניט־יידישער שפּראַך" *).

ווי מיר זעען, ווערט דאָ דער פראַגע וועגן נאַציאָנאַל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע צוגעגעבן, אַנטשפּרעכיק דעם מאָמענט, א פולשטענדיק באַשטימטער פּראַקטישער כאַראַקטער. צוזאַמען מיט דעם איז דאָ, אין דער רעוואָליוציע, האָבן מיר שוין ניט די אַלטע פאָרמולע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע, אַלס אוניווערסאַלן מיטל פאַר אַלע נאַציעס, וואָס באַפעלקערן רוסלאַנד. דאָ רעדט זיך גאַנץ באַשטימט בלויז וועגן דער איינער יידישער נאַציע, וואָס פאַר איר איז די פאַרווירקלעכונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע, לויט דעם ווי עס זאָגט די רעזאָליוציע, „דער אַקטועלער פּאָליטישער לאָזונג פון טאָג". די נייע פאָרמולירונג פון דער בונדישער פּראָגראַם איז באַשיידן. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס שוין אין מאַרט 1917 יאָר האָט זיך מיט דער גאַנצער קלאָרקייט ארויסגעוויזן די טענדענץ טעריטאָריאַל צו לייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע. עס איז אופגעקומען די צענטראַלע אוקראַינער ראַדע, וואָס האָט געפאָדערט אַווטאָנאָמיע פאַר אוקראַינע; אין פּעטראָגראַד איז געווען אָרגאַניזירט א ריי מאַסן־דעמאָנסטראַציעס מיט דעם לאָזונג — אַווטאָנאָמיע פאַר עסטלאַנד, לעטלאַנד; אַזאַ נאַציאָנאַלע באַוועגונג איז אופגעקומען אויך אויף קאַווקאַז. דעם „בונד" איז קלאָר געוואָרן, אז אין דער קאָנקרעטער אומגעבונג פונעם רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד וועט עס בעשומויפן ניט געלינגען צו לייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע דורך נאַציאָנאַל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע.

אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ שטעלט דער „בונד" די פראַגע וועגן די וועגן און מעטאָדן, ווי אַזוי צו פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע. און דאָ מאַכט ער א נייעם שפּאַן אויף וועג צו דער אידייע פון נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע. אין דער פראַגע וועגן צונויפרופן א יידישן צוזאַמענפאָר זיינען די יידישע בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס געווען פאַרטון נאָך אין דעם פאַר־רעוואָליוציאָנערן פּעריאָד, אַלס רעאַקציע אויף דעם פאַרשטאַרקטן נאַציאָנאַלן דרוק אין די יאָרן פון דער וועלט־מילכאָמע. מ'וואָלט געקאָנט רעכענען, אַז וויבאַלד דער צאַריזם איז געפאַלן, וויבאַלד די אַלע פריערדיקע נאַציאָנאַלע

*) פון א רוסישער איבערזעצונג.

רעדיפעס אַף ייִדן, אַלע באַגרענעצונגען אַף זיי זײַנען אינגאַנצן צו נישט געװאָרן, און אַזוי גרינג איז עס דער ייִדישער באַפעלקערונג אָנגעקומען — ווי־באַלד אַזוי, דאַרפן אַלע קניפּן פון סאָלידאַרישקײַט צווישן די באַזונדערע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צעריסן ווערן. ווירקלעך, די גרונט־סיבע פון אַלע אופּרייצונגען, וואָס האָבן זיך אַזוי לאַנג געזאַמלט באַ די ייִדי־שע מאַסן, איז געווען נאַציאָנאַלער דרוק, דער מעלוכישער אַנטיסעמיטיזם — און דאָס אַלץ איז איצטער געפאַלן. דער „בונד" איז שוין אָבער געווען אָר־גאַניש צוזאַמענגעבונדן מיט דער גאַנצער נאַציאָנאַלער סוויווע, און איצט, ווען ער האָט געזען פאַר זיך אַ באַוועגונג, וואָס עס האָט געשאַפן די ייִדישע בור־זשואַזיע, די באַוועגונג פאַר אַ ייִדישן צוזאַמענפאָר, האָט דער „בונד" זיך אונטערגעגעבן. דורך אַלערליי פאָרמעלע אויסריידן איז ער פאַרטיק געוואָרן מיט אַלע זײַנע ספּייקעס און האָט באַשלאָסן צו באַטייליקן זיך אין דעם צו־זאַמענפאָר, וועלכער האָט, לויט זײַן מיינונג, געדאַרפט זײַן איינער פון די מיטלען אַף צו דערנעענטערן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע.

און ווידער אַמאָל — אויך פאַר אָט דעם פעלערהאַפטן לאָזונג דאַרף דער קאַמף זיך פירן ניט אַף דעם אויפן פון צוזאַמענשליסן די פּראָלעטאַרישע קוי־כעס פון לאַנד, נאָר אַף דעם אויפן פון נאַציאָנאַלער קאָנצענטראַציע.

דערדאָזיקער „טאָעס" פון „בונד", דער באַשלוס צו באַטייליקן זיך אינעם ייִדישן צוזאַמענפאָר, איז אויך, פאַרשטייט זיך, ניט קיין צופעליקער. ער קוועלט אַרויס און איז געבונדן מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטישער פּאָזיציע אַף מאָרגן נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע. דער „בונד" האָט געלייקנט אין די סאָציאַליס־טישע פּערספּעקטיוון פון דערדאָזיקער רעוואָליוציע. דער „בונד" האָט געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף באַגרענעצן די אופגאַבן פון דער רעוואָליוציע. ער האָט לעכאַט־כילע שאָלעם געמאַכט מיט איר בורזשואַזער באַגרענעצטקײַט. און קעמפנדיק פאַרן מינימום און בלויז פאַרן מינימום, האָט ער זיך אַלץ געשראָקן, אַז אָט דעם מינימום זאָל די ייִדישע בורזשואַזיע ניט קירצער, ניט שמעלער מאַכן, אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן צו באַטייליקן אין אָט דעם ייִדישן צוזאַמענפאָר אָדער, ווי דער „בונד" האָט עס פאָרמולירט, צו באַטייליקן זיך אינעם קאַמף אַרום דעם צוזאַמענפאָר פאַר זײַן אייגענער פּלאַטפאָרם. די ספּעציעלע רעזאָ־ליוציע פון דער צענטער בונדישער קאָנפערענץ „וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע", וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אײנשטימיק (בלויז פיר האָבן זיך אָפּגעהאַלטן), זאָגט:

„1. די צענטע קאָנפערענץ האַלט, אַז נאָך פאַרן צוזאַמענרופן די אַלרוס־לענדער גרינדונג־פאַרזאַמלונג דאַרף מען אומגעזאַמט צוטרעטן צו שאַפן אַף די ערטער אָרגאַנען פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע פון דער ייִדישער נאַציע אַפן יעסאָד פון אַלגעמיינעם און אַזוי ווײַטער וואַלרעכט מיט דעם אַנטייל פון אַלע בירגער פוןביידע געשלעכטן עלטער פון צוואַנציק יאָר, וואָס רעכענען זיך פאַר אָנגעהעריק צו דער ייִדישער נאַציאָנאַליטעט.

„דידאָזיקע אָרגאַנען דאַרפן פאַרוואַלטן מיט אַלע פאַראַנענע ייִדישע שולן, דאַרפן אויך אַכטונג געבן אַף דער ווײַטערער פאַרברייטערונג פון דער ייִדישער

שול־נעץ. דערוויַיל דאַרף די ציַיטוויַיליקע רעגירונג ארויסגעבן א דעקרעט וועגן איַינשליסן די יידישע שולן אין דער אַלגעמיינער שול־נעץ און וועגן איַינפירן אין דידאָזיקע שולן יידיש, אלס אונטעריכט-שפּראַך.

„2. די קאָנפערענץ זאָגט זיך אַרויס פאַר באַטייליקן אינעם אַלגעמיין־יידישן צוזאַמענפאָר, וואָס ווערט איצט צוזאַמענגערופן און וואָס דאַרף פאָרקומען מיטן אַנטייל פון אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון געשלעכט, וואָס רעכענען זיך פאַר אָנגעהעריק צו דער יידישער נאַציאָנאַליטעט, אַפן יעסאָד פון אַלגע־מיינעם און אזוי וויַיטער וואַלרעכט, — איַינזעענדיק אין דעם א מיטל פון קאַמף פאַרן פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע.

„דערביַי רעכנט די קאָנפערענץ פאַר נייטיק צו מעלדן, אַז דעם זינען פונעם באַטייליקן זיך פון די יידישע אַרבעטער אין דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר זעט די קאָנפערענץ איַין אין דער נייטיקייַט צו שטעלן די פראַגע וועגן דער נאַציאָ־נאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיִע. די פאָרשטייער פון „בונד" אף דעם צוזאַמענ־פאָר וועלן אַנטשלאָסן קעמפן קעגן אלע פרווון ארויסצורוקן וועלכע ס'איז אַנדערע, קלוימערשט אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אופגאַבן.

„די קאָנפערענץ מעלדעט, אז די באַשלוסן פונעם יידישן צוזאַמענפאָר קאָ־נען ניט זיַין פאַרן יידישן אַרבעטער־קלאַס אָבליגאַטאָריש, און אַז דער ענד־גילטיקער באַשלוס וועגן די פראַגן, וואָס וועלן געשטעלט ווערן אַפן צוזאַ־מענפאָר, געהערט דער אַלרוסל. גרינדונג־פאַרזאַמלונג, ווו די פאָרשטייער פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט וועלן צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פונעם גאַנצן פּראָלע־טאַריאַט קעמפן פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זייער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם.

„די אינעווייניקסטע איַינריכטונג פון דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אָרגאַניזאַ־ציִע — דאָס וועט באַשטימען די יידישע גרינדונג־פאַרזאַמלונג אין די גרענעצן פון דער קאָמפּעטענץ, וואָס עס וועט איַינשטעלן אין די גרונט־געזעצן די אַל־רוסלענדער גרינדונג־פאַרזאַמלונג" *).

פאַר דער יידישער קליין־און מיטל־בורזשואַזיִע איז דער יידישער צוזאַמענ־פאָר געוועזן פריִער פון אַלץ א געווער אף ארונטערצונעמען די גאַנצע יידישע מאַסע אונטער דער פאָן פון נאַציאָנאַליזם, אף אופצוהאַלטן אויך אינעם רעוואָ־ליוציאָנערן פעריאָד איר איַינפלוס אף די מויכעס פון די יידישע מאַסן. די יאָרן פון מילכאָמע און פינצטערער רעאַקציִע האָבן פאַרשטאַרקט דעם אָנוווקס פון ציאָניסטישע שטימונגען בא דעם יידישן בירגערטום. צו דערזעלבער ציַיט האָט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם, און ביכלאַל די אַנטאַנט — אַסאַך אופגע־טון אַף אריַינצונעמען צו זיך אין דינסט די גאַנצע ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציִע מיט אַלע אירע קעמערלעך, וואָס זיַינען צעוואָרפן איבער גאָר דער וועלט. אינעם קאַמף מיט דיַיטשלאַנד און מיט דער איר (דיַיטשלאַנד) אונטערגעוואָר־פענער טערקיַי, אינעם קאַמף פאַר דער הערשאַפט אין קליין־אַזיע האָט דער לאָזונג פון שאַפן פאַר די יידן „א רעכטלעך־געזיכערטע היים אין פּאַלעסטינע" געקאָנט שפּילן א געוויסע ראָליע. די מיניסטאָרן פון דער אַנטאַנט האָבן ניט געשפּאָרט קיַין האַווטאָכעס. באַ אַלע הויפן און רעגירונגען פון דער אַנטאַנט

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

האָט די ציאָניסטישע אָרגאַניזאַציִע געהאַט אירע ספּעציִעלע באַפּולמעכטיקטע, וואָס האָבן שטענדיק געהאַלטן אין „דערמאָנען“ וועגן „די אינטערעסן פונעם יִדישן פאָלק“. א ציאָניסטישע אַגיטאַציִע איז געווען געפירט אין אלע לענ־דער פון גאָר דער וועלט. עס איז געווען פאָרמולירט א לאָזונג — צוזאַמענרופן אַן אַלוועלטלעכן יִדישן קאָנגרעס, ביכדיי צו באַשאַפן די יורידישע פּערזאָן, וואָס איר זאָל די אַנטאַנט איבערגעבן, ווי עס האָבן געזאָגט די ציאָניסטן, א מאַנדאַט אַף דער מעלוכע־בויונג אין פּאַלעסטינע. פאַר די ציאָניסטן און די יִדישע קלעריקאַלן איז דער יִדישער צוזאַמענפאָר נייטיק געווען צוליב אָט דער ציאָניסטישער דעמאָנסטראַציִע, און פון דער אַנדערער זײַט האָט ער פאַר זיי אויך געהאַט א פּראַקטישן ווערט: ער האָט געזאָלט ראַטעווען דאָס אָפּגע־זונדערטע לעבן פון דער אַלטער יִדישער קעהילע, רעפאָרמירנדיק זי עטוואָס, אַנטשפּרעכיק דעם פּאָליטישן מאָמענט. דער „בונד“ האָט באַשלאָסן צו באַטיי־ליקן זיך אין די וואַלן אַף אָט דעם צוזאַמענפאָר און אינעם צוזאַמענפאָר גופע, מיט דעם אויסרייד נאָר, אַז אינעם צוזאַמענפאָר זעט ער איַין א מיטל אַף צו קעמפן פאַרן פאַרווירקלעכן די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע, און אַז ער „וועט קעמפן קעגן אַלע פּרווון ארויסצורוקן וועלכע ס'איז אַנדערע, קלוימערשט אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע אופגאַבן“. דאָס איז א רעמעז אַף דער שטרעבונג פון די ציאָניסטן צו מאַכן דעם יִדישן צוזאַמענפאָר פאַר אַ מין טרעפּ צום אַלוועלטלעכן קאָנגרעס, וועלכער ווערט געשאַפן צוליבן ציאָניזם.

די אַלגעמיין־פּאָליטישע „קאָאַליציִע“־פּאָזיציִע פון „בונד“ האָט באַרעכ־טיקט אויך דעם אַנטייל אין דעם יִדישן צוזאַמענפאָר און נאָכדעם דאָס אופ־הייבן אזוי הויך די גאַנצע נאַציאָנאַלע פראַגע. דאָס באַטייליקן זיך אין אָט דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער קאָמפּאַניִע האָט פון זײַן זײַט פאַרפעסטיקט, צע־מענטירט די אַלגעמיין־פּאָליטישע ליניִע פון „בונד“ אין דער רוסלענדישער רעוואָלוציִע. דער „בונד“ איז אַרײַן אין באַשטאַנד פונעם קאָמיטעט אַף צו־נויפרופן דעם יִדישן צוזאַמענפאָר. די קאמפּאַניִע פאַר דעם צוזאַמענפאָר האָט זיך געפירט אין פאַרלויף פונעם גאַנצן 1917 יאָר, די וואַלן אַף דעם צוזאַמענ־פאָר זײַנען אָבער אויסגעקומען גראָד צו דער צײַט פונעם אָקטיאַבער־נאָיאַבער־פעריאָד. דער פאַרשאַרפטער בירגערקריג און דער איבערײַס פון פאַרקער צווישן די באַזונדערע געגנטן פון רוסלאַנד האָט קימאט געמאכט צו נישט די־דאָזיקע גאנצע קאמפּאניע, וואָס פריִער האָט מען איר געהאט צוגעגעבן אזא ערנסטע באַדײַטונג.

דער לאָזונג, וואָס די צענטע קאָנפערענץ פון „בונד“ האָט פּראָקלאמירט, דער לאָזונג, — באלד צוטרעטן צום פאַרווירקלעכן אַף די ערטער די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אווטאָנאָמיִע, באלד, הייסט עס, נעמען זיך צו אָרגאַניזירן איינציקע יִדישע קעהילעס אפן יעסאָד פון אלגעמיינעם, גלײַכן, דירעקטן, געהיימען וואַל־רעכט און די קעהילעס זאָלן ארײַנעמען אין זייער רעשוס אלע נאציאָנאַל־קול־טורעלע איניאָנים, — דערדאָזיקער לאָזונג איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין די לעצטע כאדאָשים פון 1917 יאָר, עמעס, ניט אין אלרוסלענדער מאסשטאב. די צענטראלע אוקראַיִנער ראדע האָט דעם 2 דעקאבער 1917 יאָר ארויסגעגעבן א גע־

זעץ וועגן וואלן אין די ייִדישע קעהילעס אפן יעסאָד פון אלגעמיינעם און אזוי ווײַטער וואלרעכט. אינעם וואל־קאמף, וואָס האָט דערבײַ זיך צעפלאקערט, איז דער „בונד" אומעטום ארויסגעטראָטן מיט אן אייגענעם צעטל, פאריייניקנדיק ארום זיך געוויסע שיכטן ייִדישע ארבעטער און די ייִדישע קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ. די רעזולטאטן פון די וואלן זײַנען אָבער געווען קאטאסטראָפאלע.

די זאך איז, וואָס אומבאמערקט פאר די טעאָרעטיקער און פּאָליטיקער פון „בונד" זײַנען אינעם ייִדישן בירגערטום אויסגעצײַטיקט און פארפעסטיקט געוואָרן גאנץ באשטימטע רעאקציאָנערע טענדענצן. מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם אָנוווקס פון די ציאָניסטישע שטימונגען. דער „בונד" האָט עס געהאַט אין אויג, האָט פאַר דעם זיך געשראָקן; ער האָט אָבער ניט געשטעלט פאַר זיך די פראַגע וועגן דיסקאָנטירן די אינעווייניקסטע קויכעס־פאַרהעלטעניש אינעם ייִדנטום, וועגן דער נייטיקײַט צו רעווידירן זײַן גאַנצע פּאָזיציע. וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט דער קלאַסנקאַמף אין דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, אלץ קלערער איז געוואָרן, אַז צוזאַמען מיטן שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט איז בלויז דאָס איינע פויערטום א רעוואָליוציאָנערער פאַקטאָר, די שטאָטישע בירגערלעכע באַפעלקערונג אָבער קערעוועט זיך וואָס ווײַטער אלץ מער אף רעכטס, אירע שטימען גיט זי אָפּ די קאַדעטן און אין דאָרעם־רוסלאַנד אויך די מאָנאַרכיסטן. די ייִדישע באַפעלקערונג וווינט קימאַט אויסשליסלעך אין די שטעט. דער ייִדישער צוזאַמענפאָר, צונויפגערופן אַפן יעסאָד פון אַלגעמיינעם וואַלרעכט, די גאַנצע ייִדישע נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיִע, געבויט אפן יעסאָד פון אַלגעמיינעם, דירעקטן און געהיימען וואַלרעכט,— די ביידע וועלן זיך דאַרפן האַלטן בלויז אף דער שטאָטישער באַפעלקערונג בא א פאַרהעלטניסמעסיק ניט־גרויסער צאָל ייִדישע אַרבעטער. דאָס אליין האָט שוין געדאַרפט זאָגן דעם „בונד", אז אף דעמדאָזיקן צוזאַמענפאָר וועלן די רעוואָליוציאָנערע טענדענצן מוזן בלײַבן הינטערשטעליק קעגן די קליינבירגערלעך־רעאַקציאָנערע שטימונגען אינעם ייִדנטום. אין אלגעמיין־רוסלענדער מאַסשטאַב האָט דער בלאָק פון פּראָלעטאַריאַט און פויערטום געקאָנט דערפירן די רעוואָליוציע ביזן סאָף. אינעם ווײַטערדיקן גאַנג האָט די רוסלענדישע רעוואָלוציִע אונטער דער אָנפירונג פונעם פעסט באהעפטן פּראָלעטאַרישן קערנדל א ברייטן שפּאַן געטון אף אריבערצוגיין אין דער ווײַטערדיקער סטאַדיִע — פון א סאָציאַליסטישער רעוואָליוציִע. אזוינס האָט אָבער אף קײַן פאַל ניט געקאָנט טרעפן אף דעם באַזונדערן נאַציאָנאַלן ייִדישן צוזאַמענפאָר, וויבאַלד אז די ייִדישע באַפעלקערונג באַשטייט דעריקער פון א שטאָטיקן קליינבירגערטום.

אין מײַ 1917 יאָר זײַנען אין קיִעוו און קאַטערינאָסלאַוו פאָרגעקומען אזוינע אלגעמיין־ייִדישע צוזאַמענפאָרן, עמעס, צונויפגערופן זײַנען זיי געווען ניט אפן יעסאָד פון אלגעמיינע וואַלן, נאָר אפן יעסאָד פון פאָרשטייערשאַפט: עס זײַנען דאָ געווען פאָרגעשטעלט באַזונדערע אָרגאַניזאַציִעס. אף דידאָזיקע צוזאַמענפאָרן האָט עס א שלאָג געטון מיט פאַרדומפּט־געדיכטן קלעריקאַליזם. דידאָזיקע דערשײַנונג קאָן מען דערקלערן פון איין זײַט מיט דעם פריִעריקן

פּעריאָד פֿון נאַציאָנאַלן דרוק און פֿון דער אַנדער זײַט דערמיט, וואָס נאָכן ליקווידירן דעם נאַציאָנאַלן דרוק איז פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיִע באַלד אַראָפּ איר גאַנצער קלוימערשט רעוואָלוציאָנערער ראַדיקאַליזם. דער „בונד“ האָט אַף דידאָזיקע צוזאַמענפּאָרן דערפֿילט קעגן זיך אַן אומגעלומפּערט־ווילדע העצרײַ, מער נישט די באַגרענעצטע אידעאָלאָגיִע זײַנע און זײַן אײַנגעגלייבטקײַט אין דער דעמאָקראַטישער פּראַזע און דעמאָקראַטישע פֿאָרמולעס, מער נישט ווי דאָס האָט אים ניט דערלאָזן אינגאַנצן צו רעווידירן זײַן נאַציאָנאַלע פּאָזיציִע און אינגאַנצן זיך אָפּזאָגן פֿון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיִע, וועלכע האָט אומפֿאַרמײַדלעך געמוזט אָפּגעבן דאָס גאַנצע ייִדישע קולטורעלע בויען אין די הענט פֿון די ייִדישע קלעריקאַלן און ציאָניסטן.

אין יוני 1917 יאָר הייבט אין קיעוו אָן דער „בונד“ צוזאַמען מיט די אַנדערע ייִדישע קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען („די ייִדישע פֿאַרייניקטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“ און „פּויאַלע־ציאָן“) צו בויען בײַ דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע די ייִדישע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע. די קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטן פֿון דער צענטראַלער ראַדע, וואָס אין אַ גרויסער מאָס זײַנען זיי געווען דורכגעדרונגען מיט דער עסטרײַכישער ליטעראַטור וועגן דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, וואָס אין דער עסטרײַכישער בוקאָווינע האָבן זיי דורכגעמאַכט דער עקספּערימענט מיט דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, און איצטער האָבן זיי אַף אוקראַיִנע געשטרעבט צו אַן אויסגלײַך מיט דער שטאָטישער ייִדישער בורזשואַזיע, — דידאָזיקע דעמאָקראַטן זײַנען פֿון אָנהייב אָן געווען גענויגט צו פֿאַרווירקלעכן אַף אוקראַיִנע דעם לאָזונג פֿון נאַציאָנאַל־פּערסאָנעלער אַווטאָנאָמיִע; די נאַציאָנאַלע פֿראַגע האָבן זיי, הייסט עס, געוואָלט לייזן אַף אַזאַ אויפֿן, אַז אַלע ריין־נאַציאָנאַלע איניאָנים זאָלן אַריבער אין רעשוס פֿון באַזונדערע אָרגאַנען, וואָס די באַטרעפֿנדיקע נאַציע וועט זיי ספּעציִעל צוליב דעם שאַפֿן. דעם לאָזונג פֿון נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיִע האָט באַלד גערן אופגענומען „די פֿאַראייניקטע ייִדישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי“, וואָס דעם טאָן האָבן דאָרט געגעבן די געוועזענע „סיימיסטן“ (פֿון זייערע הויפּט־אָנפֿירער זײַנען געווען די עס־ערן זשיטלאָווסקי און ראַטנער), און אַ גאַנץ קײַלעכיק יאָר האָט זי אַרום אָט דעם לאָזונג געזאַמלט פּאַרטייִש־פּאָליטישן קאַפּיטאַל. נאָך איידער ס'איז געווען אַרויסגעגעבן דער געזעץ וועגן נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע איז אינעם באַשטאַנד פֿון גענעראַל־סעקרעטאַריאַט פֿון דער אַווטאָנאָמער אוקראַיִנע אויך אַרײַן אַ ספּעציִעל געשאַפֿענער סעקרעטאַריאַט פֿאַר נאַציאָנאַלע איניאָנים מיט דרײַ געהילפֿן—פֿאַר פּוילישע, גרויס־רוסישע און ייִדישע איניאָנים. די צײַטווײַליקע רעגירונג האָט דידאָזיקע פֿאָרם באַשטעטיקט, סאַנקציאָנירט, איר קאָוואָנע דערבײַ איז געווען צו האָבן אין גענעראַלן סעקרעטאַריאַט פֿאָרשטייער פֿון ניט־אוקראַיִנישע גרופּן, וואָס אין אָנהייב זײַנען זיי געווען מער גענויגט גיין צוזאַמען מיט דער צײַטווײַליקער רעגירונג, איידער מיט דער אוקראַיִנער צענטראַלער ראַדע. בײַ יעדן פֿון אָט די נאַציאָנאַלע סוב־סעקרעטאַריאַטן זײַנען געווען געשאַפֿן נאַציאָנאַל־ראַטן פֿון די פּאַרטיי־פֿאָרשטייער פֿון יעדער נאַציאָנאַליטעט. די ייִדישע סאָציאַליסטן פֿון אַלע דרײַ פּאַרטייען האָבן

אנטשיידן אָפּגעוואָרפֿן דעם פּרינציפּ פֿון דעמאָקראַטיע, דעם מערהייט־פּרינציפּ, און באם בויען דעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט האָבן זיי אינגאַנצן פֿאַרבויגן אָט דאָס, וואָס א מערהייט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט אָן שום ספֿק די פּאַרטיי פֿון די ציאָניסטן און קלעריקאַלן. די ייִדישע סאָציאַליסטן האָבן אויסגענוצט זייער איינפֿלוס אין דער צענטראַלער אוקראַיִנער ראַדע און זיינען זיך באַגאַנגען, ווי רעוואָליוציאָנערן: פֿאַר די ציאָניסטן האָבן זיי געלאָזן בלויז אַ פֿינפֿבייליעק ערטער אינעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט. די ציאָניסטן האָבן עס ניט אָנגענומען און האָבן דעם נאַציאָנאַל־ראַט באָיקאָטירט.

נאָך דעם, וואָס אין נאָיאַבער 1917 יאָר איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אוקראַיִנער פֿאָלקס־רעפּובליק, זיינען די געהילפֿן פֿון גענעראַל־סעקרעטאַריאַט פֿאַר נאַציאָנאַלע איניאָנים געווען איינגעשלאָסן אין באַשטאַנד פֿון דער אוקראַיִנער רעגירונג. דעם צוזאָג אַרויסצוגעבן אמגיכסטן דעם געזעץ וועגן פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע האָט די רעגירונג טאַקע גאַנץ גיך (אין יאַנוואַר 1918 יאָר) מקיים געווען. די וואַלן אין די ייִדישע קעהילעס זיינען פֿאָרגעקומען אין די כאַדאָשים דעקאַבער־פֿעווראַל, און אומעטום איז אין אַלע גרויסע צענטרען האָבן די ציאָניסטן און קלעריקאַלן באַקומען א גוואַלדיקע מערהייט און בלויז אין א ניט־גרויסער צאָל קלענערע שטעט און שטעטלעך האָט געזיגט דער בלאָק פֿון די ייִדישע סאָציאַליסטן. סאָף אַפּרעל איז די צענטראַלע אוקראַיִנער ראַדע אינגאַנצן צעטריבן געוואָרן, ס'האָט ניט לאַנג געגעדויערט און מ'האָט אויך ליקווידירט דאָס מיניסטעריום פֿאַר נאַציאָנאַלע איניאָנים. נאָך שפּראָצונגען פֿון נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע זיינען דאָך פֿאַרבליבן.

ניט געקוקט אף דער פּולער אָפּאָזיציאָנעלקייט צו דער העטמאַנישער באַוועגונג, האָט דער „בונד" דאָך זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿון צו באַטייליקן זיך אינעם קאָמיטעט, געשאפֿן אף צונויפֿצורופֿן א ספּעציעלן ייִדישן צוזאַמענפֿאָר אונטער דעם קלינגענדיקן נאָמען „די ייִדישע נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג". בעשאס דער הערשאַפֿט פֿונעם העטמאַן איז לויט דער איניציאַטיוו פֿון דער ייִדישער קעהילע געווען אויסגעוויילט א באַזונדערע דעלעגאַציע (עמעס, אין דער דעלעגאַציע איז קיין פֿאָרשטייער פֿון „בונד" ניט אריין) און זי האָט ניט איינמאָל זיך מישטאַדל געווען פֿארן מיניסטער פֿון אינערלעכע איניאָנים, אַז ער זאָל דערלויבן צונויפֿצורופֿן א ייִדישן צוזאַמענפֿאָר, ד. ה. א ייִדישע נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג. און דערווייל האָט געאַרבעט דער ייִדישער נאַציאָנאַל־ראַט, א רעאָרגאַניזירטער, און אינעם נאַציאָנאַל־ראַט האָבן די דעלעגאַציעס פֿון „בונד" און פֿון די אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען געטון בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין איין רייסן זיך מיט די ייִדישע נאַציאָנאַלע גרופּן, און די רייסערייען זיינען געווען ניט קלענער און ניט וויניקער שאַרף, איידער די רייסערייען אין דעם אָפּגעשטאָרבענעם עסטרייכישן רייכסטאַג, — דיזעלבע מעטאָדן פֿון פֿאַרלאַמענטאַריזם. דערלויבט צונויפֿצורופֿן די ייִדישע נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג האָט מען ערשט אָנהייב נאָיאַבער, — דאַן שוין, ווען דער העטמאַנישער רעזשים איז שוואכער געוואָרן, ווען דער דייטשישער אימפּעריאַליזם איז שוין געווען געבראָכן, און די רעגירונג פֿון סקאָראָפּאַדסקין איז גענויגט געווען טייקעף צו

ביַיטן דעם פראָנט און א קערעווע טון זיך צו דער אַנטאַטע. די העטמאַנישע רעגירונג האָט דאן דערלויבט דעם צוזאַמענפאָר מיט דער קאוואָנע דערנעענטערן צו זיך די ציאָניסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַט געוויסע פאַרבינדונגען און איַינפלוס אין די אַנטאַנטישע קריַיזן.

אין דערדאָזיקער נאציאָנאלער פאַרזאמלונג, צונויפגערופן אפן יעסאָד פון א ריכטיקער פּראָפּאָרציאָנעלער סיסטעם, אויסגעוויילט דורך די ראטן פון די יידישע קעהילעס,—אין אָט דער פאַרזאמלונג האָט דער בלאָק פון ציאָניסטן און קלעריקאלן געהאַט א גוואלדיקע מערהיַיט. „די יידישע דעמאָקראטיע", וואָס האָט געפאָדערט נאציאָנאל־קולטורעלע אווטאָנאָמיע צוליב דער אנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור, האָט באקומען אלס רעזולטאט פון אָט דעם לאָזונג אירן די אלטע הערשאפט, נאָר א פארשטארקטע, פון די קאָהאָלס־לײַט, פון די רעדל־פירער, וואָס זייער אופגאַבע איז געווען מיט אַלע מעגלעכקיַיטן שטערן דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. אָט דאָס זיַינען געווען די רעזול־טאטן פונעם בונדישן דעמאָקראטישן פּאַציפיסטישן לאָזונג — דעם לאָזונג פון נאציאָנאל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע. עס איז געשאפן געוואָרן א מעלוכע־אָרגאַן, וואָס האָט פארפעסטיקט די העגעמאָניע פון דער יידישער בורזשואַזיע איבער די ארבעט־מאסן, אן אָרגאַן, וואָס האָט דידאָזיקע יידישע ארבעט־מאסע אָפּ־געזונדערט פון די שכיינישע נאַציאָנאליטעטן, און אין פאל פון די אומפאַר־מיַידלעכע סיכסוכים, וואָס קומען אויף אָט דעם באָדן טאקע פון אזוינע נאציאָנאלע באציונגען, דארף ער, דער אָרגאַן, מאָביליזירן אלע קרעפטן פון דער יידישער נאציאָנאליטעט אף צו קעמפן קעגן די אנדערע נאַציאָנאלע גרו־פּעס אף אוקראַינע. דער לאָזונג פון א בורזשואַז־דעמאָקראטישער רעפובליק איז געוויס א לאָזונג פון בורזשואַזן אָפּשטאַם, פאָרט אָבער פארמאָגט אין זיך אָט דער לאָזונג, קעגנגעשטעלט דער צארישער מאָנאַרכיע, זייער אסאך פּאָזי־טיווּעס, און די פארווירקלעכונג זיַינע ברענגט געוויסע נוצן דעם ארבעטער־קלאס און די ארבעט־מאסן. דער לאָזונג פון נאַציאָנאל־קולטורעלער אַווטאָ־נאָמיע פאַר יידן, וואָס איז אויך געבויט אף דיזעלביקע האנאָכעס, די פאר־ווירקלעכונג פון דעם לאָזונג ברענגט נאָר שאָדן די יידישע ארבעט־מאַסן. די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אווטאָנאָמיע נעמט אלע איניאָנים פון קולטור ארויס פון די אלגעמיין־מעלוכישע איַינריכטונגען און גיט זיי איבער אין רעשוס פון דער „דעמאָקראטישער" יידישער איַינריכטונג, און דאָס באטיַיט, אז זיי קומען אָן אין די הענט פון קלעריקאלן און ציאָניסטן, און עס פלאצן פולשטענדיק אלע האָפענונגען און דערוואַרטונגען, וואָס געוויסע שיכטן יידישע ארבעטער האָבן געהאַט ארופגעלייגט אף דער פארווירקלעכונג פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיע.

דער באנקראָט פון דער גאַנצער בונדישער נאַציאָנאלער פּראָגראַם איז געווען ביז גאָר קלאָר, דאָך האָט קיינער ניט געשטעלט די פראגע וועגן אָפּ־זאָגן זיך פון אָט דעם לאָזונג, — ביז עס איז געקומען די דיַיטשישע רעוואָ־ליוציע און האָט מיט איר איַינפלוס אף די יידישע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס געשטעלט די אלגעמיינע פראגע וועגן רעווידירן די גאַנצע פּאָליטישע פּאָזיציע,

וועגן אָפּזאָגן זיך בּיכלאל פון דער פּאלסיפיצירטער דעמאָקראטיע. ערשט דאן איז די פראגע געווען געשטעלט אפן טאָג־סיידער און די קאָמוניסטישע לייזונג פון דער פראגע איז געווען—אינגאַנצן אָפּזאָגן זיך פון יעטווידער באזונדערער נאַציאָנאלער פּראָגראַם און בעמיילע אויך פון דער בונדישער פאָדערונג — פון נאַציאָנאל־קולטורעלער אווטאָנאָמיע.

קאַפּיטל איין און צוואַנציק.

# דער ניצאָכן פון קאָמוניזם

ניט געפילט אליין די סטיכיִע פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע, דער־צויגן אַף דער טעאָריִע פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, איינגעגלויבט אין דעם, אַז די ערשטע קלעפּ פון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע קאָנען ניט קומען פון מיזרעך מיט זיינע אָפּגעשטאַנענע לעבנס־פאָרמען, האָט דאָס אָנפירנדיקע קערנדל פון „בונד" קיין סאָציאַלע פּערספּעקטיוו ניט געהאַט און איז אינגאַנצן געווען אריינגעטון אין בלויזער טאָגטעגלעכקייט. די דייטשישע אָקופּאַציִע האָט צו מיט 1918 יאָר ארומגענומען די גאַנצע טעריטאָריע פון „בונד": אי ליטע, אי ווייסרוסלאַנד, אי פּוילן, אי אוקראַיִנע. דער בראָך פונעם דייטשישן אימפּע־ריאַליזם, דאָס אַריבערגיין פון דער רעגירונג־מאַכט אין די הענט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אין דייטשלאַנד — דאָס האָט געמוזט שטעלן פאַרן „בונד" די פראַגע וועגן דער ווערט און באַטייט פון דערדאָזיקער איבער־קערעניש.

אָבער דאָ גלייך מוז מען באַמערקן, אַז אַליין די ענדערונג פון די אָביעק־טיווע אומשטאַנדן וואָלט ניט געקאָנט ברענגען צו אַזעלכע שנעלע און טיפע ענדערונגען, ווען דאָס וואָלט ניט געווען צוגעגרייט דורך דער אומופהערלע־כער פּראָפּאַגאַנדע און רעוואָליוציאָנערער אַרבעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. דאָס האָבן די באָלשעוויקעס די ערשטע געבראַכט אַף דער יידישער גאַס די צורופן צו דער סאָציאַלער רעוואָליוציע. אויב ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז דער דירעקטער איינפלוס פון באָלשעוויזם געווען ניט גרויס, שטאַרקט ער זיך אַף מאָרגן נאָך דער אָקטיאַבער־איבערקערעניש, עס ווערט געגרינדעט דער יידישער קאָמיסאַריאַט אין מאָסקווע און אין 10 אַנדערע ראַטן־שטעט. עס בילדן זיך די יידישע קאָמוניסטישע סעקציעס באַ דער באָל־שעוויסטישער פּאַרטיי, וועלכע פאַרייניקן אַרום זיך אַלע רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן. עס גייען אַרויס די ערשטע יידישע קאָמוניסטישע צייטונגען. די באָלשעוויקעס אַטאַקירן די פּירערשאַפט פון די יידישע פּשאָרע־פּאַרטייען און פריִער פאַר אַלץ דעם „בונד", זיי דעמאַסקירן די רעוואָליוציאָנערע פראַזן, רייסן אַראָפּ דעם שלייער פון יעדן פּרווו אַראָפּצופירן די מאַסן פונעם רעוואָ־ליוציאָנערן וועג, דאָס אַלץ שטויסט לינקס די אָרנטלעכע אין „בונד".

פון נאָיאַבער 1918 יאָר הייבט דער „בונד" אָן פּיבערהאַפט צו רעווידירן זיין גאַנצע אידעאָלאָגיע. די רעכטפּאַרטיקע מענשעוויסטישע טעאָריִע האַלט

ניט אויס דעם אָנדראַנג אַף איר, ס'קערט זיך פון איר אָפּ דער גאַנצער רעוואָליוציאָנערער טייל פון „בונד", די דײַטשישע רעוואָליוציע פירט דורך אײַנעווייניק אין „בונד" יענע גרענעץ־ליניע, וואָס די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט דורכגעפירט פאַר גאַנץ רוסלאַנד: אַף רעכטס גייען אַוועק אַלע באַלעבעסל־עלעמענטן, אָט דאָס אַלץ, וואָס צו דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך באַהעפט פונעם יידישן קליינבירגערטום, און אַף לינקס — די עמעס־רעוואָליוציאָנערע עלע־מענטן, וואָס פאַר זיי איז דער סאָציאַליזם געווען ניט בלויז א שיינע טעאָריע, נאָר א קאָנקרעטע אופגאַבע פון קלאַסנקאַמף. לאַנג נאָך וועלן צווישן אָט די רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן גיין וויקוחים וועגן די מעטאָדן פון דער סאָציאַ־ליסטישער איבערקערעניש, לאַנג נאָך וועלן זיי האָבן כיישעק אָנצוכאַפּן זיך פאַר די רעשטלעך פון דער רעפאָרמיסטישער אידעאָלאָגיע, אָבער פריִער אָדער שפּעטער וועלן זיי מוזן קומען צום באָלשעוויזם, ווי צו דער איינציק־מעגלעכער פאָרם פון קאַמף פאַרן זיג פון פּראָלעטאַריאַט.

דער גאַנג פון „בונד" צום באָלשעוויזם האָט זיך צעצויגן אַף גאַנצע צוויי יאָר. די גרונט־דאַטן און עטאַפּן זײַנען דאָ פּאָלגנדיקע:

אָנהייב 1918 יאָר. בונדישע גרופּן אין מינסק, סאַמאַרע און פּערם גייען אַריבער אַף דער קאָמוניסטישער פּאָזיציע.

פעוראַל־מאַרט 1919 יאָר. א שפּאַלטונג אינעם „בונד" פון אוקראַינע. די מערהייט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין באָברויסק גייט אַריבער אַף דער קאָמוניסטישער פּאָזיציע. אַף אוקראַינע אָרגאַניזירט זיך א „קאָמוניסטישער בונד" („קאָמבונד"), און אין דער סאָוועטישער ליטע און ווײַסרוסלאַנד — אַ „יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי".

מײַ 1919 יאָר. דער קאָמבונד פון אוקראַינע גיסט זיך צוזאַמען מיט דער „פאַראייניקטער יידישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" (אויסגעבילדעט פון דער „פאַראייניקטער יידישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ס. ס און יע. עס, נאָך דעם, וואָס זי האָט אָנגענומען די קאָמוניסטישע פּלאַטפאָרם), גיסן זיך צוזאַמען אין יידישן קאָמוניסטישן פאַרבאַנד („קאָמפאַרבאַנד"). עס גיסט זיך צוזאַמען „די יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי" פון ווײַסרוסלאַנד מיט דער „קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ליטע און ווײַסרוסלאַנד".

1 יוני 1919 יאָר. די יידישע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע באַטייליקט זיך אין דער צווייטער קאָנפערענץ פון די יידישע סעקציעס באַם צ. ק. פון ר. ק. פּ. (ב) — אין מאָסקווע.

סענטיאַבער — דעקאַבער 1919 יאָר. דער קאָמפאַרבאַנד פון אוק־ראַינע גיסט זיך צונויף מיט ק. פּ. (ב) או. אין דעניקינישער אונטערערד.

מאַרט 1920 יאָר. דער „בונד" נעמט אָן אַף דער צוועלפטער קאָנפערענץ אין מאָסקווע די קאָמוניסטישע פּלאַטפאָרם. די רעכטע גייען אוועק פונעם צו־זאַמענפאָר און עס קומט פאָר א שפּאַלטונג.

מאַרט 1921 יאָר. עס קומט פאָר די דרײַצנטע קאָנפערענץ פון „בונד". אַ באַשלוס אַרײַנצוגיין אין ר. ק. פּ. (ב).

אַפּרעל 1921 יאָר. די בונדישע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס גיסן זיך צונויף מיט ר. ק. פּ. עס קומט פֿאָר אַ שפּאַלטונג פֿון „בונד" אין דער ליטע (דערינען אויך אין ווילנע) און עס בילדעט זיך אויס דער „קאָמבונד" *).

דעקאַבער 1921 יאָר אַף דעם אַלגעמיין־פּאַרטייִשן צוזאַמענפֿאָר שפּאַלט זיך דער „בונד" אין פּוילן. עס בילדעט זיך אויס אַ „קאָמוניסטישער „בונד".

סאָף 1922 יאָר. דער „קאָמבונד" אין פּוילן גיסט זיך צונויף מיט דער קאָמפּאַרטיי פֿון פּוילן.

מיר זעען דאָ, אַז ביז דער דײַטשישער רעוואָליוציע האָבן מיר פֿאַר זיך בלויז טיילווײַזע אָפּשפּאַלטונגען פֿון „בונד". כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס פֿאָר־קומען קומט עס פֿאָר הויפּטזאַכלעך אין אַזוינע צענטרען, ווי סאַמאַרע, פּערם, וווּ די בונדישע גרופּעס פֿילן אַף זיך ווייניקער דעם אײַנפֿלוס פֿון דער בונדי־שער סוויווע און טראַדיציע. אַרײַן אין די רייען פֿון ר. ק. פּ. (ב), פֿאַרבינדן זיך דידאָזיקע גרופּעס מיטן יִדישן קאָמיסאַריאַט און ווירקן און זעען, אַז נײַע גרופּעס זאָלן זיך אָפּשפּאַלטן פֿון „בונד".

מיר וועלן זיך גענויער אָפּשטעלן אַף דעם זיג פֿון קאָמוניזם אין דער יִדי־שער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך דער דײַטשישער רעוואָליוציע.

## א) אַף אוקראַיִנע.

ווי דער לייענער זעט, איז דער פּראָצעס שנעלער ווי אומעטום געגאַנגען אַף אוקראַיִנע, און אמלאַנגזאַמסטן — אין דעם בורזשואַז־דעמאָקראַטישן פּוילן. אויך אַף אוקראַיִנע אָבער איז עס געגאַנגען קלאָל ניט גאָר גלאַט. מ'דאַרף געדענקען די פּאָליטישע אומגעבונג אין די ערשטע כאַדאָשים נאָכן אַראָפּ־וואַרפֿן דאָס העטמאַנטום אַף אוקראַיִנע. דער גוואַלדיקער פֿויערשער אופֿ־שטאַנד בעשאַסן פֿאַלן פֿונעם דײַטשישן אימפּעריאַליזם האָט ווידער אַרופֿגע־בראַכט אַף דער אַוואַנסצענע פֿונעם פּאָליטישן לעבן די גאַנצע אָנפּירנדיקע גרופּע פֿון דער צענטראַלער ראַדע, אַרופּגעבראַכט אונטער אַ נײַער פֿירמע „אוקראַיִנער דירעקטאָריע". דאָ דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז די שווערע דער־פֿאַרונג פֿאַר דער צײַט פֿונעם בירגערקריג האָט שוין געהאַט אָנגעלערנט די טוער פֿון דער אוקראַיִנער צענטראַלער ראַדע, און איצטער זײַנען אָט די טוער, באַזונדערס ווינישענקאָ, שוין ניט געקומען מיט דער אַלטער, אַלעמען דער־עסענער, בורזשואַז־דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע, זיי האָבן שוין געבראַכט מיט זיך עפּעס נײַס, אַ מין אייגנאַרטיקן אוקראַיִנישן באָלשעוויזם — די אידייע פֿון אַרבעט־מאַכט.

„די דירעקטאָריע רעכנט, אַז דאָס רעכט צו פֿאַרוואַלטן מיטן לאַנד גע־הערט בלויז יענע קלאַסן, וואָס זיי זײַנען דער יעסאָד פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וואָס זיי באַשאַפֿן מאַטעריעלע און גײַסטיקע גיטער און וואָס מיט זייער בלוט האָבן זיי געקעמפּט קעגן די צעשטערנדיקע קויכעס פֿון דער הײַנטיקער אָרדענונג.

*) דערדאָזיקער קאָמבונד קערט זיך אין 1923 יאָר צוריק אום אין די רייען פֿון רעכטן „בונד".

„די מאַכט אין דער אוקראַיִנער פֿאָלקס־רעפּובליק דאַרף געהערן בלויז די אַרבעטער און די פּויערים, יענע קלאַסן, וואָס מיט זייער בלוט האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו דער מאַכט. די אַזוי־גערופֿענע הערשנדיקע קלאַסן האָבן פֿאַר דער צײַט פֿון זייער אומבאַגרענעצטער מאַכט איבער אוקראַיִנע באַוויזן אין דער פּולער מאָס די גאַנצע שעדלעכקײַט פֿון זייער מאַכט פֿאַר די אינטערעסן פֿון פֿאָלק.

„דידאָזיקע קלאַסן האָבן אַרײַנגעבראַכט בלויז דעזאָרגאַניזאַציע אין גאַנצן לאַנד. זיי האָבן געפֿירט אַ עגאָיִסטישע קלאַסן־פּאָליטיק און האָבן באַרויבט דאָס פֿאָלק. זיי האָבן גערויבט, געגאַנוועט און אין די הענט פֿון אַ פֿרעמדער אימפּעריאַליסטישער מעלוכע איבערגעגעבן אַ גרויסן טייל מעלוכע־פֿאַרמעגן. די גרויסע אייגנטימער האָבן זיך געפֿירט, ווי אין אַ באַצוווּנגענעם לאַנד און זייער הערשאַפֿט איז געווען דורך טעראָר און גוואַלט.

„דערלאָזן נאָך אָט דעם אַלעם צו באַטייליקן זיך אינעם פֿאַרוואַלטן מיטן לאַנד דידאָזיקע קלאַסן — דאָס וואָלט געווען אַ פֿאַרברעכן מיצאַד דער רעוואָ־ליוציאָנערער רעגירונג, געשטעלט פֿונעם פֿאָלק, וואָס אין צאָרן און אין לייד איז ער אופּגעשטאַנען קעגן זײַנע באַדריקער.

„און דעריבער מעלדעט די דירעקטאָריע:

„די ניט־אַרבעטנדיקע קלאַסן, וואָס לעבן אָפּן כעשבן פֿון די אַרבעטנדיקע, האָבן ניט קײַן דייע אינעם פֿאַרוואַלטן מיטן לאַנד. די דירעקטאָריע גיט איר מאַכט איבער נאָר דעם אַרבעט־פֿאָלק".

אָט דאָס האָט דעקלארירט די אוקראַיִנישע דירעקטאָריע. איינצײַטיק מיט די ווערטער זײַנען אָבער אויך געקומען די מײַסים, און אין די מײַסים האָט זיך אַנטפּלעקט דער האַרטנעקיקער קאַמף גופֿע צווישן די קרעפֿטן, וואָס האָבן אופּגעהויבן דעם אופּשטאַנד. אינעם אופּשטאַנד האָבן זיך פֿון אָנהייב אָן אַרויס־באַוויזן דרײַ פֿליגלען: 1) דער באָלשעוויסטישער, 2) דער פּעטליורישער און 3) אַ וואַקלדיקער, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די אוקראַיִנישע לינקע עסערן— באָראָטביסטן. דער הויפּט־קאַמף האָט זיך געפֿירט פֿון די באָלשעוויקעס קעגן די פּעטליוראָווצעס, וועלכע האָבן געשטרעבט אויסצונוצן דעם אופּשטאַנד צו־ליב אײַנצושטעלן די קולאַקישע דיקטאַטור. די „באָראָטביסטן" האָבן אויך גע־קעמפּט קעגן די פּעטליוראָווצעס, זיי האָבן אָבער נאָך ניט אינגאַנצן אויסגע־לעבט זייער אַלטן נאַציאָנאַליסטישן אומטרוי צום באָלשעוויזם און האָבן געזוכט צו פֿירן דעם קאַמף, אָפּגעזונדערט פֿון יענע פּראָלעטאַרישע הויפּט־קרעפֿטן, וואָס האָבן זיך געשטיצט אַף דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין ר. ס. פֿ. ר. ר. באַלד ווי די מאַכט פֿון די דײַטשן אָדער פֿון דער העטמאַנישער אַדמיניסטראַציע איז געווען אַראָפּגעשלײַדערט, האָט די פֿראַגע וועגן אָרגאַניזירן די אָרטיקע מאַכט געשפּאָלטן די אַנטיילנעמער אינעם אופּשטאַנד, און צווישן זיי איז געגאַנגען אַ האַרטער קאַמף שוין מיט געווער אין די הענט. שוין דאַן, ווען אַ רינג פֿון אופּגעשטאַנענע פּויערשע מאַסן, געזאַמלט אַלס מיליטער, האָט אין מעשעך פֿון נאָיאַבער־דעקאַבער אַרומגענומען קיִעוו, — שוין דאַן איז אין מיזרעך־טייל פֿון אוקראַיִנע געגאַנגען אַ באַוואָפֿנ־

טער קאַמף צווישן פּעטליורעס וואָיעוואָדע באַלבאַטשאַן און די אַרבעטער־ראַטן פון כאַרקאָוו און פּאָלטאַווע. ווען שפּעטער אין מיטן דעקאַבער האָט פּעטליורע פאַרנומען קיעוו, האָט אין קיעוו גופא זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן דעם קיעווער ראַט פון די אַרבעטער־דעפּוטאַטן פון איין זייַט און דער מיליטערי־שער דיקטאַטור פון גאַליצישן פּאָלקאָווניק קאָנאָוואַלעץ, וואָס די דירעקטאָריע האָט איינגעשטעלט אין קיעוו — פון דער צווייטער זייַט. און דערדאָזיקער האָט אָפּן שאַרפסטן אויפן געשטעלט דיזעלבע גרונט־פראַגע, וועלכע האָט צו יענער צייַט פאַנאַנדערגעטיילט די גאַנצע מאַכנע פון סאָציאַליזם אין דער גאַנ־צער וועלט: דיקטאַטור אָדער דעמאָקראַטיע, דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע אָדער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. אין דער הינזיכט האָבן זיך אין „בונד“ פון אוקראַיִנע אויסגעקריסטאַליזירט דרייַ שטרעמונגען: אַ רעכטע, אַ לינקע, און אַ צענטער.

דער רעכטער פליגל האָט זיך אָריִענטירט אַף דער ווילסאָנישער דעמאָקראַ־טיע און אַף דער ליגע פון די נאַציעס, אַף די אַנטאַנטישע פאָרשטייער, וואָס האָבן זיך באַוויזן אַף דאָרעם־אוקראַיִנע, צייַט דער דייַטשישער מאַפּאָלע, אַף דער „קאָאַליציע פון אַלע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן“, אַ קאָאַליציע, הייסט עס, מיט דער בורזשואַזיע, ביכדיי אופצושטעלן די דעמאָקראַטישע אָרדענונג פון דער פעווראַל־רעוואָליוציע. דערדאָזיקער רעכטער פליגל פון „בונד“ איז געווען דורכויס קאָנטער־רעוואָליוציאָנער. אין יעדן שריט פאָרויס, וואָס די רעוואָליו־ציאָנערע באַוועגונג האָט געמאַכט, האָט דערדאָזיקער פליגל איינגעזען דעם אומפאַרמייַדלעכן ניצחון פון באָלשעוויזם אַף אוקראַיִנע און האָט דעריבער זיך קעגנגעשטעלט יעדער באַוועגונג און האָט געשטויסן די אוקראַיִנישע דירעק־טאָריע אָפּצוזאָגן זיך פון מאַכן וועלכע ס'איז האַנאָכעס די באָלשעוויקעס, האָט געשטויסן די דירעקטאָריע אַפן וועג פון אַ קאָאַליציע מיט דער בורזשואַזיע, אַפן וועג פון שאָלעם מיט דער אַנטאַנט. די צו אָפּענע אַרויסטרעטונג פונעם בונדישן רעכטן פליגל אין דער אָדעסער שטאָט־דומע האָט געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג אין דער פראַקציע און נאָכדעם איז לויט דער באַשטימונג פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון אָדעסער אָרגאַניזאַציע דידאָזיקע רעכטע גרופּע אינגאַנצן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון „בונד“. אין די אַנדערע ראַיאָנען פון אוק־ראַיִנע האָט דער רעכטער פליגל פון „בונד“ ניט געקאָנט זיך אַזוי העל אַנטפּלעקן.

דער לינקער פליגל פון „בונד“ איז שוין אין דעקאַבער 1918 יאָר געווען אויסגעפורעמט, אַלס קאָמוניסטישע פראַקציע אינעווייניק אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, אין אַזוינע גרויסע צענטרען, ווי קיעוו, אָדעס, כאַרקאָוו, קאַטע־רינאָסלאַוו. אין אַנדערע פונקטן איז דער לינקער פליגל — אין גאַנג פון ביר־גערקריג — געווען אַרייַנגעצויגן אין דירעקטן קאַמף, און צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס און „באָראָטביסטן“ (דער לינקער פליגל פון די אוקראַיִנישע עס־ערן) האָט ער מיט געווער אין די הענט געפירט אַ קאַמף קעגן דעם פּעט־ליורישן מיליטער. אין זשיטאָמיר האָט אַ טייל פונעם אָרטיקן גאַרניזאָן אָנהייב יאַנוואַר אופגעהויבן אונטער דער אָנפירונג פונעם אָרטיקן ראַט אַן אופשטאַנד

מיט דעם לאָזונג — „די גאַנצע מאַכט צו די ראַטן", און אין מעשעך פון עטלעכע טעג איז די שטאָט געווען באַ אים אין די הענט. דער לינקער פליגל פון דער זשיטאָמירער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט איינגעריסן מיטן „בונד" און האָט זיך אומגעבילדעט אין אַן אָרטיקער אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

דער צענטער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אין זיך פאַרייניקט ניט קיין גרויס קערנדל פון פאַראַנטוואָרטלעכע בונדישע טוער, האָט אין פאַרלויף פון גאַנצע צוויי כאַדאָשים זיך געוואַקלט, און ענדלעך האָט ער אַנטשיידן אַ קערעווע געטון אַפן קאָמוניסטישן וועג, מאַכנדיק דערבײַ גאַנץ שוואַכע אויסריידן, וואָס גרענעצן אים אָפּ פון די „עקסטרעמען פון באָלשעוויזם".

די צווייטע העלפט יאַנוואַר איז אַוועק אַף אויסלעבן, אויסהאָבן אינגאַנצן די אילויזיעס וועגן אַרבעט־קאָנגרעס. דער כיטרע־קלוגער ווינישעוקאָ האָט, אָפּזאָגנדיק זיך פון דעמאָקראַטיע, געמיינט צו פאַרבײַטן די רוסלענדער אַרבעטער־ראַטן מיט אוקראַיִנער ראַדעס, און דאָ זאָל דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט באַטל ווערן אין דער גרויסער מאַסע פונעם קולאַקישן טייל פויערטום, וואָס מאָביליזירט וועט ער ווערן אונטער דער שוץ פון דער מיליטערישער דיקטאַטור. דער אַרבעט־קאָנגרעס האָט, לויט דער אידייע פון ווינישענקאָן, געדאַרפט פאַרבײַטן דעם צוזאַמענפאָר פון די ראַטן. די צאָל דעפּוטאַטן אַף דעם קאָנגרעס האָט געדאַרפט זײַן 558. פון זיי האָבן 377 געדאַרפט זײַן פון די פויערים, 118 — פון די אַרבעטער (דערינען 20 פון די אײַזנבאַנער און 10 פון די פּאָסט־טעלעגראַפן־אָנגעשטעלטע) און 33 — פון דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ. די באָלשעוויקעס און די אוקראַיִנישע עס־ערן — באַראָטביסטן האָבן פון אָנהייב אָן גערופן צו באָיקאָטירן די וואַלן, וואָס ווערן צוגעגרייט אין דער אַטמאָספער פון מיליטערישער דיקטאַטור, איינגעשטעלט פון דער דירעקטאָריע.

דער „בונד" האָט געדאַרפט אויך די סטאַדיע דורכגיין, אום אויסצוהאָבן אויך די אילויזיע און קאַטעגאָריש באַנעמען די נייטיקייט פון דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט.

דער אַרבעט־קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אָנהייב 1919 יאָר אין קיעוו. אַפן קאָנגרעס זײַנען שוין אַרויסגעטראָטן איינע קעגן דער אַנדערער צוויי פראַקציעס פון „בונד", דערבײַ האָט די לינקע פראַקציע געמאָלדן, אַז זי סאָלידאַריזירט זיך פולשטענדיק מיטן באָלשעוויזם. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט דאָס רויטע מיליטער פאַרנומען קיעוו. אין פעווראַל איז אין די בונדישע אָרגאַניזאַציעס פון קיעוו, כאַרקאָוו, אָדעס און קאַטערינאָסלאַוו פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג. דעם ערשטן מאַרט האָט אין קיעוו זיך צוזאַמענגעקליבן אַ קאָנפערענץ פון די לינקע אָרגאַניזאַציעס פון „בונד", און עס איז געשאַפן געוואָרן דער „קאָמוניסטישער בונד".

וועגן דער שפּאַלטונג פון „בונד" קאָן מען זאָגן „מיטן פולן מויל", אַז ער איז געבוירן אין פלאַם פון בירגערקריג*). קריטיקירן די דעמאָקראַטיע האָט

---

*) געגעוי וועגן דעם זע: „מ. ראַפעס. צוויי יאָר רעוואָליוציע אַף אוקראַיִנע" (די שפּאַלטונג פון „בונד").

מען קריטיקירט אי מיט וואָרט, אי מיט געווער. די שטרײַטיקײַטן זײַנען געווען ביז גאָר בוילעט און שאַרף. אין דער מאָס, וואָס עס זײַנען פֿאַרלאָרן געגאַנגען די האָפֿענונגען אַף אַן אויסגלײַך צווישן די קעמפֿנדיקע קרעפֿטן אַף דער טעריטאָריע פֿון אוקראַינע, זײַנען אויך געוואָרן העלער און שאַרפֿער די שטרײַטיקײַטן גופֿא אין „בונד". דער באָלשעוויזם האָט אײַנצײַטיק געהאַלטן אין אײַנזיגן אַף דער גאַנצער טעריטאָריע פֿון אוקראַינע און אינעווייניק אין „בונד". פֿאָרמולירט אין יאַנוואַר די אידייע פֿון אַ קאַמפּס־פֿאַרבאַנד מיט דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט דער לינקער פֿליגל אין גאַנג פֿון זײַן געמיינזאַמער אַרבעט מיט די באָלשעוויקעס באַוויזן אויסצוהאָבן אַלע אַלטע פֿאַרורטיילן זײַנע און די אַלטע לאָזונגען.

אין פֿאַרגלײַך מיט אַלע אַנדערע טיילן איז דער אוקראַינער „בונד" אַמערסטן געווען רײַך מיט דערפֿאַרונג, מאַבמעס נעענטער פֿון אַלע אַנדערע איז ער געשטאַנען צו די אָרגאַנען פֿון אַ „דעמאָקראַטישער" מאַכט. אין די יאָרן 1917 און 1918 איז דער נאַציאָנאַליסטישער אָפּנויג פֿונעם „בונד" אַף אוקראַינע געווען אַ שטאַרקערער, איידער אין די אַנדערע טיילן פֿון „בונד", און דעריבער האָט דער באַנקראָט פֿונעם בונדישן נאַציאָנאַליזם ווייטיקלעכער און שטאַרקער געטראָפֿן גראָד דעם אוקראַינער טייל פֿון „בונד". דאָ איז דורכגעמאַכט געוואָרן דער עקספּערימענט מיט דער בונדישער נאַציאָנאַלער פֿראַגראַם און דאָ האָט דער עקספּערימענט געבראַכט די טרויעריקסטע רעזולטאַטן. די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיע — אָט דער געוועזענער העלער אידעאַל פֿון „בונד" — די אַווטאָנאָמיע האָט פֿאַרלוירן דעם גאַנצן כיין אין די אויגן פֿון די מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי און פֿון אירע אָנפֿירער. דער בונדישער אָרגאַניזאַציאָנעלער סעפּאַראַטיזם — די אידייע פֿון אַ זעלבשטענדיקער אָרגאַניזאַציע אַף אוקראַינע — האָט דעם „בונד" אינגאַנצן אָפּגעריסן פֿון דער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי אַף אוקראַינע, פֿון די באָלשעוויקעס. און דאָס האָט געמוזט דיסקאָנטירט ווערן בעשאַסן אונטערפֿירן די אלגעמיינע סאַכאַקלען פֿון דער צוויי־יאָריקער פּאַרטייִשער אַרבעט אינעם פּעריאָד פֿון דער רוסלענדישער רעוואָליוציע. און ווען דער „בונד" האָט זיך אויסגעהיילט און זיך באַפֿרײַט פֿון זײַנע מענשעוויסטישע און דעמאָקראַטישע איליוזיעס, האָט ער צוזאַמען מיט דעם זיך אויך אויסגעהיילט און באַפֿרײַט פֿון אַלע זײַנע נאַציאָנאַליסטישע פֿאַרורטיילן.

ווען אַף דער קאָנפֿערענץ פֿון 1־טן מאַרט איז געווען געשאַפֿן די אָרגאַניזאַציע פֿון „קאָמוניסטישן בונד", האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע קיין שום באַזונדערע אידעאָלאָגיע שוין דאַן ניט געהאַט. די פֿראַגע וועגן דער אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעטער, וועגן די פֿאָרמען פֿון אָט דער אַרבעט, איז נאָך אין דער פֿרעסע באַהאַנדלט געוואָרן אונטער אַן אָפּשײַן פֿון דער אַלטער בונדישער אָרגאַניזאַציאָנעלער אידעאָלאָגיע. אַסאַך אופֿמערקזאַמקײַט האָט מען אויך אָפּגעגעבן דער פֿראַגע, ווי צו אָרגאַניזירן די ראַטן־אַרבעט צווישן די יידישע אַרבעט־מאַסן. דאָ אַף אוקראַינע איז מיט דער מיטווירקונג פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי געווען געשאַפֿן אַן אייגנאַרטיקע פֿאָרם. אינעווייניק אין די אַלגעמיינע קאָמיסאַריאַטן: מיליטערישן, פֿון סאָציאַלער פֿאַרזיכערונג, פֿון אינווי־

ניקסטע איניאָנים און, פאַרשטייט זיך, פון פאָלקס־בילדונג זײַנען געווען געשאַפן ייִדישע סעקציעס. אין מיליטערישן קאָמיסאַריאַט — אַף צו ווערבירן די ייִדישע יוגנט אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. אין קאָמיסאַריאַט פון אינווייניקסטע איניאָנים — אַף צו ליקווידירן די ייִדישע בורזשואַזע אָרגאַניזאַציעס און אײַנריכטונגען, — די קעהילעס און דאָסגלײַכן. אין קאָמיסאַריאַט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג — אַף צו העלפן די מיליאָנען פאָגראָם־געליטענע. ענדלעך, איז צו יולי־צו (1919 י.) באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַזוינע ייִדישע סעקציעס אויך אין דער פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע — אַף צו אָרגאַניזירן די זאַכלעכע אַרבעט. דער אָנגריף פון דעניקינען האָט אָט דעם נאָרמאַלן פראָצעס איבערגעריסן, נאָר שוין ערעוו דעם פאַרנעמען קיעוו האָט די אָרטיקע אָרגאַניזאַציע פון „קאָמוניסטישן פאַרבאַנד”*) זיך צונויפגעגאָסן מיט דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. דאָס צונויפגיסן זיך פון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס פון אוקראַינע איז שוין פאָרגעקומען אין אונטערערד, ווו די לינקע בונדיסטן האָבן דורכגעמאַכט זייערע ערשטע פאַרטייִש־קאָמוניסטישע קאַמפס־שריט.

## ב) אין ראַטנרוסלאַנד.

די פאַנאַנדערשפאַלטונג אין „בונד” פון ראַטנרוסלאַנד (דער „בונד” אין די גובערניעס: מינסקער, וויטעבסקער, מאָלעווער און די בונדישע גרופּעס אין צענטראַל־רוסלאַנד און סיביר) איז געגאַנגען זייער לאַנגזאַם. דער בונד” איז אַ לאַנגע צײַט געווען פעסט צוזאַמענגעבונדן מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון די מענשעוויקעס. מאַרטאָוו און אַבראַמאָוויטש זײַנען אין איין און דערזעלבער צײַט געווען די לידערס אי פון ר. ס. ד. א. פ. אי פון „בונד”. אין דעקאַבער 1918 יאָר נעמט דער „בונד” אָן (ברענגענדיק, הייסט עס, זײַן גאָב־שטײַער דעם מאָמענט) אַ רעזאָלוציע וועגן דעם סאָציאַליסטישן כאַראַקטער פונעם נײַעם עטאַפּ אין דער רעוואָליוציע, פונעם נײַעם עטאַפּ, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צײַט עס איז געפאַלן דער דײַטשישער אימפּעריאַליזם און די מאַכט איז אַריבער אין די הענט פון פּראָלעטאַריאַט. פון דערדאָזיקער רעזאָליוציע אָבער מאַכט מען דאָ ניט קיינע באַזונדערע פּאָליטישע אויספירן. אינעווייניק אין „בונד”, אין זײַן צענטראַל־קאָמיטעט בילדעט זיך אויס אַ לינקער, קימאַט אַ קאָמוניסטישער פליגל, וואָס קעמפט העפטיק פאַר זײַן קאָמוניסטישער ליניע, ער אַנטשליסט זיך אָבער ניט צו מאַכן יענע פראַקטישע אויספירן, וואָס זײַנען געמאַכט געוואָרן אַף אוקראַינע: אום יעדן פרײַז וויל ער זיך דערשלאָגן צו באַקומען אַ מערהײַט אין „בונד”. אין מאַרט 1919 יאָר קומט אין מינסק פאָר די 11 קאָנפערענץ פון „בונד”, דאָרט איז פאַרטראָטן אויך אוקראַינע. דער רעכטער פליגל פון „בונד” אַף אוקראַינע — אַן אָרגאַנישער באַשטאַנד־טייל פון דער קאָנפערענץ — האַלט זיך אויך דאָ אַפן רעכטן פליגל און האָט באַשטימונג־רעכט. דער לינקער פליגל — די מערהײַט פון אוקראַינער „בונד”, צו יענער צײַט שוין

*) מיר האָבן שוין דערמאַנט, אַז אין מײַ 1919 יאָר האָט דער „בונד” זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן לינקן פליגל פון דער „פאַרייניקטער ייִדישער סאָצ.־פאַרטיי (לידערן — נאָוואַקאָווסקי און לעוויטאַן) אין איין אָרגאַניזאַציע „ייִדישער קאָמוניסטישער פאַרבאַנד” — קאָמפאַרבאַנד.

דער „קאָמוניסטישער בונד“, ווערט פון דערדאָזיקער בונדישער קאָנפערענץ ניט אנערקענט. דער „קאָמוניסטישער בונד“ איז דאָ אף דער קאָנפערענץ בלויז אַ גאַסט מיט באַראַטונג־שטים, אי דאָס — איז עס נישט מער, ווי אַ האַנאָכע די „אייגענע“ קאָמוניסטן. אף אָט דער קאָנפערענץ פאָרמולירט דער „בונד“ פון ראטנרוסלאנד זײַן פּאָליטישע פּאָזיציע פיל־ווייניק לינקער פון דער אלגעמיין־מענשעוויסטישער. דער „בונד“ קאָנסטרויִרט זיך אין אַ ראטן־פּארטיי, וואָס קעמפט פאר דעם, אז די מאכט זאָל פארוואנדלט ווערן אין „אן עכטער ארבעט־מאכט“. דער „בונד“ באטייליקט זיך אינעם קריגס־קאמף פון ראטנרוסלאנד, מאָביליזירט פארן פראָנט זײַנע מיטגלידער, ער בלײַבט אָבער אַ פּארטיי, וואָס איז אין אָפּאָזיציע צו דער ראטנמאכט און צו דער קאָמוניסטישער פּארטיי*).

פון מארט 1919 י. אָן איז פּאראלעל מיטן „בונד“ קומט אין ווײַסרוסלאנד אוף אַ גאנץ פארצווײַגטע אָרגאניזאציע פון ייִדישע קאָמוניסטן. לעכאטכילע אַ „ייִדישע קאָמוניסטישע פּארטיי“, נאָכדעם — א „ייִדישער קאָמוניסטישער פּאר־באנד“. די באָברויסקער אָרגאניזאציע פון „בונד“ שפּאלט זיך און די מערהייט אירע גיסט זיך צונויף מיט דער אָנגערופענער קאָמוניסטישער אָרגאניזאציע. דעם „בונד“ קומט אזוי ארום אויס צו קעמפן אונטער די קלעפּ, וואָס פאלן אף אים סײַ פון אינווייניק, סײַ פון דרויסן: פונעם קאָמוניסטישן קערנדל, וואָס אין אים, און פון די אָפּגעשפּאָלטענע גרופּעס, וואָס אויסער אים.

אף דעם זיבעטן צוזאמענפאָר פון די ראטן טרעטן די פאָרשטייער פון „בונד“ ארויס מיט צוויי דעקלאראציעס, וואָס איינע פון זיי איז דורכויס אַ סאָוועטישע און די צווייטע איז אויסגעשפּראָכן אָפּאָזיציאָנעל צו דער ראטנמאכט און כאזערן איבער אלע מארטאָווס רייד וועגן דעם אָפּשטארבן פון די ראטן, וועגן טעראָר און נאָך (און דאָס אלץ סאָף 1919 יאָר).

אין מארט 1920 יאָר קומט פאָר די XII קאָנפערענץ פון „בונד“. בונדיסטן־מענשעוויקעס זײַנען שוין דאָרט אין דער מינדערהײַט. די קאָנפערענץ נעמט אָן א רעזאָליוציע וועגן דעם לויפנדיקן מאָמענט און די אויפגאבן פון אונדזער פּארטיי, און אין דער רעזאָלוציע איז געזאָגט:

א) אז נאָך פון דער XI קאָנפערענץ אָן האָט דער „בונד“ זיך געשטעלט אף דער פּלאטפאָרם פון קאָמוניזם.

ב) אז די פּראָגראם פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי, וואָס צו דערזעלבער צײַט איז זי אויך די פּראָגראם פון דער ראטנמאכט, „אנטשפּרעכט דער פּרינציפּיעלער פּאָזיציע פון „בונד“.

ג) אז אן „איינהײַטלעכער סאָציאליסטישער פראָנט“ מיט פּרינציפּיעלע קעגנער פון דער ראטנמאכט, וואָס דעם פּראָלעטאריאט און זײַן מאכט שטעלן זיי קעגנאנאנד ווי צדאָדים, איז אומעגלעך.

ד) אז ס'איז געקומען דער מאָמענט, ווען דער „בונד“ קאָן זיך אָפּזאָגן פון זײַן אָפיציעלער אָפּאָזיציאָנעלער פּאָזיציע און נעמען אף זיך די פאראנטוואָרט־

*) די פאַרשאַרפטע כעלוקע־דייעס מיט די מענשעוויקעס ברענגען דערצו, אַז דער צ. ק. פון „בונד“ רופט אָפּ זײַן פאָרשטייער פונעם צ. ק. פון ר.ס.ד.א.פּ. (מענשעוויקעס).

לעכקײַט פאר דער פּאָליטיק פון דער סאָוועטנמאכט, נאָר אז דאָס שליסט בע־שומויפּן ניט אויס די מעגלעכקײַט און פליכט פארן „בונד", אלס פּאָרשטייער פונעם יידישן פּראָלעטאריאט, אריינצוטראָגן אין דער ארבעט פון סאָציאליסטי־שער בויונג יענע באזונדערע שאטירונג(!), וועלכע איז א רעזולטאט פונעם באזונדערן אנטוויקלונג־גאנג(!) פון יידישן פּראָלעטאריאט, פון זײַן באזונדערער לעבנס־דערפארונג, פון זײַנע אלטע געווינשאפטן צו זעלבסטעטיקייט; צו שטיצן יענע שטרעבונגען אינעם קאָמוניסטישן לאגער, וואָס זײַנען אים נעענטער — די שטרעבונגען אלץ מער צו פארברייטערן די זעלבסטעטיקײַט(!) פון די מאסן, וואָס ס'איז ענג פארבונדן דערמיט, אז אלע(!) טיילן פון פּראָלעטאריאט, וואָס פירן אַן אקטיוון קאמף פאר דער סאָציאלער רעוואָליוציע און פאר דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט, זאָלן קאָנען פרײַ ארויסזאָגן זייערע מיי־נונגען *).

דער רעכטער פליגל פון „בונד" מיט אבראַמאָוויטשן אין דער שפּיץ גייט אוועק פון דער קאָנפערענץ און מעלדעט וועגן זײַן ארויסטרעטן פון „בונד".

די שפּאלטונג פון „בונד" אין ראטנרוסלאנד ווערט א פאקט. אָבער אויך דאָ האָט דער „קאָמוניסטישער בונד", וואָס אין פארגלײַך מיטן „קאָמוניסטישן בונד" פון אוקראינע האָט ער פארשפּעטיקט אף א גאנץ קײַלעכיק יאָר, נאָך ניט דורכגעמאכט אינגאנצן זײַן עוואָליוציע. אין דעם פּראט זײַנען אין דער רע־זאָליוציע כאראקטעריסטיש די לעצטע צוויי פּונקטן. דאָ רעדט זיך, ערשטנס, וועגן דער „באזונדערער לעבנס־דערפארונג און אלטע געווינשאפטן צו זעלבס־טעטיקײַט", וואָס כאראקטעריזירן דעם יידישן פּראָלעטאריאט, און אף דעם „בונד" ליגט דער כויוו ארײַנצוטראָגן אויך אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי „די שטרעבונגען אלץ מער צו פארברייטערן די זעלבסטעטיקײַט פון די מאסן, וואָס ס'איז ענג פארבונדן דערמיט, אז אלע טיילן פון פּראָלעטאריאט, וואָס פירן אַן אקטיוון קאמף פאר דער סאָציאלער רעוואָלוציע און פאר דער דיקטאַ־טור פון פּראָלעטאריאט, זאָלן קאָנען פרײַ ארויסזאָגן זייערע מיינונגען".

אין אָט דעם לעצטן פּונקט פון דער רעזאָליוציע רעדט דער „בונד" ווידער אין א נײַער רעדאקציע וועגן דער אידייע פון „דעם איינציקן פּאָרשטייער" פון יידישן פּראָלעטאריאט. דידאָזיקע ווערטער זײַנען אין דער רעזאָליוציע ניטאָ, עס רעדט זיך אָבער דאָ „וועגן דער נייטיקײַט צוזאמענצושליסן ארום „בונד" אלע קרעפטן פונעם יידישן פּראָלעטאריאט". „ארום בונד", וואָס לויט דער מיי־נונג פון די בונדיסטן דארף ער טאקע פאַרבלײַבן אויך נאָך זײַן פאראייניקן זיך מיט דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּארטיי. די אידייע וועגן דעם, אז ס'איז נייטיק א שטרענגער צענטראליזם פון דער רעוואָליוציאָנערער מאכט און פרײַער פאר אלץ פון דער קאָמוניסטישער פּארטיי, אָט די אידייע בלײַבט איצטער אויך פרעמד דעם „בונד". ער קאָן ניט שאָלעם מאכן מיטן געדאנק, אז זײַן היסטאָ־רישע ראָליע איז שוין אָפּגעשפּילט, אז אין דער קאָמוניסטישער פּארטיי איז ניטאָ קיין אָרט פאר א באזונדערער יידישער אָרגאניזאציע.

*) פון אַ רוסישער איבערזעצונג.

לויט דער פולמאכט פון דער XII קאָנפערענץ, הייבט דער צענטראַל־קאָמי־טעט פון „בונד" אָן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט ר. ק. פּ. וועגן פאַרייניקונג. ער קומט צום צ. ק. פון ר. ק. פּ. מיט זיין פאַרייניקונג־פּראָעקט, וואָס אין אים איז נאָך מער, איידער דאָס איז געווען אין 1906, אויסגעדריקט די אידייע פון א זעלבשטענדיקער אָרגאַניזאַציע פאַרן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

אָט האָט איר עטלעכע פּערל פון אָט דעם פּראָעקט:

„דער „בונד" טרעט אַריין אין ר. ק. פּ., אַלס קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אין איר טעטיקייט ניט באַגרענעצט מיט קיינע ראַיאָנע ראַמען.

„דער „בונד" האָט א פאַרטרעטונג אין צ. ק. פון ר. ק. פּ.

„אין די דעלעגאַציעס פון ר. ק. פּ. אויף די צווישנפעלקערלעכע סאָציאַלי־סטישע קאָנגרעסן שיקט דער „בונד" זיינע פאָרשטייער.

„דער „בונד" פירט דורך זעלבשטענדיק די אַלגעמיין־פּאַר־טייִשע קאָמוניסטישע אויפגאַבן אין דער אינערלעך־נאַציאָ־נאַלער סוויווע.

„אין דידאָזיקע פראַגן האַנדלט דער „בונד" זעלבשטענדיק — אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין־פּאַרטייִשער פּראָגראַם און באַשטימונגען פון די אַלגעמיין־פּאַרטייִשע צוזאַמענפאָרן און פון דעם אַלגעמיין־פּאַרטייִשן צ. ק. אין אַלע אָט די פראַגן ווארפן זיך די אָרטיקע קאָמיטעטן פון „בונד" אונטער דירעקט זייערע גובערניאַלע קאָמיטעטן, געגנטלעכע קאָמיטעטן און זייער צענטראַלן קאָמיטעט, און אין די אויבנאָנגעוויזענע ראַמען האַנדלען זיי לויט די באַשטימונגען פון די בונדישע צוזאַמענפאָרן און קאָנפערענצן. אויב אויף דעם באָדן קומען אויף מיינונג־פאַרשיידנקייטן צווישן די אָרטיקע אַלגעמיין־פּאַרטייִשע און בונדישע אָרגאַניזאַציעס, איז די לעצטע אינסטאַנץ — דער צ. ק. פון ר. ק. פּ. דערביי אָבער ווערט פריִער אויסגעהערט די מיינונג פונעם צ. ק. פון „בונד", און די באַשטימונגען פירט דורך דער צ. ק. פון „בונד".

1. דער אויפן אופנעמען מיטגלידער, וואָס איז איינגעשטעלט אין ר. ק. פּ., איז אָבליגאַטאָריש אויך פאַרן „בונד". דערביי איז יעדע אײנציקע פּערזאָן, וואָס ווערט א מיטגליד פון „בונד", ווערט מיט דעם גופא א מיטגליד פון ר. ק. פּ., ווערט אַריינגעטראָגן אין די מיטגלידער־צעטלען פון דער אָרטיקער אָרגאַניזא־ציע פון ר. ק. פּ. מיט אן אָנמערקונג דערביי, אַז די פּערזאָן איז א מיטגליד פון „בונד"; און דעם פּאַרטיי־בילעט באַקומט אָט דער מיטגליד דורכן קאָמי־טעט פון „בונד". די מיטגלידער פון „בונד" טראָגן אַריין זייער מיטגליד־אָפּ־צאָל אין ר. ק. פּ. דורך די קאָמיטעטן פון „בונד". דער „בונד" קאָן באַשטיי־ערן זיינע מיטגלידער מיט א הויסאָפּע־אָפּצאָל. אויף די פּאַרטיי־בילעטן פון די מיטגלידער פון „בונד" דאַרף מען אויסער דעם אַלגעמיינעם שטעמפּל אויך לייגן דעם שטעמפּל פון דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" מיט דער אונ־טערשריפט פון איר סעקרעטאַר".

דער „בונד" איז נאָך א גאַנץ יאָר געווען אויסער די רייען פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי. פאַר דעם יאָר זיינען באַם „בונד", פאַרשטענדלעך, קיינע

שום פּאָליטישע מיינונג־פאַרשיידנקייטן מיט דער פּאַרטיי ניט געבליבן, דאָס גאַנצע יאָר האָט אָבער דער „בונד" געקעמפט פאַר אײַנהיטן זײַן העגעמאָניע, און דאָס האָט אים געצווונגען ארויסצורוקן פאָרויס זײַן נאַציאָנאַל־אָרגאַניזאַציאָנעלע אידעאָלאָגיע. אין אָט דעם טעטיקייט־פּעריאָד האָט דער „קאָמוניסטישער בונד" פון ראַטנרוסלאַנד וויייניק־וואָס זיך אונטערגעשיידט פון דער „ייִדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פּועלי־ציון". עמעס, די פּועלי־ציאָניסטישע פּאַרטיי האָט געהאַט א קאָנסעקוועטע פּראָגראַם אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, זי האָט געשטרעבט צו א באַזונדערער ייִדישער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט אין פּאַלעסטינע, וואָס דער „בונד" האָט עס ניט געהאַט, אָבער אינעם קריטיקירן די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט, אין די אָנפאַלן אַפן פּאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון נאַציאָנאַלע ענינים און אַף די ייִדישע סעקציעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, — דערינען האָט דער „בונד" ווייניק־וואָס זיך אונטערגעשיידט פון דער יעקאָפּע.

אין 1921 יאָר ווערט דער שטרײַט מיט ר. ק. פּ. אריבערגעטראָגן אין קאָמינטערן.

דער צ. ק. פון „בונד" האָט זיך געווענדעט צום אויספיר־קאָמיטעט פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל מיט דעם פאָרשלאַג אײַנצושליסן דעם „בונד" אין קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און דערבײַ זאָל דער „בונד" אינעם אויספיר־קאָמיטעט פון קאָמינטערן האָבן זײַנעם אַ פאָרשטייער.

ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע פון די פאָרשטייער פוןביידע צדדים אונטערן פאָרזיץ פונעם מיטגליד פון אויספיר־קאָמיטעט כ' שאַבלין (באַלגאַריע). דער צ. ק. פון „בונד" האָט באַשלאָסן צו „קעמפן ביזן סאָף" און האָט ניט אופגעהערט צו באַשטיין אַף זײַנע פאָרשלאַגן, עמעס, אין פיל־ווייניק ווייכערע פאָרמען.

קלאָר, אַז דער ענטפער פון קאָמינטערן האָט דאָ געקאָנט זײַן נאָר אַ נעגאַטיווער. די קאָמיסיע האָט אנערקענט, אז עס זײַנען ניטאָ קיינע גרונטן פאַר דער ווײַטערדיקער עקזיסטענץ פון „בונד", אַלס זעלבשטענדיקע פּאַרטיי, אז דער „בונד" דאַרף זיך ארײַנגיסן אין באַשטאַנד פון ר. ק. פּ., דערבײַ דאַרפן צו דער צ. ב. פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווײַסרוסלאַנד, צו דער צ.ב. פון דער קאָמפּאַרטיי פון דער ליטע און צו די אָרטיקע קאָמיטעטן, ווו עס עקזיסטירן די אָרגאַניזאַציעס פון „בונד", — דאַרפן צו זיי ביז די נאָענסטע גובערניאַלע, אויעזדישע און אַלגעמיין־שטאָטישע קאָנפערענצן צוגעגעבן ווערן צו איין פאָרשטייער פון „בונד".

די באַלד דערויף צונויפגערופענע באַראַטונג פון די בונדישע אָרגאַניזאַציעס האָט מיט א מערהייט שטימען אָנגענומען אונטערצוּוואַרפן זיך דעם באַשלוס פון קאָמינטערן. די בונדיסטן, א גרויסער טייל זייערער, זײַנען געגאַנגען אין ר. ק. פּ. אזוי ווי איבערגוואַלד. ערשט שפּעטער איז אָט די שטימונג פאַרשוואונדן און די צוזאַמענגעגאָסנקייט איז געוואָרן א פאַקט.

קימאַט א האַלב יאָר האָט געדויערט דאָס ליקווידירן די אָרטיקע אָרגאַניזאַציעס און דאָס צונויפגיסן זיך זייערס מיט די אָרגאַניזאַציעס פון ר. ק. פּ.

לויט א ספעציעלן רעגלאמענט, וואָס עס האָט אויסגעארבעט די ליקווידיר־קאָ־מיסיע. די אופגאבע פון אגיטאציע און פראָפּאגאנדע צווישן די יידישע מאסן איז איינגאנצן אריבער צו די יידישע סעקציעס פון דער קאָמוניסטישער פארטיי. 2 מיטגלידער פון צ. ק. פון „בונד“ זיינען אריין אינעם באשטאנד פון צענ־טראל־ביוראָ פון די יידישע סעקציעס באם אגיטאציאָנעל־פּראָפּאגאנדיסטישן אָפּטייל פון צ. ק. ר. ק. פּ.

אין ראטנפארבאנד איז דער „בונד“ אָפּגעשטאָרבן — שוין אף אייביק.

---

# נאָכוואָרט

## א) די ייִדישע און די ניט־ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג.

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג נעמט אַרום אַ באַדײַטנדיקן פּעריאָד, אַנערעך באַ פערציק יאָר. צעוויקלט האָט זי זיך אויף אַ טעריטאָריע, וואָס ביז דער וועלט־מלחמה איז זי אַרײַן דעריקער אין באַשטאַנד פון דער רוסלענדישער אימפּעריע (בלויז גאַליציע האָט זיך געפונען אויסער רוסלאַנד), און איצט איז זי צעטיילט דורך דער גרענעץ־ליניע, וואָס צווישן פ.ס.ר.ר. און דער בורזשואַזער וועלט: אויף איין זײַט ליניע האָבן מיר די ראַטנרעפּובליקן — ווײַסרוסלאַנד, אוקראַינע און ר.ס.פ.ר.ר., און אויף דער אַנדער זײַט — די בורזשואַז־פאַשיסטישע „רעפּובליקן": פּוילן, ליטע, לעטלאַנד.

איבער דער גאַנצער לענג פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, וואָס דער רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט האָט געפירט קעגן דעם צאַריזם, קעגן דער הערשאַפט פון די פּריצים און פון דער בורזשואַזיע, און שפּעטער אויך קעגן דער וועלט־מלחמה און פאַר ראַטנמאַכט; אין דער בירגער־מלחמה קעגן די ווײַסע, קעגן די מענשעוויקעס און עסערן; אין דער גאַנצער אַרבעט אויף אופצושטעלן די ווירטשאַפט און, ענדלעך, אינעם קאַמף איבערצובויען אונדזער ווירטשאַפט אויף סאָציאַליסטישע יעסודעס,— האָבן די ייִדישע אַרבעטער געהאַט אַ באַשטימטן רעוואָלוציאָנערן פליגל, וואָס האָט געקעמפט אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי באָלשעוויקעס. דעמדאָזיקן רעוואָלוציאָנערן פליגל איז אָבער אויסגעקומען צו פירן אַ האַרטנעקיקן קאַמף קעגן זייער שטאַרקע און אײַנפלוסרײַכע נאַציאָנאַליסטישע און מענשעוויסטישע גרופּירונגען — קעגן די ייִדישע קלייבבירגערלעכע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. אופדעקן דעם אָפּאָרטוניסטישן און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן טאָך פון אָט די פּאַרטייען — דאָס איז די הויפּט־אויפגאַבע פון אונדזער בוך.

די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג איז אופגעקומען און האָט זיך אַנטוויקלט, אַלס אַ טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג אינעם צאַרישן רוסלאַנד, אין פעסטן צוזאַמענבונד מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג קענען מיר אויף דער גאַנצער לענג פון איר אַנטוויקלונג נאָכשפּירן, ווי עס גייט דאָ אַ שווערער קאַמף צווישן צוויי טענדענצן: צווישן דער רעוואָלוציאָנערער טענדענץ צו פירן אַן אומבאַשעפּלעמדיקן קלאַסנקאַמף און צו שאַפן אַ מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע

קלאַסן־פּאַרטיי, וואָס איר קאַמף זאָל גיין אַף דעם וועג פון עכטן פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, און צווישן דער פּשאָרעמאַכעריש־רעפּאָרמיסטישער טענדענץ, וואָס איר סאַמע העלסטער אויסדרוק איז דער מענשעוויזם און נאַציאָנאליזם.

דאָס, וואָס די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון פאַרשיידענע לענדער גייט ניט גלײַכמעסיק, און דעריבער איז אויך פאַרשיידן די אַף אָט דעם באָדן געשאַפענע פּאָליטישע אומגעבונג,— דאָס האָט געבראַכט דערצו, אז די קרעפטן־פאַרהעלטענישן צווישן די רעוואָליוציאָנערע און אָפּאָרטוניסטישע ריכטונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג זײַנען אין פאַרשיידענע לענדער געווען פאַרשיידענע. קאָלזמאַן ענגלאנדס לאַגע צווישן די גרויסע מעלוכעס איז געווען אַ מאָנאָפּאָליסטישע, און די ברייטע בורזשואזיע האָט מאַכמעס אירע קאָלאָניאלע אוי־בער־רעוואָכים געהאַט די מעגלעכקייט אונטערצוקויפן ברייטע שיכטן פון דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע און אף אַזאַ אויפן באַוואָרענען, אַז עס זאָל זיך ניט פאַרשאַרפן דעם קלאַסנקאַמף צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואזיע,— קאָלזמאן דאָס האָט געדויערט, האָט אין דער ענגלישער אַרבעטער־באַוועגונג געהערשט דער בורזשואַזער טרעד־יוניאָניזם, דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט געהאַט זײַן אייגענע קלאסן־פּאַרטיי, און די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אַרומגענומען בלויז ניט קיין גרויסע סעקטאַנטיש־געשטימטע קרײַזן.

קאָלזמאַן דער דײַטשישער אימפּעריאַליזם האָט געהאַלטן נאָך בײַ די ערשטע טריט זײַנע אינעם קאַמף פאַרן וועלט־מאַרק, און דאָ, אין דער ערשטער סטאַדיע פון זײַן אַנטוויקלונג, האָט ער אין קאַמף קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס אין דער פולער מאָס אָנגעווענדט דעם אַפּאַראַט פון דער פעאָדאַל־יונקערישער מאָנאַרכיע,— האָט די דײַטשישע אַרבעטער־באַוועגונג אין איר קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַל און קעגן דער קייזערלעכער מאַכט אויסגעבילדעט אַ מעכטיקע קלאַסנקראַפט, און אויסגעשטאַלט האָט זי דער רעוואָליוציאָנערער מאַרקסיזם. די אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן, וואָס צום אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט האָבן זיי זיך שוין קלאָר אַרויסבאַוויזן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון דער גאָרער וועלט, האָבן אין דײַטשלאַנד ניט געפונען קיין העלן, מאַסנהאַפטן אויסדרוק; ניט געפונען איבער דער קאמף־סוויווע, וועלכע עס האָט געשאַפן אין דײַטשלאַנד די קייזערלעכע מאַכט.

די וועלט־מילכאָמע צווישן די גרעסטע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס האָט אַרויסבאַוויזן, אַז אין דער גאַנצער צווישנפעלקערלעכער אַרבעטער־באַוועגונג הערשט דער אָפּאָרטוניסטישער פליגל. דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס באַדײַטנדיקע שיכטן פון דער אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע זײַנען אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער געווען אונטערגעקויפט פון דער בורזשואַזיע, און וואָס די אַרבעטער־מאַסן זײַנען דערפון דעזאָרגאַניזירט געוואָרן.

אינעם צאַרישן רוסלאַנד האָבן די טענדענצן פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון לאַנד זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט די רעשטלעך פעאָדאַליזם, וואָס האָבן געהערשט אינעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן רעזשים פון לאַנד. עס איז נאָך ניט געווען געלייזט די אַגראַר־פּראָבלעם. די אופגאַבע אָפּצושאפן

די הערשאפט פון די אימפּעריאַליסטן, — אַן אופגאַבע, וואָס עס האָט פאַרן פּראָלעטאַריאַט געשטעלט די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון דער גאָרער וועלט, — איז אין צאַרישן רוסלאַנד ענג געווען צוזאַמענגעפלאָכטן מיט דער אופגאַבע צו ליקווידירן די רעשטלעך פונעם פעאָדאַלן רעזשים. די רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי אַלקפּ(ב), געבוירן אין די רייען פון אַ מעכטיקן אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט נאָך מיט צוואַנציק יאָר פריער פאַרן אָקטיאַבער, האָט — מאַכמעס אַ באַשטימטער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע — גרינגער געווען אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן די אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג און האָט דעריבער געזיגט אין אָקטיאַבער 1917 יאָר, צעשלאָגנדיק אין אָפענעם באַוואָפנטן שלאַכט דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן מענשעוויזם און פאַלקיזם סיי אין דעם אופשטאַנד אין אָקטיאַבער, סיי אינעם בירגער־קריג, שפּעטער נאָך אָקטיאַבער.

אין אַנדער קויכעס־פאַרהעלטעניש צווישן דעם רעוואָלוציאָנערן און דעם אָפּאָרטוניסטישן פליגל זעען מיר אין דער אַרבעטער־באַוועגונג פון פוילן.

פוילן איז לויטן אָפּמאַך צווישן דריי שכייניש מאָנאַרכיעס צעטיילט געוואָרן סאָף אַכצנטן יאָרהונדערט אויף דריי באַזונדערע טיילן. די דאָזיקע דריי טיילן האָבן זיך עקאָנאָמיש און פּאָליטיש אַנטוויקלט ניט גלייכמעסיק, אָבער האָבן פאַרמאָגט איינע און דיזעלבע טראַדיציעס פון אַמאָליקן זעלבשטענדיקן פּאָליטישן לעבן און פון אופשטאַנדן, וואָס האָבן ניט איין מאָל אויסגעבראָכן, ביכדיי צו געווינען די פריערדיקע אומאָפּהענגיקייט.

אין פוילן האָבן מיר שוין אָנהייב נײַנציקער יאָרן צוויי פאַרטייען: פּ.פּ.ס. און די פוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. פון דער ערשטער רעוואָלוציע אָן ווערן די קויכעס־פאַרהעלטענישן מער גינסטיק פאַרן רעוואָלוציאָנערן פליגל. דאָך האָבן מיר אין פוילן אין דעם גאַנצן צײַט־מעשעך, וואָס פון 1906 ביז 1918 (אײַנגעשלאָסן), דרײַ זעלבשטענדיק אופגעקומענע פּאָליטישע פאַרטייען, וואָס האָבן געקעמפט פאַר אײַנפלוס אינעם אַרבעטער־קלאַס: פּ.פּ.ס. (רעכטע), פּ.פּ.ס. (לינקע) און ס.ד.ק.פּ.ל. (סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטיי פון פוילן און ליטע, מיט ראָזע ליוקסעמבורג און טישקאָען אין דער שפּיץ). ערשט אין דעקאַבער 1918 י. פאַראייניקן זיך די לעצטע צוויי פאַרטייען און בילדן די איינהײַטלעכע קאָמוניסטישע פאַרטיי.

אַזאַ קאַמף צווישן רעוואָלוציאָנערע און אָפּאָרטוניסטישע טענדענצן האָט אויך דורכגענומען די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אויף דער גאַנצער לענג פון איר אַנטוויקלונג, נאָר דאָ האָבן מיר צו טון מיט אַ מער אייגנאַרטיקן אַרום. אין טאָך אַרײַן קען מען ניט דורכפירן קיין פולן פּאַראַלעל צווישן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, פון איין זײַט, און דער אַרבעטער־באַוועגונג פון פוילן אָדער פונעם צאַרישן רוסלאַנד — פון דער אַנדער זײַט: די יידן האָבן דאָך ניט פאַרנומען קיין דורכויסיקע טעריטאָריע, נאָר געווען אַרײַנגעשפּרענקלט אין דעם ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם פון פוילן אָדער פונעם צאַרישן רוסלאַנד. באַ אַזוינע באַדינגונגען איז שוין גופא די אָפּגעזונדערטקייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון ליטע, פוילן און ווײַסרוסלאַנד אַ דערשײַנונג אַ נעגאַטיווע, דערינען שפּיגלט זיך אָפּ די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָפּגעשטאַנענקײַט

פון דער סוויווע. דער קאַמף צווישן דער נאַציאָנאַליסטישער און אינטערנאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס אין פוילן האָט ער געשאַפן צוויי (און שפּעטער דרײַ) סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האָט זיך אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אויסגעדריקט אינעם קאַמף צווישן די סאָציאַל־נאַציאָנאַליסטישע קלײנבירגערלעכע ייִדישע גרופּירונגען (בעראָש מיטן „בונד"), פון איין זײַט, און דער אײנהײַטלעכער פּאַרטיי (טײלווײַז דער פּאַרטיי פון רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט אין פוילן) — פון דער אַנדער זײַט. דעם קאַמף פון די טאַקטישע וועגן — באָלשעוויסטישן און מענשעוויסטישן — אין דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג (דעם טערמין באַנוצן מיר ביטנאַיִק) איז צו זען אויך אין יעטווידער אָרגאַניזאַציע, נאָר זײַן שאַרפסטער אויסדרוק איז — דער קאַמף צווישן דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און „בונד".

דער פולער ניצחון פון דער באָלשעוויסטישער טענדענץ אין דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע קומט אָן היפּש שפּעטער, שוין אַפן גרונט פונעם זיג, וואָס עס האָט אָפּגעהאַלטן די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, כאָטש די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן פון די איצטיקע ר.ס.פ.ר.ר., ו.ס.ר.ר. און אוו.ס.ר.ר. האָבן צוזאַמען מיטן רוסלענדער פּראָלעטאַריאַט איבערגעלעבט אי די פעוורואַל־ אי די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. בלויז סאָף 1918 יאָר (פאַלט צוזאַמען — און קלאָל ניט צופעליק — מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פוילן) הייבן אָן שנעל פאַנאַנדערצופאַלן די קלײנבירגערלעכע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען, און פונעם 1921 יאָר קומט שוין אָן דער פולער ניצחון פון דעם באָלשעוויזם.

די אויפגאַבע פון אונדזער בוך איז נאָכצושפּירן נאָכן קאַמף פון די אָנגעוויזענע טענדענצן אַף דער גאַנצער לענג פון די לעצטע דרײַסיק יאָר. דער לייענער וועט זיך דאָ באַקענען מיט אַ נײַעם מאַטעריאַל, וועלכער וועט אים העלפן בעסער צו באַנעמען באַזונדערע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון אונדזער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און איר קאַמף מיט פאַרשיידענע אָפּנויגן, און אויך בעסער צו אָריִענטירן זיך אין דער ווירקונג, וואָס דער נאַציאָנאַלער מאָמענט האָט געהאַט אַף דער אויספאָרמירונג פון דעם פּראָלעטאַריאַטס רעוואָליוציאָנערער אידעאָלאָגיע. דער אַווטאָר פונעם דאָזיקן בוך וואַרפט קאַטעגאָריש אָפּ יעדער פּרווו אײַנצושטעלן וועלכע עס איז יערושע־מאָמענטן צווישן די אידייען פון בונדיזם און באָלשעוויזם. דער בונדיזם האָט פון טכילעס אָן אין זיך אַרײַנגעזאַפּט אַסאַך אָפּאָרטוניסטישע אידייען. דער באָלשעוויזם האָט זיך מיט יעדן טראָט אינעם גאַנג פון זײַן וווּקס צוזאַמענגעשטויסן מיטן בונדיזם. אויסער אײניקע זעלטענע צופאַלן, איז דער בונדיזם שטענדיק געווען אין קעגנער־מאַכנע פונעם באָלשעוויזם.

די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציע האָט אין רוסלאַנד געהאַט אַן אויסשליסלעך גינסטיקן ארום, מאַכמעס דעם וואָס זי איז געווען פאַרייניקט מיט דער „פויערישער מילכאָמע". דאָס האָט געבראַכט צום ניצאָכן פון אָקטיאַבער, און אַדאַנק דעם, וואָס ס'איז דאָ געווען אַ פעסטע פּראָלעטאַרישע פּאַרטיי, און אַדאַנק איר

ריכטיקער פּאָליטיק לעגאַבע דעם פּויערטום, האָט דער באָלשעוויזם געזיגט פריִ־
ער אינעם אַרבעטער־קלאַס גופא און נאָכדעם — אין דעם גאַנצן לאַנד. דער
מענשעוויזם איז געווען צו שוואך אַף אַרויסצוווייַזן קעגן אים וועלכן עס איז
ערנסטן ווידערשטאַנד.

אין דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע איז עס אויסגעקומען אַנדערש. דאָ איז
דער ווידערשטאַנד פון די מענשעוויסטישע גרופּעס געווען שטאַרקער. דאָס איז
שייַעך טיילווייַז אויך צו דער אַלגעמיינער מענשעוויסטישער אָרגאַניזאַציִע (אַף
דאָרעם): איר ווירקונג האָט צווישן די ייִדישע אַרבעטער לענגער געדויערט, —
אָבער אַמערסטן איז עס שייַעך צו די ספּעציִעל־ייִדישע פשאָרעמאַכערישע גרו־
פּירונגען. „בונד“, פּויאַלע־ציִאָן, די „פאַרייניקטע“ מיט זייער קלייַנבירגערלעכער
אָנפירונג, מיט זייער פעלשן און פאַראַטן די אינטערעסן פונעם פּראָלעטאַריִאַט
אין דער צייַט פון דער מילכאָמע און דער רעוואָליוציִע, האָבן דעזאָרגאַניזירט
די ייִדישע אַרבעטער־מאַסע, האָבן זי אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער פּראָלע־
טאַרישער מאַסע אין לאנד. קאָנסטאַטירן דעם פאַראַט פון די אָנפירנדיקע גרו־
פּעס — דאָס איז ווייניק. מ׳דאַרף נאָך דערקלערן די אָביעקטיווע סיבעס, וואָס
האָבן געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלן געשאַפן ווערן מער שטאַנדהאַפטיקע ייִדי־
שע קלייַנבירגערלעכע גרופּירונגען און אז זייער אייַנפלוס זאָל זיך לאַנג האַלטן
אין דער ייִדישער אַרבעטער־מאַסע. מ׳דאַרף, הייסט עס, דערקלערן די סיבעס, וואָס
האָבן אין לעצטן סאַכאַקל געבראַכט דערצו, וואָס מאַסנהאפט געקומען צו דער
באָלשעוויסטישער פּאַרטיי זייַנען די ייִדישע אַרבעטער ערשט שפּעטער. אין
גרונט באַשטייען דידאָזיקע אָביעקטיווע סיבעס אין דעם, וואָס די ייִדישע אַר־
בעטער זייַנען דעריקער געווען אַרבעטער פון האַנטווערק און פון קליין־אינדו־
סטריִע, און האָבן דעריבער זייער גרינג געקענט אַונטערפאַלן אונטער דער
ווירקונג פון דער קלייַנבירגערלעכער סוויווע. און די צאַרישע פּאָליטיק (די
נאַציִאָנאַלע פאַרפאָלגונגען) האָט די ייִדישע אַרבעטער אָפּגעשיידט פון דעם
גאַנצן פּראָלעטאַריִאַט אין לאַנד, האָט געמאַכט שאַרפער די קאַנטן צווישן די
ייִדישע און ניט־ייִדישע אַרבעטער, און באַ די ייִדישע אַרבעטער האָט זיך דע־
ריבער אָפּגעטעמפּט דער רעוואָליוציִאָנערער כוש און זיי האָבן שוואַכער אויפ־
געגומען די רעוואָליוציִאָנערע סיטואַציִע, וואָס האָט זיך אין לאַנד געשאַפן אין
אָקטיאַבער אדאַנק דעם בונד פונעם פּראָלעטאַריִאַט מיטן פּויערטום. די קליינ־
בירגערלעכע איליוזיִעס און דער קלייַנבירגערלעכער אומצוטרוי צו דער פּראָ־
לעטאַרישער רעוואָליוציִע האָבן אַ לאַנגע צייַט אָפּגעהאַלטן די ייִדישע אַרבע־
טער און זיי ניט דערלאָזט איבערצורייַסן מיט די קלייַנבירגערלעכע נאַציִאָנאַ־
ליסטישע גרופּירונגען, און באַזונדער האָט זיך אויסגעטיילט דער רעוואָליו־
ציִאָנערער באָלשעוויסטישער טייל פון די ייִדישע אַרבעטער, וואָס אין
פארלויף פון אַסאַך יאָרן איז ער געווען פעסט צוזאַמענגעבונדן מיט אונדזער
פּאַרטיי. אופדעקן פאַרן לייענער אָט דעם קאמף פון טענדענצן אין דער
פון ייִדישער אַרבעטער־באוועגונג אַפן גרונט פון יענע אָביעקטיווע באַדינגונגען,
אין וועלכע די באַוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט, — דאָס איז די אויפגאַבע אונדזער בוך.

די פראגן, וואָס ווערן דאָ אינעם בוך באַלויכטן, האָבן ניט בלויז א היסטאָ־

רישע באַדײַטונג. אין דער סאָוועטישער רעפּובליק, מיט דער דירעקטער ווירקונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, פאַרגייען די נאַציאָנאַליסטישע אידייען באַ די ייִדישע ארבעטער־מאַסן, און די קלייןבירגערלעכע אינטעליגענץ קען שוין אַפילע ניט פּרעטענדירן צו שאַפן אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציִע און אָנפירן די ארבעטער־באַוועגונג. באַ די נײַע באַדינגונגען פון סאָציִאַליסטישן בויען איז די אידעאָלאָגישע אַנטוויקלונג פון די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעט־מאַסן אַ פיל געזינטערע. אָבער די ווידערשפּרוכן פון דער אַנטוויקלונג אין דער איבערגאַנג־צײַט ווירקן אויך דאָ. מאכמעס דער קולאַקישער און נעפּמאַנישער ווירקונג לעבן ווידער אוף דער אַנטיסעמיטיזם און דער ייִדישער נאציאָנאַליזם און זיי שטעלן זיך פאַר אונדז בלויז־נאַקעט, און אָט דאָ קען אונדזער בוך מיט זײַן אופדעקן דעם נאַציאָנאַליזם אין דער ניט לאנגאָניקער פאַרגאַנגענהײַט העלפ־קעמפן קעגן אַלערליי רעצידיוון.

נאָך קאָמפּליצירטער איז עס אין אונדזערע שכייניש לענדער — פּוילן, ליטע און לעטלאַנד, ווו די ייִדישע באפעלקערונג איז אויך אַזוי גרויס ווי אין ראַטן פאַרבאַנד. אונדזערע קאָמוניסטישע פּאַרטייען האָבן שוין דאָרט אָפּגעהאַלטן גרויסע ניצכוינעס אין די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן, עס קומט זיי אָבער נאָך אויס אף יעדן טריט זיך צוזאַמענצושטויסן מיט דער גוט אָרגאַניזירטער און מיט טראַדיציִעס רײַכער ייִדישער קלייןבירגערלעך־סאָציִאַליסטישער פּאַרטיי — מיטן „בונד״, און אויך מיט די פּויאַלע־ציִאָן.

געבן אַן אייגענע, אַ באָלשעוויסטישע אָפּשאַצונג דער היסטאָרישער פאַר־גאַנגענהײַט פון דער ייִדישער אַרבעטער באוועגונג, אופדעקן די אָפּאָרטוניסטי־שע פעלערן און די קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערע פארברעכן פון די ייִדישע קליינ־בירגערלעכע פּאַרטייען, — דאָס טון הייסט העלפן אונדזערע כאַווײרים אין פּויל אין זייער קאַמף אַף צו געווינען די העגעמאָניִע אין דער ייִדישער און אין דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג, אינעם קאַמף אַף צו באַשאַפן אַן עמעס־איינהײַט־לעכע און אַן עמעס־אינטערנאַציִאָנאַליסטישע פּאַרטיי פונעם פּראָלעטאַריִאַט אין פּוילן. ווידער, איז ייִדישע אַרבעטער־מאַסן לעבן און קעמפן ניט נאָר אין פּוילן, ליטע און לעטלאנד, נאָר אויך אין אַסאַך אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער, מיר באַגעגענען דאָרט (באַזונדערס אין די גרויסע צענטרען, ווי, אשטייגער, אין פּאַריזש, לאָנדאָן, בריוסעל, אַמסטערדאַם און אַנד.) צענדליקער טויזנטער ייִדישע אַרבעטער. און אין די צאָפן־אַמעריקאַנישע פּאַרייניקטע שטאַטן לעבן הײַנט צו טאָג באַ דרײַ מיליאָן ייִדן, עמיגרירט פון רוסלאַנד, פּוילן, ליטע, רומעניִע און פון אַנדערע לענדער, ווי פאַרשיידן עס איז ניט די סוויווע, אין וועלכער דידאָזיקע ייִדישע מאַסן לעבן אַצינד. ווי פאַרשיידן זי איז ניט פון דער סוויווע אין די עקאָנאָמיש־אָפּגעשטאַנענע אייראָפּעיִשע ראַיאָנען, פונוואַנען זיי זײַנען געקומען, — דאָך זײַנען נאָך צווישן אָט די מאַסן געבויג שטאַרק די קלייןבירגערלעכע טראַדיציִעס און דער אײַנפלוס פון די אַלטע „סאָציִאַליסטישע״ ייִדישע פּאַרטייען. אונדזער בוך וועט מיט זײַן אופדעקן דעם קאָנטער־רעוואָליוציִאָנערן טאָך פון אָט די טראַדיציִעס העלפן אונדזערע ברודער־פּאַרטייען אין זייער אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן.

## ב) דער יידישער נאַציאָנאַליזם און זיין איינפלוס
## אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

באַ די אַנטוויקלונג־באַדינגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט גייט די נאַציאָנאַליסטישע אידייע אַריין אַלס אָרגאַנישער באַשטאַנד־טייל אין דער אידעאָלאָגיע פון יעדער קאַפּיטאַליסטישער גרופּע. און דאָס איז זייער פאַרשטענדלעך, אויב נאָר האָבן אין אויג יענעם פאַרביטערטן קאַמף, וואָס עס קומט פאָר צווישן פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע קאַפּיטאַליסטישע גרופּעס פאַר באַ־הערשן די מערק, וואָס אָן דעם קען זיך דאָך ניט אַנטוויקלען די פּראָדוקציע פון דער אָדער יענער נאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליסטישער גרופּע. די גרויסרוסישע בורזשואַזיע, צוזאַמען מיט די פּריצים און מיט דער צאַרישער מאַכט, איז פעסט געשטאַנען פאַר דער „נאַציאָנאַלער" אייניקייט פון דער צאַרישער אימפּעריע, וואָס צוזאַמענגעקליבן איז זי געוואָרן דורך געוואַלט, און עקזיסטירט האָט זי דורך פאַרקנעכטן די באַצוווּנגענע פעלקער. דיזעלביקע נאַציאָנאַלע גרויסרוסישע בור־זשואַזיע איז אַריין אין דער וועלט־מלחמה מיט דעם לאָזונג צו פאַרייניקן גאַליציע און פאַרכאַפּן די דאַרדאַנעלן. די בורזשואַזיע האָט עס גערעכנט פאַר אַבסאָליוט נייטיק צוליב דער „נאַציאָנאַלער" עקזיסטענץ פון דער „רוסלענדי־שער" אימפּעריע. ווען אויף דער היסטאָרישער אַרענע איז אַרויף דער רעוואָלו־ציאָנערער פּראָלעטאַריאַט, האָט דער נאַציאָנאַליזם באַקומען נאָך אַ פונקציע: ער דינט דער בורזשואַזיע פאַר אַ מיטל אָפּצוציִען דעם פּראָלעטאַריאַט פון דער קלאַסנקאַמף־אידייע, פון דער אידייע פון אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטארישער סאָלידאַרישקייט, — און אַריינעמען אים אונטער דער אייגענער בורזשואַזער אָנ־פירונג. קעגן דעם נאַציאָנאַליזם פון דער בורזשואַזיע פונעם הערשנדיקן פאָלק שטעלט אַוועק די בורזשואַזיע פונעם אונטערגעדריקטן פאָלק איר אייגענעם קלוימערשט „פאַרטיידיקונג"־נאַציאָנאַליזם. שטרעבנדיק אָפּצושאַפן דעם נאַציאָ־נאַלן דרוק, וואָס שטייט אויך איר אין וועג, פירט אָבער דערביי די בורזשו־אַזיע איר אייגענע קלאַסן־ליניע. מיט איר לאָזונג — אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלע רעכט איז זי אויסן אַריינצונעמען דאָס גאַנצע פאָלק אונטער איר אָנפירונג און אָפּציִען דערמיט דעם פּראָלעטאַריאַט פון זיין קלאַסנקאַמף.

דערדאָזיקער „פאַרטיידיקונג"־נאַציאָנאַליזם מאַסקירט זיך צו מאָל זייער קונ־ציק, אַזוי אַז ניט גרינג איז צו באַנעמען באַלד זיין עמעסן טאָך, אָבער אונטער דער שוץ־פאַרב פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג איז פאַרבאַהאַלטן דערזעלביקער עקספּלואַטאַטאָרישער קלאַסן־מעהוס. גענוג וועט זיין צו ברענגען דאָ פאַר אַ ביישפּיל דעם פּוילישן נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר באַקומען איינגאַנצן גאָר אַן אַנדער פּנים. ווילאַנג האָבן די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן אינעם צאַרישן רוסלאַנד געקעמפט פאַר אָנערקענען די רעכט פונעם פּוילישן פאָלק? און איז שוין פּוילן געוואָרן אומאָפּהענגיק, דריקן זיי די ווייסרוסן, די דייטשן, די אוקראַינער, די יידן, דריקן נאָך מיט אַסאַך מער פאַרביסנקייט איידער דאָס האָט געטון די צאַרישע מאַכט קעגן די פּאָליאַקן.

די סאָציאַלע טעווע פונעם „פּאַרטיידיקונג"־נאַציאָנאַליזם שיידט זיך ניט אונטער פון דער קלאַסן־טעווע, וואָס עס האָט דער נאַציאָנאַליזם פונעם הערשנדיקן פאָלק. דעמדאָזיקן „פּאַרטיידיקונג"־נאַציאָנאַליזם אָבער נעמען אסאַך גרינגער אויף די אַרבעט־מאַסן און אַפילו די אַרבעטער פון דער געדריקטער נאַציע.

דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם האָט זײַנע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, וואָס קוועלן אַרויס פון יענע באַדינגונגען, אין וועלכע די ייִדן לעבן,— געמלעך: אַפילו אין יענע ראַיאָנען, וווּ די ייִדן לעבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן, אַפילו דאָרט זײַנען זיי ניט די מערהײַט באַפעלקע־רונג פון יענעם ראַיאָן, די ייִדן קומען אויס ווי אַרײַנגעשפּרענ־קלט צווישן אַ רוסישער, ווײַסרוסישער אָדער אוקראַאינישער מערהײַט. אין די פּופצן גובערניעס פונעם אַלטן „טכום"— וווּ ייִדן האָבן געמעגט וווינען,— האָבן די ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך באַטראָפן פון 30% ביז 60% באַ־פעלקערונג. אָבער אַנקעגן דער גאַנצער באַפעלקערונג, וואָס אין „טכום", האָבן זיי באַטראָפן בלויז 12—16%.

ווען מיר געברויכן דעם טערמין „נאַציע", מיינען מיר מיט אָט דעם וואָרט צו באַצייכענען די גאַנצע באַפעלקערונג פון אַ באַשטימטער טעריטאָריע, וואָס עס באַהעפט זי (די באַפעלקערונג) צוזאַמען די איינע ווירטשאַפט פון אַ באַ־שטימטער אַנטוויקלונג־שטופע, וואָס מיר האָבן אַף אָט דער טעריטאָריע. טע־ריטאָריאַל־ווירטשאַפטלעכע געמיינשאַפט — דאָס איז דער גרונט־סימען פון יעדער איינציקער מאָדערנער נאַציאָנאַליטעט. ייִדן, וואָס קיין דור־כויסיקע טעריטאָריע האָבן זיי ניט פאַרנומען און לעבן צווישן דער באַפעלקע־רונג פון פאַרשיידענע קאַנטן, האָבן ניט געבילדעט קיין נאַציע אינעם געוויינ־לעכן מאַרקסיסטישן זינען פונעם וואָרט. אַרײַנגעשפּרענקלט אינעם ווירטשאַפט־לעכן אָרגאַניזם פון אַ באַשטימטן קאַנט, קען דאָס ייִדנטום ניט באַטראַכט ווערן, ווי איין ווירטשאַפטלעכע גאַנצע. יעדער איינציקער סאָציאַלער שיכט באַ ייִדן איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם אָדער יענעם קלאַס פון דער אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג אין אָט דעם לאַנד, אַף אָט דער טעריטאָריע. דעריבער איז דעם טערמין „ייִדישע בורזשואַזיע" און אויך „ייִדישער פּראָלעטאַריאַט" דאַרף מען באַנעמען בלויז, ווי אַ ביטנאַיקע פאַרצייכענונג.

בעשאַס מיר רעדן וועגן דער „בורזשואַזיע פון פּוילן", האָבן מיר דאָ פאַר זיך ווירקלעך אַ קלאַס, אַ סאָציאַלע קאַטעגאָריע, וואָס האָט זיך היסטאָריש אויסגעבילדעט אַף אַ באַשטימטער סטאַדיע פון פּוילנס ווירטשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג, און וואָס פאַרנעמט — אַלס קלאַס — אַ באַשטימטן אָרט אין דער פּראָ־דוקציע. דאָס באַטײַט שוין, אַז די „בורזשואַזיע פון פּוילן" פאַרנעמט אַ באַ־שטימטע פּאָזיציע אין אַלע גרונט־פראַגן פונעם לעבן אין לאַנד, אין פראַגן ווירטשאַפטלעכע, פּאָליטישע און פריִער פון אַלץ — אין באַצוג צום עקספּלואַ־טירטן פּראָלעטאַריאַט, וואָס קעמפט אַף אומצושלײַדערן די דיקטאַטור פון די פּריצים און פון דער בורזשואַזיע. בעשאַס מיר באַנוצן דעם טערמין „דער אַר־בעטער־קלאַס פון פּוילן" האָבן מיר ווידער פאַר זיך אַ דורכויס באַשטימטע סאָציאַלע קאַטעגאָריע, וואָס פאַראייניקט אַלע פּראָלעטאַריער, אַלע די וואָס באַ־

זיצן ניט קיין אייגנטום און מוזן צוליב זייער עקזיסטענץ פאַרקויפן זייער אַר־בעט־קראַפט און זײַנען דעריבער פאַרינטערעסירט צו קעמפן, ביכדיי אַראָפּצו־שלײַדערן די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיִע און אַף איר אָרט אײַנשטעלן די דיקטאַטור פונעם פראָלעטאַריִאַט. אויסער דעם פראָלעטאַריִאַט און דער בורזשו־אַזיִע האָבן מיר נאָך אין לאַנד אַ גרויסע מאַסע שטאָטישן און דאָרפישן קליינ־בירגערטום: פויערים, באַלמעלאָכעס, הענדלער. יעטווידער פון אָט די דרײַ סאָציִאַלע קלאַסן (בורזשואַזיִע, קליינבירגערטום און פראָלעטאַריִאַט) באַשטייט פון באַזונדערע נאַציִאָנאַלע שיכטן: מיר האָבן פוילישע און ייִדישע בורזשואַזיִע, פוילישע און ייִדישע אַרבעטער, פוילישע און ייִדישע קליינבירגער. די בורזשו־אַזיִע זעט אָט די נאַציִאָנאַלע פאַרשיידנקײַט אויסצונוצן אינעם קאַמף פאַר אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן, דאָס הייסט, אינעם קאַמף פאַר הערשאַפט אַף דעם אינעווייניקסטן מאַרק, פאַר א פריווילעגירטער לאַגע, פאַר באַטייליקן זיך אין דער מאַכט. נאָר ווי פאַרביטערט עס זאָל ניט גיין אָט דער דראַזיקער קאַמף גופא אין דער בורזשואַזער מאַכנע, קען ער אָבער פאָרט ניט מאַכן אויס די אײנ־הײַט פון דער בורזשואַזיִע קעגן דעם פראָלעטאַריִאַט און קעגן זײַן קאַמף פאַר מאַכט. נעמען מיר דעם לאַגער פונעם פראָלעטאַריִאַט אין פוילן, האָבן מיר אויך דאָ נאַציִאָנאַלע פאַרשיידנקײַט,— דאָס קען אָבער בעשומויפן ניט דינען ווי אַ מאָטיוו פאַר פאַנאַנדערגרענעצונג, פאַר שטעלן פאַר זיך באַ־זונדערע ספּעציִעלע פּאָליטישע אופגאַבן. באַם אַרבעטער-קלאַס פון פוילן דאַרף דער יעסאָד פון זײַן פּאָליטיק זײַן בלויז דאָס שטרעבן אַפן מאַקסי־מאַלסטן אויפן צוזאַמענשליסן, צונויפעסטיקן אלע קרעפטן פונעם פראָלעטאַריִאַט, פאַרשטאַרקן זײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציִעס און פאַרגרינגערן זײַן קאַמף פאַר מאַכט.

מיר האָבן דאָ גענומען ד'עם בײַשפּיל פון פוילן בלויז צוליב דעם, קעדיי געניער קלאָר צו מאַכן אונדזער געדאַנק. און דער געדאַנט איז דער: העיויס ווי די ייִדן זײַנען ניט געווען קיין נאַציִע אינעם געווײנלעכן טעריטאָריִאַלן, מעלוכישן באַטײַט פונעם וואָרט,— איז עס אַבסאָליוט פאַלש און אַבסאָליוט שעדלעך געווען פאַר דער זאַך פון פראָלעטאַריִאַט צו פאָרמולירן וועלכע ס'איז באַזונדערע אופגאַבן פונעם שטאַנדפּונקט „פון ייִדישן אַרבעטער־קלאַס", אָדער פון דער „ייִדישער נאַציִע", אַבסאָליוט פאַלש איז געווען די אידייע צו שאַפן אַן אייגענע באַזונדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציִע מיט אַ באַזונדער פּראָגראַם און אַז. וו.

ניט פאַרשטאַנען אָט די עמעסן, וואָס פאַר פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציִאָנערן זײַנען זיי אַלעפבייז־עמעסן; אַרופגעפירט אַסאַך אָנפירער פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אַפן וועג פון קליינבירגערלעכן נאַציִאָנאַליזם,— אָט דאָס איז געווען די אורזינד, וואָס האָט געבראַכט די ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג צו גרויסע מאַפּאָלעס. די רעוואָליוציִאָנערע סאָציִאַל־דעמאָקראַטיִע האָט אין איר ערשטער פּראָגראַם, אָנגענומען נאָך און 1898 יאָר, אײַנגעשלאָסן די פאָדערונג צו אַנערקענען די רעכט פון יעדער נאַציִע אַף זעלבסטבאַשטימונג. דידאָזיקע פאָדערונג האָט אונדזער פּאַרטיי אַריבערגענומען אויך אין אונדזער איצטיקער פּראָגראַם, און ביז הײַנט צו טאָג איז עס דער גרונט־פּרינציפּ פון דער גאַנצער

פּאָליטיק פון קאָמינטערן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָבער ווען מיר באַנוצן דעם טערמין „דאָס רעכט פון דער נאַציע אַף זעלבסטבאַשטימונג", און אַפן סמאַך פון אָט דעם פּראָגראַם־פּרינציפּ שטיצן מיר די לאָזונגען וועגן דער אומ־אָפּהענגיקייט פונעם אוקראַינישן און ווײַסרוסישן פאָלק (אין פוילן), דער אומ־אָפּהענגיקייט פון ליטע, אָדער ווען אַפן גרונט פון אָט דעם פּרינציפּ בויען מיר נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע ראַטן־רעפּובליקן אין אונדזער לאַנד,— ווענדן מיר אָט דעם פּרינציפּ אָן נאָר אין דער באַציִונג צו ווירקלעכע נאַציִעס, ד. ה. צו אַזוינע, וואָס פאַרנעמען איינע א דורכויסיקע טעריטאָריִע, און אַף אָט דער טעריטאָריע זײַנען זיי די מערהײַט.

דער יידישער נאַציאָנאַליזם, אָנגעהויבן פונעם בורזשואַזן ציאָניזם און גע־ענדיקט מיטן בונדיזם, האָט זיך שטענדיק געהאַלטן בא אַ קעגנזעצלעכן און פאַלשן שטאַנדפּונקט. ניט ריכטיק אויסגעטײַטשט דעם באַגריף—נאַציִע, האָבן די בונדיסטן און די „סיימיסטן" געפאָדערט פאַר דער יידישער נאַציִע רעכט אַף זעלבסטבאַשטימונג, האָבן אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג „נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָ־מיִע", אָדער די מער שמאָלע (בונדישע) „נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע". אינדערעמעסן אָבער, ווען מיר זאָלן מאַרקסיסטיש באַנעמען דעם טערמין „נאַציִע" (און בלויז דאָס מאַרקסיסטישע באַנעמען איז דאָס איינציק ריכטיקע), האָט די יידישע נאַציִע, אינעם געוויינלעכן זין פון וואָרט, גאָרניט עקזיסטירט, און אין באַציִונג צו איר האָט מען דעריבער ניט געקענט אָנווענדן די פאָדע־רונג — „רעכט אַף זעלבסטבאַשטימונג", וואָס מיינט די פּאָליטישע אומאָפּ־הענגיקייט פון אַ טעריטאָריִאַל־אָפּגעגרענעצטן נאַציאָנאַלן איינס. און האָבן די יידישע סאָציאַליסטן־נאַציאָנאַליסטן אַרויסגעשטעלט אַ ניט־ריכטיקן פּאָליטישן לאָזונג, זײַנען זיי שוין געגאַנגען ווײַטער און אַרויף אַף אַ וועג צו אָרגאַניזירן אַלע „יידישע קרעפטן", און אַזוי אַרום אַרונטערפירן די יידישע אַרבעטער אונ־טער דער אָנפירונג פונעם קליינבירגערטום און אָפּרײַסן זיי פון זייער קלאַס, פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון לאַנד. קעגן אָט די אַנטיפּראָלעטאַרישע טענדענצן, וואָס זײַנען שעדלעך פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָ־ליוציִע, האָט אונדזער פּאַרטיי, אונטער לענינס אָנפירונג, געפירט דעם סאַמע שאַרפן און סאַמע אײַנגעשפּאַרטן קאַמף, און האָט אינעם קאַמף ווירקלעך איינ־גאַנצן צעשלאָגן דעם יידישן קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם.

פאַרוואָס אָבער זײַנען די אידייען פונעם בורזשואַזן און קליינבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם געווען אַזוי שטאַנדהאַפטיק און האָבן אַרויסגעוויזן זייער ווירקונג אין אַ מעשעך פון עטלעכע צענדליק יאָר? פאַרוואָס האָבן אָט די אידייען אין פאַרשיידענע צײַטן באַהערשט די מויכעס פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן? אַף צו ענטפערן אַף דער פראַגע דאַרפן מיר זיך ווידער אומקערן צו דעם, וואָס מיר האָבן גערעדט אינעם ערשטן קאַפּיטל פון אונדזער בוך און אונטערפירן אייניקע סאַכאַקלען אַפן גרונט פון די ערשט פאָרמולירטע פּרינציפּן פון אונדזער פּאָליטיק אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

אין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הינזיכט איז יעדער שיכט יידן פונעם אַלטן צאַרישן רוסלאַנד אָרגאַניש געווען געבונדן מיט דעם גאַנצן קלאַס פון

לאנד (אָדער פון קאַנט). אַרײַנגעשפּרענקלט אינעם אַלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן
אָרגאַניזם, האָט דאָס ייִדנטום ניט געבילדעט און ניט געקענט בילדן עקאָנאָ־
מיש וועלכן עס איז באַזונדערן ווירטשאַפטלעכן אָרגאַניזם. די אַנטוויקלונג־
טענדענץ איז געווען אַזאַ, אַז מיטן וווּקס פון די קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטע־
נישן האָבן די באַזונדערע ייִדישע דורכשיכטן מיט יעדן טאָג אַלץ מער און
ענגער זיך געדאַרפט צונויפבינדן מיט דעם אַלגעמיינעם ווירטשאַפטלעכן רע־
זשים פון לאַנד. אָבער קעגן אָט דער אַנטוויקלונג־טענדענץ האָבן געווירקט די
רעשטלעך פון דער נאָענטער פעאָדאַלער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָבן שווער
געדריקט דאָס ייִדנטום פונעם צאַרישן רוסלאַנד. אינעם גאַנצן וועזן פון די סאָ־
ציאַלע און פּאָליטישע באַציִונגען פונעם צאַרישן רוסלאַנד זײַנען געווען זייער
פּיל רעשטלעך פון די אַלטע פעאָדאַלע באַציִונגען: עס האָבן עקזיסטירט —
שטאַנדן, די פּויערשע געמיינדע, און לעצטנס, גופא די צאַרישע מאַכט. די
גאַנצע געזעצגעבונג וועגן די ייִדן פונעם צאַרישן רוסלאַנד און באַזונדערס די
באַגרענעצונג פון וווינאָרט, די סיסטעם פון ספּעציעלע שטײַערן פאַר ייִדן, די
באַזונדערע ייִדישע קהילע און צו דעם אַלעם די סיסטעם פון ייִדישע פּאָג־
ראָמען נאָך דעם מוסטער פון מיטלאַלטער,—דאָס אַלץ איז פאַרבליבענע רעשט־
לעך פון די אַלטע פעאָדאַלע לײַב־אייגנטימערישע באַציִונגען. ווען אין די ראַ־
יאָנען, ווו עס האָבן געלעבט מיליאָנען ייִדישע מאַסן, וואָלט דער ניוואָ פון
דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג געווען זייער אַ הויכער, דאַן וואָלטן די שאַרפע
קלאַסן־ווידערשפּרוכן אינעם ייִדנטום גופא אַף אַסאַך אָפּגעטעמפּט די ווירקונג
פון אָט די פעאָדאַלע רעכטלעכע באַציִונגען. ווי מיר האָבן אָבער שוין פריִער
אָנגעוויזן, האָבן די ראַיאָנען פון די ייִדישע מאַסן זיך קלאַל ניט אויסגעצייכנט
מיט אַזאַ הויכן ניוואָ פון ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, די גרונט־מאַסע פון
דער ייִדישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון הענדלערישן און באַלמעלאָ־
כישן קליינבירגערטום און פון באַלמעלאָכישן, הענדלערישן און בלויז טיילווייז
אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, דערבײַ האָט דער אינדוסטריעלער טייל אַרבע־
טער באַ זיך ניט געהאַט קיין פּראָלעטאַריער פון דער שווערער אינדוסטריע
און ביכלאַל פון מעכטיקע אונטערנעמונגען מיט אַ הויך־אַנטוויקלטער טעכניק.
אין אַזוינע באַדינגונגען האָבן די פעאָדאַל־רעכטלעכע באַציִונגען געבראַכט מיט
זיך די אָפּגעזונדערטקייט און צוזאַמענגעשלאָסנקייט פון דער ייִדישער באַפעל־
קערונג. דאָ האָט נאָך אויך מיטגעווירקט דער אײַנפלוס פון דער רעליגיע, פון
די שטייגער־טראַדיציעס און פון דער געמיינזאַמער שפּראַך. „דער טויטער כאַפּט
אָן דעם לעבעדיקן"—דערינען ליגט דער סעקרעט פון יענעם מעכטיקן אײַנ־
פלוס, וואָס דער ייִדישער נאַציאָנאַליזם האָט געהאַט אַף די ברייטע מאַסן פונעם
קליינבירגערטום און אַרבעטלײַט.

דעם אײַנפלוס פונעם ייִדישן נאַציאָנאַליזם האָט נאָך פאַרשטאַרקט די אָפּ־
געשטאַנענקייט פון די פּוילישע אַרבעטער־מאַסן און די ווירקונג, וואָס עס
האָט אַף זיי געהאַט דער קלעריקאַליזם און דער אַנטיסעמיטיזם. דאָס האָט
אָפּט אונטערגעריסן די געמאַכטע פּרווון, אַז די ייִדישע און פּוילישע אַרבעטער
זאָלן אַרויסטרעטן צוזאַמען.

די פּראָלעטאַרישע רעוואָליוציאָנערן האָבן געדאַרפט מיט אַלע קויכעס זען אָפּשלאָגן אָט דעם איַינפלוס פון די אַלטע „טויטע" טענדענצן. דאָס האָט זיך ווירקלעך איַינגעגעבן די באָלשעוויקעס. די אופגאַבע, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געשטעלט, איז געווען ניט אונטערשטיצן די רעשטלעך פונעם אָפּגעשטאָרבענעם אָוואר, נאָר מיטהעלפן דער פּאָרגעשריטענער פּראָלעטאַרישער טענדענץ. פונקט פאַרקערט האָט עס געטראָפן מיט די אָנפירער פונעם יידישן „בונד" (און פון די אַנדערע גרופּירונגען): אָנגעהויבן זייַן טעטיקייַט האָט דער „בונד" מיט דערקלערן מילכאָמע דער פעאָדאַלער יידישער געטאָ. נאָכדעם אָבער האָט ער אַלץ מער און מער נאָכגעלאָזן דעם אָנגרייַפנדיקן קליינבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם און פאַרענדיקט האָט ער דערמיט, וואָס ער אליין האָט זיך געבוקט צו דעם, וואָס ער האָט אין אָנהייב געהאַט געבערענט, ער גופע האָט שוין געפּריידיקט דעם יידישן קליינבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם.

אויב אָבער אין די געוויינטלעכע באַדינגען האָבן די פּראָגרעסיווע טענדענצן פון דער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג אָוועקגערוקט אין אַ זייַט די ווירקונג פון די אַלטע פעאָדאַלע באַציִונגען, האָבן אָפּגעשוואַכט דעם איַינפלוס פון דער רעליגיִע און פון דער קעהילע, פלעגט אָבער די פעריאָדיש־אופגעבורויזטע פּאָגראָם־כוואַליע אָדער די שטורמישע אַנטיסעמיטישע פּאָגראָם־העצע, מיט דער גוואַלדיקער פּאַניק, וואָס זי פלעגט שאַפן אין דער יידישער באַפעלקערונג, אָנגלייַען הייס צוגטער די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, און ווידער פלעגן די טויטע טענדענצן באַקומען זייער פריִעריקן, דוכט זיך שוין געווען פאַרלאָרענעם, איַינפלוס. אין דער געשיכטע פון די לעצטע זעכציק יאָר קען מען זען, ווי אזוי מיט יעדער פּאָגראָם־כוואַליע פלעגט זיך אויך האַסטיק אַ הייב טון אַ נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע צווישן די יידן. נאָך דעם אָדעסער פּאָגראָם אין 1871 יאָר קומט צווישן די יידן אויף ליבערמאַנס גרופּע פּאָלקיסטן־סאָציאַליסטן. ליבערמאַן רוקט ארויס די אידייע וועגן א ז ע ל ב ־ ש ט ע נ ד י ק ע ר אָרגאניזאַציִע פון יידישע סאָציאַליסטן. די גרויזאמע פּאָגראָם־כוואַליע דאָס יאָר 1881, אָט דער אַכזאָריעסדיקער ענטפער פונעם צאַריזם אַף דעם, וואָס די נאַראָדאָוואָלצעס האָבן געטויט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָט געשאַפן צווישן דער יידישער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ די ערשטע ציִאָניסטישע פּאַלעסטינאָפּילישע באַוועגונג, און אַ גאַנצע ריי געוועזענע פּאָל־קיסטן־רעוואָליוציאָנערן זאָגן זיך עפנטלעך אָפּ צו גיין צוזאַמען מיט דער רו־סישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. נאָכן לאָדזער פּאָגראָם, כאַרקאָוו, ריגע, שטייַגט שטורמיש אויף די ציִאָניסטישע באַוועגונג—אַרום די וועלט־קאָנגרעסן, וואָס עס רופט צונויף הערצל און נאָרדוי, און עס שאַפט זיך דאַן אויך דער „בונד", נאָכן טשענסטאָכאָווער פּאָגראָם 1902 י. און קעשענעווער פּאָגראָם 1903 יאָר טרעט דער „בונד" ארויס פון ר. ס. ד. א. פּ.

פאַרשטייט זיך, די פּאָגראָמען אליין קענען ניט זייַן די איינציקע סיבע פון אזוינע באַוועגונגען, וואָס ווירקן אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן. מיר מיינען עס גאָר ניט צו זאָגן. מיר ווילן נאָר אונטערשטרייַכן, אַז באַ די אַל־געמיינע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, אין וועלכע עס

האָט געלעבט די ייִדישע באַפעלקערונג, און וועלכע האָבן געשפּייַזט און גע־האָדעוועט דעם בורזשואַזן און קלייַנבירגערלעכן נאַציאָנאַליזם, האָט דער אָנדראַנג פון אַ פּאָגראָם־כוואַליע יעדעס מאָל אַ מעכטיקן שטויס געטון דעם ייִדישן נאַציאָנאַליזם, האָט אים געלאָזט טרינקען פונעם טריבן קוואַל פון דער אַלגעמיינער פּאַניק, פון דער זייער געדריקטער שטימונג באַ די ייִדישע מאַסן, וואָס יעדער פּאָגראָם האָט לעבעדיק געמאַכט אין זייער זיקאָרן די גרויזאַמע רעדיפעס פון מיטלאַלטער.

די בונדיסטן, סיימיסטן און פּויאַלע־ציאָן,—אָט די אַלע פאַרשיידענע גע־שטאַלטן פונעם ייִדישן נאַציאָנאַליזם, — קעמפנדיק קעגן די גרויזאַמע נאַציאָ־נאַלע רעדיפעס, אָנגעווענדט קעגן די ייִדישע מאַסן, זייַנען אַליין געוואָרן די אויסדריקער פון די קלייַנבירגערלעכע טענדענצן. זיי האָבן בלויז געטריבן רע־כילעס, ווען זיי האָבן באַשולדיקט אונדזער פּאַרטיי, אַז זי קעמפט קלוימערשט ווייניק קעגן דער צאַרישער ייִדן־פּאָליטיק, קעגן אַנטיסעמיטיזם, אַז קלוימערשט אַנערקענט זי ניט די רעכט פון דער ייִדישער שפּראַך אין שול, אַף פאַרזאַמ־לונגען, אין דער פּרעסע, אַז קלוימערשט אַנערקענט זי ניט די נייטיקייַט צו שאַפן ספּעציעלע אָרגאַנען אין די אייַנהייַטלעכע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס אָדער אין די מעלוכישע אַנשטאַלטן אַף צו באַדינען די ייִדישע אַרבעט־מאַסן. קעגן אָט דער רעכילעס זאָגט איידעס די גאַנצע געשיכטע פון אונדזער פּאַרטיי און די טעטיקייַט פון דער פּאַרטיי און פון די ראַטן־אָרגאַנען נאָך דער אָק־טיאַבער־רעוואָליוציע אין באַציונג צו די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעט־מאַסן.

אַזוי פּאָשעט און אַזוי רעכילעסדיק פּאָרשטעלן אָט די היסטאָרישע קריג צווישן דעם באָלשעוויזם און דער ייִדישן נאַציאָנאַליזם,—דאָס וואָלט אַף קלאָר באַטייַט פּאַלסיפיצירן די געשיכטע. די קריג איז דאָ געווען אַסאַך אַ טיפערע, דאָס איז געווען אַ קאָנפליקט צווישן דעם רעפאָרמיסטישן און דעם רעוואָליו־ציאָנערן באַנעמען די נאַציאָנאַלע פּראַגע.

די בונדיסטן האָבן קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען דעם רעוואָליוציאָנערן באַ־טייַט פונעם לאָזונג—„דאָס רעכט פון דער נאַציע אַף זעלבסטבאַשטימונג״. דער־דאָזיקער לאָזונג איז געווען אין די הענט פון די באָלשעוויקעס אַ געווער אַף צו מאָביליזירן די מאַסן פון די אונטערגעדריקטע פעלקער קעגן דער בורזשו־אַזער מעלוכע, וואָס דריקט זיי. נאָך אין סאָף פאָריקן יאָרהונדערט האָבן די רעפאָרמיסטן, די עסטרייַך־מאַרקסיסטן, דעם לאָזונג—„דאָס רעכט פון דער נאַ־ציע אַף זעלבסטשטימונג״, וואָס האָט אייגנטלעך גערופן דעם פּראָלעטאַריאַט מיטצוהעלפן אַפן רעוואָליוציאָנערן אויפן אומשלייַדערן די „געשטוקעוועטע״ עסטרייַך־אונגאַרישע מאָנאַרכיע, געוואָלט פאַרבייַטן מיט דעם לאָזונג — „נאַציאָ־נאַל־טעריטאָריאַלע אַווטאָנאָמיע״ פון פּראָווינצן, וואָס דאַרפן איבערגעטיילט ווערן לויטן סימען פון געמיינזאַמער שפּראַך און קולטור. דאָס האָט געהייסן, אַז זיי נעמען אַף זיך די אופגאַבע צו ראַטעווען די עסטרייַך־אונגארישע „איינ־הייַטלעכע״ מאָנאַרכיע פון רעוואָליוציאָנערע קאַטאַסטראָפעס, פון פאַנאַנדער־פאַלן אַף אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע רעפּובליקן. די עסטרייַכישע סאָציאַל־דע־מאָקראַטן זייַנען עס דעמאָלט צום ערשטן מאָל ארויסגעטראָטן אַלס „קייזער־

לעך־קעניגלעכע" סאָציִאַליסטן. ווען דער „בונד" האָט אין דער פּראָגראַם פון דער רעוואָליוציִאָנער־פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי אין רוסלאַנד געפּרוּווט אַריַינברענגען די פּאָדערונג—„נאַציִאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע", אַוועקשטעלנדיק זי קעגן דער פּראָגראַם־פּאָדערונג—„דאָס רעכט פון דער נאַציִע אַף זעלבסטבאַשטימונג", האָט ער דאַן פאָרמולירט די פּאָזיציִע ניט פון אַ רעוואָליוציִאָנערער פּאַרטיי, נאָר פון אַ רעפאָרמיסטישער „סטאָליפּינער אַרבעטער־פּאַרטיי", וואָס האָט געשטרעבט אײַנצוּהיטן „דאָס אײנהײַטלעכע און אומטיילבאַרע" רוסלאַנד. דער לאָזונג—„דאָס רעכט פון דער נאַציִע אַף זעלבסטבאַשטימונג" האָט פאַרפליכטעט אונטערצושטיצן די באַוועגונגען פון די דורכן צאַריזם געדריקטע פעלקער פאַר אומאָפּהענגיקייַט,—די באַוועגונגען, וואָס האָבן געקענט העלפן, אומצושלײַדערן דעם צאַריזם. ניט אומזיסט האָט מען דעם בונדישן לאָזונג אויפגענומען מיט מיטגעפיל אַף דער ליקווידאַטאָרישער קאָנפערענץ פון 1912 יאָר. מיט זײַן לאָזונג האָט דער „בונד" געשטרעבט אײַנצוהיטן די אײניקייַט פון דער „יִדישער נאַציִע", וואָס איז געווען צעשפּרייט איבער טעריטאָריִעס פון פּוילן, ליטע, ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע. דערמיט האָט ער אָבער געהאָלפן אײַנצוהיטן די „אײנהײַטלעכע און אומטיילבאַרע".

די באָלשעוויקעס האָבן ניט געקענט אָנעמען דעם לאָזונג—„נאַציִאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע", אַפילע האָבנדיק אין אויג די אינטערעסן פון די יִדישע אַרבעטער, וואָס זײַנען דאָך אַ טייל פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריִאַט אין לאַנד. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז דער לאָזונג געווען געבויט אַף אָט דעם פאַלשן טעאָרעטישן פּרינציפּ, אַז יִדן זײַנען קלוימערשט א „נאַציִע" אין דעם אייגענעם זינען, ווי דאָס וואָרט ווערט געבריכט פון מאַרקסיסטן (און טעריטאָריִאל זײַנען דאָך די יִדן קיין נאַציִע ניט געווען). אויסטיילן וועלכע עס טעריטאָריִע, געגנט אַף צו שאַפן פון איר אַ זעלבשטענדיקן נאַציִאָנאַל־מעלוכישן אַווטאָנאָמען איינס און אַנערקענען, אַז זי האָט רעכט אַף נאַציִאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג ביז אָפּטיילן זיך אינגאַנצן,—אזוינס איז ניט נאָר וואָס עס שטערט ניט דעם קלאַסנקאַמף,—פאַרקערט, דאָס פאַרשטאַרקט נאָך דעם קלאַסנקאַמף פונעם פּראָלעטאַריִאַט. דער קאַמף אָבער פאר יִדישער נאַציִאָנאַל־קולטורעלער אַווטאָנאָמיִע און די נאַציִאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע גופע,—דאָס וואָלט אין יעדער שטאָט, אין יעדן ראַיאָן, קרײַז, גובערניִע אָפּגעזונדערט די יִדישע אַרבעטער פונעם גאַנצן פּראָלעטאַריִאַט און זיי פאַרייניקט מיט דער יִדישער קליין־און גרויס־בורזשואַזיִע. אַזאַ אַווטאָנאָמיִע (און נאָכדעם דאָס אויסבילדן „אַלגעמיין יִדישע" אָרגאַניזאַציִעס) וואָלט אייגנטלעך באַטײַט מאַפּקיר זײַן די אינטערעסן פון די יִדישע אַרבעטער צוליב די אינטערעסן פון דער יִדישער גרויס־און קליין־בורזשואַזיִע. דידאָזיקע אַווטאָנאָמיִע איז מער פון אַלץ געווען נייטיק דעם יִדישן קליינבירגערטום אַף צו באַשיצן זײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציִעס פון דער קאָנקורענץ פון די ניט־יִדישע קרעמער און בורזשוא. אַז דאָס איז ווירקלעך אזוי, דאָס האָט אונדז אַמבעסטן דערוויזן די יִדישע „נאַציִאָנאַל־קולטורעלע אַווטאָנאָמיִע", וואָס עס האָט פאַרווירקלעכט די פּעטליורישע צענטראַלע ראַדע.

די ניט פּראָלעטאַרישע פּראָגראַם־פּאָדערונג האָט געפּירט דעם „בונד" צו אָר־גאַניזאַציאָנעלער אָפּגעזונדערטקייט, האָט אים געצוווּנגען צו פאָרמולירן אַ פאָדערונג, וואָס דער זין אירער איז אין עצעם געווען שאַפן „אַ זעלבשטענ־דיקע נאַציאָנאַליסטישע ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטיי", מיט אַן אייגענער פּראָג־ראַם און טאַקטיק, אַנשטאָט העלפן שאַפן אַן איינהייטלעכע רעוואָליוציאָנערע פּאַרטיי פון פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז ווירקלעך געשען מיטן „בונד" אַפן וועג פון זײַן ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג. אָט דער פאַקט, וואָס צום מאָמענט פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע האָט זיך דער „בונד" געפונען אױף יענער זײַט באַריקאַדע, באַווײַזט, אַז זײַן נאַציאָנאַלע פּראָגראַם איז אָרגאַניש גע־בונדן מיט זײַן קליינבירגערלעכן מענשעוויסטישן מעהוס.

די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן, וואָס מיר האָבן געזען באַם „בונד", וואָס היסטאָריש האָבן זיי געבראַכט צום אָפּזונדערן די ייִדישע אַרבעטער פון דער אַלגעמיין רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פון פּראָלעטאַריאַט, אָט די טענדענצן האָבן זיך נאָך שאַרפער ארויסבאַוויזן אין די טעאָריעס פון די ייִדישע ציאָ־ניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען. די אַלגעמיינע טעזיסן פונעם בורזשואַזן ציאָניזם וועגן דער „אייביקייט פונעם אַנטיסעמיטיזם", וועגן דער אומעגלעכ־קייט צו לייזן די ייִדן־פראַגע, אויב ניט שאַפן קיין באַזונדערע ייִדישע מעלוכע (אין פּאַלעסטינע אָדער אין אַן אַנדער לאַנד), האָבן די טעאָרעטיקער פונעם פּראָלעטאַרישן ציאָניזם באַגרינדעט „מאַטעריאַליסטיש", „סאָציאַליסטיש", „מאַרקסיסטיש".

מ'האָט דערקלערט, אַז דאָס, וואָס די ייִדן זײַנען צעשפּרייט צווישן אַנ־דערע פעלקער, דאָס, וואָס „זיי האָבן ניט קיין אייגענע טעריטאָריע", דאָס פאַרמישפּעט די ייִדישע אַרבעטער צו פולער יערידע, וואָרעם, הייסט עס, קיינמאָל וועלן זיי דאָ ניט קענען אַרײַן אין דער גרויסער פּראָדוקציע, אין דער שווערער אינדוסטריע. ווי מיר ווייסן אָבער, איז אַצינד, אין די באַדינגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, באַ דער מיטווירקונג פון דער סאָוועטישער מאַכט, פון די פּראָפּאַריינען און פון דער פּאַרטיי, ווערן היפשע שיכטן ייִדישע אַרבעטער אַרײַנגעצויגן אי אין די מאַשינבויערישע זאַוואָדן, אי אין די גרובן פון דאָנעצער באַסיין.

מ'האָט דערקלערט, אַז די האָפענונגלאָזע לאַגע פון די ייִדישע אַרבעטער צווינגט די ייִדישע אַרבעט־מאַסע צו עמיגרירן קיין פּאַלעסטינע אָדער אין אַנ־דערע אַגראַרע לענדער. ווי ס'איז אָבער באַקענט, איז אין די לעצטע דרײַ־סיק יאָר דער שטראָם פון דער ייִדישער עמיגראַציע געגאַנגען דעריקער אין די מער גרויסע שטעט פון אַמעריקע. אין דער איינער שטאָט ניו־יאָרק האָבן מיר איצט עטלעכע מיליאָן ייִדן. און פון דער אנדערער זײַט זעען מיר, ווי אין ראַטנלאַנד האָבן די ייִדן, מיט דער הילף פון די פּראָלעטאַרישע אָרגאַנען, די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין אַף ערדאַרבעט און אַרײַן אין דער אינדוסטריע.

און געדאַרפט האָט מען דידאָזיקע נאַציאָנאַליסטישע טעאָריעס, וואָס דער נישטיקער יעסאָד זייערער איז געווען—די אייביקייט פון אַנטיסעמיטיזם, ביכדיי צו דערווײַזן, אַז די גאַנצע אופמערקזאַמקייט דאַרף קאָנצענטרירט ווערן ניט

אף דעם קלאסנקאמף, וויאזוי צו פירן אים צוזאמען מיטן גאנצן פּראָלעטאריאַט פון לאנד קעגן דעם צאריזם און דער בורזשואזיע, נאָר אף דער פראגע וועגן עמיגראציע, ווי אזוי אויסצוזוכן וועגן אף צו קאָלאָניזירן פּאלעסטינע אָדער וועלכע עס איז אנדער לאנד, און טון עס, פארשטייט זיך, צוזאמען מיט דער יידישער בורזשואזיע און מיט דער הילף פון דער בורזשואזער דיפּלאָ-מאטיע.

דידאָזיקע טעאָריעס, וואָס אין זיי איז אויסגעדריקט די אידעאָלאָגיע און די קלאסן-אינטערעסן פון דער יידישער קליין- און מיטל-בורזשואזיע, האָבן גע-קענט האָבן א געוויסן דערפאָלג צווישן די אָפּגעשטאנענע שיכטן יידישע אר-בעטער, — ביז ס'איז געקומען די רעוואָלוציע און האָט באשײַמפּערלעך צעשטערט די נארישע מײַסע וועגן אייביקן אנטיסעמיטיזם און וועגן דער רעאקציאָנער-קײַט פון גאנצן „רוסישן פאָלק". ווען די סאמע אָפּגעשטאנענע שיכטן יידישע ארבעטער האָבן דערזען פאר זיך דעם רוסישן פּראָלעטאריאַט אף די גאסן, ווען זיי אליין זײַנען פּלייצע מיט פּלייצע געגאנגען מיט אלע ארבעטער אין קאמף קעגן דעם צאריזם, — דאן זײַנען די נאציאָנאליסטישע טעאָריעס, אונטערן פײַער פון קריטיק, געבליבן אינגאנצן דיסקרעדיטירט און געפאלן. אין דער פּראָפּאגאנדע פון די „פּראָלעטארישע ציאָניסטן" איז דער ריין-ציאָניסטי-שער עלעמענט אוועק היפּש אין הינטערגרונט. אין דער פּראקטיק, אין די מײַ-סים איז פארווישט געוואָרן די גרענעץ צווישן די בונדיסטן, די „ציאָניסטן-סאָציאַליסטן" און „פּועלי-ציאָניסטן".

בעשאס דער „בונד" איז אין 1903 יאָר אוועק פון ר.ס.ד.א.פּ., האָט עס דער „פּראָלעטארישער" ציאָניזם באגריסט, אלס אן אקציע פון קאָנסעקווענטן נאציאָנאליזם. ווען דער בונד איז אין 1906 י. צוריק ארײַן אין די רייען פון ר.ס.ד.א.פּ., איז דער טאט געוואָרן געשטעמפּלט אלס פאראט. אין דער צײַט, ווען עס האָט הויך געשטײַגט דער רעוואָלוציאָנערער אופבראויז אין לאנד, האָבן אלע „ציאָניסטיש-סאָציאַליסטישע" גרופּעס געפירט א ברייטע רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאגאנדע קעגן דעם צאריזם, האָבן געשאפן פּראָפעסיאָנעלע פאריינען. אין דערזעלבער צײַט האָבן אָבער די ריין-ציאָניסטישע לאָזונגען זייערע, וואָס האָבן פאָרט ניט געפעלט, אונטערגעריסן דעם ווערט און דעם דערפאָלג פון זייער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאגאנדע. ווען אָבער די רעוואָלוציאָנערע כוואליע איז געפאלן, האָבן זיך אי די בונדיסטן, אי די „סיימיסטן", אי די „ציאָניסטן-סאָציאַליסטן", אי די פּועלי-ציאָניסטן" צוזאמען פאראייניקט ארום דער פּראקטיק פון „דעמאָקראטישן נאציאָנאליזם", אָנווענדנדיק די גאנצע ענערגיע אף צו „אײַנהיטן די יידישע נאציע", אף צו פארשטארקן די יידישע שפּראך. אף צו קעמפן פאר „יידישער אווטאָנאָמיע".

קעגן אָט דער נאציאָנאַל-דעמאָקראטישער ריכטונג, וואָס האָט פאראייניקט די גאנצע מאכנע פונעם קליינבירגערלעכן יידישן סאָציאַליזם, האָט אונדזער פּארטיי אלע יאָרן געצײַגט איר רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישן פּראָלעטארישן וועג, וואָס האלט זיך אף דער איינציקײַט פונעם קלאסנקאמף פון גאנצן פּראָלעטאריאַט קעגן דעם אלגעמיינעם סוינע.

## ג) דער יִדישער אַרבעטער אין די באַדינגונגען פון דער סאָציִאַליסטישער בויונג אין פ. ס. ר. ר.

איצט איז זייער וויכטיק צו נעמען אפן פרובירשטיין פון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט יענע אַלע ערנסטע פראגן וועגן דער אנטוויקלונג פון די יִדישע אַרבעטער־מאסן, וואָס זיינען אופגעקומען אינעם קאמף פון אונדזער פּאַרטיי קעגן די פארשיידענע נאציִאָנאַליסטישע יִדישע גרופּירונגען.

דער בורזשואזער ציִאָניזם האָט אפן גרונט פון זיין נאציִאָנאליסטישער טעאָריִע ארויסגעשטעלט זיין טעזיס וועגן דער אייביקייט פונעם אנטיסעמיטיזם, וואָס קלוימערשט וואַקסט ער ארויס אפן ראסן־באָדן און נעמט ארום אַלע גליִדער פון דער ניט־יִדישער נאציִע, אומאָפּהענגיק פון זייער סאָציִאַלער לאגע. פון דעם איז געקומען דער אויספיר, אַז אַלע יִדן דארפן זיך פאראייניקן אין איין אַלוועלטלעכער אָרגאניזאציִע, ביכדיי צו באַשאפן מיט דער הילף פון די אימפּעריִאליסטן א באַזונדערע יִדישע מעלוכע אין פּאַלעסטינע. די יאָרן פון מילכאָמע און די יאָרן וואָס נאָך דער מילכאָמע האָבן אינגאנצן אופגעדעקט און אנטבלויזט די אידייע פונעם פּאָליטישן ציִאָניזם און באַוויזן, אַז דאָס איז א וועַרקציַיג אין די הענט פונעם בריטישן אימפּעריִאליזם אָף צו באַשווינדלען די יִדישע און ניט־יִדישע מאסן און פארשטארקן זיין הערשאפט איבער די אראבישע מאסן אין פּאַלעסטינע. עס עמיגרירן אהינצו נישטיק־קליינע גרופּעס, אָבער דאָס לעבן גייט דאָרט אַזוי, אַז די האָרעפּאשנע עמיגראנטן לויפן פון דאָרט שנעל צוריק, און זייער ריכטונג איז קיין פּ.ס.ר.ר.*)

די גערימטע נאציִאָנאַלע אייניקייט פונעם אַלוועלטלעכן יִדנטום האָט זיך ארויסגעוויזן פאר א פוסטן בלאָף. די יִדישע באַנקירן פון לאָנדאָן, בערלין, פּאַריזש און ניו־יאָרק זיינען דיזעלבע אומבאַשאָלעמדיקע סאָנים פון פּראָלעטאריִאַט און פון פּ.ס.ר.ר., וואָס זייערע מיטגלידער די ניט־יִדן. און באַדייטנדיקע שיכטן פון די יִדישע נאָדל־אַרבעטער אין ניו־יאָרק פירן א קאמף, אונטער דער פאָן פונעם רויטן פּראָפינטערן און קאָמינטערן, פאר דיזעלבע אידייען פון דער פּראָלעטארישער וועלט־רעוואָלוציִע, פאר וועלכע עס קעמפט דער פּראָלעטאריִאט פון פּ.ס.ר.ר.

דער אנטיסעמיטיזם איז ניט ליקווידירט, אָף וויפל ס'איז ניט ליקווידירט די קלאסן־שפּאַלטונג פון דער געזעלשאפט. ער איז אָבער אופגעדעקט ביז ן סאָף און אנטפּלעקט אַלס וועַרקציַיג פון קאָנטער־רעוואָלוציִע. בעשאסן צאריזם זיינען באַם רעגירונג־רודער געזעסן רעאקציִאָנערע פּריצים און פאבריקאנטן, וואָס פון צייט צו צייט פלעגן זיי אָרגאניזירן פּאָגראָמען אָף יִדן, באַגעגענענדיק דאָ אַן אנטשיידענעם ווידערשטאנד פונעם פּראָלעטאריִאט. איצטער איז אין פּ. ס. ר. ר. בא דער מאכט דער פּראָלעטאריאט און זיין איַיזנפעסטע פּאָליטיק איז — דרייסט און אומדערבארעמדיק צו דערשטיקן יעדע אנטיסעמיטישע פּראָפּאגאנדע. א גאנצע ריי אנטיסעמיטישע

*) די לעצטע געשעענישן אין פּאַלעסטינע זיינען דער בעסטער באַווייז דערצו, אַז דער ציִאָניזם איז געוואָרן א מעכטיק געווער אין די הענט פון מאקדאָנאַלדס „אַרבעטער-רעגירונג" אין איר אימפּעריאליסטישער פּאָליטיק אָף צו פארקנעכטן די אראבישע און יִדישע אַרבעטנדיקע מאסן.

פאלן האָבן באוויזן דעם אונטערגרונט פון אָט דער דערשיַינונג: דער מאָקער
פון יעדן אזא פאל איז אָדער דער קולאקישער דרוק אָדער דער דירעקטער אָנטייל
פון אלטע אגענטן פון דער קאָנטר־רעוואָליוציִע. אין דערזעלבער צייַט איז די
מעטאָדן, וואָס אונדזער אָנפירנדיקע פארטיי ווענדט אָן אין איר קאמף קעגן אנ־
טיסעמיטיזם, — מעטאָדן פון מאָביליזירן די מאסן, — באווייַזן אף קלאָר, אז
אינעם גאנג פונעם צעוויקלטן קלאסנקאמף קעגן אלע סאָנים פון אונדזער דיק־
טאטור, וועט דער פראָלעטאריִאט אויך קענען בייַקומען אָט דעם רעשטל פונעם
צארישן און בורזשואזן אמאָל.

ניט געהאט דעם געהעריקן צוטרוי צו דער רעוואָליוציִע פון פראָלעטאריִאט,
האָט דער „בונד" ארויסגעשטעלט דעם לאָזונג — „נאציִאָנאל־קולטורעלע אווטאָ־
נאָמיִע", מיט דער קאוואָנע אָפּצוזונדערן דעם גאנצן וועזן פון קולטור־בויונג
צווישן די ייִדישע ארבעט־מאסן און אייַנהאלטן דאָ אויך אף ווייַטער דעם אייַנ־
פלוס פון דעם ייִדישן קליינבירגערטום. איצט איז אין אונדזער לאנד ניט צו
געפינען צווישן די ארבעטער אזוינע, וואָס זאָלן פארטיידיקן אָט דעם אָפּזונ־
דערונג־לאָזונג. די אלגעמיינע אָרגאנען פון פאָלק־בילדונג באשטימען די קלאסן־
ליניִע פון דער שול־בילדונג און ביכלאל פון דער אופקלער־ארבעט: די קלאסן־
יעסוידעס פון אופנעם, פראָגראם, אונטעריכט־מעטאָדן. דיזעלביקע אלגעמיינע
אָרגאנען פירן אויך אָן די שולן, וואָס אף דער מוטערשפראך. נאָר ס'איז קלאָרן
אז ס'וואָלט געוועזן ביז גאָר רעאקציִאָנער אייַנצושטעלן אזא פרינציפ, אז אלע
ייִדישע קינדער זאָלן דארפן גיין אין ייִדישע שולן. זינט עס האָט געזיגט די
רעוואָליוציִע האָבן זיך בא א האלבן מיליאָן ייִדן באזעצט אין די אינע־
ווייניקסטע ראיאָנען פון לאנד, און, צעשפרייט צווישן דער אלגעמיינער באפעל־
קערונג, נעמען זיי איבער די שפראך פון די מאסן, צווישן וועלכע זיי לעבן.
די שול אף ייִדיש דאָמינירט נאָר אין די אלטע וווין־ערטער, ווו די ייִדן לעבן
ווי פריִער אין קאָמפאקטע מאסן. די פראָלעטארישע דיקטאטור לייזט די פראגע
וועגן דער שול־שפראך אפן גרונט פון די אלגעמיינע פרינציפן, אף וועלכע עס
האלט זיך אונדזער שול־פאָליטיק. זי ווארפט אָפּ סייַ די פאָרמול פון גוואלט־
אסימיליאציִע, סייַ די פאָרמול פונעם בורזשואזן ייִדישן נאציִאָנאליזם. מיט א שול
אף דער ייִדישער שפראך באזאָרגט זי די אלע קינדער, וואָס נייטיקן זיך אין
דעם, און דאָס לערנען אין אָט די שולן ווערט געפירט לויט די אלגעמיינע
פראָגראמען, וואָס פארן גאנצן לאנד, צוגעפאסט אין א געוויסער מאָס צו די
לעבנס־אייגנקייַטן פון די ייִדישע ארבעט־מאסן.

דער פייַער פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציִע האָט געמאכט צו אש די
נאציִאָנאליסטישע פארורטיילן פון די ברייטע ייִדישע ארבעט־מאסן. די ראטנ־
מאכט האָט מיט איר גאנצער פראקטיק, מיט איר זאָרגן וועגן די נויטן פון
אלע ארבעט־לייַט באוויזן און דערוויזן, אז אין די באדינגען פון דער פראָלע־
טארישער דיקטאטור האָט די קאָמוניסטישע פארטיי אלע מעגלעכקייַטן צו האָבן
אין אויג די באדערפעניש פון דער ייִדישער ארבעט־מאסע און אפן געהעריקן
אויפן צו אָרגאניזירן דאָס באפרידיקן די באדערפענישן. די פראקטיק פון קאמף
אין די באדינגען פון פראָלעטארישער דיקטאטור האָט באוויזן די ייִדישע אר־

בעט־לײַט, אַז ס'איז מעגלעך די פֿולסטע אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַרישקײַט פֿון אַלע, וואָס אַרבעטן, און דערמיט איז געוואָרן אַ סאָף צום טראַדיציאָנעלן אומצוטרוי פֿונעם פֿריִער־דערשלאָגענעם און פֿאַריאָגטן ייִדן צו זײַן כּוח־ פֿון אַרבעט.

די פּראַקטיק האָט שוין אויך לאַנג אַרויסגעפֿונען די אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרמען, אין וועלכע די קאָמוניסטישע פּאַרטיי דאַרף פֿירן איר אַרבעט צווישן די ייִדישע אַרבעט־מאַסן. קיינע מיינונג־פֿאַרשיידנקײַטן איז שוין דאָ ניט פֿאַראַן. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אַלס אַזעלכע, אונטער דער אַלגעמיינער אָנפֿירונג פֿון איר צענטראַל־קאָמיטעט, פֿון אירע געגנטלעכע, קרײַזישע און ראַיאָנע קאָמי־טעטן, פֿירט די אַרבעט צווישן די אַרבעטער און האַרעפּאַשניקעס, ניט טיילנדיק דערבײַ אירע רייען לויט נאַציאָנאַליטעטן. אין יעדער שטאָט און אין יעדן ראַיאָן איז פֿאַראַן איין אײנהײַטלעכע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציִע, און די אַרבעטער פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן אַרבעטן דאָ אײנמוטיק אַף צו פֿאַרווירקלעכן אַלע אויפֿגאַבן. אַף צו אָרגאַניזירן די אַגיטיר־ און פּראָפּאַגאַנדיר־אַרבעט, וואָס דאַרף געפֿירט ווערן צווישן די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, וואָס רעדן נאָך איצט אויך אַף זייער באַזונדער שפּראַך, אויך אַף צוצוגרייטן די פֿאַרשיידענע פֿראַגן, וואָס שטאַמען אַרויס פֿון די ספּעציפֿישע לעבנס־באַדינגונגען און לעבנשטײַ־גער פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן,— דערויף זײַנען באַ די אַגיטיר־פּראָפּאַגאַנדי־סטישע אָפּטיילן פֿון די אָרטיקע און געגנטלעכע פּאַרטיי־קאָמיטעטן אָרגאַניזירט ספּעציִעלע סוב־אָפּטיילן פֿון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן, און באַ אָט די סוב־אָפּטיילן זײַנען פֿאַראַן נאַציאָנאַלע סעקציִעס (ייִדישע, פּוילישע, דײַטשישע). די ייִדישע סעקציִע האָט איר סעקרעטאַר אָדער פֿאַרוואַלטער. אַף צו פֿאַרייניקן די גאַנצע אַרבעט, וואָס ווערט געפֿירט צווישן דער ייִדישער אַרבעט־מאַסע, זײַנען באַ די צענטראַל־קאָמיטעטן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון אוקראַיִנע און פֿון ווײַסרוסלאַנד, און אויך באַם צ׳ק פֿון אַלקפּ (ב) (באַ די אַגיטפּראָפּן) אָר־גאַניזירט צענטראַל־ביוראָען פֿון דער ייִדישער סעקציִע. דער באַשטאַנד פֿון אָט די ביוראָען ווערט אָנגעמערקט אַף די פּעריאָדישע באַראַטונגען פֿון דעלעגאַטן, געשיקט פֿון די אָרטיקע ייִדישע סעקציִעס, און באַשטעטיקן באַשטעטיקט אים דער אַנטשפּרעכיקער צענטראַל־קאָמיטעט. דער באַגריף — ייִדישע סעקציִע מיינט ניט קיין מאַסנהאַפֿטע אָרגאַניזאַציִע פֿון פּאַרטיי־מיטגלידער, דאָ ווערט געמיינט נאָר אַן אָנפֿירנדיקער אַגיטיר־פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַפּאַראַט אַף צו באַדינען סײַ פּאַרטייִשע און סײַ די אומפּאַרטייִשע ייִדישע אַרבעטער און האַרעפּאַשנע. דאָס איז ניט אַ מין פֿאַנאַנדערגרענעצן פּאַרטיי־מיטגלידער לויט נאַציאָנאַליטעטן, דאָס איז נאָר אַ באַשטימטע פֿונקציִעס־פֿאַרטיילונג פֿון אַפּאַראַט. דורך אָט די סעקציִעס האָט די פּאַרטיי די מעגלעכקײַט דורכצופֿירן אַף די פֿאַבריקן, אין די פּראָפֿאַריינען און אין די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציִעס אַ גאַנצע ריי פֿאַרזאַמ־לונגען אַף דער ייִדישער שפּראַך. אין מאָסקווע, כאַרקאָוו און מינסק גייט די פּאַרטיי אַרויס טעגלעכע צײַטונגען אַף ייִדיש. עס איז פֿאַראַן אויך אַ ספּעציִ־עלער פֿאַרלאַג, וואָס גייט אַרויס ניט־פּעריאָדישע אַגיטיר־פּראָפּאַגאַנדיסטישע און קינסטלערישע ליטעראַטור אַף דער ייִדישער שפּראַך. די ייִדישע ביוראָען האָבן

אויסער דעם נאָך א פונקציע: זיי דאַרפן פאר די פארטיי־קאָמיטעטן שטעלן אלע פראגן, וואָס זײַנען געבונדן מיט דעם געהעריקן באַדינען די ייִדישע מאסן. לויט דעם אלגעמיינעם פּרינציפּ פון אונדזער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק איז פאר די ייִדישע ארבעט־מאסן געזיכערט די פולע מעגלעכקייַט פון קולטורעלער אנט־וויקלונג אף דער אייגענער שפּראך. די אָרגאַנען פון דער ראטנמאכט אָרגאַני־זירן ייִדישע קולטור־אנשטאלטן, ביכדיי אזוי ארום צו העלפן די מאסן אין גאנג פון זייער קולטורעלער אנטוויקלונג.

פאר די 11 יאָר, וואָס די ראטנמאכט עקזיסטירט, זײַנען אויך געפונען גע־וואָרן די צופּאסונג־פאָרמען, אז די אַדמיניסטראטיווע אנשטאלטן זאָלן קענען געהעריק באַדינען די ברייטע ארבעט־מאסן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן. אין ווײַסרוסלאנד און אין אוקראַינע זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן ביז 150 נאַציאָנאַלע ייִדישע שטעטלשע און דאָרפישע ראטן, און ווײַל די איבערוועגנדיקע ארבעט־באַפעלקערונג איז דאָרט א ייִדישע, גייט די געשעפטפירונג אף דער ייִדישער שפּראך. מיר וועלן דאָ אויך פארצייכענען, אז אף אוקראַינע זײַנען געשאפן געוואָרן דרײַ ספּעציעלע נאַציאָנאַלע ראַיאָנען. דאָסזעלבע איז מיטן פאָלקס־געריכט. ווען אין די שטעט, וואָס האָבן א געמישטע באַפעלקערונג, ווערן פארטיילט די ראַיאָנען צווישן פארשיידענע פאָלקס־ריכטער, זעט מען די ראַיאָנען אזוי אויסצומארקירן, אז די ייִדישע באַפעלקערונג זאָל קענען באַדינט ווערן דורך א געריכט, וואָס זאָל ריידן ייִדיש און זאָל גוט זײַן באקאנט מיט דער ייִדישער סוויווע און מיט איר לעבנשטייגער. אין אָט די אלע הינזיכטן ווערן צו די ייִדישע ארבעט־לײַט אָנגעווענדט דיזעלבע אלגעמיינע נאָרמעס, וואָס צו אלע נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן.

אין די פּראָפעריינען, וואָס האָבן א גרויסע צאָל מיטגלידער ייִדן, ווערט די ארבעט פון זייערע אָרטיקע אָפּטיילן געפירט אף דער ייִדישער שפּראך. און אין אוקראַינע און ווײַסרוסלאנד זײַנען די פּראָפעריינען פון די נאָדל־אַרבעטער און פון די לעדער־ארבעטער, וואָס די גרעסטע מערהײַט ארבעטער זײַנען דאָרט ייִדן, איבערגעפירט אף דער ייִדישער שפּראך. עס פארשטייט זיך, אז אין דער פּאָליטופּקלער־ארבעט פון די קלובן האָט מען אין אויג די נויטן פון די ייִדישע ארבעטער, און אף צו באפרידיקן זיי ווערן פעריאָדיש אָרגאַניזירט פאָר־טראגן און לעקציעס אף דער ייִדישער שפּראך.

אָט אזוי האָט די ראטנמאכט געלייזט די פארפלאָנטערטע פראגע וועגן נאַ־ציאָנאַלע באַציִונגען. און באם לייזן האָט זי פון איין זײַט ווירקלעך גענומען אין אכט די נאַציאָנאַלע אייגנקײַט פון יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע, און פון דער אנדער זײַט געזען אמשטארקסטן צו דערנעענטערן צווישן זיך די פארשיידענע נאַציאָנאַלע מאכנעס פונעם אײנהײַטלעכן פּראָלעטאריאַט. די אופמערקזאמע און טאָלעראַנטע באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע אייגנקײַטן באַטײַט קלאל און קלאל ניט, אז די פארטיי מאכט שאָלעם און לאָזט א וועג פאר די רעאקציאָנערע אָדער קאָנסערוואטיווע, בורזשואזע אָדער קליינבירגערלעכע טענדענצן, וואָס אין יע־דער נאַציע קעמפן זיי קעגן דער פּראָלעטארישער אָנפירונג. פונקט פארקערט. דער גאנצער זינען פון דעם, וואָס עס ווערן געשאפן ספּעציעלע אפּאראטן אף

צו באַפרידיקן די באַזונדערע באַדערפענישן פון דער נאַציאָנאַלער גרופּע, ליגט אין דעם, אַז מ׳זאָל קענען בעסער דיסקאָנטירן די פאַר דער קאָמוניסטישער באַוועגונג שעדלעכע טענדענצן און בעסער אָרגאַניזירן די קרעפטן פון די ייִדישע אַרבעטער גופא אויף בייַצוקומען אָט די שעדלעכע טענדענצן. אויף דער ייִדישער שפּראַך פירט די ייִדישע סעקציע דורך אַ ברייטע אַנטירעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע, און שלאָגט דערמיט דעם בעסמעדריש און די ראַבאָנים. אויף דער ייִדישער שפּראַך ווערט דורכגעפירט אַ ברייטע אַרבעט צווישן די האַנט־ווערקער־קוסטאַרן אויף צו פאַרייניקן זיי אין אַרטעלן, אַז זיי זאָלן קענען קעמפן קעגן די נעפּלײַט, וואָס שטרעבן צו עקספּלואַטירן די קוסטאַרן־יעכידים. טעאַ־טער אויף ייִדיש איז אויך איינע פון די ווערקצייַג פאַר דער קולטור־רעוואָליוציע.

די „ציִאָניסטן־סאָציִאַליסטן" און די „פּויאַלע־ציִאָן" האָבן ניט אויפגעהערט אַרויסצושטעלן דעם טעזיס, אַז די ייִדישע מאַסע, צעשפּרייט צווישן אַנדערע פעלקער, וועט אויף שטענדיק בלייַבן אין אומנאָרמאַלע עקאָנאָמישע באַדינגען, דער וועג צו לאַנדווירטשאַפט און צו אינדוסטריע וועט פאַר איר בלייַבן פאַר־שטעלט, און דער גרעסטער פּראָצענט אירער וועלן זייַן די הענדלער. דער דאָזי־קער טעזיס איז דעריקער געבויט אויף דער אַלגעמיינער ציִאָניסטישער פּאַרהאַ־נאָכע, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אייביק, ווייַל ער איז דאָך פון ראַסן־אָפּשטאַם. די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט האָט באַוויזן, ווי ס׳איז דורכויס פאַלש אָט די פאָרמול.

אין דער ווײַטער געבראַכטער טאַבעלע גיבן מיר די אָנגאַבן (אין פּראָצענטן) וועגן דעם סאָציִאַלן באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג (אײַנגעשלאָסן אויך די פאַמיליִעס) ביז דער רעוואָליוציע און אָפן 1־טן יאַנוואַר 1927 יאָר. די דאָזיקע אָנגאַבן זײַנען זייער כאַראַקטעריסטיש:

| | ביז דער רעוואָליוציע | 1926 יאָר |
|---|---|---|
| אַרבעטער . . . . . . | 15 | 19,4 |
| אָנגעשטעלטע . . . . | 10 | 28 |
| פּויערים . . . . . . | 2 | 8,6 |
| קוסטאַרן . . . . . . | 23 | 20,8 |
| הענדלער און אַנד. . . . | 50 | 23,2 |
| | 100 | 100 |

ווי מיר זעען, האָבן מיר שוין דאָ פאַר זיך באַדײַטנדיקע ענדערונגען: עס וואַקסט די אַרבעטער־ און פּויערים־באַפעלקערונג און עס פאַרקלענערט זיך אויף האַלב דער פּראָצענט הענדלער.

אין די באַדינגען פון דער ראטן־ווירקלעכקייט זיינען אויך אָנגעצייכנט די וועגן אף צו דערלייזן די עקאָנאָמישע פּראָבלעם מיט אַלע אירע שוועריקייטן די פּראָבלעם, וואָס אַרט אזוי שטארק די ברייטסטע יידישע ארבעט־מאסן. אי גרונט גענומען איז דידאָזיקע עקאָנאָמישע פּראָבלעם ענלעך צו דער אלגעמיינער פּראָבלעם וועגן ליקווידירן די איבערבאפעלקערונג פון אונדזער דאָרף. דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג־טעמפּ בא אונדז אין לאנד איז א האסטיקער,— ער שטייגט אריבער דעם אנטוויקלונג־טעמפּ פון די אייראָפּעישע קאפּיטאליסטישע לענדער. פּאָרט אָבער איז ער ניט אימשטאנד אציַנד אריינצוכאפּן אין זיך דעם איבערפלוס פון דער דאָרפישער באפעלקערונג. בעשאסן צאריזם איז דער גרעסטער טייל יידישע באפעלקערונג אין „טכום” געווען באשעפטיקט מיט קליין־האנדל און מיט מעלאָכע. מיט דער אנטוויקלונג פונעם קאָאָפּעראַטיוון און מעלוכישן האנדל ווערט אָט דער פּריוואטער קליין־האנדל אַלץ מער און מער ארויסגעשטויסן. און דערווייל איז נייע דוירעס קומען צו, און וווהין אהינצוטון זייער ארבעט־קראַפט האָבן זיי ניט. דער טייל יידישער באפעלקערונג פון די קליינע שטעטלעך, וואָס איז אראָפּגעשלאָגן פונעם איינגעטראָטענעם וועג, האָט קאם מיט וואָס א טאָג איבערצולעבן. זייער לאגע איז נאָך אן ערגערע, איידער די לאגע פון דער איבערפליסיקער פויערישער באפעלקערונג, וואָס פּאָרט איז זי אין דאָרף געבונדן מיט א באשטימטער ווירטשאפטלעכער ארבעט. דערצו נאָך האָט ניט די יידישע באפעלקערונג די נויטיקע געוווינהייטן אין לאנדווירטשאפט. ס'איז קלאָר, אז אָט דעם ארבעטלאָזיקן טייל יידישע באפעלקערונג, וואָס זינקט אין טהאָם פון קאפּצאָנעס, מוז די ראטנמאכט אף א באשטימטן אויפן העלפן אריבערצוגיין אף נייע פאָרמען ארבעט.

דידאָזיקע אופגאבע האָט זיך נאָך די ראטנמאכט געשטעלט באלד נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע *). דערלייזט קען זי ווערן אין צוויי ריכטונגען: א טייל פון דער איבערפליסיקער יידישער באפעלקערונג דארף אריבער אף ערדארבעטן און מיט ערד־באנוץ דארף אָט דער טייל באזאָרגט ווערן פונעם נאציאָנאליזירטן ערדפאָנד, און א טייל דארף אף אלגעמיינע יעסוידעס איינגעשלאָסן ווערן אין די רייען פונעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאריאט, דארף אריינדרינגען אין די זאוואָדן, סיי אין די אלטע, סיי אין די נייע, וואָס ווערן געבויט.

אף צו לייזן די פראגע אין דער ערשטער ריכטונג — העלפן דער האָרעפאשנער יידישער באפעלקערונג אריבערצוגיין אף ערדארבעט — האָט די ראטן־רעגירונג געשאפן באם צענטראלן אויספירקאָמיטעט א ספּעציעלן „קאָמיטעט אף איינצואָרדענען יידן אף ערד” (קאָמערד). אין שפּיץ פונעם דאָזיקן קאָמיטעט שטייט דער פּרעזידיום־מיטגליד פון צ.א.ק. כ' פּ. ג. סמידאָוויטש. די אופגאבן פון קאָמיטעט זיינען: באשטימען געוויסע ראיאָנען אף דער טעריטאָריע פון פ.ס.ס.ר., וואָס טויגן אף צו קאָלאָניזירן דאָרט יידישע ארבעט־מאסן, און אויך אָרגאניזירן דאָס איבערוואנדערן אהין,— דערביי דארף דער קאָמיטעט אויסנוצן

1) זע וועגן דעם אין כ' אגורסקיס אינטערעסאנטן בוך „דער יידישער קאָמיסאריאט און די יידישע קאָמוניסטישע סעקציעס”. אינעם בוך איז, עמעס, ניט אַלץ ריכטיק און אָביעקטיוו באַלויכטן, עס איז אָבער דאָרט געבראַכט אַ גאַנץ רייכער מאַטעריאַל.

די ביודזשעט־אסיגנירונגען פון דער רעגירונג און די געלט־מיטלען, וואָס עס גיבן דערויף פאַרשיידענע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אויס־לאַנד. יעדער איבערוואַנדערער באַקומט אַ געוויסע מאַטעריעלע שטיצע און ווערט באַזאָרגט מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַכשירים אַף צו אַרבעטן אין די נייַע באַדינגען.

ביז איצט האָט די ראַטנמאַכט אייַנגעאָרדנט אַף ערד אין פאַרשיידענע ראַ־יאָנען פון אוקראַינע, קרים און ווייַסרוסלאַנד באַ 150.000 ייִדן. איצט איז נאָך אויסגעטיילט געוואָרן פאַר ייִדישער אייַנוואַנדערונג ביראָ־בידזשאַן (אַף אַמור). קעדיי צו מאָביליזירן די געזעלשאַפטלעכע אופמערקזאַמקייַט און אָרגאַניזירן די געזעלשאַפטלעכע מיטווירקונג פאַר אָט דער וויכטיקער זאַך, איז צוזאַמען מיטן קאָמערד אויך געשאַפן געוואָרן אַ ברייטע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע ג ע־ז ע ר ד, אַ געזעלשאַפט אַף מיטצווווירקן דער ייִדישער ערד־אייַנאָרדענונג. די געזעלשאַפט גיט אַרויס אַ צווייוואָכנטלעכן זשורנאַל אַף רוסיש „טריבונאַ".

ניט לאַנג האָט דער פּרעזידיום פון צ.א.ק. פאַרברייטערט די פונקציעס פונעם קאָמערד. דער קאָמערד האָט איצט אויך די אופגאַבע מיטצווווירקן דעם אַרייַנ־דרינג פון ייִדישע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע. אין דעם פּראַט האָבן מיר שוין גרויסע דערגרייכונגען, מאַכמעסן דירעקטן דראַנג פון דער ייִדישער אַר־בעטער־מאַסע אין דער פּראָדוקציע אַרייַן. נאָכן אָפּשאַפן דעם „ייִדישן טכום" האָבן זיך אַ האַלבער מיליאָן ייִדן באַזעצט אין די צענטראַלע גובערניעס פון רוסלאַנד. א באַזונדער שטאַרקער שטראָם ייִדישע אַרבעטער האָט זיך אַ לאָז געטון אין יענע ראַיאָנען, וווּ עס צעוויקלט זיך די נייַע סאָוועטישע אינדוסטריע. הונדערטער און טויזנטער ייִדישע אַרבעטער, נעכטיקע קוסטאַרן אָדער האַנט־ווערק־געזעלן, זייַנען אַרייַנגעצויגן אין די פאַבריקן, זאַוואָדן, שאַכטעס, וואָס האָבן אַ מאָדערנע אויסשטאַטונג, לויט די גרעסטע דערגרייכונגען פון דער טעכניק.

די סאָציאַליסטישע בויונג אונטער דער אָנפירונג פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור שאַפט באַדינגען אַף צו ליקווידירן אַלע רעשטלעך פון דאָס אַלטע, שאַפט באַדינגען, גינסטיק פאַר דער נאָרמאַלער ווירטשאַפטלעכער, פּאָליטישער און קולטורעלער אַנטוויקלונג פון די ייִדישע אַרבעט־מאַסן און פאַר דער אייַנ־מוטיקער אַרבעט פון די ייִדישע אַרבעטער אין דער איינהייַטלעכער מישפּאָכע פונעם גאַנצן רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער איינמוטיקער אַרבעט, וואָס איר צוועק איז איבערצובויען די גאַנצע פאָלק־ווירטשאַפט אַף סאָציאַלי־סטישע יעסוידעס און צו קעמפן פאַר די ווייַטערדיקע ניצכוינעס פון דער פּראָ־לעטאַרישער וועלט־רעוואָליוציע.

---

# אינהאלט.

זייט